געשיכטע־אינסטיטוט פונ דער וויסנשאפט־אקאדעמיע פונ פססר

מיטגליד־קאָרעספּאָנדענט
פונ דער וויסנשאפט־אקאדעמיע פונ פססר

**א. וו. יעפימאָוו**

# נײַע געשיכטע

**1870—1789**

לערנבוכ פארנ 8־טנ קלאס
פונ דער מיטלשול

באשטעטיקט דורכנ פאָלקאָמבילד פונ רספסר

יִדיש — ט. גענ

אָגיז
מעלוכע־פארלאג „דער עמעס", מאָסקווע 1941

# אריַנפיר.

די פראנצויזישע בורזשואזע רעוואָליוציע אלס אָנהייב פונ דעמ פעריאָד פונ זיג אונ באפעסטיקונג פונעמ קאפיטאליזמ.

דער פעריאָד פונ זיג אונ באפעסטיקונג פונעמ קאפיטאליזמ אינ די פאָרגעשריטענע לענדער (1789—1870) געהערט צו דער נייַער געשיכטע. ער הייבט זיכ אָנ פונ דער פראנצויזישער בורזשואזער רעוואָליוציע, וואָס האָט דערלאנגט א צעשמעטערנדיקנ קלאפ איבער דעמ אבסאָליוטיסטיש-פעאָדאלנ רעזשימ אינ אייראָפע.

בלויז אינ דער פראנצויזישער בורזשואזער רעוואָליוציע איז דער קאמפ דערפירט געוואָרנ ביזנ פולשטענדיקנ זיג פונ דער בורזשואזיע איבער דער אריסטאָקראטיע, איבערנ אדל. די פראנצויזישע רעוואָליוציע האָט גיכ אונ אנטשלאָסנ פארניכטעט די פעאָדאלע אָפהענגיקייַט פונ די פויערימ, האָט געשאפנ אינ דאָרפ דאָס פרייַע קליינ-פויערשע אייגנטומ, האָט פארניכטעט די צעכנ אונ די באגרענעצונגענ פונעמ האנדל.

אזוינע רעזולטאטנ האָט ניט דערגרייכט קיינ איינע פונ די פריִיקע בורזשואזע רעוואָליוציעס, ניט די נידערלענדישע, ניט אפילע די ענגלישע. אינ נידערלאנד האָבנ זיכ אויכ נאָכ דער רעוואָליוציע פונ XVI יה. פארהיט אינ דאָרפ רעשטלעכ פונ לייַבייגנטימערישער אָפהענגיקייַט. אינ ענגלאנד האָט אינעמ XVII יה. די בורזשואזע רעוואָליוציע רייַנ געמאכט דעמ וועג פאר דער אנטוויקלונג פונעמ קאפיטאליזמ אינעמ דאָזיקנ לאנד אונ האָט געבראכט צומ זיג פונעמ קאפיטאליזמ. אינ ענגלאנד אָבער האָט זיכ די פויערימ ניט אייַנגעגעבנ אָפצונעמענ באמ אדל די ערד. די ערד פונ די בישאָפנ אונ פונעמ אדל, וואָס מע האָט קאָנפיסקירט בייס דער רעוואָליוציע פונ XVII יה., האָט פארכאפט די בורזשואזיע. ניט די פויערימ האָבנ דאָרטנ פארטריבנ די פריצימ, נאָר די פריצימ אונ די בורזשואזיע האָבנ אראָפגעטריבנ די פויערימ פונ דער ערד, „ארומצאמענדיק” די געמיינדישע ערד. דערבייַ האָט זיכ די אינדוסטריע (די קאפיטאליסטישע מאנופאקטור, די האנטווערקערייַ) אונ דער האנדל נאָכ דער רעוואָליוציע פונ XVII יה. אינ ענגלאנד שנעל אנטוויקלט, באדייַטנדיק שנעלער איידער אינ נידערלאנד, ווו עס האָבנ זיכ פארהיט מער רעשטלעכ פונעמ פעאָדאליזמ.

די ענגלישע בורזשואזע רעוואָליוציע פונעמ XVII יה. אונ די שטורמישע עקאָנאָמישע אנטוויקלונג פונ ענגלאנד נאָכ דער דאָזיקער רעוואָליוציע האָבנ גע-

שאפן פאַרהאנאָכעס פארן אופקום פון מאשינעס. אינעם לעצטן דריטל פונעם XVIII יה. איז אין ענגלאנד, צום ערשטן מאָל אין דער וועלט-געשיכטע, אנט-שטאנען א גרויסע קאפיטאליסטישע מאשיניזירטע פּראָדוקציע, וואָס האָט אָנגעהויבן אריינדרינגען אויך אין אנדערע לענדער, קוידעמקאָל אפן אייראָפּייִשן קאָנטינענט און אין צפון-אמעריקע. אָבער אין די לענדער פונעם אייראָפּייִשן קאָנטינענט האָט דער אנטוויקלונג פון דער פאבריק-פּראָדוקציע גאָר שטארק געשטערט די פעאָדאלע אָרדענונג. בלויז זינט דער פראנצויזישער בורזשואזער רעוואָליוציע ווערט דאָרטן מעגלעך די דערפאָלגרייכע אנטוויקלונג פון דער קאפיטאליסטישער מאשיניזירטער פּראָדוקציע.

נאָך דער רעוואָליוציע אין פראנקרייך ווערן דער פּראָלעטאריאט און די אינ-דוסטריעלע בורזשואזיע די גרונט-קלאַסן פון דער געזעלשאפט אין די פּאָרגע-שריטענע לענדער פון יענער צייט. נאָך ענגלאנד און פראנקרייך הייבן זיך אָן זינט דער דאָזיקער צייט בורזשואזע רעפאָרמעס אין אנדערע אייראָפּייִשע מעלו-כעס. אין א ריי לענדער קומען פאָר בורזשואז-נאציאָנאלע פארייניקונגס-באוועגונגען. עס ווערן געפירט מילכאָמעס אפ צו דעראָבערן קאָלאָניעס און עס ווערן דערשטיקט די אופשטאנדן, וואָס ברעכן דאָרט אויס.

אין דעם דאָזיקן פעריאָד טרעט די בורזשואזיע ניט איין מאָל ארויס אלס רעוואָליוציאָנערער קלאַס; פון יענער צייט אָבער, זינט דער פּראָלעטאריאט הייבט אָן ארויסצוטרעטן אלס זעלבשטענדיקע פּאָליטישע קראפט, איז וואָס מער עס וואקסט זיין באוווסטזיניקייט און אָרגאניזירטקייט, אלץ מער פאלט די רעוואָ-ליוציאָנערישקייט פון דער בורזשואזיע, זי גייט אלץ מער גערן איין אפ פשאָ-רעס מיט די פעאָדאלע קלאַסן.

אין דער מיט פון XIX יה. קומט פאָר א געשעעניש פון קאָלאָסאלער, וועלט-היסטאָרישער באדייטונג. די גרויסע רעוואָליוציאָנערע פירער און טעאָרעטיקער פונעם פּראָלעטאריאט — ק. מארקס און פ. ענגעלס — שאפן די טעאָריע פונעם וויסנ-שאפטלעכן קאָמוניזם. אין די 60-ער יאָרן פון XIX יה. איז אונטער זייער אָנ-פירונג געגרינדעט געוואָרן דער I אינטערנאציאָנאל.

„דער פעריאָד פון זיג און באפעסטיקונג פונעם קאפיטאליזם אין די פּאָרגעשריטענע לענדער"[1] איז צוגעגרייט געוואָרן דורך דער אנטוויקלונג פון די קאפיטאליסטישע פאָר-העלטעניש אינעם פריִערדיקן פעריאָד, באזונדערס זינט דער ענגלישער רעוואָליוציע פון XVII יה. און ער ציט זיך פון דער פראנצויזישער בורזשואזער רעוואָליוציע פון XVIII יה. ביז דער פראנצויזיש-פּרייסישער מילכאָמע פון די יאָרן 1870—1871 און ביז דער פּאריזער קאָמונע. דער דאָזיקער פעריאָד פון דער נייער געשיכטע כאפט ארום קימאט הונדערט יאָר, אָנגעהויבן פון דער פראנצויזישער בורזשואזער רעוואָליוציע ביז דער ערשטער אין דער געשיכטע פון דער מענטשהייט פּראָלעטארישער רע-וואָליוציע, ביז דער ערשטער אין דער וועלט דיקטאטור פונעם פּראָלעטאריאט; מיט דער דיקטאטור פונעם פּראָלעטאריאט עפנט זיך דער פעריאָד פון דער אָנ-געהויבענער יערידע פונעם קאפיטאליזם.

---

[1] י. סטאלין, ס. קיראָוו, א. זשדאנאָוו, באמערקונגען וועגן דעם קאָנספעקט פונעם לערנבוך פון דער „נייער געשיכטע".

דער גרינטלעכער קעגנזאץ צווישן א רעוואָליוציע א בורזשואזער און א רעוואָליוציע א סאָציאַליסטישער.

אינעם XVIII יה., אינעם פעריאָד פונ דער פראנצויזישער רעוואָליוציע, האָט אינ אייראָפּע אינעם קאַמף קעגנ פעאָדאליזם געזיגט דער קאפּיטאליזם. די פראנצויזישע רעוואָליוציע פונ XVIII יה. איז געווענ א רעוואָליוציע א בורזשואזע, ווײַל זי האָט געבראכט צו דער מאכט די בורזשואזיע — א קלאס, וואָס איז דאנ געווענ יונג אונ פול מיט קרעפטנ. אינעם XX יה. איז אינ רוסלאנד פאָרגעקומענ די גרויסע אָקטיאבערישע סאָציאַליסטישע רעוואָליוציע, בייס וועלכער דער פּראָלעטאריאט האָט אראָפּגעוואָרפנ די בורזשואזיע. די דאָזיקע רעוואָליוציע האָט אײַנגעשטעלט א נײַע, א סאָציאַליסטישע אָרדענונג. אינ פססר איז אינ קאמף קעגנ קאפּיטאליזם פארניכטעט געוואָרנ יעטווידע עקספּלואטאציע פונ מענטש דורכ מענטש.

„דער ציל פונ דער פראנצויזישער רעוואָליוציע איז געווענ צו ליקווידירנ דעם פעאָדאליזם, קעדיי צו באפעסטיקנ דעם קאפּיטאליזם, — זאָגט כאָווער סטאלינ. — דער ציל ווידער פונ דער אָקטיאבער-רעוואָליוציע איז צו ליקווידירנ דעם קאפּיטאליזם, קעדיי צו באפעסטיקנ דעם סאָציאַליזם“ [1].

דאָס דערלערנענ די נײַע געשיכטע וועט אונדז ווײַזנ דעם גרינטלעכנ, דעם פּרינציפּיעלנ קעגנזאצ צווישנ די אלע בורזשואזע רעוואָליוציעס אונ דער גרויסער סאָציאַליסטישער רעוואָליוציע פונעם פּראָלעטאריאט. אינ אלע פריערדיקע, דערונטער אינ אלע בורזשואזע, רעוואָליוציעס איז די הערשאפט פונ איינ עקספּלואטאטאָרישנ קלאס פארביטנ געוואָרנ אפ דער הערשאפט פונ א צווייטנ עקספּלואטאטאָרישנ קלאס. בלויז די גרויסע פּראָלעטארישע רעוואָליוציע אינ פססר האָט פארניכטעט יעטווידע עקספּלואטאטאָרישע קלאסנ אונ האָט אפ א ראדיקאלנ אויפנ פארבעסערט די לאגע פונ די ברײטסטע מאסנ ארבעטנדיקע.

---

[1] סטאלינ. שמועס מיטנ דײַטשישנ שרײַבער עמיל לודוויג, פּארטיזדאט, מ., 1937, ז. 47.

ערשטער אָפּטייל.

# אייראָפּע און צאָפּן-אמעריקע סאָף XVIII—אָנהייב XIX יה.

קאפּיטל 1.

## אייראָפּע ערעוו דער בורזשואזער רעוואָליוציע אין פראנקרײַך.

דער קאמף פארן ערשטן אָרט אין דער וועלט. די דערהייבונג פון ענגלאנד.

אינעם XVI יה., נאָך די גרויסע געאָגראפישע אנטדעקונגען, זײַנען שפּאניע און פּאָרטוגאליע געווען די סאַמע שטארקע מעלוכעס אין דער וועלט. זיי האָבן פארמאָגט קאָלאָסאלע קאָלאָניעס, וועלכע פלעגן געבן א סאך גאָלד. דאָס זײַנען געווען רײַכע, מעכטיקע לענדער, וואָס האָבן געהאט אן אומבאזיגבארן פלאָט און קאָלאָסאלע ארמייען. צום סאָף אָבער פון XVIII יה. האָט זיך די לאגע געענדערט. נידערלאנד האָט זיך אָפּגעטיילט און אהין זײַנען אריבערגעטראָגן געוואָרן די האנדלס-צענטערס. אין צוזאמענהאנג דערמיט זײַנען שפּאניע און פּאָרטוגאליע געוואָרן אלץ מער הינטערשטעליק און שוואכער. זיי האָבן פארלאָרן א באדײַטנדיקן טייל פון זייערע קאָלאָניעס. אין דער אָפּשוואכונג פון שפּאניע און פּאָרטוגאליע האָט געשפּילט ניט קיין קליינע ראָליע דער פאקט, וואָס אין די דאָזיקע לענדער האָט זיך פארשטארקט די פריציש-קירכלעכע רעאקציע.

נאָך דער נידערלענדישער רעוואָליוציע האָט זיך געקאָנט אויסדוכטן, אז דאָס ערשטע אָרט וועט פעסט אריבערגיין צו נידערלאנד. און ווירקלעך, די ערשטע צײַט נאָך דער רעוואָליוציע און נאָך דעם, ווי נידערלאנד האָט זיך אָפּגעטיילט פון שפּאניע, האָט נידערלאנד פארמאָגט די רײַכסטע קאָלאָניעס און האָט געפירט אן אויסערגעוויינלעך גרויסן האנדל. וועגן די נידערלענדישע יאמלײַט פלעגט מען זאָגן, אז דאָס זײַנען די „יאם-פורמאנעס", וואָס טראנספּאָרטירן די כּוירעס פון אלע לענדער פון דער וועלט. נאָר אזא לאגע האָט אָבער לאנג ניט געדויערט. עס האָט זיך ארויסגעוויזן, אז שפּאניע האָט דרײַ „יאָרשים" מיטאמאָל. אינעם

קאמפ פאַרן ערשטן אָרט אין דער וועלט זײַנען, אַכוץ נידערלאַנד, אויך ארויס-געטראָטן פראַנקרײַך און ענגלאַנד.

בײַם דער ענגלישער בורזשואזער רעוואָליוציע האָט קראָמוועל אָנגעהויבן א מילכאָמע קעגן נידערלאַנד. דער ענגלישער פלאָט און דאָס מיליטער האָבן צע-גראָמירט די האָלענדער. נאָכדעם האָט זיך אָנגעהויבן א לאַנגער אַקשאָנעסדיקער קאמפ צווישן ענגלאַנד און פראַנקרײַך. דער איבערוואָג אינעם דאָזיקן קאמפ איז געווען אַפ ענגלאַנדס צאַד. די לעצטע גרויסע מילכאָמע, די אַזוי-גערופענע זיבניאָריקע מילכאָמע (1756—1763), האָט געבראַכט ענגלאַנד צו אַן אַנטשיידענעם זיג און האָט באַדײַטנדיק אָפּגעשוואַכט דאָס פעאָדאַל-אַבסאָליוטיסטישע פראַנקרײַך.

אין 1763 י. איז אין פּאַריזש אונטערגעשריבן געוואָרן א שאָלעם. לויטן דאָזיקן שאָלעם-אָפּמאַך האָט פראַנקרײַך אָפּגעגעבן ענגלאַנד זײַנע וויכטיקסטע קאָלאָניעס אין אינדיע און קאַנאַדע. די דאָזיקע נײַע באַזיצן האָבן אויסערגעוויינלעך אופגעהויבן די האַנדל-מעכטיקײַט און די קאָלאָניאַלע מעכטיקײַט פון ענגלאַנד.

## ענגלאַנד אין די 60—70־ער יאָרן פון XVIII יה.

די אָנזאַמלונג פון קאַפּיטאַל.

די „נאַוויגאַציע-אַקטן“, וואָס האָבן נאָך פונקציאָנירט אין ענגלאַנד זינט דער בורזשואזער רעוואָליוציע פון XVII יה., האָבן אויך מיטגעהאָלפן, עס זאָל אופבליִען דער ענגלישער האַנדל. קאָלאָסאַלע רעוואָכים האָט געגעבן דער האַנדל מיט שקלאַפן. גרויסע קאַפּיטאַלן האָבן זיך אָנגעזאַמלט בא די ערד-אײגנטימער, וועלכע האָבן אַראָפּגעטריבן די פּויערים פון דער ערד און די דאָזיקע ערד פאַרכאַפּט.

די ענגלישע קאָלאָניעס זײַנען גיך באַפעלקערט געוואָרן — אַהין האָבן איבערגע-



לאָנדאָנער האַפן — פון א גראַווויור פון XVIII יה.

וואנדערט פיל פויערים, וועלכע זײַנען, מאכמעס די „ארומצאמונגען“, געבליבן אָן ערד. די דאָזיקע קאָלאָניעס זײַנען געוואָרן א גוטער מארק פאר דער ענגלישער אינדוסטריע.

אפן כעזשבן פון באראבעווען די קאָלאָניעס האָבן זיך אין ענגלאנד אָנגעזאמלט גרויסע קאפיטאלן. שוין פונעם XVII יה. הייבט מען אָן אין ענגלאנד צו גרינדן האנדלס- און אינדוסטריעלע פײַ-קאָמפאניעס אפ צו פראָדוצירן זעגל-לײַוונט, סאלפעטער, פון וועלכן מע פלעגט מאכן פולווער; עס זײַנען געגרינדעט געוואָרן אויך קאָמפאניעס צו עקספלואטירן ארצגרובן.

די „ארומצאמונגען“.

די לאנדווירטשאפט.

גלײַכצײַטיק דערמיט איז אין ענגלאנד, מער ווי ערגעצווו אין אן אנדער לאנד, געוועזן איבעריקע ארבעטס-קראפט. פונעם סאָפ XV יה. אָן האָט זיך אין צוזאמענהאנג מיט דער אנטוויקלונג פון דער וואָל-אינדוסטריע אָנגעהויבן די צעטיילונג פון דער געמיינדישער ערד. די פאשע-פלעצער האָט מען „ארומגעצאמט“. די „ארומצאמונגען“ האָבן מיטגעבראכט דערצו, אז די פויערים (יאָמענעס) זאָלן רויִנירט ווערן. דער ענגלישער שרײַבער גאָלדסמיט האָט אזוי געשריבן וועגן דעם: „ליב, פרײַנטלעך דאָרף, דאָס פראכטפולסטע אינעם גאנצן טאָל... די פארוויסטקײַט מאכט טרויעריק דײַן גרינס: איין האר האָט פארכאפט אלע גיטער... און ציטערנדיק און אָפטרעטנדיק אויס מוירע פארן רויבער, פארלאָזן דײַנע קינדער דעם אייגענעם קאנט זייערן און גייען אוועק ווײַט, ווײַט“.

טויזנטער אָרעמעלײַט, פאופערס, וואָס זײַנען געבליבן אָן ערד און אָן א דאך, האָבן זיך געשלעפט איבער די שטויביקע וועגן און איבער די שטאָטישע גאסן, געזוכט ארבעט. אָנשטאָט די פריִערדיקע קליינע באלעבאטים (יאָמענעס) און די קליינע ארענדאטאָרס זײַנען איצט געקומען גרויסע באלעבאטים, פריצים-דזשענטרי, בא וועמען עס האָבן געארבעט באטראקעס. די גרעסטע ערד-אייגנטימער — די לאָרדן—האָבן געוויינלעך אליין ניט געפירט די ווירטשאפט; זיי האָבן אָפגעגעבן גרויסע ערד-כאלאָקים אין ארענדע די פערמערס, און יענע ווידער פלעגן אויך דינגען באטראקעס.

פונעם מיטלאלטער איז אינעם ענגלישן דאָרף פארבליבן אזא מינהעג: האָט אן אָרעמאן, וואָס האָט ניט קיין ערד, באוויזן אפ דער געזעלשאפטלעכער ערד אָדער אפ א פוסטקע, וואָס געהערט דעם לאָרד אָדער דער געמיינדע, — אויסצובויען פאר איין נאכט א הײַזקע און דערצו נאָך מיט אן אויוון, דאן האָט מען אים דערלויבט צו בלײַבן וווינען אין דער דאָזיקער הײַזקע. אפ אזא אופן האָט דער לאָרד אָדער דער פערמער געקראָגן א לוין-ארבעטער, וואָס האָט אים געקאָסט ביליק און איז געוועזן פון אים אָפהענגיק. די דאָזיקע אָרעמעלײַט — האַלבע באטראקעס—האָבן זיך גערופן קאָטערס (פונעם וואָרט קאָטעדזש — א שטיבל, א הײַזקע) און זײַנען געוועזן אין די דערפער אין א גאנצ באדײַטנדיקער צאָל. איצט האָט מען אויך די דאָזיקע אָרעמעלײַט געטריבן פון דער ערד.

צום סאָפ XVIII יה. זײַנען די פויערים די אייגנטימער אין ענגלאנד קימאט אינגאנצן רויִנירט געוואָרן.

דאָס, וואָס באם קאפיטאליזם איז ליקווידירט געוואָרן די קליין-אייגנטימערישע פויערשע ווירטשאפט, האָט זיך זייער שווער אָפגערופן אפן פויערטום; גלײַכצײַטיק איז דאָס אָבער אויך געוועזן א גרויסער פראָגרעס, ווײַל עס האָט

מיטגעהאָלפֿן דער אנטוויקלונג פֿון דער לאנדווירטשאפט. ביז דאן האָט עקזיס-
טירט א קליין-פּויערשע ווירטשאפט מיט צעוואָרפֿענע ערד-כאלאָקים, מיט אן
אָפּגעשטאנענער דרײַפעלדער-סיסטעם. מאכמעס דעם האָט מען זייער לאנגזאם
אײַנגעפֿירט פֿארפֿולקומטע אויפֿאנים פֿון באארבעטן די ערד. פֿריִער, אז מע פֿלעגט
אראָפּנעמען די גערעטעניש, האָט מען אראָפּגענומען אויך אלע ארומצאמונגען,
און אף די אָפּגעשניטענע פֿעלדער האָט מען געפֿאשעט דאָס פֿי. אלע האָבן גע-
זייט און אראָפּגענומען די גערעטעניש גלײַכצײַטיק. מאכמעס דעם האָט מען ניט
געקאָנט אײַנפֿירן קיין פֿארבעסערטן זיי-פֿארקער, קיין נײַע קולטורן. צום סאָף
XVIII יה., נאָך דעם, ווי די קליין-פּויערשע ווירטשאפֿט איז ליקווידירט געוואָרן, איז די
ענגלישע לאנדווירטשאפֿט שוין געוואָרן די סאמע פֿאָרגעשריטענע אין דער וועלט:
מע פֿלעגט דאָ אָנווענדן טיפֿן אופֿאקער, באָראָנעווען, מע פֿלעגט אָנווענדן קינסט-
לעכע באמיסטיקונג, בײַטן די לאנדווירטשאפֿטלעכע קולטורן לויט דער ריי נאָך
אאוו. מע האָט אויך קולטיווירט די בארימטע אף דער גאנצער וועלט דאָרגעמער
בעהיימעס און אָקסן, די פֿעטע יאָרקשירער כאזיירים.

אינעם XVIII יה. זײַנען די שטעט אזוי שנעל געוואקסן, אז די לאנדווירט-
שאפֿט האָט זיי ניט געקאָנט באזאָרגן מיט פּראָדוקטן. פֿונעם סאָף XVIII יה.
האָט ענגלאנד אָנגעהויבן ארײַנצופֿירן ברויט.

די אינדוסטריע.

נאָכן פֿארכאפּן א ריי מעלוכעס אין אינדיע האָט מען
פֿון דאָרטן אָנגעהויבן ארײַנצופֿירן קיין ענגלאנד זייער
א סאך ביליקע און שיינע מינים ציץ, געמאָלט מיט דער האנט. דאן האָבן די
סאָכרים און די ענגלישע צײַטונגען אויפֿגעהויבן א קאמפּאניע קעגן די אימפּאָר-
טירטע מינים ציץ, וואָס קאָנקורירן מיט די ענגלישע. דאָס האָט געגעבן אן אי-
בערייקן שטויס צו פֿארפֿולקומען די שפּינערײַ און וועבערײַ אין ענגלאנד גופֿע.

צו יענער צײַט זײַנען די צעכן אין ענגלאנד שטארק געפֿאלן. אייניקע
האנטווערקער האָבן געארבעט זעלבשטענדיק (געוויינלעך האָבן געהאָלפֿן אין דער
ארבעט דאָס ווײַב און די קינדער) און אָפּגעזעצט די סכוירע אפֿן מארק; אנ-
דערע האָבן געארבעט אפֿן אופֿקויפֿער, זיי האָבן, צום בײַשפּיל, געוועבט געוואנט
פֿארן סוחר דעם באשטעלער פֿון זײַן אייגענעם וואָל, צומאָל אף זײַנע ווערק-
שטעלן. עמעס טאקע, זיי האָבן אפֿילע נאָך אלץ געארבעט בא זיך אין דער
היים, אָבער פֿאקטיש זײַנען דאָס שוין געווען לוין-ארבעטער. אזוי, צום בײַ-
שפּיל, האָבן אין נאָטינגעם 50 זאָקן-הענדלער צעגעבן אף אהיים 1200 ווערק-
שטעלן צום שטריקן.

אין 1790 י. האָט איינער א דזשעמס פּילגרים פֿון לאָנדאָן געהאט 2000 אר-
בעטער, פֿון זיי האָט די מערהײַט געארבעט בא זיך אין דער היים. אין ענג-
לאנד איז אין XVIII יה. געווען פֿארשפּרייט די קאפּיטאליסטישע מאנופֿאקטור,
באזונדערס אין דער וואָל-אינדוסטריע. אין דער מאנופֿאקטור (דאָס וואָרט מאנו-
פֿאקטור באטײַט — האנט-פּראָדוקציע) איז די ארבעט פֿון די לוין-ארבעטער אין
ווארשטאט געוויינלעך געווען פֿארבונדן מיט דער ארבעט פֿון די האנטווערקער
אין דער היים, און די האנטווערקער האָבן זיך ביסלעכווײַז פֿארוואנדלט אין
לוין-ארבעטער. די מאנופֿאקטור איז געווען א קאפּיטאליסטישע אונטערנעמונג,
וואָס האָט זיך באזירט אף האנט-ארבעט, אָן דער אָנווענדונג פֿון מאשינעס. אין
דער מאנופֿאקטור איז געווען א באדײַטנדיקע ארבעט-צעטיילונג.

— אַט וויאַזוי דער ענגלענדער אַדאַם סמיט, דער גרעסטער עקאָנאָמיסט פונעם XVIII יה., האָט באַשריבנ די אַרבעט-צעטיילונג אינ דער מאַנופאַקטור פונ שפּילקעס: „איינ אַרבעטער ציט דעמ דראָט, דער אַנדערער גלייַכט אימ אויס, דער דריטער שנייַדט אַרומ, דער פערטער — פאַרשאַרפט, דער פינפטער שלייַפט אַרומ דעמ שפּיץ, קעדיי אַרופזעצנ דאָס קעפּל. דאָס קעפּל גופא ווערט אויכ געמאַכט דורכ 2 אָדער 3 אָפּעראַציעס. א באַזונדערע אָפּעראַציע איז אַרופזעצנ דאָס קעפּל; א צווייטע אָפּעראַציע — איז אָפּשלייַפנ די שפּילקע. אפילע דאָס אייַנפּאַקעווענ די שפּילקעס אינ פּאַפּירלעכ — איז א גאַנצ באַזונדערע זעלבשטענדיקע מעלאָכע. אַזויאַרומ ווערט די אַרבעט פונ מאַכנ שפּילקעס צעטיילט אומגעפער אפ 18 האַנט-אָפּעראַציעס".

די מאַנופאַקטור האָט געהאַט א גרויסנ כיסאָרנ — די האַנט-טעכניק איז געווענ ווייניק פּראָדוקטיוו. די מאַנופאַקטור איז ניט געווענ אימשטאַנד שנעל אַנטוויקלענ די אינדוסטריע אונ געבנ גענוג סכוירעס פאַר די קאָלאָניעס אונ פאַר ענגלאַנד גופא.

די דערפינדונג פונ מאַשינעס.

סאָפ XVIII יה., ווענ די אינדוסטריע אונ דער האַנדל האָבנ גענומענ היפּש שטייַגנ אונ ס'איז אַלצ מער געוואַקסנ דער נאָכפרעג אפ סכוירעס, איז אינ ענגלאַנד פאָרגעקומענ א געשעעניש פונ קאָלאָסאַלנ באַטייַט — מע האָט דאָרטנ דערפונדנ מאַשינעס, עס האָבנ זיכ דאָרטנ באַוויזנ פאַבריקנ מיט הונדערטער אונ שפּעטער אויכ מיט טויזנטער לוינ-אַרבעטער. אינ ענגלאַנד האָבנ זיכ אָנגעהויבנ אויספורעמענ נייַע גרונטלעכע געזעלשאַפטלעכע קלאַסנ: דער קלאַס פונ דער אינדוסטריעלער בורזשואַזיע אונ דער קלאַס, דער קינפטיקער באַגראָבער פונ דער בורזשואַזיע — דער פּראָלעטאַריאַט.

פריִער פונ אַלצ האָבנ זיכ די מאַשינעס באַוויזנ אינ דער יונגער באַוול-



איינע פונ די ערשטע ענגלישע פאַבריקנ מיט א דאַמפּ-באַוועגער.

אינדוסטריע; דאָרט זײַנענ די טאָרמאָזירנדיקע צעכאָווע באגרענעצונגענ נאָכ געווענ שוואכ. אינ 1765 י. האָט דער וועבער הארגריווס דערפונדנ א שפינדל און לעקאָוועד דער טאָכטער זײַנער האָט ער עס אָנגערופנ מיט איר נאָמענ „דזשעני". דאָס דאָזיקע שפינדל האָט פּאראָמאָל ארויסגעצויגנ 16 פעדעמ. דאָס, וואָס פריִער האָבנ געטאָנ דעמ מענטשנס פינגער פונ די הענט — ארויסגעצויגנ און צונויפגעדרייט די באוול-פעדעמ — האָבנ איצט געטאָנ די מאשינעס. עס זײַנענ אויכ דערפונדנ געוואָרנ מעכאנישע וועב-שטולנ. איצט האָבנ אפ איינ פאבריק, אינ א געבײַדע פונ עטלעכע שטאָק, געארבעט 200—300 און אפילע ביז 600 ארבעטער. די ערשטע פאבריק האָט אויסגעבויט אינ 1771 י. דער שערער ארקרײַט, א פּיפּיקער געשעפטסמאנ, וואָס האָט צוגעגאנוועט א פרעמדנס דערפינדונג. אפ די ערשטע פאבריקנ פלעגנ די ווערקשטעלנ געבראכט ווערנ אינ באוועגונג דורכ וואסער-רעדער, דעריבער פלעגט מענ די פאבריקנ בויענ נאָר אפ די ברעגנ פונ א טײַכ.



דזשעמס אואט, דער דערפינדער פונ א פארפולקומטער דאמפ-מאשינ.

דערלערנט דרײַ שפראכנ — פראנצויזיש, דײַטש און איטאליעניש און איבערגעלייענט פיל ביכער איבער טעכניק, האָט דער לאבאָראנט פונעמ אוניווערסיטעט אינ גלאזגאָ אואט פארענדיקט אינ 1784 י. די דערפינדונג פונ א פארפולקומטער דאמפ-מאשינ. איבער דער דערפינדונג האָט ער געארבעט פיל יאָרנ. וועגנ זײַנ דערפינדונג האָט אואט געשריבנ: „אפנ ברעג פונ אונדזער קאנאל דארפ מענ אויסבויענ א זאוואָד, וואָס זאָל פּראָדוצירנ פאר דער גאנצער וועלט מאשינעס פונ פארשיידענער גרייס". איצט האָט מענ אָנגעהויבנ בויענ פאבריקנ ניט נאָר אפ די ברעגנ פונ די טײַכנ, נאָר אינ יעטווידנ באליביקנ אָרט.

אינ דעמ זעלבנ יאָרהונדערט האָט מענ אינ ענגלאנד זיכ אויסגעלערנט שמעלצנ טשוהונ ניט אפ האָלצ-קוילנ, נאָר אפ קאָקס. מע הייבט אָנ אינטענסיוו ארויסבאקומענ שטיינקוילנ; קעדיי אריבערצופירנ די שטיינקוילנ, בויט מענ קאנאלנ. מע בויט אויכ טשוהונענע און אײַזערנע בריקנ.

אזוי איז סאָפ XVIII יה. אופגעקומענ אינ ענגלאנד א גרויסע מאשיניזירטע קאפּיטאליסטישע פּראָדוקציע. אָבער ענדגילטיק האָט זי געזיגט ערשט אינעמ XIX יה., שוינ נאָכ דער בורזשואזער רעוואָליוציע אינ פראנקרײַכ. די פראנצויזישע בורזשואזע רעוואָליוציע האָט געמאכט א סאָפ צו דער פעאָדאל-אבסאָליוטיסטישער אָרדענונג אינ פראנקרײַכ גופע און האָט פארניכטעט פיל פעאָדאלע פענטעס, וואָס האָבנ געשטערט דער אנטוויקלונג פונ קאפּיטאליזמ אינ אנדערע לענדער פונ אייראָפּע. אינ XIX יה. האָט זיכ אינ אייראָפּע אופגעעפנט פאר די ענגלישע סכוירעס א פיל גרעסערער מארק איידער פריִער, ניט געקוקט



קינדער־ארבעט אינ דער פאבריק.

דערופ, וואָס די אייראָפּייִשע מעלוכעס האָבנ אײַנגעפירט הויכע טאמאָזשנע-טאריפנ. א באדײַטנדיקער טייל פונ די ענגלישע אינדוסטריעלע פאבריקאטנ האָט געפונענ אנ אָפּזאצ אינ די ענגלישע קאָלאָניעס. צו יענער צײַט פארפולקומט זיכ אינ ענגלאנד די נײַע מאשינ-טעכניק אונ זי דרינגט אלצ מער ארײַנ אינ דער אינדוסטריע אונ טיילווײַז אויכ אינ דער לאנדווירטשאפט.

דאָס, וואָס סאָפ XVIII יה. האָבנ זיכ באוויזנ מאשינעס אונ פאבריקנ דאפקע אינ ענגלאנד, אונ ניט אינ א וועלכנ-עס-איז אנדער לאנד, איז צו דערקלערנ דערמיט, וואָס דאָרטנ זײַנענ פריִער איידער אינ די אנדערע לענדער באזײַטיקט געוואָרנ יענע שטערונגענ, וועלכע האָבנ פארהאלטנ די אנטוויקלונג פונ קאפיטאליזמ. א באזונדערס גרויסע ראָליע האָט אינ דער הינזיכט געשפילט די בורזשואזע רעוואָליוציע פונ XVII יה. דאָרט זײַנענ מער איידער אינ די אנדערע לענדער פונ אייראָפּע געווענ קאפיטאלנ אונ ארבעטסקראפט, אנ אנטוויקלטע מאנופאקטור-אינדוסטריע.

## די הערשאפט פונ דער פעאָדאל־אבסאָליוטיסטישער אָרדענונג אפנ אייראָפּייִשנ קאָנטינענט.

לאָמיר פארגלײַכנ ענגלאנד מיט די לענדער פונעמ קאָנטינענט פונ אייראָפּע. אינ פראנקרײַכ האָבנ נאָכ געהערשט די פעאָדאל-אבסאָליוטיסטישע פאָראָנדקעס, אונ דערפאר האָבנ דאָרט עקזיסטירט אויכ אינערלעכע טאמאָזשנעס, באשרענקענדיקע צעכאָווע קלאָלימ. דאָס פויערטומ האָט געצאָלט גרויסע שטײַערנ די פריצימ אונ די קיניגלעכע אמטלײַט אונ איז מאכמעס דעמ דערפירט געוואָרנ ביזנ פולשטענדיקנ דאלעס, די לאנדווירטשאפט האָט געהאלטנ אינ איינ פאלנ.

אין די פעאָדאַלע מעלוכעס פון דער „הייליקער רוימישער אימפּעריע" האָט זיך די אַנטוויקלונג פון קאַפּיטאַליזם אָנגעשטויסן אָפּ שווערינקייטן. באַזונדערס האָט איר געשטערט דאָס, וואָס דײַטשלאַנד איז געווען צעבראָקלט אויף 300 זעלב-שטענדיקע און העכער 1000 האַלב-זעלבשטענדיקע מעלוכעס. די מאַכט פונעם אימפּעראַטאָר פון דער „הייליקער רוימישער אימפּעריע" איז געווען אַ נישטיקע. אין דער דאָזיקער אימפּעריע האָבן פאַקטיש באַלעבאַטעוועט עסטרײַך און פּרייסן, וואָס זייער אײַנפלוס איז אין XVIII יה. באַדײַטנדיק געשטיגן.

די דײַטשישע מעלוכעס האָבן לעכאָלאָפּאָכעס אויסערלעך געהאַט אייניקע פאַרייניקנדיקע אַנשטאַלטן (אַן אימפּעראַטאָר, אַ סיים, וואָס פלעגט זיך צונויפזאַמלען אין רעגענסבורג); איטאַליע האָט מען אָבער נאָך אין אַ גרעסערער מאָס געהאַלטן פאַר אַ „בית-אָרגאַניזירטער" טעריטאָריע. די איטאַליענישע מעלוכעס זײַנען צווישן זיך מיט גאָרנישט ניט געווען פאַרייניקט. די גרעסטע מעלוכעס צווישן זיי זײַנען געווען: פּיעמאָנט, ווו עס האָט געהערשט די סאַוואָיער דינאַסטיע, דאָס קיניגרײַך פון די ביידע סיציליעס, ווו אויפן טראָן זײַנען געזעסן די בורבאָנען פונעם שפּאַנישן אָפּצווײַג פונעם דאָזיקן הויז, און די פּויפּסטלעכע געגנט, וואָס איז געווען צעטיילט אויף „לעגאַטן" (גובערניעס), מיט וועלכע עס האָבן אָנגעפירט קאַרדינאַלן אָדער בישאָפן. אין דער פּויפּסטלעכער געגנט האָט געוועלטיקט די מיטלאַלטערלעכע אינקוויזיציע (דער גײַסטלעכער געריכט).

אינעם פעאָדאַלן פּוילן האָבן דאָס פּויערטום שטאַרק אונטערדריקט די פּאַנעס (די גרויסע פּריצים — די מאַגנאַטן און די קלענע — די שליאַכטע); וועגן די פּוילישע פּויערים פלעגט מען זאָגן, אַז דאָס איז די סאַמע אָרעמע באַפעלקערונג אין גאַנץ אייראָפּע. די פּוילישע פּאַנעס האָבן אַכזאָריעסדיק אונטערדריקט די ניט פּוילישע באַפעלקערונג — די אוקראַינער, די ווײַסרוסן, די ייִדן. פונעם 1772 י. האָט זיך אָנגעהויבן די צעטיילונג פונעם אָפּגעשטאַנענעם פעאָדאַלן פּוילן צווישן פּרייסן, עסטרײַך און רוסלאַנד.

אין שפּאַניע און אין פּאָרטוגאַליע, וואָס זײַנען געקומען צו אַ יערידע, און אויך אין די אָפּגעשטאַנענע לענדער טערקײַ און שוועדן זײַנען די אינדוסטריע און דער האַנדל געווען שוואַך אַנטוויקלט.

אַ גרויסע ראָליע אין דער וועלט-געשיכטע האָט אין XVIII יה. געגומען שפּילן רוסלאַנד. דאָס איז געווען אַ קאָלאָסאַלע מעלוכע מיט אַ שטאַרקער אַרמיי. די קייטן פון לײַבייגנטום האָבן אָבער נאָך געפּענטעט די אַנטוויקלונג פונעם לאַנד.

אויפן גאַנצן אייראָפּייִשן קאָנטינענט האָט ערעוו דער בורזשואַזער רעוואָלוציע פונעם XVIII יה. נאָך פּרעוואַלירט די פעאָדאַל-לײַבייגנטימערישע אָרדענונג.

ענגלאַנד איז געווען די סאַמע פּאָרגעשריטענע מעלוכע אין אייראָפּע ניט בלויז לויט דער עקאָנאָמישער אַנטוויקלונג, נאָר אויך לויט איר פּאָליטישן רעזשים. דאָרט האָט אין XVII יה. געזיגט די פּאַרלאַמענטאַרישע אָרדענונג. אין ענגלאַנד האָט דער קיניג „געקיניגט", ער האָט אָבער ניט געוועלטיקט. געוועלטיקט האָט דער אַלמעכטיקער פּאַרלאַמענט, וועגן וועלכן עס איז אַפילו געגאַנגען אַ ווערטל, אַז ער „קאָן טאָן אַלצדינג, ער קאָן נאָר ניט פאַרוואַנדלען קיין מאַנצבל אין אַ פרוי און קיין פרוי אין אַ מאַנצבל". די פּרוּוון פונעם ענגלישן קיניג געאָרג דעם III-טן (1760—1820) צו קעמפן קעגן דעם פּאַרלאַמענט האָבן געבראַכט צו אַ פולשטענדיקער מאַפּאָלע פון דער קיניגלעכער מאַכט.

צום אונטערשייד פון ענגלאַנד, זײַנען די מערהײַט לענדער פונעם איי־ראָפּיישן קאָנטינענט געווען אַבסאָליוטע, זעלבסטהערשערישע מאָנאַרכיעס. אין פראַנקרײַך, רוסלאַנד, עסטרײַך, פרײַסן, טערקײַ, שפּאַניע האָבן זעלבסטהערשע־ריש רעגירט די מאָנאַרכן.

אייניקע ניט קיין גרויסע מעלוכעס פון אייראָפּע זײַנען געווען אַריסטאָקראַ־טישע רעפּובליקן, די מאַכט פלעגט דאָרט אַריבערגיין בעירושע צו די פאָרשטייער פון די רײַכע מישפּאָכעס, — ווענעציע, די גענועזער רעפּובליק, נידערלאַנד.

ניט לאַנג פאַר דער פראַנצויזישער רעוואָלוציע האָט זיך אַף דער וועלט־קאַרטע באַוויזן די יונגע טראַנסאָקעאַנישע רעפּובליק פון די פאַרייניקטע שטאַטן פון אַמעריקע. אין דער דאָזיקער רעפּובליק, וואָס איז באַשטאַנען פון באַזונדערע, שוואַך צוזאַמענגעבונדענע צווישן זיך, שטאַטן, האָט די פּאָליטישע מאַכט געהערט שוין ניט די אַריסטאָקראַטן, נאָר די קאַפּיטאַליסטן.

קאַפּיטל 2.

# די מילכאָמע פאַר אומאָפּהענגיקײַט און די אויסבילדונג פון די פאַרייניקטע שטאַטן.

די קאָלאָניעס אין צאָפּן־אַמעריקע.

די ערשטע גרופּעס איבערוואַנדערער האָבן זיך געלאָזן קיין צאָפן־אַמעריקע נאָך אין אָנהייב XVI יה. זיי האָבן גערעכנט צו געפינען דאָרטן, פונקט ווי אין צענטראַל־אַמעריקע, גאָלד. עמעס טאַקע, אין צאָפן־אַמעריקע איז גאָלד געווען, אָבער ניט אַפן ברעג פונעם אַטלאַנטישן אָקעאַן, נאָר אין קאַליפאָרניע, אַפן ברעג פונעם שטילן אָקעאַן; דאָרט האָט מען עס ערשט אַנטדעקט פיל שפּעטער, אין דער מיט פונעם XIX יה. אַפן אַטלאַנטישן ברעגלאַנד האָט מען אָבער קיין שום גאָלד ניט געפונען.

די ערשטע איבערוואַנדערער, וואָס האָבן ניט געוואָלט פירן קיין ווירטשאַפט, און קיין גאָלד האָבן זיי ניט געפונען, האָבן געהאַט אויסצושטיין גרויסע צאָרעס. פיל זײַנען אומגעקומען פון מאַליאַריע און פון טראָפּישע קראַנקײַטן, און איי־ניקע איז אויסגעקומען אומצוקערן זיך צוריק קיין אייראָפּע.

צום סאָף XVIII יה. האָבן די גרעסטע צאָל קאָלאָניעס אין צאָפן־אַמעריקע געהאַט די ענגלענדער; צוערשט האָבן די ענגלענדער אַרויסגעשטויסן די האָלענ־דער, דערנאָך די פראַנצויזן. די נידערלענדישע קאָלאָניע „נײַ־אַמסטערדאַם” האָבן אין 1664 יאָר פאַרנומען די ענגלענדער. די דאָזיקע קאָלאָניע איז אָוועקגעשאָנקען געוואָרן דעם ברודער פונעם ענגלישן קיניג, דעם הערצאָג יאָרק, און מע האָט זי אָנגערופן ניו־יאָרק.

אין 1763 י. האָט דער ענגלישער קיניג פאַרבאָטן די איבערוואַנדערונג אַף די ערדן, וואָס אין דאָרטעם, און דאָס האָט אופגעבראַכט די פערמערישע אָרעמ־שאַפט און די אַרבעטער. די קאָלאָניסטן פלעגן אויך פריער אַליין פאַרכאַפן די ערד פון די גרויסע ערדבאַזיצער און ניט איין מאָל מאַכן אופשטאַנדן קעגן דער קאָלאָניאַלער מאַכט. אין 1763 י. האָבן די ענגלענדער פאַרפעסטיקט פאַר זיך קאַנאַדע, וואָס זיי האָבן דעראָבערט בא די פראַנצויזן.




ענגלאנדס צאפן־אמעריקאנישע קאלאניעס בייס דער מילכאמע פאר אומאפהענגיקייט.

אין די קאָלאָניעס האָבן געארבעט ווײַסע קנעכט, וועלכע מע פלעגט ברענגען צו פירן פון אייראָפּע. דאָס זײַנען געווען פארברעכער, וועלכע מע האָט פארמישפּעט צו טורמע, אָדער פארשקלאפטע דינער, וואָס זײַנען ארײַנגעפאלן אין קנעכטשאפט מאכמעס כויוועס. באזונדערס ברייט איז אָבער אָנגעגאנגען אין די קאָלאָניעס די עקספּלואטאציע פון די שווארצע קנעכט — די נעגערס, דערהויפּט אין די דאָרעם-קאָלאָניעס, ווו מע האָט אפּ די פּלאנטאציעס קולטיווירט טאבאק. מיט די נעגערס די קנעכט איז מען זיך באגאנגען זייער אכזאָריעסדיק. פלעגט א נעגער אנטלויפן פון דער פּלאנטאציע, האָט מען זיך נאָך אים נאָכגעיאָגט מיט הינט. האָט מען געכאפּט דעם קנעכט, פלעגט מען אים אָפּהאקן די הענט און דאָס געבליבענע שטיקל ווונדפלייש אײַנטונקען אין קאָכעדיקער סמאָלע. נאָך דער דאָזיקער שרעקלעכער פּײַניקונג פלעגט מען דעם נעגער אופהענגען.

אין די צאָפנדיקע שטאטן האָט פּרעוואלירט די ווירטשאפט פון די זעלבשטענדיקע פּויערים — פּערמערס, און דאָרט האָט זיך גיך אנטוויקלט די אינדוסטריע און דער האנדל. דאָרטן איז געווען א רײַכער פישפאנג. פון וואלד, וואָס איז דאָרטן געווען איבערגענוג, האָט מען געבויט שיפן.

דער קאמף פון ענגלאנד קעגן דער אנטוויקלונג פון דער אינדוסטריע אין די אמעריקאנישע קאָלאָניעס.

דער ענגלישער פּארלאמענט פלעגט באשיצן די ענגלישע בורזשואזיע פונעם טראנסאָקעאנישן קאָנקורענט און האָט מיט פארשיידענע מיטלען געשטרעבט צו באגרענעצן די אנטוויקלונג פון דער אינדוסטריע און פונעם האנדל אין זײַנע אמעריקאנישע קאָלאָניעס.

אין 1750 י. האָט דער פּארלאמענט פארבאָטן צו בויען אין אמעריקע זאוואָדן, וואָס ארבעטן אויס אײַזן. אין 1754 י. האָט דער פּארלאמענט פארבאָטן צו פּראָדוצירן אין אמעריקע א וועלכעס־איז געוועבן און האָט פּאָרגעשריבן ארײַנצופירן זיי גרייטערהייט פון ענגלאנד.

אין 1763 י. איז ארויס א געזעץ וועגן שטעמפּל־ (גערבאָוון) אָפּצאָל. מיטן שטעמפּל־אָפּצאָל איז באשטײַערט געוואָרן יעטווידער האנדלס־אקט; אפילע יעדער צײַטונג-נומער איז אויך באשטײַערט געוואָרן מיט א הויכן אָפּצאָל. דער דאָזיקער שטײַער האָט זיך געזאָלט לייגן ווי א שווערע לאסט אפּ דער באפעלקערונג. דער פּרווו אײַנצופירן דעם שטעמפּל-אָפּצאָל האָט ארויסגערופן אן אופשטאנד פון דער באפעלקערונג אין באָסטאָן און אין אנדערע שטעט. די אמט-לײַט, וואָס האָבן פארקויפט די שטעמפּל־מארקעס, האָט מען באשמירט מיט דזעגעכץ, אויסגעקײַקלט זיי אין פעדערן און אונטער א פארטויבנדיקער קלאפּערײַ אין סקאָוואָראָדעס האָט מען זיי ארומגעטראָגן איבער די גאסן פון באָסטאָן. דער ווידערשטאנד איז געווען אזוי ווײַט איינמוטיק, אז די ענגלישע רעגירונג האָט אָפּגעשאפן דעם אקט וועגן שטעמפּל-אָפּצאָל. דער פּארלאמענט אָבער האָט אינגיכן אײַנגעפירט נײַע שטײַערן און האָט אוועקגעשיקט אין די אמעריקאנישע קאָלאָניעס נאָך מער מיליטער.

די מילכאָמע פאר אומאָפּהענגיקײַט.

איינמאָל האָבן די ענגלישע סאָכרים געבראכט קיין באָסטאָן א גרויסע פּארטיע טיי, אפּ וועלכן ס'איז געווען ארופגעלייגט א שטײַער. די באָסטאָנער אײַנוווינער זײַנען אָנגעפאלן אפּ די שיפן און האָבן ארויסגעוואָרפן אלע קאסטנס טיי אין וואסער ארײַן. דער דאָזיקער עפּיזאָד האָט געקראָגן דעם נאָמען „דער באָסטאָנער טיי־טרונק" (דעקאבער 1773 י.).



גערג וואשינגטאָן.

אין 1774 י. האָט די ענג-לישע רעגירונג אַלס שטראָף פאַרן ווידערשטאַנד באַשטימט צו פאַר-מאַכן פאַרן האַנדל דעם באָסטאָנער פּאָרט. דאָס האָט אַרויסגערופן אין די קאָלאָניעס אַ קאָלאָסאַלע אויפ-געבראַכטקייט.

אין דעם זעלבן 1774 י. האָבן די אַמעריקאַנישע קאָלאָניעס אַוועקגעשיקט זייערע דעלעגאַטן אויפן קאָנגרעס אין פילאַדעלפיע. דער דאָזיקער קאָנגרעס האָט מיט רעס-פּעקט געבעטן דעם קיניג צו פאַר-ניכטן די באַגרענעצונגען אינעם האַנדל און אין דער אינדוסטריע און אויך ניט באַשטײַערן די קאָ-לאָניסטן אָן זייער האַסקאָמע. דער קיניג האָט געענטפערט מיט דער פאָדערונג, אַז די קאָלאָניעס זאָלן זיך פולשטענדיק אונטערטעניקן, און האָט געמאָלדן, אַז זיי געפינען זיך אין אַ צושטאַנד פון אַ בונט.

אין 1775 י. האָבן זיך אָנגעהויבן די קריגס-אָפּעראַציעס צווישן דעם מי-ליטער פונעם ענגלישן קיניג און די אַמעריקאַנער קאָלאָניסטן.

צוערשט האָבן די קאָלאָניסטן געמיינט, אַז די מילכאָמע האָט אָנגעהויבן ניט דער קיניג, נאָר זײַנע אַמט-לײַט אין אַמעריקע. יעדן פרימאָרגן האָבן די אויפ-שטענדלער די אַמעריקאַנער געבעטן גאָט פאַרן קיניג, און דערנאָך זײַנען זיי געגאַנגען זיך שלאָגן קעגן דעם קיניגלעכן מיליטער. די מילכאָמע אָבער איז ווײַטער געגאַנגען. דעם 4 יול 1776 י. האָבן די אויפגעשטאַנענע קאָלאָניסטן אָנגענומען די „דעקלאַראַציע פון אומאָפּהענגיקייט", וועלכע עס האָט צונויפ-געשטעלט דער פאָרגעשריטענער אין זײַן צײַט דעמאָקראַט דזשעפערסאָן, אַ מענטש, וואָס האָט געהאַט אָפּגעלאָזן אויף דער פרײַ זײַנע קנעכט. אין אָט דער דעקלאַראַ-ציע איז געמאָלדן געוואָרן, אַז די קאָלאָניעס טיילן זיך אָפּ פון ענגלאַנד, און עס איז געזאָגט געוואָרן אַזוי: „אַלע מענטשן זײַנען באַשאַפן געוואָרן גלײַכע. זיי אַלע האָט דער באַשעפער באַשאָנקען מיט אייניקע אומאָפּנעמלעכע רעכט, וואָס צו זיי געהערן: דאָס לעבן, די פרײַהײַט און די שטרעבונג צו גליק". די דאָזיקע דעקלאַראַציע איז געווען דער מאַניפעסט פונעם רעוואָליוציאָנערן קלאַס פון יענער צײַט — פון דער בורזשואַזיע.

אין 1781 יאָר האָט מען אָנגענומען די ערשטע קאָנסטיטוציע פון דער נײַער רעפּובליק, וועלכע איז באַשטאַנען פון דרײַצן שוואַך צוזאַמענגעבונדענע צווישן זיך שטאַטן (געוועזענע קאָלאָניעס). דער קאָנגרעס פון די פאָרשטייער פון די שטאַטן, וואָס האָט געפירט זײַן אַרבעט אויפן סמאַך פון דער קאָנסטיטוציע פון 1781 יאָר, פלעגט נאָר אַרויסטראָגן רעזאָליוציעס מיט ווונטשן; אויספילן

זיי — דאָס איז פאַר די שטאַטן געווען ניט אָבליגאַטאָריש. די שוואַכקייט פון דער צענטראַלער מאַכט האָט פאַרשווערט צו פירן די מילכאָמע קעגן ענגלאַנד.

די מילכאָמע קעגן ענגלאַנד האָט זיך געצויגן ביזן 1782 יאָר. דער הויפּט־קאָמאַנדיר פון דער אַרמיי פון די קאָלאָניסטן איז געווען דער הייסער פּאַטריאָט און אָנגעזעענסטער אָרגאַניזאַטאָר געאָרג וואַשינגטאָן (1732—1799).

דאָס מיליטער פון די קאָלאָניסטן האָט געהאַט גענוג שוועריקייטן: די ענג־לענדער האָבן פאַרכאַפּט פילאַדעלפיע — די הויפּטשטאָט פון די קאָלאָניעס, וואָס האָבן זיך אָפּגעטיילט. אין ביטערע קעלטן איז די אַמעריקאַנער פּאַטריאָטן אויס־געקומען צו ווינטערן אין פרייען פעלד. עס האָט געפעלט געווער, געלט, שיך, קליידער. מיט גרויס מי האָט זיך וואַשינגטאָנען איינגעגעבן איינשטעלן דיסציפּ־לין אין דער אַרמיי, וואָס איז באַשטאַנען פון געוואַגטע, אָבער ניט קיין גע־שולטע פערמער און האַנטווערקער. דערצו נאָך האָבן די ענגלענדער געהאַט פאַר־בינדעטע אין די אַמעריקאַנישע קאָלאָניעס גופע. קעגן די קאָלאָניסטן, וואָס האָבן געקעמפט פאַר פרייהייט, פאַר אומאָפּהענגיקייט, זיינען אַרויסגעטראָטן די ענג־לענדער — די רייכע ערדבאַזיצער, די שקלאַפן-באַזיצער און די קיניגלעכע אַמט־לייט, וואָס האָבן געלעבט אין אַמעריקע.

קעדיי צו פאַרגרעסערן זיין אַרמיי, האָט דער ענגלישער קיניג געאָרג דער III פאַר־קאָנטראַקטירט בא די דייטשישע פירשטן אַרום 30 טויזנט סאָלדאַטן — לייבייגענע און האָט זיי אַוועקגעשיקט קיין אַמעריקע. ער האָט געוואָלט דינגען אין רוס־לאַנד בא יעקאַטערינא דער II-ער נאָך צוואַנציק טויזנט סאָלדאַטן. אָבער מאַכמעס די אָנגעשטרענגטע באַציִונגען צווישן רוסלאַנד און ענגלאַנד און מאַכמעס דער פויערשער באַוועגונג פון פּוגאַטשאָוון, וואָס איז פאָרגעקומען מיט אַ קליין שטיקל צייט פריִער, האָט די קייסערינע זיך אָפּגעזאָגט פון שיקן סאָלדאַטן קיין אַמעריקע.

גלייכצייטיק דערמיט האָבן געאיילט צו הילף די אַמעריקאַנישע קאָלאָניסטן פיל פרייוויליקע פון אייראָפּע; צווישן זיי איז געווען דער צוואַנציקיאָריקער פראַנצויזישער אָפיצער לאַפאַיעט, וואָס האָט אַפּ זיינע אייגענע מיטלען אויסגע־ריכט אַ שיף מיט אַן אָטריאַד; צווישן זיי איז אויך געווען דער יונגער סען־סימאָן, וואָס איז שפּעטער באַרימט געוואָרן מיט זיינע פּלענער צו רעאָרגאַניזירן די געזעלשאַפט.

אין די ערשטע יאָרן פון דער מילכאָמע האָט די ענגלישע רעגירונג גע־פּרוווט אַרומרינגלען און נעמען דורך הונגער די הויפּט-נעסט פונעם אופשטאַנד — די צאָפן-קאָלאָניעס. דער דאָזיקער פּלאַן האָט זיך ניט איינגעגעבן: די ענגלישע אַרמיי, וואָס מע האָט געשיקט, זי זאָל אַרומרינגלען די אופשטענדלער, האָט מען צעקלאַפּט. דאַן האָבן די ענגלענדער אַריבערגעטראָגן די קריגס־אָפּעראַציעס פון די דעמאָקראַטישע צאָפן־קאָלאָניעס אַפּ דאָרעמ; דאָרט זיינען די באַלעבאַטים גע־ווען די ענגלישע אַריסטאָקראַטן די שקלאַפן־באַזיצער. אָבער אויך דאָ האָבן די ענגלענדער געליטן אַ מאַפּאָלע. די אַמעריקאַנער האָבן אויך אויסגענוצט די אַלטע סינע, וואָס האָט געהערשט צווישן די צוויי קאָלאָניִאַלע מעלוכעס — ענגלאַנד און פראַנקרייך — און האָבן זיך דערשלאָגן דערצו, אַז פראַנקרייך זאָל זיי געבן הילף (אין 1778 י.). דאַן איז פאַר די אַמעריקאַנער די מילכאָמע אַוועק באַזונדערס דערפאָלגרייך. די קאָלאָניסטן האָבן מיט דערפאָלג אָנגעווענדט די טאַקטיק פון אַ

פאַרטיזאַנישער מילכאָמע און מיט דער אונטערשטיצונג פונעם פראַנצויזישן מיליטער האָבן זיי צעקלאַפּט די געדונגענע קיניגלעכע אַרמיי.

אין 1781 יאָר האָבן די הויפּט-קרעפטן פון די ענגלענדער זיך אונטערגעגעבן וואַשינגטאָנען לעבן יאָרקטאַון, אינעם שטאַט ווירגיניע. אין אַ יאָר אַרום זײַנען אין ווערסאַל אויסגעאַרבעט געוואָרן די שאָלעם-באַדינגונגען (דער אָפּמאַך גופע איז באַשטעטיקט געוואָרן אין 1783 יאָר). די ענגלענדער האָבן אָנערקענט די אומאָפּהענגיקייט פון די קאָלאָניעס. אַזוי האָט זיך פאַרענדיקט די מילכאָמע פאַר אומאָפּהענגיקייט, וואָס לענין האָט באַצייכנט אַלס מילכאָמע „פונעם אַמעריקאַנישן פאָלק קעגן די רויבער די ענגלענדער, וועלכע האָבן אונטערדריקט און האָבן געהאַלטן אין קאָלאָניאַלער קנעכטשאַפט אַמעריקע...“ [1].

אַפ דער קאָלאָסאַלער באַדײַטונג פון דער מילכאָמע פאַר אומאָפּהענגיקייט האָט אָנגעוויזן מאַרקס. ער האָט געזאָגט, אַז זי „...האָט אַ קלונג געטאָן ווי אַ שטורעם-גלאָק פאַר דער אייראָפּייִשער בורזשואַזיע“ [2].

דער אופשטאַנד פון שייס (1786).

בײַס דער מילכאָמע האָט מען בײַ די אָנהענגער פון ענגלאַנד — בײַ די רײַכע ערדבאַזיצער — קאָנפיסקירט די ערד. 100 טויזנט ענגלענדער זײַנען אַרויסגעטריבן געוואָרן פון די פאַראייניקטע שטאַטן. די מילכאָמע האָט אָבער אויך רויִנירט פיל פערמערס. פון דער מילכאָמע איז געבליבן אַ גרויסער מעלוכע-כויוו. די רעגירונג האָט באַשלאָסן אַריבערלייגן דעם דאָזיקן כויוו אַפ די פערמערס, פאַרגרעסערנדיק די שטײַערן. בײַ די פערמערס, וואָס האָבן די שטײַערן ניט אײַנגעצאָלט, האָט מען גענומען פאַרקויפן דאָס פי, דאָס הויז, די ערד. די פערמערס און די שטאָטישע אָרעמשאַפט, דערהויפט די האַנטווערקער פון אַ רײַ צאָפן-קאָלאָניעס, האָבן דערויף געענטפערט מיט אַן אופשטאַנד. אין שפּיץ פונעם אופשטאַנד האָט זיך געשטעלט דער אָנטיילנעמער פון דער מילכאָמע פאַר אומאָפּהענגיקייט דאַניִעל שייס. דאָס מיליטער פון די פאַראייניקטע שטאַטן האָט מיט גרויס מי דערשטיקט דעם דאָזיקן אופשטאַנד. דער אופשטײַג פון דער דעמאָקראַטישער באַוועגונג האָט געצוווּנגען די בורזשואַזיע פון צאָפן און די פּלאַנטאַטאָרן די שקלאַפן-באַזיצער פון דאָרעם ענגער זיך צו באַהעפטן. קעדיי צו פאַרשטאַרקן די צענטראַלע מאַכט איז באַשלאָסן געוואָרן צו ענדערן די קאָנסטיטוציע.

די אַמעריקאַנישע קאָנסטיטוציע.

אין 1787 יאָר האָט מען אויסגעאַרבעט די נײַע קאָנסטיטוציע. פריִער איז יעדער שטאַט געווען אַ מעלוכע פאַר זיך, מיט אירע אייגענע באַוואָפנטע קרעפטן, פינאַנסן, טאַמאָזשנע-גרענעצן. איצט איז די צענטראַלע מאַכט עטוואָס פאַרשטאַרקט געוואָרן. דערבײַ האָט מען די שטאַטן געלאָזט אַ באַדײַטנדיקע זעלבשטענדיקייט אין דער לייזונג פון אָרטיקע פראַגן. אין דער שפּיץ פון דער אויספיר-מאַכט האָט מען אַוועקגעשטעלט אַ פרעזידענט, וואָס ווערט אויסגעוויילט אַפ פיר יאָר. ער פירט אָן מיט דער אַרמיי און מיטן פלאָט, ער באַשטימט די אַמט-לײַט, מיט איין וואָרט, — ער האָט קאָלאָסאַלע פולמאַכטן. דער ערשטער פרעזידענט איז געווען וואַשינגטאָן.

דער אַמעריקאַנישער פאַרלאַמענט — דער קאָנגרעס — באַשטייט פון צוויי

1 לענין, ווערק, ב. XXIII, ז. 176.
2 מאַרקס און ענגעלס, ווערק, ב. XVII, ז. 7.



דער אופשטאנד פון דאניעל שייס.

פאלאטעס. אינ דער אונטערשטער פאלאטע — אינ דער פאלאטע פונ די פאָר-שטייער — שיקט מענ דעפוטאטנ אנטשפרעכיק צו דער צאָל אײַנוווינער פונ יעדנ שטאט. די אויבערשטע פאלאטע — דער סענאט — באשטייט פונ די פאָר-שטייער פונ די שטאטנ (צו צוויי פונ יעדנ שטאט).

די נײַע קאָנסטיטוציע האָט וועזנטלעכ באגרענעצט די רעכט פונ די ארבעטנ-דיקע. קימאט אינ אלע שטאטנ האָט מענ, קעדיי צו באקומענ וואלרעכט, געדארפט האָבנ אייגנטומ — ערד אָדער א קאפיטאל. די פרויענ האָבנ ניט באקומענ קיינ רעכט. די שקלאפערײַ איז פארבליבנ. די שקלאפנ אונ די אינדיאנער האָבנ ניט געהאט קיינ בירגער-רעכט. א וועזנטלעכע באגרענעצונג פאר די וויילער איז אויכ געווענ די פאָדערונג, זיי זאָלנ האָבנ געלעבט א באשטימטנ טערמינ אינעמ וואל-קרײַז (דער אײַנגעזעסנקײַט-צענז). מאכמעס דעמ האָבנ פיל פונ דער אָנגעפאָרע-נער באפעלקערונג ניט באקומענ קיינ וואלרעכט.

גרויסע פולמאכטנ האָט באקומענ דער אויבער-געריכט. די מיטגלידער זײַנע פלעגנ באשטימט ווערנ אפנ גאנצנ לעבנ. דער דאָזיקער געריכט האָט געקאָנט (אונ ער קאָנ נאָכ אויכ איצט) אָפשאפנ א באליביקנ אמעריקאנישנ געזעצ, דערקלערנ-דיק, אז ער ווידערשפרעכט דער קאָנסטיטוציע.

בא דער רעפובליקאנישער אָרדענונג סאָפ XVIII יה. איז אינ צאָפנ-אמעריקע געשטאנענ בא דער מאכט דער בלאָק פונ דער האנדלס-אינדוסטריעלער בורזשוא-זיע פונ צאָפנ אונ פונ די פלאנטאטאָרנ די שקלאפנ-באזיצער פונ דאָרעמ.

אינ דעמ פעריאָד, ווענ עס איז פאָרגעקומענ די מילכאָמע פאר אומאָפהענ-גיקײַט אונ ס'איז אויסגעארבעט געוואָרנ די קאָנסטיטוציע פונ די פאראייניקטע שטאטנ, איז דערלייזט געוואָרנ די גאָר וויכטיקע פראגע פאר אמעריקע וועגנ די מײַרעוו-קאנטנ, ווו עס האָבנ געלעבט די אינדיאנער. די קאָלאָסאלע שטאָכימ ערד אפ מײַרעוו, וועלכע זײַנענ נאָכ ניט געווענ באזעצט פונ קאָלאָניסטנ, זײַנענ דער-קלערט געוואָרנ פאר מעלוכיש אייגנטומ. די אינדיאנער, וואָס האָבנ געוווינט אפ דער דאָזיקער ערד, האָט מענ גענומענ אראָפטרײַבנ אונ אָפשטויסנ אינ דער טיפ פונעמ קאָנטינענט, אונ אויב זיי פלעגנ זיכ קעגנשטעלנ, פלעגט מענ זיי אויסראָטנ. די דאָזיקע ערד איז באשטימט געוואָרנ צומ פארקויפ אינ גרויסע כאלאָקימ לויט א הויכער פרײַז, וואָס איז געווענ ניט צוטריטלעכ פאר דער אָרעמשאפט. סאָפ XVIII יה. האָבנ די בורזשואזיע אונ די פלאנטאטאָרנ די שקלאפנ-באזיצער גע-לייזט די ערד-פראגע אינ זייערע אייגענע אינטערעסנ.

קאפיטל 3.

# די פראנצויזישע בורזשואזע רעוואָליוציע פונ XVIII יאָרהונדערט (1789—1794 יי.).

## דער קריזיס פונ דעמ פעאָדאל-אבסאָליוטיסטישנ פראנקרײַכ.

די פויערימ. די יערי-דע פונ דער לאנד-ווירטשאפט.

סאָפ XVIII יה. איז אינ פראנקרײַכ געווענ א 25-מיליאָניקע באפעלקערונג, דערונטער מער פונ 23 מיליאָנ פויערימ. דאָס פראנצויזישע פויערטומ פונ סאָפ XVIII יה. האָט זיכ שטארק אונטערשיידט פונעמ ענגלישנ פויערטומ. צו יענער צײַט זײַנענ

אינ ענגלאנד די פויערימ די אייגנטימער (יאָמענעס) קימאט אומעטומ געבליבנ אָנ ערד אונ אינ דער מאסע זייערער זייַנענ זיי געוואָרנ באטראקעס אָדער שטאָטישע ארבעטער. אינ פראנקרייַכ ווידער האָבנ די פויערימ געפירט א קלײנע ווירטשאפט אפ דער ערד, וואָס האָט געהערט צומ פּאָרעצ, אונ האָבנ געהאט פעאָדאלע פליכטנ.

עמעס, לייַבייגנטומ איז אינ פראנקרייַכ צומ סאָפ XVIII יה. ווייניק ווו פארבליבנ, אָבער די פויערימ זייַנענ דאָכ געבליבנ געפענטעט מיט זייער א סאכ פעאָדאלע פליכטנ.

דער פויער פלעגט אָפּגעבנ א טייל גערעטעניש דעמ פּאָרעצ (געוויינלעכ אײנ פערטל) אָדער ער פלעגט אָפּצאָלנ די ווערט פונעמ דאָזיקנ טייל מיט געלט. א צווייטנ כיילעק פונ דער גערעטעניש (א צענטכיילעק) פלעגנ באמ פויער אָפּנעמענ די גיריקע גאלאָכימ. איז א פויער געשטאָרבנ, פלעגט אראָפּקומענ דעמ פּאָרעצס עקאָנאָמ אונ פלעגט אופמאָנענ א גרויסנ שטייַער פאר איבערגעבנ די יערושע. פאר אריבערפירנ טווּע אָדער אנדערע פראָדוקטנ איבער דער בריק, — כאָטש די בריק האָבנ אויסגעבויט די פויערימ גופע, — פלעגט דער פּאָרעצ דער סעניאָר נעמענ א באזונדערנ שטייַער. פאר צעמאָלנ די טווּע אינעמ הארס מיל, פאר אויסבאקנ ברויט אינעמ הארס אויוונ האָט מענ געדארפט באזונדער צאָלנ. ווענ אפילע קיינ אויוונ צומ באקנ ברויט איז באמ סעניאָר ניט געווענ, האָט מענ דאָכ געפאָדערט פונעמ פויער, ער זאָל אייַנצאָלנ דעמ יערלעכנ אָפּצאָל פאר נוצנ זיכ מיטנ אויוונ, דעמ אָפּצאָל, וואָס מע האָט געהאט אמאָל אייַנגעשטעלט. די בריק אונ די מיל האָבנ געקאָנט אייַנפאלנ, אָבער די יערלעכע אָפּצאָלנ פאר אריבערפירנ אונ פארנ צעמאָלנ פלעגט מענ אופמאָנענ פּינקטלעכ.

אינ פראנקרייַכ זייַנענ פארבליבנ פיל אנדערע מיטלאלטערלעכע שווערע לאסטנ פארנ פויערטומ. פלעגט א סעניאָר פארווייַלנ זיכ אפנ יאגד, האָט ער געהאט דאָס רעכט צו טאָפּטשענ די פויערשע פעלדער, ארומיאָגנ זיכ מיט די געסט רייַטנדיק אפ פערד, באגלייט מיט א טשאטע הינט איבער די פעלדער. יעדער פּאָרעצ האָט געהאט טויבנשלאקנ. די טויבנ פלעגנ פארוויסטנ די פויערשע פעלדער. האָט אָבער א פויער דערהארגעט א טויב, פלעגט מענ אימ אכזאָריעסדיק באשטראָפנ. עס זייַנענ פארבליבנ א סאכ, אפילע שוינ ניט אזוינע שווערע, אָבער דערנידעריקנדיקע פליכטנ. די פויערימ פלעגנ אינ די פריצישע גיטער דארפנ באנאכט שרעקנ די פרעש אינ די סאזשלקעס — קעדיי דער סעניאָר זאָל קענענ בעסער שלאָפנ. בייסנ באגעגענענ זיכ מיטנ פּאָרעצ אָדער מיט זייַנע באאמטע, האָט דער פויער געמוזט זיכ בידעריק בוקנ, קושנ אימ די האנט אָדער אינ פלייצע.

קלאָגנ זיכ אפנ סעניאָר איז ניט געווענ ווו. מישפּעטנ פלעגט דער פּאָרעצ גופע אָדער א ריכטער, ווועלכנ דער פּאָרעצ האָט אליינ באשטימט. אינ די געריכטנ פלעגט מענ אָנווענדנ פּייַניקונגענ.

דער פויער איז געווענ אָפּהענגיק ניט נאָר פונ דעמ סעניאָר. מע האָט אפ אימ ארופגעלייגט שווערע שטייַערנ אויכ לעטויוועס דער קיניגלעכער מאכט. דער פויער פלעגט צאָלנ א שטייַער פונעמ פארמעגנ (טאליע), כוץ דעמ א צוגאָב-אָפּצאָל פונ דער הארכאָסע (א צוואנציקסטל) — דעמ אזויגערופענעמ קיניגלעכנ אָפּצאָל. דאָס איז געווענ ווייניק: עס האָט נאָכ עקזיסטירט א קאָפּ-שטייַער (קאפּיטאציע). אויסער דירעקטע שטייַערנ האָבנ דעמ פויער נאָכ אויכ געדריקט די אומדירעקטע שטייַערנ.



עקספּלואַטאַציע פֿונ פּויערימ — קאַריקאַטור.

א גרויסער שטײַער איז אײַנ־געשטעלט געוואָרנ אויכ אפֿנ געברויכ פֿונ זאַלצ. קעדיי די פּויערימ זאָלנ זיכ ניט אָפּזאָגנ פֿונ דער אומגע־הייער טײַערער זאַלצ, זײַנענ זיי געוועג מעכויעוו צו קויפֿנ אָט די זאַלצ „פֿאַרנ טעפּל אונ פֿאַרנ זאַלצ־מעסטל", דאָס הייסט צומ געברויכנ אינ דער שפּײַז, ניט ווינציקער ווי זיבנ פֿונט א יאָר אפֿ א מענטשנ; צוליב אײַנזאַלצונג אונ פֿאַרנ פֿי האָבנ די פּויערימ געמוזט קויפֿנ זאַלצ באַזונדער. קעדיי די פּוי־ערימ זאָלנ ניט קויפֿנ קיינ קאָנטראַ־באַנדנע זאַלצ, פֿלעגט מענ די הענד־לער די קאָנטראַבאַנדיסטנ פֿאַרשיקנ אפֿ 9 יאָר אפֿ די גאַל ערנ, דאָס הייסט אפֿ קאַטאָרזשנע אַרבעטנ אַלס רודערער אפֿ שיפֿנ; די רודע־רער פֿלעגט מענ צושמידנ מיט קייטנ צו זייער בענקל. האָט מענ געכאַפּט א הענדלער מיט קאָנטראַבאַנדנע זאַלצ צומ צווייטנ מאָל, פֿלעגט מענ אימ הענגענ. אכזאָריעסדיק פֿלעגט מענ אויכ באַשטראָפֿנ די פּויערימ, וואָס פֿלעגנ קויפֿנ זאַלצ, פֿאַר וועלכער מע האָט ניט אײַנגעצאָלט דעמ שטײַער.

ספּעציעלע אָטריאַדנ באַוואָפֿנטע אופֿזעער פֿלעגנ פֿאַרטרײַבנ די פּויערימ פֿונ יענע ערטער, ווו זיי האָבנ אַליינ געקאָנט אַרויסבאַקומענ זאַלצ.

א גרויסער שטײַער איז געווענ אַרופֿגעלייגט אפֿ ווײַנ. אינ פֿראַנקרײַכ, ווי באַוווסט, איז פֿאַראַנ פֿיל ווײַנגערטנער, אונ דאָס לאַנד שעמט מיט זײַנע ווײַנענ אפֿ דער גאַנצער וועלט; קלאָר, אַז דער דאָזיקער שטײַער איז פֿאַר פֿראַנקרײַכ געווענ באַזונדערס וויכטיק. 27 טויזנט אַקציזנע אופֿזעערס האָבנ געגישטערט אינ די פּויערשע קעלערס, געמאָסטנ די פֿעסלעכ, געציילט די פֿלעשלעכ. אפֿ די זאַס־טאַוועס פֿלעגנ זיי אונטערזוכנ די דורכגייער אונ די דורכפֿאָרער.

ניט ווייניקער פֿונ אָנדערהאַלבנ מיליאָנ פּויערימ האָבנ זיכ אינ פֿראַנקרײַכ אַראָפּגעלאָזנ צו דער מאַדרייגע פֿונ בעטלער. זיי זײַנענ געוואָרנ שלעפּער, האָבנ זיכ פֿאַרנומענ מיט גנייווע. אינ גאַנצ פֿראַנקרײַכ האָבנ איבער די גרויסע טראַקטנ אַרומגעוואַנדערט רויבער.

איינער א בישאָפּ האָט ניט לאַנג פֿאַר דער רעוואָליוציע געשריבנ:

„דאָס פֿאָלק לעבט אינ די דערפֿער אונדזערע אינ שרעקלעכער אָרעמקײַט, אינ פּוסטע הײַזקעס, אָנ בעטנ אונ אָנ טישנ. בא דער מערהײַט קלעקט אפֿילע ניט קיינ קאָרענע מעל אונ קיינ האָבער — די הויפּט-שפּײַז — אפֿ א האַלב יאָר

צײַט. אָבער אויך די דאָזיקע שפּײַז קומט אויס די פּויערים אָפּצונעמען בא זיך און בא זייערע קינדער, קעדיי אײַנצוזאָלן די שטײַערן".

האָט א פּויער ניט געקאָנט ארײַנטראָגן די שטײַערן, פלעגט מען פארקויפן זײַן פי און זײַנע בעבעכעס. די כויוועס אָבער האָבן געהאלטן אין איין וואקסן.

אין אזוינע באַדינגונגען איז די פּויערשעווירטשאפט נעגאַנגען צו גרונט. הונגערן פלעגט מען שטענדיק, אפילע אין די גערעטענישן-יאָרן. פּויערשע אופ־שטאנדן האָבן זיך איבערגעכאַזערט פון יאָר צו יאָר. די מיליטערישע שעפן פון די געגנטן, די גובערנאטאָרן, האָבן אונטערדריקט די דאָזיקע אופשטאנדן מיט דער הילף פון מיליטער, זיי האָבן זיך אָבער ניט געקאָנט דערשלאָגן דערצו, אז די דאָזיקע אופשטאנדן זאָלן אופהערן.

די דיפערענצירונג פונעם פּויערטום.

בא דער אלגעמיינער רויִנירונג און פאראָרעמונג פון די פּויערים האָט זיך פון צווישן זיי געגומען אויסטיילן א הײַפל רײַכע לײַט — באַלעגופים.

די באַלעגופים האָבן אויסגענוצט די שווערע לאגע פון דער מערהײַט פּוי־ערים, געגעבן הַלוואָעס אף הויכע פּראָצענטן, דערנאָך פלעגן זיי אָפּנעמען בא די פּויערים פאר די כויוועס דאָס פי און די ערד. אין די צענטראלע ראיאָנען פון פראנקרײַך זײַנען דורכשניטלעך געווען 17% פּויערים, וואָס האָבן ניט גע־האט קיין ערד, אָבער אין באזונדערע ראיאָנען איז אזוינע פּויערים אָן ערד גע־ווען מער פון א העלפט.

די צעכן, די רעגלאַ־מענטאַציע.

אינעם פאָררעוואָלוציאָנערן פראנקרײַך זײַנען נאָך פאר־בליבן צעכן. די האנטווערקער האָבן געוווינט קווארטאלן־ווײַז — א גאנצער קווארטאל מוליערס, קווארטאלן פון קאצאָווים, פארבער, שנײַדער. דער מײַסטער פלעגט זיצן אינעם ווארשטאט אויבן־אָן אף א ספּעציעל העכער אָרט, אין א פאריק, און פלעגט נאָכקוקן, ווי עס ארבעטן די געזעלן און די לערנייִנגלעך.

די ארבעט אינעם צעכאָווען ווארשטאט פלעגט זיך אָנהייבן און ענדיקן נאָכן קלונג נאָכן פונעם גלאָק אינעם נאָענטסטן קלויסטער.

דער, וואָס איז אָנגעקומען אלס לערנייִנגל, האָט געדארפט ארײַנטראָגן געלט: פארן קלויסטער, דערנאָך לעטויווס דעם צעך, ווײַטער אף קיבעד, דערנאָך האָט ער געדארפט אײַנשאפן זיך די נייטיקע דאָקומענטן — ארום און ארום האָט ער געדארפט ארײַנטראָגן ביז 500 ליוור (איין ליוור — 37 קאָפּ. גאָלד). זיבן יאָר האָט דאָס לערנייִנגל ניט נאָר ניט באקומען קיין לוין פאר דער ארבעט, נאָר ער אליין האָט נאָך געצאָלט דעם מײַסטער פארן לערנען זיך. דערנאָך פלעגט ער ווערן א געזעל און האָט באקומען ניט קיין גרויסן ארבעטסלוין. קעדיי אָבער צו ווערן מײַסטער, האָט מען געדארפט מאכן א מוסטערהאפט שטיקל ארבעט (א שעדעוור). א טעסלער, צום בײַשפּיל, האָט גע־דארפט מאכן ספּיראלע געשניצטע טרעפּ. כוץ דעם האָט מען געדארפט ארײַנטראָגן גרויסע געלטער: פאר באקומען דעם דאָקומענט, אז מע איז געוואָרן מײַסטער, ווײַטער האָט מען געדארפט ארײַנ־טראָגן דעם קיניגלעכן אָפּצאָל, דעם פּאָליציי־אָפּצאָל און אנדערע אָפּצאָלן — סאכאקל ביז 5000 ליוור.

האלטן מער פון 1—2 שילער האָט דער מײַסטער ניט געטאָרט.

אין פראנקרײַך האָט מען אף די צעכן שוין פון לאנג געקוקט דערהויפּט ווי אף א קוואל פון האכנאָסעס פאר דער קיניגלעכער רעגירונג. א גאנצע ארמיי אינספּעקטאָרן, אופזעערס האָט נאָכגעשפּירט נאָכן אופמאָנען די שטײַערן פון די צעכן.

די צעכן פון זייער זײַט פלעגן פארגרעסערן די שטײַערן, וואָס זיי פלעגן



פראַנקרײַך ערעוו דער רעוואָליוציע פון 1789 י.

**נעמען פון די שילער און פון די געזעלן. אין דער צעכאָווער פּראָדוקציע זײַנען אַלע אַרטיקלען געווען געמאַכט לויט שטרענגע מוסטערן און פלעגן פּראָדוצירט ווערן אין אַ שטרענג באַשטימטן סכום; דאָס האָט ניט געקאָנט באַפרידיקן דעם מאַרק. די צעכן זײַנען געוואָרן אַ טאָרמאָז פאַר דער אַנטוויקלונג פון דער אינדוסטריע.**

די באַשרענק־קלאָלים האָבן נאָכגעפאָלגט דעם האַנטווערקער אויך אפן מאַרק. פיל אַרטיקלען, אויב נאָר זיי זײַנען ניט געווען פון באַשטימטע מוסטערן, פלעגט מען פאַרניכטן. איינער פון די האַנדלס־אינספּעקטאָרן האָט אַזוי באַשריבן, וויאַזוי מע פלעגט פאַרניכטן די אַרטיקלען, וואָס זײַנען געמאַכט געוואָרן ניט לויט די קלאָלים, וועלכע עס האָבן פאָרגעשריבן די קיניגלעכע געזעצן:

„איך האָב געזען, ווי מע האָט איבערפרי געשניטן אף שטיקלעך 100 שטיק לײַוונט און געוואַנט. איך האָב צוגעזען די דאָזיקע סצענע יעדן טאָג אין משך פון עטלעכע יאָר נאָכאַנאַנד. דאָס אַלץ איז געטאָן געוואָרן אפן סמך פון די קלאָלים און לויטן באַפעל פונעם מיניסטער. פאַר וואָס? נאָר דערפאַר, ווײַל דער שטאָף איז געווען ניט קיין גלײַכער אָדער ער איז געווען ניט ריכטיק אויסגעוועבט".

אָפטמאָל פלעגט מען פאַרניכטן אויך שטאָפן, וואָס זײַנען געמאַכט געוואָרן פײַן. דאָס פלעגט טרעפן, ווען דער האַנטווערקער פלעגט ניט געבן דעם אינספּעקטאָר קיין כאַבאַר.

די פאריזשער האנטווערקער, די געזעלנ אונ די לערנייִנגלעכ, די אָרעמשאפט פונ די פאריזשער פאָרשטעט האָבנ זיכ געפונענ אינ קלעמ פונ אומגעהייערע שטײַערנ אונ פונ די באגרענעצונגענ. פונקט אזוי איז אויכ געווענ אינ די אנ-דערע אינדוסטריעלע צענטערס.

מאכמעס דעמ, וואָס אינ די שטעט זײַנענ פארבליבנ די צעכנ מיט זייערע באשרענק-קלאָלימ, האָבנ די סאָכרימ אָנגעהויבנ צו מאכנ באשטעלונגענ אינ די דערפער. זיי האָבנ צעגעבנ דער פויערשער אָרעמשאפט רוישטאָפ אונ פלעגנ באקומענ פאַרטיקע פראָדוקציע. די דאָזיקע דאָרפישע אינדוסטריע האָט אי-נעמ פאָררעוואָליוציאָנערנ פראנקרײַכ באקומענ א קאָלאָסאלע פארשפרייטונג.

**די גרויסע אונטערנעמונגענ.**

אינ פראנקרײַכ זײַנענ אויכ געווענ גרויסע אונטערנע-מונגענ — אינ די אנזענער קוילנגרובנ, ניט ווײַט פונ ליל, בא דער גרענעצ פונעמ עסטרײַכישנ נידערלאנד (בעל-גיע), האָבנ געארבעט העכער צוויי טויזנט ארבעטער. אפ די קיניגלעכע מאנו-פאקטורנ פונ פאָרצעלײַ אונ האָבעלענענ (זײַדענע טעפיכער) האָבנ געארבעט הונ-דערטער געניטע מײַסטערס—קינסטלער.

אינ סעדאנ האָבנ די גרויסע מאנופאקטורנ פראָדוצירט געוואנט פאר דער ארמיי. אזוינע גרויסע אונטערנעמונגענ זײַנענ אָבער געווענ אנ אויסנאמ. באדײַטנ-דיק האָט זיכ אנטוויקלט די אינדוסטריע דערהויפט אינ די ראיאָנענ, וואָס זײַנענ געלעגנ נעענטער צו די בײַ-יאמישע האנדלס-שטעט אינ דאָרעמ-פראנקרײַכ, — אינ זשיראָנדע מיטנ גרויסנ האנדלס-צענטער באָרדאָ, אונ אויכ אינ די אומגעגנטנ פונ מארסעל. דאָ האָט מענ פראָדוצירט געוואנט, לײַוונט, גלאָז, זייפ — פארנ אי-נערלעכנ מארק אונ צוליבנ האנדל מיטנ מיזרעכ.

ניט געקוקט אפ דעמ, וואָס עס האָבנ עקזיסטירט באזונדערע גרויסע אונטער-נעמונגענ, האָט אינ פראנקרײַכ נאָכ פרעוואלירט די קליינע פראָדוקציע.

**דער האנדל.**

אינ XVIII יה. האָט פראנקרײַכ געפירט א גרויסנ אויסערלעכנ האנדל. אינ מעשעכ פונעמ דאָזיקנ יאָרהונ-דערט איז דער האנדל-אומזאצ אויסגעוואקסנ פונ 130 ביז 1080 מלנ. ליוור[1]. קיינ ענגלאנד אונ בעלגיע פלעגט פראנקרײַכ ארויספירנ רויווארג — טווּע, וואָל, פיי; אינ דעמ מיזרעכדיקנ טייל פונעמ מיטללענדישנ יאמ, אינ די טערקישע באזיצנ, ווי אויכ אינ די וועסט-אינדישע קאָלאָניעס (סאנ-דאָמינגאָ אונ אנדערע) — פלעגט פראנקרײַכ ארויספירנ אינדוסטריעלע פאבריקאטנ אונ שפײַז-פראָדוקטנ. גרויסע רעוואָכימ האָט געגעבנ דער האנדל מיט שקלאפנ.

אינ אייראָפּע האָבנ געפונענ אנ אָפּזאצ די גוטע וויַינענ אונ די לוקסוס-ארטיקלענ (אויסגעהאפטע שפיצנ, פאָרצעלײַ, בראָנזע-באצירונגענ, טײַער מעבל אונ אנד.).

דער ווײַטערדיקער אנטוויקלונג פונעמ אויסערלעכנ האנדל האָט אָבער גע-שטערט די אינערלעכע טאמאָזשנע-סיסטעמ. גרויס זײַנענ געווענ די באגרענע-צונגענ פונעמ אינערלעכנ האנדל. די מעלוכע, די סעניאָרנ, די בישאָפנ, די מאָ-נאסטירנ האָבנ געהאט זייערע טאמאָזשנעס, וואָס פלעגנ נעמענ שטײַערנ פאר לאָזנ

---

1 אינעמ פאָררעוואָליוציאָנערנ פראנקרײַכ האָט מענ דעמ כעזשבנ פונ געלט געפירט אינ ליוור. איינ ליוור איז אנ ערעכ 37 קאָפּ. גאָלד.

דורכפירן די סכוירעס דורכ זייערע באזיצנ. פופציק טויזנט באוואָפנטע סאָלדאטנ האָבנ באוואכט די אינערלעכע טאמאָזשנע-גרענעצנ, וואָס האָבנ אָפּגעטיילט אײנ געגנט פונ דער אנדערער. מע פלעגט זאָגנ, אז עס קאָסט ביליקער ברענגענ טווּע קיינ פראנקרײַכ פונ כינע איידער איבערפירנ זי פונעמ דאָרעמ־טייל פראנקרײַכ אינ דעמ צאָפנ-טייל פראנקרײַכ. פאר דער אנטוויקלונג פונ דער אינדוסטריע אונ פונ דער לאנדווירטשאפט זײַנעג די באגרענעצונגענ פונעמ האנדל געווענ אנ ערנסטע שטערונג.

דער קיניג, דער קלער, דער אדל.

אינ 1774 יאָר, נאָכ ליודאָוויק דעמ XV-טנס טויט, איז אפנ פראנצויזישנ טראָנ ארופ ליודאָוויק דער XVI. אויסערלעכ האָט ער אויסגעזענ ווי א טאמעוואטער פעמפיק מיט גראָבע מאנירנ. אינדערעמעסנ איז ער אָבער געווענ אנ אײַנגעאקשנטער אונ בייזער דורכגעטריבענער מענטש. אינ די פּאָליטישע איניאָנימ איז ער געווענ אונטערנ שטארקנ אײַנפלוס פונ זײַנ ווײַב — דער געוועלטיקנדיקער, שיינער, שטאָלצער מאריע-אנטואנעט, וואָס איז געווענ א לײַבלעכע שוועסטער פונעמ עסטרײַכישנ אימפעראטאָר [1].

אפנ קיניגלעכנ ראט פלעגט ליודאָוויק דער XVI געווײנלעכ דרעמלענ. ער האָט זיכ געקלאָגט, אז קאָפּ-ארבעט מידט אימ אײַנ. ער פלעגט זיכ ווייניק־וואָס פארנעמענ מיט פּאָליטיק, דערפאר אָבער איז ער געווענ באָקע אינ די יאגד-איניאָנימ. אָט זײַנעג אייניקע אויסצוגנ פונ זײַנ טאָגבוכ:

„14 יול 1789 יאָר[2] — גאָרניט.

4 אווגוסט — געיעג אינ וואלד אפ א הירש. איינעמ דערהארגעט; אהינ אונ צוריק געפאָרנ רײַטנדיק.

5 אָקטיאבער — געווענ אפ יאגד מיט געוועהר באַ די שאטיליאָנער טויערנ, דערהארגעט 81 שטיק. דער יאגד איז איבערגעשלאָגנ געוואָרנ צוליב די פּאָרגעקומענע געשעענישנ.

7 אָקטיאבער — גאָרניט. צומ אָנבײַסנ זײַנעג געקומענ צו פאָרנ מײַנע מומעס".

אינ דער קיניגלעכער פערד-שטאל זײַנעג געשטאנענ 1857 פערד, וועלכע עס האָבנ באדינט 1400 דינער. אלס רעזערוו זײַנעג אינ דער פּראָווינצ אופגעהאלטנ געוואָרנ נאָכ 1200 פערד. צוליב די ארויספאָרנ האָט דער קיניג געהאט 217 עקיפּאזשנ.

די הויצאָעס אפ אויסהאלטנ דעמ הויפ זײַנעג געווענ אומגעהייער גרויס. אפ האָדעווענ נאָר די יאגד-הינט האָט מענ אויסגעגעבנ 54.000 ליוור א יאָר. אינ די געדיכטע וועלדער לעבנ פאריזש האָבנ א מאסע יעגערס אָפּגעהיט טויזנטער הירשנ, דער קיניג זאָל קענענ גיינ אפ יאגד.

קאָלאָסאל גרויס זײַנעג געווענ די הויצאָעס אפ אויסצוהאלטנ דעמ הויפ. דאָס איז צו זענ אפילע פונ דעמ אומבאדײַטנדיקנ פּאקט, וואָס פאר איינ יאָר צײַט האָבנ דעמ קיניגס מומעס אויסגעברענט ליכט פאר 216 טויזנט ליוור. 4000 מישפּאָכעס פונעמ אדל, וואָס זײַנעג געשטאנענ נאָענט צומ הויפ, פלעגנ באקומענ פונעמ קיניג אינ א גרויסער צאָל פארשיידענע פענסיעס אונ מאטאָנעס.

---

[1] דער אימפעראטאָר פונ דער „הייליקער רוימישער אימפעריע".

[2] אינעמ דאָזיקנ פאל, פונקט ווי אינ די פאלנ, וואָס ווערנ געבראכט ווײַטער, דערמאָנט דער קיניג יענע טעג, אינ וועלכע עס זײַנעג פאָרגעקומענ די וויכטיקסטע געשעענישנ פונ די ערשטע באדאָשימ פונ דער פראנצויזישער רעוואָליוציע. (א ווטאָר.)

די פּריווילעגירטע שטאַנדן.

דער קיניג דער זעלבסטהערשער איז געווען ענג פאַרבונדן מיט דער לײַבייגנטימערישער אַריסטאָקראַטיע און מיטן אויבערקעפּל פון דער געלט־בורזשואַזיע — מיט די פּאַכטערס און די באַנקירן די וווכערניקעס. דער ערשטער שטאַנד זײַנען אין פראַנקרײַך געווען די גײַסטלעכע, דער צווייטער — דער אַדל. די דאָזיקע ביידע שטאַנדן זײַנען געווען פּריווילעגירטע. זיי זײַנען געווען באַפרײַט קימאַט פון אַלע שטײַערן. אַלע העכסטע שטעלעס אין דער מעלוכע, אַלע קאָמאַנדיר־פּאָסטנס אין דער אַרמיי זײַנען געווען אין די הענט פונעם אַדל. צווישן די גײַסטלעכע און די אַדל־לײַט זײַנען אָבער אויך געווען פאַרשיידענע צווישן־שיכטן. די רײַכע, אײַנפלוסרײַכע אַדל־לײַט, וואָס האָבן געלעבט באַם הויף אין פּאַריזש, האָבן זיך געהאַלטן פיל העכער פון די ניט־רײַכע, שלעכט געבילדעטע, פּראָווינציעלע אַדל־לײַט. אַ טייל פּריצים האָט געהאַלטן לוין־אַרבעטער. די דאָזיקע פּריצים זײַנען געווען נאָענט צו דער בורזשואַזיע.

אַ דיפערענצירונג איז אויך פאָרגעקומען צווישן די גײַסטלעכע.

די העכערע גײַסטלעכע — די בישאָפן (געוויינלעך, די ייִנגערע זין פון די ייִכעסדיקע אַדל־לײַט[1]) האָבן געהאַט קאָלאָסאַלע גיטער און פלעגן באַקומען פון דער קירך האַכנאָסעס אין אַ באַטרעף פון מיליאָנען ליוור. אין דער זעלבער צײַט פלעגן די דאָרפישע גײַסטלעכע באַקומען פאַרהעלטניסמעסיק ניט קיין גרויסע האַכנאָסעס. לויטן אַרט לעבן האָבן די דאָרפישע גאַלאָכים צומאָל ווייניק־וואָס זיך אונטערשיידט פונעם אויבערקעפל פון די פּויערים.

דער דריטער שטאַנד.

אַלע די, וואָס זײַנען ניט אַרײַן אין די ערשטע צוויי פּריווילעגירטע שטאַנדן, האָבן געהערט צום דריטן שטאַנד. די איבערוועגנדיקע מערהײַט פונעם דריטן שטאַנד זײַנען געווען פּויערים. צום דאָזיקן שטאַנד האָבן אויך געהערט די האַנטווערקער, די אַרבעטער, די שטאָטישע אָרעמשאַפט. אָן אָנפירנדיקע לאַגע האָט אינעם דריטן שטאַנד פאַרנומען די בורזשואַזיע: די סאָחרים, די באַנקירן, די פּאַכטערס, די אייגנטימער פון מאַנופאַקטורן.

אין פראַנקרײַך פונעם XVIII יה. קען מען צו די עלעמענטן, פון וועלכע עס האָט זיך צו יענער צײַט בלויז אָנגעהויבן אויסבילדן דער אַרבעטער־קלאַס, פאַררעכענען די אַרבעטער פון די מאַנופאַקטורן, די האַנטווערק־אַרבעטער (געזעלן, לערנייִנגלעך), אַ טייל דאָרפישע קוסטאַרן און, צולעצט, אַ גרויסע צאָל סעזאָן־אַרבעטער. די לאַגע פון די דאָזיקע אַלע שיכטן איז געווען ביז גאָר אַ שווערע. דער אַרבעטס־טאָג האָט געדויערט פון באַגינען ביז שפּעט אין דער נאַכט. די אַרבעטער זײַנען געווען באַלעסטיקט מיט שווערע שטראָפן. אָפט פלעגן די אַרבעטער פון די מאַנופאַקטורן מאַכן אופשטאַנדן. די דערמאָנטע אַרבעטער און ביכלאַל דער שטאָטישער האַמוין, „דער פלעבייִשער עלעמענט", זײַנען אָבער אין דער פּאָליטישער הינזיכט נאָך ניט געווען זעלבשטענדיק, זיי זײַנען נאָכגעגאַנגען נאָך דער רעוואָליוציאָנערער בורזשואַזיע.

אין פּראַט פון פּירן אַ לוקסוס־לעבן האָבן די אויפגעקומענע בורזשואַ קאָנקורירט מיט די כאַשעווע אַדל־לײַט פון פראַנקרײַך. זיי האָבן געבויט פּאַלאַצן,

1 לויט די פראַנצויזישע געזעצן, פלעגט דאָס גאַנצע פאַרמעגן פונעם פאָטער איבערגיין בעיערושע צום עלטערן זון.

פֿלעגן אײַנאָרדענען פּרעכטיקע אופֿנאַמען. אין די לעצטע יאָרצענדליקער פֿאַר דער רעוואָלוציע האָבן די בורזשואַ אָנגעהויבן אין אַ באַדײַטנדיקער מאָס אויפֿצוקויפֿן די ערד בײַ די אדל־לײַט, וואָס זײַנען רויִנירט געוואָרן.

פּאָליטיש איז אָבער די בורזשואַזיע געווען דערכלאַפּט. אינעם מעלוכישן אַפּאַראַט, אין די געריכטן האָבן געבאַלעבאַטעוועט דער קיניג, די אדל־לײַט.

לערבײַ איז ניט קיין גרויסער טייל בורזשואַזיע — די פֿאַבריקאַנטן, די באַנקירן, וועלכע פֿלעגן לײַען געלט דער מעלוכע, די סאָחרים, וואָס האָבן געהאַנדלט מיט די קאָלאָניעס, די ערד־אייגנטימער, וואָס פֿלעגן באַקומען טשינש פֿון די פּויערים, — געווען ענג פֿאַרבונדן מיט דער פֿעאָדאַל־אַבסאָליוטיסטישער אָרדענונג. דער דאָזיקער טייל בורזשואַזיע האָט בלויז געוואָלט, מע זאָל אײַנרעגולירן די פֿינאַנסן, מע זאָל אים געבן פּאָליטישע רעכט.

די האַנדלס־אינדוסטריעלע בורזשואַזיע, וואָס האָט געליטן פֿון די באַגרענעצונגען אינעם האַנדל און אין דער אינדוסטריע, איז געגאַנגען ווײַטער און האָט געפֿאָדערט אַ קאָנסטיטוציע. פֿאַר אירע אויגן איז געשטאַנען דער בײַשפּיל פֿון ענגלאַנד און אַמעריקע. די בורזשואַזיע, וואָס איז אַרויסגעטראָטן צום קאַמף קעגן דער פֿעאָדאַל־אַבסאָליוטיסטישער אָרדענונג, איז געווען אַ רעוואָלוציאָנערער קלאַס.

## די אידעאָלאָגיע פֿון דער אופֿשטײַגנדיקער בורזשואַזיע און פֿון די פֿאָלקס־מאַסן.

וואָלטער. מאָנטעסקיע.

די בורזשואַזיע האָט אַרויסגעשטעלט אירע פֿאָדערונגען נאָך אַ צײַט פֿריִער פֿאַר דער רעוואָלוציע. אַ קאָלאָסאַלע ווירקונג האָבן אין דער ערשטער העלפֿט פֿונעם XVIII יה. געהאַט וואָלטער און מאָנטעסקיע, וואָס האָבן געהערט צום עלטערן דאָר פֿראַנצויזישע פּאָליטישע שרײַבער פֿון דער בורזשואַזיע.

וואָלטער (1694—1778) — אַ באַוווּסטער שרײַבער, אַן אָנערקענטער „באַהערשער פֿון די מויכעס" פֿון די פֿאָרגעשריטענע מענטשן פֿון זײַן צײַט, אַן אויטאָר פֿון פֿיל פּיעסן, היסטאָרישע אַרבעטן, פּאָליטישע פּאַמפֿלעטן, איז באַרימט געוואָרן מיט זײַנע בײַסיקע לײַדנשאַפֿטלעכע אַרויסטרעטונגען קעגן די לײַבייגנטימערישע פּאָראָנדקעס און קעגן דער קירך. „ער האָט געשלאָגן און געבריט ווי אַ בליץ" (גערצען). „צעשטערט די אַלטע געבײַדע פֿון פֿאַלשקײַט", „צעקוועטשט די פּאַסקודסטווע", — האָט געררופֿן וואָלטער. „פּאַסקודסטווע" האָט וואָלטער אָנגערופֿן די קאַטוילישע קירך, וואָס האָט געהערשט אין פֿראַנקרײַך. וואָלטער האָט געפֿאָדערט גלויבנ־טאָלעראַנץ, פֿרײַהײַט פֿון וואָרט, פֿון דער פּרעסע, אומבאַרירלעכקײַט פֿון דער פּערזענלעכקײַט. שוין פֿאַר די פֿריִע לידער זײַנע איז וואָלטער אַרײַנגעפֿאַלן אין דער באַסטיליע. ווי נאָר ער איז פֿון דער באַסטיליע אַרויס, אַזוי האָט ער געמוזט אַנטלויפֿן קיין ענגלאַנד. בײַ זײַן לעבן איז אים ניט איין מאָל אויסגעקומען צו וואָגלען אין דער פֿרעמד. דאָך האָט וואָלטער געהאַלטן, אַז „דעם המוין דאַרף מען האַלטן אין שטרענגער געהאָרכזאַמקײַט", אַז פֿאַרן פּראָסטן פֿאָלק איז רעליגיע אַפֿילו נוצלעך, און ער גופֿע האָט אין זײַן גוט אוועקגעשטעלט אַ דענקמאָל מיט אַן אויפֿשריפֿט: „צו גאָט — פֿון וואָלטערן".

„ווען עס וואָלט קיין גאָט ניט געווען, וואָלט מען אים געדאַרפֿט אויס־



וואָלטער — הודאָנס סקולפּטור.

טראַכטנ״, — האָט געזאָגט וואָלטער. דערביי האָט ער באהויפּט, אז גאָט, האָבנדיק איינ־מאָל באשאפנ די וועלט, מישט זיך שוינ מער ניט אינ דער וועלטס איניאָנים.

וואָלטער האָט געהאלטנ, אז ענדערנ דעמ רעזשים וועט ניט קיינ רעוואָליוציע, נאָר א „געבילדעטער קייסער״ — א פילאָסאָפ. וואָלטער האָט געפירט א לעבהאפטע קאָרעס־פּאָנדענצ מיטנ פּרייסישנ קיניג אונ מיט דער רוסישער קייסערינע יעקאַטערינא דער II־טער.

מאָנטעסקיע (1689—1755) איז ארויס־געטראָטנ אינ איינ צייט מיט וואָלטערנ. ער איז געווענ לויט דער אָפּשטאמונג אנ אדלמאנ, א מיטגליד פונעמ פּארלאמענט (גע־ריכט) אינ באָרדאָ. זיינ הויפּט־ווערק „דער גייסט פונ די געזעצנ״ האָט ער געשריבנ 30 יאָר. ווענ עס איז דערשינענ, האָט עס געהאט אזא דערפאָלג, אז שוינ פאר די ערשטע צוויי יאָר זיינענ ארויס 22 אופ־לאגעס פונעמ דאָזיקנ בוך.

מיט וואָס איז צו דערקלערנ דעמ דאָזיקנ דערפאָלג?

מאָנטעסקיע האָט אנטוויקלט די טעאָריע וועגנ דער פאנאנדערטיילונג פונ דער מאכט. ער האָט געהאלטנ, אז די הויפּט־זאכ פונעמ קיניג איז נאָר נאָכצוקוקנ נאָכ דעמ, וויאזוי עס ווערנ אויסגעפילט די געזעצנ, אונ פארווירקלעכנ די אויס־פיר־מאכט. די מאכט די געזעצגעבערישע דארפ געהערנ צו די פאָרשטייער פונ די פארמעגלעכע קלאסנ. דאָכ האָט דער קיניג דאָס רעכט ארופצולייגנ א פאר־באָט („וועטאָ״) אפ די געזעצנ, וועלכע עס האָט פארפאסט דער פארלאמענט.

מאָנטעסקיע האָט אויכ פאָרגעלייגט, אז די ריכטער זאָלנ זיינ אומאָפּהענגיק סיי פונעמ קיניג אונ סיי פונעמ פארלאמענט.

אינ פראנקרייכ פונעמ XVIII יה. האָט די טעאָריע וועגנ פאנאנדערטיילנ די מאכט באדייט א פאָדערונג צו באגרענעצנ די מאכט פונעמ קיניג לעטויוועס דער בורזשואזיע. רימענדיק די ענגלישע פארלאמענטארישע אָרדענונג, האָט מאָנטעס־קיע ארויסגערוקט פאר דער פראנצויזישער בורזשואזיע די פּערספּעקטיוו צו בא־קומענ פונקט אזא איינפלוס, ווי עס האָט געהאט די בורזשואזיע אינ ענגלאנד.

די ענציקלאָפּעדיסטנ.

אינ 1751 יאָר זיינענ אינ פראנקרייכ דערשינענ די ער־שטע בענדער פונ דער בארימטער „ענציקלאָפּעדיע פונ וויסנשאפטנ, קונסטנ אונ האנטווערקערייענ״. אינ שפּיצ פונ דער דאָזיקער אויס־גאבע איז געשטאנענ דער פילאָסאָפ דידראָ אונ דער מאטעמאטיקער ד׳אלאמבער. אינ דער ענציקלאָפּעדיע האָבנ אָנטייל גענומענ וואָלטער, רוסאָ אונ פיל אנדערע אָנגעזעענסטע שרייבער.

דאָס דערשיינענ פונ דער דאָזיקער ענציקלאָפּעדיע איז געווענ א גרויסע גע־שעעניש. אינ דער ענציקלאָפּעדיע זיינענ געווענ די גענויסטע באשרייבונגענ פונ

די פארשיידענע פראָדוקציעס אין פראנקרייך — די פארשיידענע מאנופאקטורן, די לאנדווירטשאפט, דערביי זיינען באשריבן געוואָרן די בעסטע מוסטערן. די פראנצויזישע בורזשואזיע האָט געוואָלט באוויזן אירע דערגרייכונגען.

די ענציקלאָפּעדיע האָט אָבער אויך געהאט אן אנדער באדייטונג, א פיל גרעסערע. דאָס איז געווען ניט נאָר אן ענציקלאָפּעדיע פון האנטווערקעריי, דאָס איז אויך געווען אן ענציקלאָפּעדיע פון די וויסנשאפטן. דאָרט זיינען געווען גרויסע ארטיקלען, גאנצע וויסנשאפטלעכע אויספאָרשונגען, וואָס האָבן געגעבן אן ענטפער אף די אָדער יענע פראגן פון דער דעמלטיקער וויסנשאפט. די ענציקלאָפּעדיסטן האָבן סיסטעמאטיזירט דעם גאנצן סכום קענטעניש, וואָס האָבן זיך געהאט אָנגעזאמלט צו דער מיט פונעם XVIII יה.

דעריקער איז אָבער געווען דאָס, וואָס די גאנצע ענציקלאָפּעדיע האָט געהאט א קעמפערישן פּאָליטישן כאראקטער. דידראָ און ד'אלאמבער האָבן דערקלערט אן אומקאָמפּראָמיסלעכן קאמף דער קאטוילישער רעליגיע. זיי האָבן אומראכ-מאָנעסדיק קריטיקירט די אינסטיטוציעס פון דער פעאָדאל-אבסאָליוטיסטישער אָר-דענונג. ניט אומזיסט האָט דער קיניגלעכער ראט באשטימט צו פארניכטן שוין די ערשטע בענדער פון דער ענציקלאָפּעדיע. די אויסגאבע פון דער ענציקלאָפּעדיע איז עטלעכע מאָל איבערגעריסן און פארבאָטן געוואָרן. דער לעצטער באנד איז דאָך דערשינען ערעוו דער רעוואָליוציע.

די ענציקלאָפּעדיסטן האָבן קריטיקירט אנטשיידן די אבסאָליוטיסטישע אָר-



א פאָרלעזונג בא דידראָ (ענציקלאָפּעדיסטן) — פון א גראוויור לויטן בילד פון זש. ל. ע. מייסאָניע.

דענונג, זײַנען אַרויסגעטראָטן פאַר באַ־גרענעצן די קיניגלעכע מאַכט, זיי האָבן אָבער לאַכלוטן ניט געפאָדערט צו פאַר־ניכטן די דאָזיקע מאַכט.

צום אונטערשייד פון וואָלטערן און פון מאָנטעסקיע, זײַנען די ענציקלאָפּע־דיסטן — דער ייִנגערער דאָר פראַנצויזי־שע בורזשואַזע שרײַבער — געווען מאַ־טעריאַליסטן. זיי האָבן ריכטיק באַהויפּט, אַז די וועלט — דאָס איז די באַוועגונג פון דער מאַטעריע.

די ענציקלאָפּעדיסטן זײַנען געווען מאַטעריאַליסטן אין דער דערקלערונג פון די נאַטור־דערשײַנונגען, זיי זײַנען אָבער פאַרבליבן אידעאַליסטן אינעם דערקלערן די געזעצן פון דער אַנטוויקלונג פון דער מענטשלעכער געזעלשאַפט. זיי האָבן ניט ריכטיק געהאַלטן, אַז די גאַנצע געזעל־שאַפטלעכע אַנטוויקלונג הענגט בלויז אָפּ פון די דערפאָלגן פון דער פאַר־נונפט. זיי האָבן ניט באַנומען די אַנטשיידנדיקע באַדײַטונג פון די מאַ־טעריעלע באַדינגונגען פון דער עקאָנאָמישער אַנטוויקלונג, פונעם קלאַסנקאַמף.



זשאַן־זשאַק רוסאָ — פון מאַרטענס גראַווירן לויטן בילד פון קאַמסע.

די פאָדערונג צו גרינדן אַ רעפּובליק, די לערע וועגן דעם, אַז דער קוואַל פון דער מאַכט איז דאָס פאָלק רוסאָ.

גופא און אַז דאָס פאָלק קאָן קיינעם ניט איבערפאַרטרויען די מאַכט, — האָט אַרויסגערוקט דער פאָרשטייער פון דער קלייןבירגערלעכער דעמאָקראַטיע — רוסאָ (1712—1778). זשאַן־זשאַק רוסאָ איז געווען אַ זון פון אַ שווייצער האַנטווערקער אַ זייגערמאַכער. ער איז געבוירן געוואָרן אין זשענעווע. פון קינדווײַז אָן פלעגט ער צוזען דעם שטענדיקן קאַמף צווישן די כאָשעווע רײַכע לײַט די פּאַטריציער פון דער שטאָט זשענעווע מיט די דעמאָקראַטישע שיכטן — די האַנטווערקער און די פּויערים.

אין זײַן בוך וועגן „אָפּשטאַם פון אומגלײַכהײַט" האָט רוסאָ געשריבן: „דער ערשטער, וואָס האָט אָפּגעצוימט אַ שטיקל ערד און וואָס איז אים אײַנגעפאַלן קאָפּ דער געדאַנק צו זאָגן, אַז „דאָס איז מײַנס", און וואָס האָט געפונען מענטשן היפּש נאַיווע, זיי זאָלן אים דערין גלייבן, — ער איז געווען דער ווירקלע־כער גרינדער פון דער בירגערלעכער געזעלשאַפט. פון וויפל פאַרברעכנס, מיל־כאָמעס, מאָרדן, אומגליקן און שרעק וואָלט זיך באַפרײַט דער מענטשלעכער שטאַם דורך דעם, ווער עס וואָלט אַרויסגעריסן די פּלעקענער, פאַרשאָטן דעם גראָבן און דערבײַ וואָלט ער אַ געשריי געטאָן: היט זיך, גלייבט ניט דעם דאָזיקן ליג־נער; איר וועט אומקומען, אויב איר וועט פאַרגעסן, אַז די ערד געהערט אַלע־מען".

רוסאָ האָט געהאלטנ דאָס אופקומענ פונעם פּריוואט-אייגנטומ פאר א בייז, ער האָט אָבער אָנערקענט דאָס דאָזיקע בייז אלס אנ אומפארמײַדלעכס. ער מאכט שאָלעמ מיט דעמ דאָזיקנ בייז. ער האלט נאָר פאר נייטיק צו באגרענעצנ עס — צו דערקלערנ אנ אומקאָמפּראָמיסלעכנ קאמפ די גרויסע אייגנטימער, דערבײַ פארטיידיקט ער אלמעגלעכ די קליינע אייגנטימער.

„קעדיי צו פארבעסערנ די געזעלשאפטלעכע לאגע, דארפ מענ, אז בא יעדערנ זאָל זײַנ גענוג אונ אז בא קיינעמ זאָל ניט זײַנ איבערגענוג", — האָט פּראָקלאמירט רוסאָ.

רוסאָס הויפּט־ווערק איז זײַנ „געזעלשאפטלעכער אָפּמאכ". לויט רוסאָס געדאנק קומענ אופ די געזעלשאפט אונ די מעלוכע דורכ א קעגנזײַטיקער פארשטענדיקונג פונ באזונדערע פּערזאָנענ אינ זייערע געמיינזאמע אינטערעסנ. דער טרעגער פונ דער מאכט — דער „סוווערענ" — איז דאָס פאָלק גופע. רוסאָס אידעאל איז — א דעמאָקראטישע רעפּובליק פונ קליינע אייגנטימער, ווו יעדע מישפּאָכע פּראָדוצירט פאר זיכ אלדאָס נייטיקע.

רוסאָס טעאָריעס האָבנ אינ זיכ אָפּגעשפּיגלט די שטימונגענ פונ די קליינבירגערלעכע שיכטנ, ביפראט די שטימונגענ פונ די דעמאָקראטישע פויערשע מאסנ, וואָס האָבנ געשטרעבט צו פארניכטנ דעמ פעאָדאליזמ אונ האָבנ מוירע געהאט פאר די פּלאָגנ פונעמ קאפּיטאליזמ אונ נאָיִוו געטרוימט ווי־עס־איז אויסצומײַדנ די דאָזיקע פּלאָגנ דורכ באגרענעצנ דאָס גרויס-אייגנטום.

### זשאן מעליע.

אינ דער צײַט, ווענ ס׳האָט פּאָמפּעז געקיניגט ליודאָוויק דער XIV (סאָפ XVII אונ אָנהייב XVIII יה.), האָט אינ פראנקרײַכ געלעבט אנ אָרעמער דאָרפישער גאלעכ זשאנ מעליע. א זונ פונ א וועבער, האָט ער הייס מיטגעפילט די ליידנ פונ די פויערימ, וועלכע עס האָט אונטערדריקט דער סעניאָר זייערער. פריידיקנדיק די לערע פונ קריסטנטומ וועגנ אונטערטעניקײַט אונ געהאָרכזאמקײַט, איז אָבער זשאנ מעליע, א גאלעכ, אליינ געצוווּנגענ געווענ אָנטיילצונעמענ אינעמ אונטערדריקנ די פויערימ. ווענ מעליע האָט זיכ אנטשלאָסנ ארויסצוטרעטנ קעגנ דער קירכ, האָט ער ניט געפונענ גענוג קרעפטנ צו קעמפנ קעגנ איר אונ איז באגאנגענ זעלבסטמאָרד דורכ א הונגער־טויט.

נאָכ מעליעס טויט איז געבליבנ די „צוואָוע" זײַנע. אינעמ דאָזיקנ ווערק האָט ער דערקלערט מילכאָמע גאָט, דעמ קיניג אונ די רײַכע. מעליע האָט פאָרגעלייגט איבערצוגעבנ די ערד אינ אלגעמיינעמ באנוצ. ער האָט עס געפאָדערט אינ נאָמענ פונעמ גליק פונ דער מענטשהײַט.

ווענדנדיק זיכ צו די פאָלקס־מאסנ, האָט מעליע געשריבנ: „איר האלט אופ ניט נאָר אײַערע קיניגנ אונ אײַערע פּרינצנ, איר האלט נאָכ דערצו אופ דעמ גאנצנ אדל, אלע גײַסטלעכע, אלע מאָנאכנ... אלע טונעיאדצעס אונ אומנוצלעכע מענטשנ, וואָס זײַנענ נאָר פאראנ אפ דער וועלט".

מעליע האָט אויסגעדריקט די פארלאנגענ פונ דער דאָרפישער אָרעמשאפט, פונ די פויערימ, באטראקעס, וואָס די נויט האָט זיי געדריקט.

אָט דאָס זײַנענ די אידייענ, מיט וועלכע פארשיידענע קלאסעווע גרופּעס פונ פראנקרײַכ זײַנענ ארײַנגעטראָטנ אינ דער רעוואָליוציע.

## די פאַרשאַרפונג פונעם קריזיס. דער צונויפרוף פון די גענעראַלע שטאַטן. דער אָנהייב פון דער רעוואָליוציע.

די פאַרשאַרפונג פונעם קריזיס.

אין די טיפעניש פון דער פעאָדאַל-אַבסאָליוטיסטישער אָרדענונג אין פראַנקרײַך האָבן שוין פון לאַנג אָן גענומען רײַפן ווערן „מער אָדער ווייניקער גרייטע פאָרמען פון דער קאַפּיטאַליסטישער סיסטעם“[1]. אין דער מאַנופאַקטור האָט מען אָנגעווענדט לוין-אַרבעט. די האַנטווערקער, וואָס האָבן געאַרבעט בא זיך אין דער היים, האָט אַלץ מער פאַרשקלאַפט דער אויפקויפער דער מאַנופאַקטוריסט. אָפטמאָל, ניט האָבנדיק שוין קיין אייגענע פּראָדוציר-מיטלען (האַנט-ווערקשטעלן, רוישטאָף), האָבן זיי זיך אונטערשיידט פון די לוין-אַרבעטער בלויז דערמיט, וואָס זיי האָבן געאַרבעט בא זיך אין דער היים.

אויך אין דער לאַנדווירטשאַפט זײַנען אַלץ מער אַרײַנגעדרונגען די סכוירע־פאַרהעלטענישן. אין פיל ראַיאָנען האָט זיך אויסגעבילדעט א גאַנצע באַדײַטנדיקער שיכט באַטראַקעס. אַן אָפטע דערשײַנונג איז געוואָרן אָפּגעבן פאַר געלט די ערד אין אַרענדע.

דער שטורמיש־אויסגעוואַקסענער אויסערלעכער האַנדל האָט צונויפגעבונדן פראַנקרײַך מיט די ווײַטע לענדער. ניט געקוקט אַפ אַלע באַגרענעצונגען, איז אויך געוואַקסן דער אינערלעכער האַנדלס-אומזאַץ פונעם לאַנד.

קעדיי אָבער דער קאַפּיטאַליזם זאָל ווײַטער זיך קאָנען אַנטוויקלען, איז נייטיק געוועזן צו פאַרניכטן די פעאָדאַל-אַבסאָליוטיסטישע אָרדענונג. דאָס איז געוועזן די גרונט-סיבע פון דער רעוואָליוציע. עס איז אָבער אויך געווען א ריי אַנדערע סיבעס, וואָס האָבן דערנעענטערט איר אָנקום. צום סאָף XVIII יה. האָט זיך אין פראַנקרײַך באַזונדערס פאַרשטאַרקט דער דרוק פון די פריצים.

אינעם XVIII יה. האָבן די גרויסע פריצים געוויינלעך געוווינט אין פּאַריזש באַם קיניגלעכן הויף. זיי פלעגן אָנטיילנעמען אין די טײַערע פאַרווײַלונגען פונעם קיניגלעכן הויף, און צוליב דעם האָבן זיי געפאָדערט אַלץ מער און מער געלטער פון זייערע פויערים. זיי האָבן געדונגען ספּעציעלע אָנגעשטעלטע, וואָס האָבן זיך געגריבלט אין די פריצישע אַרכיוון און געזוכט אַלטע דאָקומענטן וועגן שוין לאַנג פאַרגעסענע פויערשע כויווים, קעדיי איצט זיי אויסמאָנען בא די פויערים. דאָס האָט פאַרערגערט די לאַגע פון די פויערים און אַרויסגערופן בא זיי א שאַרפע אומצופרידנקייט. אָפטער זײַנען געוואָרן פויערשע אויפשטאַנדן. די צאָרעס פון די פויערים האָבן זיך נאָך מער פאַרגרעסערט מאַכמעס דער אומגעראָטעניש אינעם 1787 יאָר, ווען עס איז געווען א פאַרטריקעניש. דערנאָך איז געוואָרן א הונגער. אין די שטעט האָבן זיך אָנגעהויבן מאַסעווע פויערשע אויפשטאַנדן און אָפטע סטיכישע הונגער-בונטן.

דער האַנדל און די אינדוסטריע זײַנען ווי פאַראַליזירט געוואָרן. דאָס רוינירטע לאַנד האָט ניט געקאָנט געברויכן קיין סאַך סכוירעס. א גרויסער קלאַפּ

---

[1] סטאַלין, פראַגן פון לעניניזם, אויפלאַגע 11־טע, 1939, ז. 111.

פֿאַרן האַנדל איז געווען דאָס, וואָס פֿראַנקרײַך האָט נאָך דער זיבניאָריקער מילכאָמע פֿאַרלאָרן קימאַט אַלע זײַנע קאָלאָניעס.

אין 1786 יאָר האָט לודאָוויק דער XVI געשלאָסן מיט ענגלאַנד אַ האַנדלס-אָפּ-מאַך; דער אָפּמאַך האָט געלוינט פֿאַר די פֿראַנצויזישע ווײַן-פּראָדוצירער און פֿאַר די פּראָדוצירער פֿון לוקסוס-אַרטיקלען. ער האָט אָבער ניט געלוינט פֿאַר די אינ-דוסטריעלער. דער דאָזיקער אָפּמאַך האָט פֿאַרגרינגערט דעם אָפּזאַץ פֿון ווײַן און פֿון לוקסוס-אַרטיקלען אין ענגלאַנד, גלײַכצײַטיק אָבער זײַנען פֿאַרקלענערט גע-וואָרן די אימפּאָרט-אָפּצאָלן אויף ענגלישע סכוירעס. אַ יאַם ביליקע ענגלישע סכוי-רעס האָט אַ שטראָם געטאָן קיין פֿראַנקרײַך. די פֿראַנצויזישע סאָכרים און די אייגנטימער פֿון די מאַנופֿאַקטורן זײַנען געווען אומצופֿרידן. העכער 200 טויזנט פֿראַנצויזישע האַנטווערקער און אַרבעטער זײַנען געבליבן אָן כאַיונע.

דער פֿינאַנסיעלער קריזיס.

צו דעם אַלעמען דאַרף מען נאָך צוגעבן דעם שאַרפֿן פֿינאַנסיעלן קריזיס.

די פֿראַנצויזישע קיניגן האָבן פֿון די מעלוכישע מיט-לען ניט נאָר אויסגעהאַלטן זייער הויף און געקויפֿט פּאַלאַצן פֿאַר זיך, נאָר אַפֿילע די כויוועס פֿון די פּרינצן זייערע האָבן זיי אויך געצאָלט פֿון דער קאַז-נע. די מעלוכע האָט געמאַכט קאָלאָסאַלע האַלוואָעס — אויף $4^1/_2$ מיליאַרד ליווער. דאָס געלט איז אָבער אויסגעבראַכט געוואָרן, און די פּראָצענטן פֿון די האַלוואָעס פֿלעגט מען אויסצאָלן ניט פּינקטלעך. ניט באַקומענדיק די פּראָצענטן, האָבן די באַנקירן זיך אָפּגעזאָגט צו געבן נײַע האַלוואָעס. ניט געקוקט אויף די פֿינאַנסיעלע שוועריקײַטן, ניט געקוקט אויף דעם, וואָס די הויצאָעס פֿון דער מעלוכע זײַנען פֿיל גרעסער געווען איידער די האַכנאָסעס, האָט דער הויף פֿונדעסטוועגן ניט אויפֿגעהערט אויסצובורזשען קאָלאָסאַלע סומעס געלט. דעם קיניגס ברודער דער גראַף ד'אַרטואַ, איינער פֿון די רײַכסטע ערדבאַזיצער פֿון פֿראַנקרײַך, איז געווען שולדיק 32 מיליאָן ליווער. דער קיניג האָט פֿון די מעלוכישע מיטלען געדעקט דעם דאָזיקן כויוו. דעם קיניג האָט זיך פֿאַרוואָלט קויפֿן פֿאַר זיך נאָך אַ שלאָס אין ראַמבוליע — האָט ער דערויף געפּאַטערט 10 מיליאָן ליווער. די קיניגין האָט ניט געוואָלט בלײַבן הינטערשטעליק, האָט זי אויך געפֿאָדערט פֿאַר זיך אַ נײַעם שלאָס, ניט ווײַט פֿון פּאַריזש; האָט עס אָפּגעקאָסט 6 מיליאָן ליווער. ניט געקוקט אויף די ברוטאַלסטע מיטלען, האָט מען שוין אָבער פֿונעם פֿיערטום ניט געקאָנט אַרויס-פּאָמפּען קיין סאַך געלט, די בורזשואַזיע ווידער האָט קיין געלט ניט געליִען.

טיורגאָס און נעקערס פּרוּוון צו מאַכן רע-פֿאָרמעס.

די קיניגלעכע רעגירונג האָט אינטענסיוו געזוכט אַ אויסוועג פֿון דער געשאַפֿענער לאַגע. אין אָנהייב פֿון זײַן קיניגן האָט לודאָוויק דער XVI אײַנגעלאַדן צו זיך אַלס גענעראַלן קאָנטראָליאָר (מיניסטער פֿון פֿינאַנסן און האַנדל, ווי אויך פֿון אינערלעכע איניאָנים) דעם ענערגישן און באַוווסטן עקאָנאָמיסט טיור-גאָ. טיורגאָ האָט נאָך אין 1774 י. פּאָרגעלייגט אָפּצושאַפֿן די הויפּט-פּריווילעגיע פֿונעם אַדל און פֿון די גײַסטלעכע און צווינגען זיי אָנטיילצונעמען אינעם צאָלן שטײַערן. טיורגאָ האָט אײַנגעפֿירט אַ פֿרײַען האַנדל מיט טווּאָ, האָט אָפּגעשאַפֿן די פּאַנשטשינע באַם בויען וועגן און דערקלערט, אַז די צעכן ווערן ליקווידירט. די אַדל-לײַט זײַנען באַשטאַנען אויף זייערע פּריווילעגיעס. ווי נאָר טיורגאָ האָט געמאָלדן וועגן זײַנע מאָסמיטלען, אַזוי גלײַך זײַנען די אַדל-לײַט געוואָרן מאָלע

רעציכע, און לויט זייער פֿאָדערונג האָט מען טיורגאָ באַפֿרײַט אין דעמיסיע (אין 1776 י.). די מערהײַט פֿון זײַנע רעפֿאָרמעס איז אָפּגעשאפֿן געוואָרן.

דער זשענעווער באַנקיר נעקער, וואָס האָט איינגיכן פֿאַרביטן טיורגאָען אַלס אָנפֿירער פֿונעם פֿינאַנסיעלן מי-ניסטעריום, האָט שוין דורכגעפֿירט רעפֿאָרמעס ווײַט ניט אַזוי' אַנטשלאָסן. ער האָט באַפֿרײַט די לײַבייגענע אין די קיניגלעכע גיטער. קעדיי כאָטש אַפּ וויפֿל-ס'ניט-איז פֿאַרקלענערן דאָס צעשלעפֿן מעלוכישע געלטער, האָט נעקער פֿאַרעפֿנטלעכט אַ צעטל פֿון די פּענסיעס און דעם מעלוכע-בודזשעט. ער האָט אָבער געהאַט דעם זעלבן פּסאַק, וואָס טיורגאָ: לויט דער פֿאָ-דערונג פֿון די אַדל-לײַט און פֿון די גײַסטלעכע האָט דער קיניג באַפֿרײַט אויך נעקערן אין דעמיסיע.



נעקער — פֿון סענט־אָבענס גראַוויור לויטן בילד פֿון דיפּלעסי.

אין 1787 י. האָט ליודאָוויק דער XVI צונויפֿגערופֿן די פֿאָרשטייער פֿונעם אַדל און פֿון די גײַסטלעכע — די „נאָטאַבעלן" (דאָס הייסט די פּניי) און האָט זיי פֿאָר-געלייגט, זיי זאָלן מאַסקים זײַן, אַז מע זאָל אַרופֿלייגן אַפּ זייער ערד אַ שטײַער. די אַדל-לײַט און די גײַסטלעכע האָבן דעם קיניג אָפּגעזאָגט. דאַן האָט דער קי-ניג פֿאַנאַנדערגעלאָזן די ניט-געהאָרכזאַמע פֿאַרזאַמלונג, וועלכע איז אַקשאָנעסדיק באַשטאַנען אַפּ אירע פֿעאָדאַלע פּריווילעגיעס.

דער געלט-קריזיס האָט זיך אָבער וואָס ווײַטער אַלץ מער פֿאַרשאַרפֿט. די שטײַערן אַפּ זאַלץ און ווײַן האָט מען פֿאַרקויפֿט די פּאַכטערס אַפּ עטלעכע יאָר פֿאָרויס. 235 מלן. ליוור האָט מען באַקומען פֿון זיי און אַלץ פֿאַרטאָן. און דאָ איז נאָך צוגעקומען די קאָלאָסאַלע הוצאָה פֿון 2 מיליאַרד ליוור, וואָס זײַנען אַוועק אַפּ אונטערצוהאַלטן די צפֿון-אַמעריקאַנישע קאָלאָניעס אין זייער מילכאָמע קעגן ענגלאַנד, און דעריקער — אַפּן אָנטייל פֿון פֿראַנקרײַך גופֿע אין דער דאָזיקער מילכאָמע.

די קיניגלעכע מיניסטאָרן האָבן אומגעזעצלעך אויסגעבראַכט דאָס געלט, וואָס איז געווען באַשטימט פֿאַר די אינוואַלידן, זיי האָבן אויך אויסגעבראַכט די נע-דאָווועס, וואָס מע האָט צונויפֿגעזאַמלט לעטוּוועס די שפּיטאָלן. ענדלעך, האָט אין 1788 יאָר די מעלוכע-קאַסע אָפּגעשטעלט די אָפּצאָלן. די מעלוכע איז געווען ערעוו באַנקראָט.

מיט דער גאַנצער שאַרפֿקײַט האָט זיך דאַן געשטעלט די פֿראַגע וועגן דעם, אַז מע זאָל באַשטײַערן אויך די אַדל-לײַט און די גײַסטלעכע.

דער צונויפֿרוף פֿון די גענעראַלע שטאַטן.

מאַכמעס דער אויסוועגלאָזער לאַגע האָט דער קיניג אי-נעם 1788 יאָר ווידעראַמאָל אײַנגעלאַדן נעקערן און איז געצווונגען געווען מאַסקים צו זײַן, מע זאָל צונויפֿרופֿן די גענעראַלע שטאַטן, וועלכע האָבן זיך שוין ניט געהאַט צונויפֿגעקליבן זינט דעם

1614 י. די גענעראַלע שטאַטן זײַנען באַשטאַנען פֿון די פֿאָרשטייער פֿון די דרײַ שטאַנדן. ליודאָוויק דער XVI האָט געהאָפֿט צו באַקומען פֿון די גענעראַלע שטאַטן די האַסקאָמע אַפֿ א נײַער האַלוואָע און אַפֿ נײַע שטײַערן.

אַזויווי די אַדל־לײַט און די גײַסטלעכע האָבן זיך אָפּגעזאָגט צו געבן געלט, האָט דער קיניג באַשלאָסן צו געבן א טאָפּלטע פֿאָרשטייערשאַפֿט דעם דריטן שטאַנד; דער דריטער שטאַנד האָט עס גראָד אַקשאָנעסדיק געפֿאָדערט. די גײַסטלעכע און די אַדל־לײַט האָבן באַקומען דאָס רעכט צו שיקן צו 300 דעפּוטאַטן, און דעם דריטן שטאַנד האָט מען געגעבן 600 ערטער. דער קיניג האָט אָבער ניט געמאָלדן וועגן דעם, וויאַזוי די גענעראַלע שטאַטן וועלן שטימען — לויט די שטאַנדן נאָך אָדער נאָמענטלעך. אינעם פֿאַל, אויב מע וואָלט געשטימט באַזונדער, לויט די שטאַנדן, וואָלטן די אַדל־לײַט און די גײַסטלעכע, וואָס יעדערער פֿון זיי אַלס א שטאַנד האָט געהאַט צו איין שטים, געהאַט צוויי שטימען, דה. די מער־הײַט; בא א געמיינזאַמער אָפּשטימונג וואָלט אָבער דער דריטער שטאַנד געהאַט 600 שטימען, דה. א העלפֿט פֿון דער אַלגעמיינער צאָל שטימען. די בורזשואַזיע וואָלט דאַן געקאָנט אַריבערציִען אַפֿ איר צאַד די דאָרפֿישע גײַסטלעכע און א טייל אַדל־לײַט.

דעם קיניגלעכן באַפֿעל וועגן צונויפֿרופֿן די גענעראַלע שטאַטן האָט מען דורכ־געלייענט אין אַלע קלויסטערס. עס האָבן זיך אָנגעהויבן די וואַלן. די פֿאָרשטייער פֿון די שטאַנדן האָבן צונויפֿגעשטעלט אָנזאָגן פֿאַר זייערע דעפּוטאַטן. די אַדל־לײַט און די גרויסע גײַסטלעכע האָבן מיט שיינע רייד דערוויזן די נויטווענדי־קײַט צו פֿאַרהיטן זייערע פּריווילעגיעס. פֿאַרקערט, די בורזשואַזיע האָט אין אירע אָנזאָגן געפֿאָדערט צו פֿאַרניכטן די שטאַנדן־פּריווילעגיעס, געפֿאָדערט צו באַפֿרײַען



די זיצונג פֿון די גענעראַלע שטאַטן — פֿון העלמאַנס גראַווויור לויטן געמעל פֿון מאָנע.

דעם האנדל און די אינדוסטריע פונ די באגרענעצונגענ, געפּאָדערט פּאָליטישע רעכט.

די פויערשע אָנזאָגנ זײַנענ געווענ פול מיט אָנקלאָגעס אפ דער שווערקײַט פונ די פעאָדאלע פּליכטנ, אפנ הויכנ ארענדע־אָפּצאָל, אפ דער אומגערעכטיקײַט אינ די געריכטנ, אפ דער ברוטאלקײַט פונ די סעניאָרנ, וואָס פלעגנ פארכאפּנ די פויערשע ערד.

די וואלנ זײַנענ געווענ פילשטופּיקע. עס האָבנ אינ זיי אָנטייל גענומענ נאָר די שטײַערנ־צאָלער, וואָס זײַנענ געווענ אינעם געגעבענעם אָרט שטענדיקע אײַנ־וווינער. עס איז קלאָר, אז אלס דעפּוטאטנ פונעמ דריטנ שטאנד זײַנענ אויסגע־ווײלט געוואָרנ פאָרשטייער פונ דער בורזשואזיע, ווי אויכ פאָרשטייער פונ דער בורזשואזער אינטעליגענצ — אדוואָקאטנ, נאָטאריוסנ, דאָקטוירימ. קיינ איינ פויער, קיינ איינ ארבעטער איז אינ די גענעראלע שטאטנ ניט אויסגעוויילט געוואָרנ.

צווישנ די דעפּוטאטנ פונעמ דריטנ שטאנד האָט אנ אָנפירנדיקע ראָליע גע־נומענ שפּילנ די גרויסע געלט- אונ האנדלס-בורזשואזיע.

לויט די צעטלענ פונעמ דריטנ שטאנד זײַנענ אויכ אויסגעוויילט געוואָרנ מיראבאָ, וואָס האָט אליינ ניט געהערט צומ דאָזיקנ שטאנד, — ער איז געווענ א ײכעסדיקער אָבער רויִנירטער אדלמאנ, — אונ דער ערגײַציקער אבאט[1] סיִיעס, וואָס איז בארימט געוואָרנ דורכ זײַנ בראָשור וועגנ דריטנ שטאנד.

„וואָס איז אזוינס דער דריטער שטאנד?" — האָט אינ דער דאָזיקער בראָשור געפרעגט סיִיעס, אונ ער האָט געענטפערט: — „די גאנצע נאציע אינ קייטנ אונ אונטערנ יאָכ".

„וואָס איז געווענ דער דאָזיקער שטאנד ביז איצט אינ פּאָליטישער הינזיכט? — גאָר־ניט. וואָס וויל ער זײַנ? — עפּעס-וואָס".

אינ אומשטענדנ פונ א טיפנ קריזיס פונ דער פעאָדאל-אבסאָליוטיסטישער סיסטעמ, אינ דער אטמאָספער פונ אלגעמיינער אויפרעגונג, פונ פויערשע אויפ־שטאנדנ, פונ ארויסטרעטונגענ פונ ארבעטער פונ די מאנופאקטורנ, פונ דער שטאָ־טישער אָרעמשאפט — האָבנ זיכ געעפנט די גענעראלע שטאטנ.

אינ אָט דער צײַט האָבנ אינ פראנקרײַכ, ווי לענינ האָט געזאָגט, „די אונ־טערשטע שיכטנ ניט געוואָלט", אָבער אויכ „די אויבערשיכטנ האָבנ ניט געקאָנט" לעבנ לויטנ אלטנ שטייגער"[2].

פון די גענעראלע שטאטן צו דער נאַציאָנאלער פארזאמלונג.

אינעם לאנד איז רײַפ געוואָרנ, איז געוואָרנ אומפאר־מײַדלעכ א רעוואָליוציע. די עפענונג פונ די גענעראלע שטאטנ האָט מענ באשטימט אפנ 5 מײַ 1789 י. דער קי־ניג האָט ניט געוואָלט אפ לאנג אָפּרײַסנ זיכ פונעמ בא־ליבטנ יאגד, אונ דערפאר האָט ער צונויפגערופנ די גע־נעראלע שטאטנ ניט אינ פאריזש, נאָר אינ ווערסאל. כוץ דעמ האָט די הויפּ־פארטיי ניט געוואָלט צונויפרופנ די גענעראלע שטאטנ אינ פאריזש דערפאר, ווײַל זי האָט מוירע געהאט פאר די רעוואָליוציאָנער געשטימטע מאסנ פונ דער הויפּט־שטאָט.

[1] אבאט — גײַסטלעכער טיטל, וואָס עס האָט געוויינלעכ געהאט אנ אויפזעער איבער א מאָ־נאסטיר.

[2] לענינ, ווערק, ב. XVIII, ז. 244.



מיראבאָ — פון גרעגס פּאָרטרעט.

די גענעראַלע שטאַטן האָבן זיך פּײַ־ערלעך געעפנט. אינעם טאָג פון דער עפענונג זײַנען די גײַסטלעכע געווען גרויסאַרטיק געקליידט — אין זײַדענע ווײַסע און פּיאָלעטעווע מאַנטיעס, די אדל־לײַט זײַנען געווען אין קאַפּטנס, רײַך אויסגענייטע מיט גאָלד. דעם דריטן שטאַנד אָבער האָט מען באַפוילן צו זײַן אין באַשיידענע שוואַרצע אָנצוגן. ווען דער קיניג האָט זיך געזעצט אפן טראָן און האָט לויט דער טראַדיציע אָנגעטאָן די הוט, האָבן אויך די דעפּוטאַטן פונעם אַדל און פון די גײַסטלעכע אָנגעטאָן די היט. דאָס האָבן זיי געטאָן לויט א פאַרצײַטיקער פּרי־ווילעגיע. די דעפּוטאַטן פונעם דריטן שטאַנד האָבן געדאַרפט באַגעגענען דעם קיניג בוקנדיק זיך פאַר אים אפּ די קני און מיט אַנטבלויזטע קעפּ, צו אַלע־מענס וווּנדער האָבן זיי אָבער אויך אָנגעטאָן די היט און שטייענדיקערהייט גע־נומען הערן דעם קיניגס רעדע.

דעם קיניגס רעדע איז געווען א קורצע. ער האָט באַפוילן צו געבן געלט, ער האָט זיך געקלאָגט, וואָס מע גייט אַרום אויפגערייצט, און געוואָרנט, מע זאָל ניט אײַנפירן קיין רעפאָרמעס.

אפן אַנדערן טאָג האָבן די אַדל־לײַט און די פאָרשטייער פון די גײַסטלעכע זיך צונויפגעזאַמלט (יעדער שטאַנד אין א באַזונדער געבײַדע) און האָבן זיך פאַר־נומען מיט דער אינערלעכער אָרגאַניזירונג. די פאָרשטייער פונעם דריטן שטאַנד האָבן אײַנגעלאַדן די דעפּוטאַטן פון די צוויי אַנדערע שטאַנדן, קעדיי צוזאַמען דורכקאָנטראָלירן די פולמאַכטן. די בורזשואַזיע האָט פון סאַמע אָנהייב געוואָלט באַשטיין אפּ געמיינזאַמע זיצונגען און אפּ א נאָמענטלעכער אָפּשטימונג. די ערש־טע צוויי שטאַנדן האָבן זיך אָבער אָפּגעזאָגט דערפון. העכער א כוידעש צײַט האָט מען געפירט די אונטערהאַנדלונגען און זיי האָבן צו גאָרנישט ניט געבראַכט. דער דריטער שטאַנד האָט זיך איבערצײַגט, אַז צו קיין פאַרשטענדיקונג קאָן מען ניט קומען, איז ער דעם 12 יונ 1789 יאָר זעלבשטענדיק צוגעטראָטן דורכקאָנ־טראָלירן די פולמאַכטן פון די דעפּוטאַטן פון אַלע דרײַ שטאַנדן. אפּ מאָרגן האָבן זיך געמאָלדן דרײַ גאַלאָכים, נאָך זיי זײַנען געקומען נאָך זעכצן, און אינגיכן האָבן זיך צו זיי פאַראייניקט קימאַט אַלע פאָרשטייער פון די גײַסטלעכע.

דעם 17 יונ האָט זיך דער קאָנטראָל פאַרענדיקט. לויט סיִיעסעס פאָרשלאָג האָט דער דריטער שטאַנד זיך פּראָקלאַמירט אַלס פאַרטרעטער פון דער נאַציע, דה. אַלס נאַציאָנאַלע פאַרזאַמלונג, און האָט באַשטימט, אַז אויב מע וועט אים צווינגען זיך פאַנאַנדערצוגיין, דאַרפּ מען אויפהערן צאָלן שטײַערן. דער אַבאַט סיִיעס האָט זײַן פאָרשלאָג באַגרינדעט דערמיט, וואָס דער דריטער שטאַנד

פאַרייניקט 96 פּראָצענט פון דער גאַנצער נאַציע. די נאַציאָנאַלע פאַרזאַמלונג האָט אויך געמאָלדן, אַז דער קיניג האָט ניט דאָס רעכט אָפּצושטעלן דעם דאָזיקן באַשלוס אירן.

אַזויאַרום האָבן די פּאָרשטייער פונעם דריטן שטאַנד אַפּ אַ רעוואָליוציאָנערן אויפן זיך פּראָקלאַמירט פאַר דער העכסטער מאַכט אינעם לאַנד.

אין דרײַ טעג אַרום, דעם 20 יוני, האָט די נאַציאָנאַלע פאַרזאַמלונג געוואָלט זיך צונויפזאַמלען; די טירן פון איר געבײַדע זײַנען אָבער געווען געשלאָסן. עס האָט זיך אַרויסבאַוויזן, אַז ליודאָוויק דער XVI האָט אונטערן אויסרייד, אַז מע דאַרף די געבײַדע רעמאָנטירן, פאַראָרדנט זי צו פאַרמאַכן. דאָס האָט די דעפּוטאַטן ניט אָפּגעשטעלט: זיי האָבן זיך צונויפגעזאַמלט אין דער נאָענטסטער פרײַער געבײַדע — אינעם זאַל, וווּ מע שפּילט אין פּילקע (אַ פאַרצײַטיקע שפּיל, אַ מין טעניס). מיט גרויס באַגײַסטערונג האָבן זיי געשוווירן, אַז זיי וועלן זיך ניט פונאַנדערגיין, ביז מע וועט ניט אויסאַרבעטן די קאָנסטיטוציע.

דאַן האָט דער קיניג באַשלאָסן אָנצונעמען ערנסטע מיטלען. ער האָט באַשטימט אַ זיצונג, אויף וועלכער ער אַליין האָט געדאַרפט בײַזײַן, כּדי אָפּצושאַפן די דאָזיקע אַלע באַשלוסן. די זיצונג איז פאָרגעקומען דעם 23 יוני. די געבײַדע פון דער נאַציאָנאַלער פאַרזאַמלונג איז געווען אַרומגערינגלט מיט אַ גרויסער וואַך, די דעפּוטאַטן האָבן באַגעגנט דעם קיניג מיט אַ שטילשווײַגן. ער האָט געהאַלטן אַ קורצע דראָענדיקע רעדע און האָט באַפוילן די דעפּוטאַטן פונאַנדערצוגיין זיך און זיך צונויפזאַמלען לויט די שטאַנדן. די גײַסטלעכע און די אַדל-לײַט האָבן געפאָלגט, אָבער די פאָלקס-פאָרשטייער, טיף-אויפגעבראַכטע, זײַנען געבליבן שווײַגנדיק זיצן אויף זייערע ערטער. אַז עס איז באַוווּסט געוואָרן, אַז די פאַרזאַמלונג גייט זיך ניט פונאַנדער, איז געקומען דער צערעמאָניע-מייסטער און האָט איבערגעכאַזערט דעם קיניגס באַפעל. „גייט און זאָגט אײַער האַר, — האָט מיט אַ דונערדיקער שטים געענטפערט מיראַבאָ, — אַז מיר געפינען זיך דאָ לויטן ווילן פונעם פאָלק און אַז באַזײַטיקן אונדז פונדאַנען קען מען נאָר מיט דער הילף פון באַגנעטן".

„לאָמיר צוטרעטן צו די דעבאַטן", — האָט פאָרגעלייגט סיִעיעס. די נאַציאָנאַלע פאַרזאַמלונג האָט פאָרגעזעצט איר אַרבעט.

טראָץ דעם קיניגס פאַרבאָט, האָבן פון יענעם טאָג אָן אָנגעהויבן צושטיין צו דער נאַציאָנאַלער פאַרזאַמלונג אויך די דעפּוטאַטן פונעם אַדל; זיי האָבן דערפילט די קראַפט פונעם דריטן שטאַנד. דעם 9 יול איז די נאַציאָנאַלע פאַרזאַמלונג צוגעטראָטן אויסצואַרבעטן די קאָנסטיטוציע און האָט זיך דערקלערט אַלס גרינדונגס-פאַרזאַמלונג.

דער קיניג האָט געמאַכט דעם אָנשטעל, אַז ער נעמט אָן פאַר גוט די עקזיסטענץ פון דער נאַציאָנאַלער פאַרזאַמלונג, און ער האָט באַפוילן דעם אַדל און די גײַסטלעכע צושטיין צו איר. ער האָט דאָס אָבער געטאָן בלויז לעפּאָנעם וועגן, געהיימערהייט האָט דער קיניג באַשלאָסן אָנצווענדן קראַפט. ווערסאַל האָט באַקומען דעם אויסזען פון אַ מיליטערישן לאַגער. דער זאַל פון דער פאַרזאַמלונג איז ווידעראַמאָל אַרומגערינגלט געוואָרן מיט אַ וואַך, 20 טויזנט סאָלדאַטן האָבן אַרומגערינגלט פּאַריז. נעקער איז ווידער באַזײַטיקט געוואָרן פון זײַן פּאָסטן אַלס גענעראַלער קאָנטראָליאָר.

דאָס אלץ האָט אינ דער הויפטשטאָט ארויסגערופנ א קאָלאָסאלע אופרעגונג. דער גאָרטנ בא אײנעמ פונ די פאלאצנ — פאלע-ראָיאל — איז געוואָרנ דער צענטער, ווו די פאריזשער אײַנוווינער פלעגנ זיכ צונויפזאמלענ. גאנצע טעג פלעגט אינ גאָרטנ קומענ אלצ נײַער אונ נײַער אוילעמ. אלס טריבונע האָט געדינט א טיש. ארויסטרעטנ מיט א רעדע האָט געקאָנט יעטווידער בירגער. דאָרטנ פלעגט מענ רעדנ וועגנ די געפארנ, וואָס לויערנ, אונ מע האָט פעסט באשטימט צו שטעלנ א ווידערשטאנד.

ווענ מע האָט זיכ אינ פאריזש דערוווּסט וועגנ נעקערס דעמיסיע, איז פאָרגעקומענ א גרויסע פראָטעסט-דעמאָנסטראציע. א פאָלק דײַטשישע געדונגענע דראגונעס האָט זיכ א וואָרפ געטאָנ אפנ אומבאוואָפנטנ האמוינ. עס האָט זיכ דערהערט אנ אויסגעשריי: „צומ געווער"! דאָ איז א פאָלק פונ דער פראנצויזישער גווארדיע צוגעשטאנענ צומ פאָלק. דעמ 12 יול אינ אָוונט האָט זיכ אָנגעהויבנ אנ אלגעמײנער אופשטאנד. עס האָט זיכ צעקלונגענ דער שטורעמ-גלאָק. דאָס פאָלק, וואָס האָט זיכ געהאט צונויפגעזאמלט אינ ראטהויז (די געבײַדע פונ דער שטאָט-דומע), האָט באשטימט שיקנ דעלעגאטנ אינ די קרײַזנ, קעדיי צו באוואָפענענ די דאָרטיקע באפעלקערונג. אפ מאָרגנ האָט זיכ דער האמוינ ארײַנגעריסנ אינ ארסענאל אונ האָט צעגראָמירט די געווער-קראָמענ. קעדיי צו פארגרעסערנ די צאָל געווער, האָט דער קאָמיטעט, וואָס האָט זיכ געבילדעט אינ ראטהויז, באפוילנ אויסצושמידנ 50 טויזנט פיקעס. עס האָט גענומענ קאָכנ די ארבעט. א גאנצע נאכט איז די שטאָט געווענ באלויכטנ.

דאָס אײַנעמענ די באסטיליע.

אינ פאריזש האָט מענ זיכ געגרייט צו באגעגענענ דאָס קיניגלעכע מיליטער מיט א שלאכט. דעמ 14 יול 1789 יאָר האָבנ זיכ פארשפרייט קלאנגענ, אז די הארמאטנ, וואָס שטייענ אפ דער פארצײַטיקער קיניגלעכער פעסטונג-טורמע באסטיליע, זײַנענ געווענדט אפ דער שטאָט. עס האָט זיכ דערהערט א געשריי: „צו דער באסטיליע!" פיר שאָ האָט געדויערט די בלוטיקע באלאגערונג פונ דער באסטיליע. דאָ זײַנענ אונטערגעקומענ מיט א הארמאט די גווארדייער. דערזעענדיק, אז מע וועט זיכ מוזנ אונטערגעבנ, האָט דער קאָמענדאנט פונ דער באסטיליע א וואָרפ געטאָנ זיכ מיט א ברענענדיקנ קנויט צומ פולווער-סקלאד, קעדיי אופצורײַסנ די פעסטונג. די סאָלדאטנ האָבנ אימ אָפגעשטעלט. זיי האָבנ צעעפנט די טויערנ פונ דער באסטיליע אונ דעמ קאָמענדאנט דערהארגעט. אפ אלע גאסנ אונ פלעצער האָבנ זיכ געטראָגנ אויסגעשרייענ: „א זיג! א זיג!"

אינ דער נאכט פונעמ 14 אפנ 15 יול איז אינ פאריזש קײנער ניט געשלאָפנ. איצט האָט שוינ קײנער ניט געצווייפלט, אז דאָס קיניגלעכע מיליטער וועט שטורמעווענ די הויפטשטאָט. די גאנצע באפעלקערונג האָט אָנגעהויבנ באפעסטיקנ די שטאָט. מע האָט אויסגעבויט באריקאדעס, צענומענ דעמ ברוק, אויסגעגראָבנ שוצ-גראָבנס; מע האָט געשמידט באגנעטנ אונ געמאכט קוילנ. די פרויענ האָבנ געשלעפט שטיינער אפ די דעכער, קעדיי פונ דאָרטנ ווארפנ זיי אפ די סאָלדאטנ. מע האָט זיכ באוואָפנט מיט ביקסנ, באגנעטנ, שטעקנס. די אָטריאדנ פונ דער נאציאָנאלער גווארדיע, וועלכע די בורזשואזיע האָט אָרגאניזירט, האָבנ פארנומענ די וויכטיקסטע פאָסטנ. אינ דעמ ראטהויז האָט זיכ אפ א רעוואָליוציאָנערנ אויפנ אויסגעבילדעט די זעלבסטפארוואלטונג פונ דער שטאָט פאריזש. אינ דער זעלבסטפארוואלטונג



דאָס איַינעמען די באַסטיליע — פון העלמאַנס גראַוויור לויטן געמעל פון מאָנע.

האָט פאַרנומען דאָס אָנפירנדיקע אָרט די גרויס-בורזשואַזיע. אייניקע שיכטן פון דער גרויס-בורזשואַזיע זיַינען שוין בייסן קאַמף פאַר דער באַסטיליע פאַרעטעריש אַרויסגעטראָטן קעגן פאָלק. אַזוי, לעמאָשל, האָט דער עלטסטער פון די פּאַריזשער סאָחרים פלעסעל צוגעשיקט פאַר די מענטשן, וואָס האָבן באַלאַגערט די באַסטיליע, קאַסטנס מיטן אויפשריפט „געווער", און דאָרטן האָט מען געפונען אַלטע שמאַטעס. דאָס פאָלק האָט דעם פאַררעטער פלעסעל דערהאַרגעט.

ווען מע האָט ליודאָוויק דעם XVI-טן געזאָגט, אַז פּאַריזש איז אויפגעשטאַנען און אַז די באַסטיליע איז געפאַלן, האָט ער פאַרווּנדערט אויסגעשריִען: „אָבער דאָס איז דאָך אַ בונט!" — „ניין, קיניג, ניט קיין בונט איז עס, נאָר אַ רעוואָליוציע", — האָט אים איינער פון די הויף-לייַט געענטפערט.

וויַיל אויפן מיליטער האָט מען זיך מער ניט געקאָנט פאַרלאָזן, האָט דער קיניג מוירע געהאַט צו געבן אַ באַפעל וועגן אָנגריף אויף פּאַריזש. ער איז געקומען פּערזענלעך אין דער נאַציאָנאַלער פאַרזאַמלונג און האָט געמאָלדן, אַז ער גיט אָפּ אַ באַפעל דעם מיליטער, עס זאָל פאַרלאָזן פּאַריזש און ווערסאַל. נעקער איז ווידער באַשטימט געוואָרן אַלס גענעראַלער קאָנטראָליאָר. דער אָנגעזעענער דעפּוטאַט פון דער נאַציאָנאַלער פאַרזאַמלונג, דער אָנטיילנעמער פונעם קאַמף פון די אַמעריקאַנישע קאָלאָניעס פאַר אומאָפּהענגיקייַט, דער מאַרקיז לאַפאַיעט איז פונעם 15 יול אָן געוואָרן נאַטשאַלניק פון דער פּאַריזשער נאַציאָנאַלער גוואַרדיע.

אַזוי־אַרום האָט די ערשטע אַרויסטרעטונג פון די פאָלקס-מאַסן, וועלכע איז געווען דער אָנהייב פון דער רעוואָליוציע, זיך פאַרענדיקט מיט אַ זיג. דעם דאָזיקן זיג האָט אויסגענוצט די גרויס-בורזשואַזיע; זי איז צוגעטראָטן אַרויסצוגעבן געזעצן, וואָס זאָלן פאַרשטאַרקן איר מאַכט.

# די גרויס־בורזשואזיע בא דער מאכט.

דאָס איינעמענ די באסטיליע איז געווענ א סיגנאל פאר א פאָלקס-באוועגונג אינ דער פראָווינצ. לויטנ בײַשפּיל פונ פאריזש נעמט די בורזשואזיע אומעטום אינ די שטאָטישע צענטערס די מאכט אינ אירע הענט אונ אָרגאניזירט פונ די פארמעגלעכע בירגער א נאציאָנאלע גווארדיע.

די פויערשע אופשטאנדנ, וואָס זײַנענ ביז דאנ פאָרגעקומענ צעשפּליטערטערהייט, האָבנ זיכ צונויפגעגאָסנ מיט דער רעוואָליוציע. איבער גאנצ פראנקרײַכ האָט געקלונגענ דער שטורעם-גלאָק. די פויערים האָבנ זיכ א נעם געטאָנ פאר קאָסעס, היי-גאָפּלענ, דרעש-שטעקנס. אייגער נאָכנ צווייטנ האָבנ גענומענ ברענענ די שלעסער פונ די סעניאָרנ.

די דאָקומענטנ, אינ וועלכע עס זײַנענ געווענ פארשריבנ די פעאָדאלע פליכטנ פונ די פויערים, האָט מענ געברענט אפ די שײַטערהויפנס. פאר די פריצים, ווי מע האָט זיכ דעמלט אויסגעדריקט, זײַנענ אָנגעקומענ טעג פונ „גרויסער שרעק“. אייניקע פריצים האָבנ אײַנגעפּאקעוועט די זאכנ אונ זײַנענ אנטלאָפנ קיינ אויסלאנד.

אומרויִק זײַנענ אויכ געוואָרנ די פאָרשטייער פונעם אדל אונ פונ די גײַסטלעכע אינ דער גרינדונגס-פארזאמלונג. זיי האָבנ באשטימט, אז קעדיי זיכ צו ראטעווענ, דארפ מענ אײַנגיינ אפ וועלכע-עס-איז האנאָכעס. אינ דער נאכט אפנ 4 אווגוסט 1789 יאָר האָט דער גראפ דע נאָאײַל פאָרגעלייגט אָפּצושאפנ אייניקע פעאָדאלע פליכטנ. די פארזאמלונג האָט אָפּגעשאפנ די פארעלטערטע, ווייניק וויכטיקע פעאָדאלע פריווילעגיעס פונ די אדל-לײַט (דאָס רעכט צו האלטנ טויבנשלאקנ, דאָס רעכט פונ יאגד אפ פויערשער ערד).

אלע גרונט-פליכטנ, וואָס זײַנענ געלעגנ אפנ פויער, זײַנענ אָבער פארבליבנ. די פויערים האָבנ געדארפט אויסקויפנ די דאָזיקע פליכטנ אפ ביז גאָר שווערע אומדערטרעגלעכע באדינגונגענ. די אופשטאנדנ אינעם דאָרפ האָבנ זיכ דעריבער ניט אָפּגעשטעלט. ווערנדיק אפ א ווײַלע אײַנגעשטילט, פלעגנ די אופשטאנדנ מיט א נײַער, נאָכ גרעסערער קראפט אויסברעכנ ווידעראמאָל.

די פארשווערונג פונעם הויפ. די געשעענישנ פונעם 5—6 אָקטיאבער 1789 יאָר.

ליודאָוויק דער XVI האָט ניט געקלערט אָפּצוזאָגנ זיכ פונ דערשטיקנ די רעוואָליוציע מיט געוואלט. אָנהייב אָקטיאבער 1789 י. זײַנענ ווידעראמאָל אינ ווערסאל אונ ארום פאריזש קאָנצענטרירט געוואָרנ גרויסע מיליטערטיילנ. די גרעסטע האָפענונגענ האָט מענ געלייגט אפ די געדונגענע דײַטשישע אונ שווייצערישע פאָלקנ. מיט דער פארשווערונג פונ דער קיניגלעכער פארטיי האָט אָנגעפירט מאריע־אנטואנעט.

מאריע-אנטואנעט, וואָס איז שטענדיק אזוי שטאָלצ געווענ, איז דאָס מאָל אזוי געפאלנ בא זיכ, אז זי האָט מיט איר אייגענער האנט צעגעבנ די גווארדייִשע אָפיצערנ אונ סאָלדאטנ ווײַסע צייכנדלעכ אפ די היט (דער ווײַסער קאָליר איז געווענ דער קאָליר פונעם קיניגלעכנ הויז פונ די בורבאָנענ). וועגנ דעם האָט מענ זיכ דערוווּסט אינ פאריזש. די פאריזשער באפעלקערונג האָט אינ יענער צײַט געהונגערט: אינ 1789 י. איז געווענ אנ אומגערעטעניש, עס איז אויסגעפאלנ אנ אויסערגעוויינלעכ שטארקער האָגל, דער ווינטער איז געווענ א שווע-

רער, אונ מאכמעס דעמ אלעמ האָט אויסגעבראָכנ איינער פונ די שרעקלעכסטע הונגערנ פונעמ XVIII יה. זיכ דערוווּסט, אז די קיניגלעכע פּאַרטיי וויל זיכ בלוטיק צערעכענענ מיט דער רעוואָליוציע, האָבנ די פאריזשער האַנטווערקער, די ארבעטער, די קליינ-בורזשואזיע זיכ א לאָז געטאָנ בעראָש מיט די פרויענ קיינ ווערסאַל. זיי האָבנ געשריענ: „ברויט! ברויט!“ מע האָט געשמועסט, אז דער קיניג האָט באפוילנ דאָס ברויט צו באהאלטנ. ווענ דאָס פאָלק איז דערגאנגענ ביז ווערסאל, האָט עס דערזענ, אז די עקיפאזשנ פונ דער קיניגלעכער פאמיליע שטייענ גרייט איינגעשפּאנט. אינ די עקיפאזשנ זײַנענ געלעגנ פארפּאקעוועט זאכנ. עס איז ארויס א קלאנג, אז דער קיניג וויל אנטלויפנ קיינ אויסלאנד, קעדיי מיט אינטערווענטישנ מיליטער זיכ לאָזנ פונ דאָרטנ אפ פאריזש. דאָס פאָלק האָט געפאנגענ דעמ קיניג אונ די קיניגנ אונ אריבערגעפירט זיי קיינ פאריזש אלס אַרוועסניקעס.

דער קיניג, ווענמענ דאָס פאָלק האָט גענומענ אינ געפענקעניש, האָט איצט אלע זײַנע האָפענונגענ גענומענ לייגנ אפ אנ אינטערווענציע פונ די אויסלענדישע פעאָדאלע מעלוכעס — עסטרײַכ, פרײַסנ אונ אויכ רוסלאנד.

די קאָנסטיטוציע פונעמ 1791 יאָר.

איידער די גרינדונגס-פארזאמלונג האָט אָנגעהויבנ צונויפשטעלנ פאר פראנקרײַכ א קאָנסטיטוציע, האָט זי צוערשט אויסגעארבעט א „דעקלאראציע פונ די רעכט פונעמ מענטשנ אונ בירגער“ (צומ 26 אווגוסט 1789 יאָר).

די בארימטע „דעקלאראציע פונ רעכט“ האָט אינ א פײַערלעכער פאָרמ דעקלארירט: די שטאנדנ ווערנ אָפּגעשאפנ, פארנ געזעצ זײַנענ אלע גלײַכ. אינ דער דעקלאראציע איז געמאָלדנ געוואָרנ, אז דער איינציקער קוואל פונ מאכט איז דאָס פאָלק גופע. „מענטשנ ווערנ געבוירנ פרײַע אונ גלײַכע אינ זייערע רעכט“ — ווערט געזאָגט אינ דער „דעקלאראציע“.

די „דעקלאראציע“ האָט פעסטגעשטעלט דאָס רעכט פונ אלע בירגער אפ „פרײַהײַט, אייגנטומ, געפארלאָזיקײַט אונ ווידערשטאנד דער אונטערדריקונג“. עס איז דעקלארירט געוואָרנ די פרײַהײַט פונ דער פערזענלעכקײַט אונ פרײַהײַט פונ רעליגיעזע איבערצײַגונגענ באַ דעמ באדינג, אז די אנטפּלעקונג פונ די דאָזיקע איבערצײַגונגענ זאָל ניט אָנרירנ די געזעלשאפטלעכע אָרדענונג.

אינעמ לעצטנ פונקט פונ דער „דעקלאראציע“ איז געשטאנענ: „אייגנטומ איז אנ אומבארירלעכ אונ הייליק רעכט“. אזוי האָט די „דעקלאראציע פונ די רעכט“ איינגעפונדעוועט די יעסוידעס פונ דער בורזשואזער אָרדענונג.

פאר יענער צײַט איז דאָס אָנעמענ די „דעקלאראציע פונ די רעכט פונעמ מענטשנ אונ בירגער“ געווענ א קאָלאָסאלער פראָגרעס. די „דעקלאראציע פונ די רעכט“ האָט דערלאנגט א קלאפ איבער די פעאָדאלע פריווילעגיעס, איבער דעמ פעאָדאלנ ווילקיר. זי האָט פראָקלאמירט די גלײַכהײַט פונ אלעמענ פארנ געזעצ. איינשטעלנדיק דעמ פרינציפ פונ בורזשואזנ אייגנטומ, האָט זי אָבער געשאפנ א נײַע פארמעגנס-ניטגלײַכהײַט, זי האָט געשאפנ א נײַע אָפהענגיקײַט פונ איינע מענטשנ פונ די אנדערע, די קאפיטאליסטישע עקספּלואטאציע.

דערינ באשטייט דער גרונט-אונטערשייד פונ דער בורזשואזער רעוואָליוציע אינ 1789 י. פונ אונדזער גרויסער אָקטיאבערישער סאָציאליסטישער רעוואָליוציע אינ 1917 י., וועלכע האָט פארניכטעט יעטווידע עקספּלואטאציע.

די פראנצויזישע בורזשואזע רעוואָליוציע האָט אינ איר „דעקלאַראַציע" פראָקלאַמירט די אומ־באַרירלעכקײַט פונעמ פריוואַט־אייגנטומ אונ האָט אַזוי־אַרומ פאַרפונדעוועט די קלאַסנ־אונטערדריקונג. די „דעקלאַראַציע פונ די רעכט פונעמ אַרבעטנדיקנ אונ עקספּלואַטירטנ פאָלק" פונ 1918 י. האָט פּראָקלאַמירט די פאַרניכטונג פונעמ פריוואַט־אייגנטומ אַפ די פּראָדוציר־מיטלענ, האָט דערקלערט אַלס געזעלשאַפטלעכ אייגנטומ די ערד, די וועלדער, די פאַבריקנ אונ זאַוואָדנ, זי האָט פּראָקלאַמירט די פאַרניכטונג פונ יעטווידער עקספּלואַטאַציע פונ מענטש דורכ מענטש, דאָס דערשטיקנ די עקס־פּלואַטאַטאָרנ אונ דאָס שאַפנ די קלאַסנלאָזע געזעלשאַפט. אויב די דעקלאַראַציע פונ 1789 י. האָט געמאָלדנ וועגנ „די רעכט פונעמ מענטשנ אונ בירגער", האָט זי אָבער ניט געזיכערט אונ האָט ניט געקאָנט זיכערנ פאַר די אַרבעטנדיקע, זיי זאָלנ קאָנענ די דאָזיקע רעכט אויסנוצנ. אינ קעגנזאַצ צו איר האָט די סטאַלינישע קאָנסטיטוציע געגעבנ עכטע גאַראַנטיעס פאַר די רעכט פונעמ סאָוועטישנ בירגער. די סאָציאַליסטישע אָרדענונג אונ די ספּעציעלע מעלוכישע מאָסמיטלענ גאַראַנטירנ אונדז דאָס רעכט אַפ אַרבעט, אַפ אָפּרו, אַפ בילדונג, די פרײַהײַט פונ וואָרט, פונ דער פּרעסע אונ אַנדערע רעכט.

אינ דער סטאַלינישער קאָנסטיטוציע פונעמ סאָציאַליזמ, וואָס האָט געזיגט, זײַנענ פאַרפיקסירט די דעראָבערונגענ, וואָס מיר האָבנ שוינ, — דער פולשטענדיקער זיג פונ סאָציאַליסטישנ פּראָדוציר־אויפנ, די פולשטענדיקע פאַרניכטונג פונ עקספּלואַטאַציע פונ מענטש דורכ מענטש, דאָס שאַפנ א נײַע, א סאָציאַליסטישע עקאָנאָמיק, וואָס ווייסט ניט פונ קיינ קריזיסנ אונ פונ אַרבעטלאָזיקײַט, אַנ עקאָנאָמיק, וואָס ווייסט ניט פונ דאַלעס אונ רויִנירונג אונ וואָס גיט „די בירגער אַלע מעגלעכקײַטנ פאַר א פאַרמעגלעכ אונ קולטורעל לעבנ"[1].

האָבנדיק פאַרניכטעט דאָס בורזשואַזע אייגנטומ, פאַרהיט דערבײַ די סאָוועטישע מעלוכע אַל־מעגלעכ דאָס קאָלעקטיווע סאָציאַליסטישע אייגנטומ.

אינ אונדזער קאָנסטיטוציע ווערט געזאָגט: „יעדער בירגער פונ ססר איז מעכויעוו צו היטנ אונ פעסטיקנ דאָס געזעלשאַפטלעכע, סאָציאַליסטישע אייגנטומ, אַלס הייליקנ אונ אומבאַרירלעכנ יעסאָד פונ דער סאָוועטישער אָרדענונג, אַלס קוואַל פונ רײַכטומ אונ מעכטיקײַט פונעמ היימלאַנד, אַלס קוואַל פונ פאַרמעגלעכנ אונ קולטורעלנ לעבנ פאַר אַלע אַרבעטנדיקע.

פערזאָנענ, וואָס פאַרמעסטנ זיכ אַפ דעמ געזעלשאַפטלעכנ, סאָציאַליסטישנ אייגנטומ, זײַנענ פײַנט פונעמ פאָלק"[2].

אינ 1791 יאָר האָט די בורזשואַזע גרינדונגס־פאַרזאַמלונג אינ פראַנקרײַכ אָנ־גענומענ א קאָנסטיטוציע. די מאָנאַרכיע אינ פראַנקרײַכ האָט מענ איבערגעלאָזנ, באַמ קיניג איז אַפילע געבליבנ דאָס רעכט פונ „וועטאָ", דאָס רעכט אָפּצושטעלנ אַפ א צײַט די געזעצנ, וואָס די גרינדונגס־פאַרזאַמלונג האָט אָנגענומענ. עס איז אײַנגעשטעלט געוואָרנ אַנ איינ־פּאַלאַטע־סיסטעמ. די דאָזיקע קאָנסטיטוציע האָט אָפּגעשאַפנ די גלײַכהײַט פונ רעכט, וואָס עס האָט פּראָקלאַמירט די „דעקלאַראַציע פונ 1789 יאָר"; די בירגער האָבנ זיכ געטיילט אַפ „אַקטיווע", דאָס הייסט אַפ אַזעלכע, וואָס האָבנ וואַלרעכט, אונ אַפ „פּאַסיווע", דאָס הייסט אַפ אַזעלכע, וואָס האָבנ קיינ וואַלרעכט ניט. פרויענ האָבנ ביכלאַל ניט באַקומענ קיינ וואַלרעכט.

אַלס אַקטיווע זײַנענ פאַררעכנט געוואָרנ נאָר פאַרמעגלעכע בירגער, וואָס האָבנ געצאָלט שטײַערנ. פונ דער 25־מיליאָניקער באַפעלקערונג אינ פראַנקרײַכ האָט זיכ אַזעלכע אַקטיווע בירגער אָנגעקליבנ ניט מער ווי 4 מיליאָנ. בלויז די אַקטיווע בירגער האָבנ געוויילט פאָרשטייער אינ דער געזעצגעבערישער פאַרזאַמלונג, אינ די אָרגאַנענ פונ דער שטאָטישער זעלבסט־פאַרוואַלטונג. בלויז זיי האָבנ געקאָנט אַרײַנטרעטנ אינ דער נאַציאָנאַלער גוואַרדיע.

„ווער האָט אײַכ געגעבנ דאָס רעכט אָפּצונעמענ באַמ פאָלק זײַנע רעכט?" —

---

1 סטאַלינ, פאָרטראָג וועגנ פּראָיעקט פונ דער קאָנסטיטוציע פונעמ פאַרבאַנד ססר, פּאַרט־יזדאַט, 1937, ז. 13.

2 קאָנסטיטוציע פונ ססר, אַרטיקל 131.

האָט געפּרעגט אַנ אופגעבראַכטער פונ דער דאָזיקער קאָנסטיטוציע דער יונגער אדוואָקאט פונ אראס, דער פעסטער דעמאָקראט מאקסימיליאַנ ראָבעספּיער.

געקומענ צו דער מאכט, האָט די בורזשואזיע פארניכטעט די צעכנ, די רע-גירונגס־רעגלאמענטאציע פונ דער אינדוסטריע. אינ יעסאָד פונ דער שטײַערנ-סיסטעם איז געלייגט געוואָרנ דער שטײַער אפ ערד.

די פריערדיקע אײַנטיילונג פונ פראנקרײַכ אפ פּראָווינצנ, וואָס האָט אנט-שפּראָכנ די אלטע פעאָדאלע קיניגרײַכנ אונ פירשטנטומס, האָט מענ פארניכטעט. דאָס לאנד האָט מענ צעטיילט אפ 83 דעפּארטאמענטנ, אומגעפער גלײַכע לויטנ שעטעכ, וועלכע מע האָט אָנגערופנ נאָכ די נעמענ פונ די טײַכנ אונ בערג. מע האָט אָפּגעשאפנ אלע אינערלעכע טאמאָזשנעס, מע האָט פאנאנדערגעארבעט אַנ אייגהײַטלעכע מעטרישע סיסטעם, וואָס האָט געזאָלט פארבײַטנ די אָנצאָליקע אָרטיקע מאָסנ. דעמ געריכט פונ די סעניאָרנ האָט מענ פארביטנ אפ א געריכט פונ געשווירענע. מע האָט אײַנגעפירט גלײַכבארעכטיקונג פאר ייִדנ.

אפ די ערטער האָט מענ אוועקגעשטעלט א נײַע אדמיניסטראציע, וואָס האָט זיכ געפונענ אינ די הענט פונ דער גרויס-בורזשואזיע.

אזויווי די אבסאָליוטע מאָנארכיע האָט דערפירט פראנקרײַכ צו א פולשטענ-דיקער רויִנירונג אונ האָט פוסט געמאכט די מעלוכישע קאסע, האָט מענ באדארפט אויסזוכנ נײַע קוואלנ פונ האכנאָסע.

די בורזשואזיע האָט קאָנפיסקירט בא די גײַסטלעכע די ערד, דערקלערט די דאָזיקע ערד פאר נאציִאָנאלנ אייגנטומ אונ האָט גענומענ זי פארקויפנ. מע האָט גענומענ ארויסלאָזנ געלט־צייכנס — „אסיגנאטנ”. די דאָזיקע אסיגנאטנ פלעגט מענ אָנעמענ אלס געצאָלט פאר דער קאָנפיסקירטער ערד פונ די גײַסטלעכע, וואָס איז אוועק אינ פארקויפ. די זעלבע אסיגנאטנ האָבנ געהאט א ברייטנ פארקער. אינ-גיכנ האָבנ זיי פארביטנ דאָס מעטאלענע געלט אונ זײַנענ געוואָרנ אַנ אָנערקענ-טער אָפּצאָל-צייכנ. די אסיגנאטנ האָט מענ אָבער ארויסגעלאָזנ אינ אזא גרויסער צאָל, אַז אינגיכנ זײַנענ זיי געפאלנ אינ דער פרײַז. דער ארויסלאָז פונ די אסיגנאטנ האָט מיטגעווירקט, עס זאָל זיכ פארשטארקנ דער יאקרעס.

א שטארקער קלאפּ איז דערלאנגט געוואָרנ דער קאטוילישער קירכ. בא דער קירכ אונ בא די מאָנאסטירנ האָט מענ אָפּגענומענ די ערד אונ מע האָט זי איי-בערגעגעבנ דער מעלוכע.

די גײַסטלעכע האָט מענ איצט, ווי די באאמטע, גענומענ צאָלנ געהאלט. די גאלאָכימ האָבנ ניט געקאָנט מויכל זײַנ דאָס, וואָס זיי האָבנ פארלאָרנ אזא האכ-נאָסע-קוואל, ווי די ערד, אונ האָבנ אָנגעהויבנ פירנ א פארביטערטנ קאמפ, קע-דיי אופצושטעלנ די מאכט פונעמ קיניג אונ פונ די אדל-לײַט אונ באקומענ צוריק דאָס פארלאָרענע אייגנטומ.

די בורזשואזע גרינדונגס-פארזאמלונג האָט דורכגעפירט א ריי פּראָגרעסיווע מאָסמיטלענ אונ גלײַכצײַטיק אָנגענומענ א ריי מיטלענ קעגנ די פאָלקס-מאסנ. שוינ אינ אָקטיאבער 1789 יאָר, נאָכנ מארש פונ די פּאריזשער מאסנ אפ ווער-סאל, איז ארויסגעגעבנ געוואָרנ א געזעץ, וואָס האָט דערלויבט די מאכט-אָרגא-נענ צו שיסנ אינ דעמ אומבאוואָפנטנ האמוינ, אויב ער וועט זיכ אָפּזאָגנ פאנאנ-דערצוגיינ. אינ צוזאמענהאנג מיט די גרויסע שטרײַקנ אינ 1791 יאָר האָבנ די ארבעטער זיכ אָנגעהויבנ פארייניקנ אינ פארייננ לויט די פּראָפעסיעס: די טעמ-

לער האָבנ אָרגאַניזירט א געזעלשאַפט פונ קעגנזײַטיקער הילף, די דרוקער — א פאַרייַנ פונ די דרוקערײַ־ארבעטער. די גרינדונגס־פארזאמלונג האָט דאנ, לויטנ פאָרשלאָג פונעם דעפוטאט לע־שאפעליע, ארויסגעגעבנ א געזעצ, וואָס האָט פאַרבאָטנ ארבעטער־אָרגאַניזאציעס. די איניציאַטאָרנ אונ די אקטיווע אָנטיילנעמער פונ די שטרייַקנ פלעגט מענ באשטראָפנ מיט שטראָפ אונ מיט טפיסע.

די גרונטלעכע פעאָדאלע פליכטנ פונ די פויערים האָט מענ אָבער ניט אָפּגעשאַפנ. אינ די קאָלאָניעס האָט די גרויס־בורזשואזיע אײַנגעהיט שקלאַפערײַ.

די פליטע פונעמ קיניג.

דער קיניג האָט נאָר ארויסגעקוקט אפנ פאסיקנ מאָמענט צו אנטלויפנ פונ פראנקרײַכ אונ באקומענ שטיצע פונ די פעאָדאלע מעלוכעס. צומ סאָפ 1791 יאָר האָבנ זיכ אינ דער שטאָט קאָבלענצ, ניט ווײַט פונ דער גרענעצ, קאָנצענטרירט ביז 20 טויזנט קאָנטררעוואָליוציאָנערע עמיגראנטנ, וואָס זײַנענ אנטלאָפנ פונ פראנקרײַכ, אונ האָבנ נאָר געווארט אפ א סיגנאל ארויסצוטרעטנ.

דער קיניג האָט אנטליענ בא די פאריזשער באנקירנ געלט, האָט ערגעצ־ווו באקומענ א פאלשנ רוסישנ פאס, אונ דעמ 20 יונ האָט ער צוזאמענ מיט דער פאמיליע געהיימערהייט זיכ א לאָז געטאָנ אינ אנ עקיפאזש צו דער גרענעצ. דאָרטנ איז שוינ פונ פריער געווענ קאָנצענטרירט מיליטער. דער קאָמאַנדירנ־באשטאנד פונעמ דאָזיקנ מיליטער איז געווענ טרײַ דעמ קיניג. אפנ וועג צו דער גרענעצ, ניט ווײַט פונ וואַרענ, האָט דעמ קיניג דערקענט דער פארוואלטער מיט דער פאָסט־סטאנציע. די פאטריאָטנ האָבנ געמאכט אנ אליארמ. קאָנוואָירט פונעמ פאָלק, איז דער קיניג אראָפּגעבראכט געוואָרנ קיינ פאריזש.

די פאריזשער מאסנ האָבנ געפאָדערט א געריכט איבערנ קיניג. די גרינדונגס־פארזאמלונג האָט אָבער מוירע געהאט, אז אויב מע וועט אראָפּזעצנ דעמ קיניג, וועט זיכ אָנהייבנ א מאסעווע פאָלקס־באוועגונג קעגנ די גוטבאזיצער אונ דער בורזשואזיע. דעריבער האָט זי גענומענ דעמ קיניג אונטער איר שוצ. עס איז געמאָלדנ געוואָרנ, אז דער קיניג איז ניט אנטלאָפנ, נאָר אז מע האָט אימ „אוועקגערויבט". דעמ 17 יול איז אפנ מארס־פעלד פאָרגעקומענ א קאָלאָסאלע פאָלקס־דעמאָנסטראציע. די דעמאָנסטראנטנ האָבנ געפאָדערט, מע זאָל אראָפּזעצנ דעמ קיניג אונ אײַנשטעלנ א רעפובליק. די בורזשואזיע האָט קעגנ דער דעמאָנסטראציע ארויסגעשיקט די נאציאָנאלע גווארדיע אינ דער שפיצ מיט לאפאיעטנ. מיט א זאלפנ־שיסערײַ האָט די גווארדיע צעטריבנ די אומבאוואָפנטע פאטריאָטנ. אָט אזוי איז די גרויס־בורזשואזיע ארויסגעטראָטנ אפנ קיניגס צאד, קעגנ פאָלק.

די איבערוועגנדיקע מערהײַט פונ דער גרינדונגס־פארזאמלונג איז באשטאנענ פונ פאָרשטייער פונ דער גרויסער פינאנסיעלער אונ האנדלס־בורזשואזיע אונ פונ די ערדבאזיצער. דעמאָקראטנ זײַנענ דאָ געווענ סאכאקל עטלעכע מענטשנ, אינ דער שפיצ מיטנ יונגנ אדוואָקאט ראָבעספיער. ער האָט פעסט באשיצט די רעכט פונעמ פאָלק אונ געפירט א קאמפ קעגנ קיניג, קעגנ דער אריסטאָקראטיע אונ קעגנ די גרויסע אייגנטימער. צו זײַנ שטימ האָבנ זיכ צוגעהערט די רעוואָליוציאָנערע פאָרשטעט.

פיל מער דעמאָקראטנ זײַנענ געווענ אינ די פאָליטישע קלובנ. וואָס ווײַטער האָט אלצ מער געהאט א ווירקונג דער קלוב פונ די יאקאָבינער (ער האָט אזוי געהייסנ דערפאר, ווײַל ער האָט זיכ געפונענ אינעמ געוועזענעמ מאָנאסטיר פונעמ

הייליקן יאַקאָב). צוערשט איז אינעם דאָזיקן קלוב געווען אין דער מערהייט די גרויס-בורזשואַזיע, אָבער וואָס מער עס האָט זיך אַנטוויקלט די רעוואָליוציע, אַלץ אַ גרעסערן אײַנפלוס האָבן דאָ באַקומען די דעמאָקראַטן אין דער שפּיץ מיט ראָבעספּיערן. די פֿאָרשטייער פֿון דער גרויסער געלט-בורזשואַזיע און פֿונעם ליבעראַלן אַדלטום, די אָנהענגער פֿון אַ קאָנסטיטוציאָנעלער מאָנאַרכיע, האָבן זיך אָפּגעשפּאָלטן פֿון די יאַקאָבינער און האָבן אָרגאַניזירט זייערן אַן אייגענעם קלוב פֿון די פֿעליאַנער[1].

די געזעצגעבערישע פֿאַרזאַמלונג.

אויסגעאַרבעט אַ קאָנסטיטוציע (1791 י.), האָט די גרינדונגס-פֿאַרזאַמלונג געהאַלטן די אויפֿגאַבע אירע פֿאַר אויסגעפֿילט. זי האָט אָפּגעטראָטן דאָס אָרט דער געזעצגעבערישער פֿאַרזאַמלונג, וואָס איז אויסגעוויילט געוואָרן אויפֿן יסוד פֿון דער נײַער קאָנסטיטוציע, און האָט באַשטימט, אַז קיין מיטגליד אירער האָט ניט דאָס רעכט אַרײַנצוגיין אין באַשטאַנד פֿון דער נײַער פֿאַרזאַמלונג.

אין דער געזעצגעבערישער פֿאַרזאַמלונג האָט מען געוויילט נאָר „אַקטיווע" בירגער. פֿון די 766 דעפּוטאַטן זײַנען געווען בלויז 3 פּויערים און 4 האַנטווערקער. די מערהייט ערטער האָט אין דער דאָזיקער פֿאַרזאַמלונג באַקומען די גרויס-בורזשואַזיע. עס האָט זיך אָבער אויך פֿאַרגרעסערט די צאָל דעמאָקראַטן, כאָטש ראָבעספּיער, אַלס מיטגליד פֿון דער גרינדונגס-פֿאַרזאַמלונג, איז אין דער געזעצגעבערישער פֿאַרזאַמלונג ניט אַרײַן. די פֿעליאַנער האָבן געהאַט אין דער פֿאַר-



מע אַרעסטירט דעם קיניג דעם 21 יוני 1791 י. — פֿון אַ גראַוויור פֿון מאַריאָ באָווי.

[1] דער דאָזיקער קלוב האָט זיך געפֿונען אין דער קאָלאָסאַלער געבײַדע פֿונעם רײַכן מאָנאַסטיר פֿון די פֿעליאַנער, וואָס איז פֿאַרמאַכט געוואָרן בײַס דער רעוואָליוציע. דערפֿון שטאַמט דער נאָמען פֿונעם דאָזיקן קלוב — דער קלוב פֿון די פֿעליאַנער.



די צעשיסונג אפנ מארס־פעלד — פונ בערטאָס גראווויור לויטנ געמעל פונ פריִער.

זאמלונג 264 ערטער. די פּעליאנער האָבנ פאַרגעשטעלט די געלט־בורזשואזיע, די באַנקירנ, די פּאַכטערס. עס זײַנענ אויכ געווענ צווישנ זיי אדל־לײַט ערדבאזי־צער. דער לינקער פליגל פונ דער פאַרזאמלונג האָט געהאט 136 דעפּוטאטנ. זיי האָבנ זיכ געטיילט אפּ צוויי גרופּעס: אפּ די יאקאָבינער די דעמאָקראטנ און אפּ די זשיראָנדיסטנ.

די זשיראָנדיסטנ האָבנ באקומענ אינ דער געזעצגעבערישער פאַרזאמלונג א באדײַטנדיקע ווירקונג. די אמערסטנ אָנגעזעענע פירער זייערע — דער גלענצנדי־קער רעדנער דער אדוואָקאט ווערניאָ און אנדערע — זײַנענ געווענ אויסגעוויילט פונעמ דעפּארטאמענט זשיראָנדע (פונדאנענ שטאמט טאקע דער נאָמענ פונ דער דאָזיקער פּארטיי — זשיראָנדיסטנ). אנ אָנגעזעענע ראָליע האָט געשפּילט צווישנ די זשיראָנדיסטנ דער דעפּוטאט פונ פּאריזש, דער זשורנאליסט בריסאָ.

די זשיראָנדיסטנ זײַנענ געווענ די פאָרשטייער פונ דער האנדלס־אינדוסטריע־לער בורזשואזיע.

אייניקע פונ די זשיראָנדיסטנ זײַנענ געווענ פאַרבונדנ מיט דער דאָרפישער אינדוסטריע. זיי האָבנ עקספּלואטירט די פּויערימ. צווישנ די זשיראָנדיסטנ זײַנענ געווענ ערדבאזיצער, וועלכע זײַנענ אויכ געווענ פאַרינטערעסירט דערינ, אז די פּויערימ זאָלנ זײַנ רעכטלאָז, דערשלאָגנ און זאָלנ ניט אופהערנ צו טראָגנ זייערע פליכטנ. די זשיראָנדיסטנ האָבנ געהאט אונטערנעמונגענ, וואָס האָבנ געהאנדלט מיט די קאָלאָניעס, און א טייל זשיראָנדיסטנ איז געווענ פאַרינטערעסירט, מע זאָל אײַנהיטנ אינ די קאָלאָניעס שקלאפערײַ.

דער קיניג און די געזעצגעבערישע פאַרזאַמלונג.

דער קיניג האָט זיך באַצויגן פּיַינטלעך צו דער נייַער פאַרשטייערשאַפט־אינסטיטוציע. די געזעצגעבערישע פאַרזאַמלונג האָט אָנגענומען אַ געזעץ וועגן קאָנפיסקירן דאָס אייגנטום פון די קאָנטררעוואָלוציאָנערע עמיגראַנטן און וועגן קעפּן זיי. זי האָט אויך אָנגענומען אַ געזעץ וועגן אופהערן צאָלן געהאַלט די גאַלאָכים, וואָס האָבן זיך אָפּגעזאָגט צו שווערן טרייַהייט דער קאָנסטיטוציע — די דאָזיקע שווערע האָט באַ זיי געפאָדערט די געזעצגעבערישע פאַרזאַמלונג; דער קיניג האָט דאַן אויסגענוצט זיַין „וועטאָ“-רעכט און אַרופגעלייגט אַפ די דאָזיקע געזעצן אַ פאַרבאָט.

אין מאַרט 1792 י. האָט ליודאָוויק דער XVI, וואָס האָט מיט זיַין אייַנגעשפּאַרטקייט אַרויסגערופן צאָרן און ערנסטע דראָונגען מיצאַד די זשיראָנדיסטן, באַשטימט צו פאַרמירן אַ מיניסטעריום פון זשיראָנדיסטן אין דער שפּיץ מיט ראָלאַנען.

פרילינג 1792 יאָר האָבן זיך אין די שטעט פאַרשטאַרקט די דערנערונגס-אומרועס. עס זייַנען אַרויסגעשטעלט געוואָרן פאָדערונגען, מע זאָל אייַנשטעלן אַ טאַקסע אַפ ברויט. דאָס געלט איז שטאַרק געפאַלן אין דער פרייַז, דער יאַקרעס איז געשטיגן. אין דאָרף האָט זיך פאַרשטאַרקט די באַוועגונג פון די פויערים פאַר ערד. אין אָט דער צייַט האָט זיך אָנגערוקט אַפ פראַנקרייַך די געפאַר פון אַ מילכאָמע.

די פעאָדאַלע קאָאַליציע קעגן דעם רעוואָליוציאָנערן פראַנקרייַך.

נאָך אין 1791 י. האָבן זיך אין פּילניץ געהאַט באַגעגנט דער עסטרייַכישער אימפּעראַטאָר לעאָפּאָלד דער II און דער פּרייַסישער קיניג פרידריך-ווילהעלם דער II מיט די פאַרשטייער פון די פראַנצויזישע עמיגראַנטן. זיי האָבן אונטערגעשריבן אַ פאַרשטענדיקונג וועגן געמיינזאַמע אַקציעס אַפ אופצושטעלן די זעלבסטהערשונג פון ליודאָוויק דעם XVI־טן און האָבן באַשלאָסן צו האַלטן דאָס מיליטער גרייט.

אין דער זעלבער צייַט האָבן די פראַנצויזישע קאָנטררעוואָליוציאָנערן די עמיגראַנטן זיך געווענדט צו יעקאַטערינאַ דער II-טער און האָבן איר געשריבן: „מיר גלייבן, אַז אונטער אייַער שוץ וועט די מאָנאַרכיע (אין פראַנקרייַך) זיך אופהייבן פון שטויב און וועט ווידער באַקומען איר פריַערדיקן גלאַנץ“. מאַריע־אַנטואַנעט האָט געבעטן יעקאַטערינאַ די II, זי זאָל צונויפרופן אַ קאָנגרעס, וואָס זאָל, שטיצנדיק זיך אַפ באַוואָפנטע קרעפטן, דערשטיקן די רעוואָליוציע. מיקויעך די דאָזיקע ווענדונגען האָט יעקאַטערינאַ די II געשריבן: „באַשיצן דעם פראַנצויזישן קיניג — דאָס איז די זאַך פון אַלע קייסאָרים. אין איצטיקן מאָמענט איז גענוג אַן אַרמיי פון צען טויזנט מאַן, אַז זי זאָל דורכשפּרייַזן פראַנקרייַך פון איין עק ביזן אַנדערן“. די קייסעריניע האָט געמאָלדן, אַז די געזעצגעבערישע פאַרזאַמלונג — דאָס איז אַ „הידרע מיט טויזנט צוויי הונדערט קעפּ“. אין די יאָרן פון דער פראַנצויזישער רעוואָליוציע האָט אָבער רוסלאַנד דירעקט אַפ אַ מיליטערישן אופן זיך ניט אַרייַנגעמישט, ווייַל עס איז געווען פאַרנומען מיט די מילכאָמעס קעגן שוועדן און טערקייַ און האָט זיך צו יענער צייַט באַטייליקט אינעם צעטיילן פּוילן.

יעקאַטערינאַ די II איז געווען אַפ דער זייַט פון דער פראַנצויזישער קאָנטררע-

וואָליוציע; אָבער די פּאָרגעשריטענע מענטשנ פונ דער רוסישער געזעלשאַפט האָבנ זיכ באַצויגנ מיט הייסער סימפּאַטיע צו דער רעוואָליוציע, וואָס האָט זיכ אָנגעהויבנ אינ פראַנקרײַכ. אינ 1790 י. האָט דער עדשטער רוסישער רעפּובליקאַנער, דער נאָכפאָלגער פונ די פראַנצויזישע מאַטעריאַליסטנ א. נ. ראַדישטשעוו, אַרויסגעלאָזנ אינ רוסלאַנד זײַנ באַרימטע „רײַזע פונ פּעטערבורג קיינ מאָסקווע". אינעם דאָזיקנ בוכ האָט ער דרייסט אופגעדעקט דעם גאַנצנ שוידער פונעם לײַבייגנטום. וועגנ דאָזיקנ בוכ האָט יעקאַטערינאַ די II געזאָגט, אַז דאָס איז די „פאַרשפּרייטונג פונ דער פראַנצויזישער עפּידעמיע". וועגנ ראַדישטשעוונ גופע האָט זי געזאָגט, אַז ער איז „א בונטאָווטשיק נאָכ אַנ ערגערער איידער פּוגאַטשאָוו". ראַדישטשעוונ האָט מענ פאַרורטיילט צו טויט-שטראָף. דעם דאָזיקנ אורטייל האָט מענ אימ פאַרביטנ אפ פאַרשיקונג קיינ סיביר. פאַרשיקט האָט מענ אימ אַהינ א געשמידטנ אינ קייטנ.

דער עסטרײַכישער אימפּעראַטאָר האָט אויסגענוצט די שווערע לאַגע פונ פראַנקרײַכ אונ האָט געוואָלט אופשטעלנ די זעלבסטהערשונג פונ לודאָוויק דעמ XVI-טנ אונ פונ זײַנ שוועסטער — דער קיניגינ מאַריע-אַנטואַנעט. אינ 1792 י. האָט ער זיכ אָנגעהויבנ גרייטנ צו א מילכאָמע מיט פראַנקרײַכ. די געזעצגעבערישע פאַרזאַמלונג האָט באַשלאָסנ צו פאַרלויפנ אימ דעם וועג, אונ פרילינג 1792 י. האָט זי דערקלערט א מילכאָמע עסטרײַכ.

„די מילכאָמע פונ 1792 יאָר, — שרײַבט כאַווער סטאַלינ, — איז געווענ א דינאַסטישע מילכאָמע פונ די אומבאַגרענעצטע קיניגנ די לײַבייגנטימער קעגנ דעמ רעפּובליקאַנישנ פראַנקרײַכ, וועלכע האָבנ זיכ דערשראָקנ פאַר דער רעוואָליוציאָנערער סרייפע אינעם דאָזיקנ לאַנד. דער ציל פונ דער מילכאָמע איז געווענ צו פאַרלעשנ די דאָזיקע סרייפע, אופשטעלנ אינ פראַנקרײַכ די אַלטע פּאָראָנדקעס אונ דערמיט גאַראַנטירנ פונ א רעוואָליוציאָנערער אָנשטעקונג אינ זייערע אייגענע מעלוכעס די איבערגעשראָקענע קיניגנ. דערפאַר נעמלעכ האָבנ זיכ אַזוי מעסירעס־נעפעשדיק געשלאָגנ די רעוואָליוציאָנערנ פונ פראַנקרײַכ קעגנ מיליטער פונ די קיניגנ"[1].

אינ 1792 י. איז פראַנקרײַכ ארײַנגעטראָטנ אינ א פאַזע מילכאָמעס, וואָס האָבנ זיכ געצויגנ העכער 20 יאָר.

„דאָס פאָטערלאַנד איז אינ געפאַר".

די מילכאָמע קעגנ עסטרײַכ אונ פרײַסנ האָט זיכ אָנגעהויבנ מיט א ריי מאַפּאָלעס. צווישנ דעמ אַדעליקנ קאָמאַנדירנ-באַשטאַנד האָט זיכ גענעסטעט פאַראַט אונ סאַבאָטאַזש. די סאָלדאַטנ האָבנ פאַרלאָרנ דעם צוטרוי צו די אָפיצערנ אונ גענעראַלנ. די דיסציפּלינ איז געווענ אונטערגעריסנ. די מיליטערישע לאַגע פונ פראַנקרײַכ איז פאַרערגערט געוואָרנ אויכ דערמיט, וואָס מאַריע-אַנטואַנעט האָט אויסגעגעבנ די עסטרײַכער דעמ פּלאַנ פונ דער מילכאָמע. דאָס עסטרײַכישע אונ פּרײַסישע מיליטער האָט זיכ דערנעענטערט צו די גרענעצנ פונ פראַנקרײַכ. פונ טאָג צו טאָג האָט מענ דערוואַרט, זיי זאָלנ זיכ ארײַנרײַסנ אינ לאַנד.

אונטערנ דרוק פונ די אַרבעטער פונ די פּאָרשטעט האָט די געזעצגעבערישע פאַרזאַמלונג דאַנ באַשלאָסנ אַרויסצורופנ קיינ פּאַריזש פונ דער פּראָווינצ

[1] סטאַלינ, אפ די וועגנ צומ אָקטיאַבער, 1925, ז. 4.

20 טויזנט פרײַוויליקע אונ גרינדנ לעבנ פּאַריזש א מיליטערישנ לאַגער. דער קיניג האָט ארופגעלייגט אפנ דאָזיקנ דעקרעט א פארבאָט. דאָס האָט ארויסגערופנ א כוואַליע פונ אופרעגונג איבערנ גאנצנ לאַנד. דאָלאנס זשיראָנדיסטיש מיניסטעריום, וואָס האָט אונטערגעהאלטנ די באשטימונג וועגנ אויסבילדנ א לאַגער פונ פעדעראטנ, האָט דער קיניג באפרײַט אינ דעמיסיע.

טראָץ דעמ קיניגס פארבאָט, האָבנ זיכ איבערנ גאנצנ לאנד פאָרמירט אָטריאדנ פונ וואָלאָנטערנ, וואָס האָבנ געאײַלט צו פארטיידיקנ פאריזש. באוואָפנטע אָטריאדנ מארסעלער זײַנעג געגאנגענ מיט א נײַער רעוואָליוציאָנערער ליד — מיט דער מארסעליעזע. אָט איז איר אָנהייב:

צו שלאכט, פונ פאָטערלאנד די קינדער!
פונ אונדזער רומ די צײַט קומט אָנ.
ס'גייט דער טיראנ אפ אונדז אצינדער
אונטער דער בלוט-פארפלעקטער פאָנ.
נעמט צומ געווער זיכ, בירגער!
נעמט צומ געווער זיכ, בירגער!

דעמ 11 יול האָט די געזעצגעבערישע פארזאמלונג דערקלערט, אז דאָס פאָטערלאנד איז אינ געפאר. די פאריזשער אײַנוווינער האָט מענ צעגעבנ געווער. מע האָט פאָרמירט אָטריאדנ אונ זיי געשיקט אפנ פראָנט.

אינ דער זעלבער צײַט האָט דער בראונשווײַגער הערצאָג, דער הויפט-קאָמאנדיר פונ דער ארמיי פונ פרײַסנ, וואָס איז צוגעשטאנענ צו עסטרײַכ, פארעפנטלעכט א מאניפעסט, אינ וועלכנ ער האָט געדראָעט דער רעוואָליוציע, אז מע וועט זיכ מיט איר אומראכמאָנעסדיק צערעכענענ; ער האָט געדראָעט, אז ער וועט ניט איבערלאָזנ אינ פאריזש א שטיינ אפ א שטיינ, אויב עס וועט ניט אופגעשטעלט ווערנ די פריערדיקע זעלבסטהערשנדיקע מאכט פונ ליודאָוויק דעמ XVI-טנ. גלײַכצײַטיק האָט דער בראונשווײַגער הערצאָג אָנגעהויבנ פונ קאָבלענצ דעמ אָנגריפ אפ פאריזש. אינעמ אָנגריפ האָבנ זיכ כוץ דער פרײַסישער ארמיי באטייליקט אויכ גאנצע מענגעס עמיגראנטנ.

## די שטירצונג פונ דער מאָנארכיע. דער קאמפ צווישנ די זשיראָנדיסטנ אונ דעמ „בארג".

די רעוואָליוציע פונ 10 אווגוסט 1792 י. די שטירצונג פונ דער מאָנארכיע אינ פראנקרײַכ.

אינ דער דאָזיקער גרויזאמער שאָ האָבנ זיכ אופגעהויבנ די ארבעטער פונ די פאריזשער פאָרשטעט צומ פארטיידיקנ די דעראָבערונגענ פונ דער רעוואָליוציע קעגנ דער ארמיי פונ די עמיגראנטנ אונ פעאָדאלע מעלוכעס. ראָבעספיער האָט פאנאנדערגעוויקלט א פיבערהאפטע טעטיקײַט. ער האָט געפאָדערט, מע זאָל אראָפּוּעצנ דעמ קיניג אונ צונויפרופנ די פאָלקס-פארזאמלונג — דעמ קאָנווענט, אנ אויסגעוויילטנ דורכ אנ אלגעמיינער אָפּשטימונג, אָנ א צעטיילונג פונ די בירגער אפ אקטיווע אונ פאסיווע.

צווישנ דער קליינ-בורזשואזיע אונ בא די ארבעט-מענטשנ פונ פאריזש איז געווענ פאָפולער זשאנ פאָל מאראט. אינ זײַנ צײַטונג „דער פרײַנט פונ




דער פלאן פון פאריז אין די יאָרן פון דער רעוואָליוציע (1789—1794).

פאָלק" האָט ער גערופן ניט צו געטרויען ניט נאָר דעם קי־ניג, נאָר אויך דער געזעצגע־בערישער פארזאמלונג.

„די געזעצגעבערישע פאַר־זאמלונג — דאָס איז אײַער פאַר־ביסנסטער פײַנט, — האָט מאַראַט די גאַנצע צײַט געטײַנעט אין זײַנע אַרטיקלען. — זי וועט זיך אין אײַך נויקעמ זײַן און זי וועט זיך באַמיִען צו פאַרשלע־פערן אײַך מיט פאַלשע צוזאָגן. פאָדערט, מע זאָל צונויפרופן דעם קאָנווענט, קעדיי צו מיש־פּעטן דעם קיניג און קעדיי אי־בערצוקוקן די קאָנסטיטוציע".

זשאַן פּאָל מאַראַט (1745—1793) איז לויט דער פּראָפעסיע געווען אַ דאָקטער. ער האָט זיך געלערנט אין לאָנדאָן, וווּ ער איז געווען פאַרבונדן מיט די ראַדיקאַלע דעמאָקראַטן, דערנאָך האָט ער זיך אַריבערגעקליבן קיין



מאַראַט אויף דער טריבונע — פון טורקאַטיס גראַווויור לויט סימאָנס פּאָרטרעט.

פּאַריז. פון סאַמע אָנהייב רעוואָליוציע דרוקט מאַראַט אין די צײַטונגען שאַרפע לײַדנ־שאַפטלעכע אַרטיקלען, וואָס פאַרטיידיקן די אינטערעסן פון דער שטאָטישער אָרעמשאַפט און פון די פויערים. ער פאַלט אָן אויף מיראַבאָ און באַשולדיקט אים (ווי עס האָט זיך דערנאָך אַרויסגעוויזן פולקום ריכטיק), אַז יענער האָט זיך פאַרקויפט דעם הויף. דאַן איז אַרויס אַ באַפעל צו אַרעסטירן מאַראַטן. פיל כאַדאָשים איז אים אויסגעקומען אויסצובאַהאַלטן זיך אין שטיבלעך בײַ די אָרע־מעלײַט, אין קעלערס, וווּ מע זעט ניט די ליכטיקע שײַן. פון אַרבעטן טאָג און נאַכט אין אַ פינצטערן קעלער איז מאַראַט געוואָרן קראַנק אויף די אויגן. ער הערט אָבער ניט אויף צו שרײַבן אַרטיקלען, וואָס רופן פאָרצוזעצן די רעוואָליו־ציע. מאַראַט גיט אַרויס אַ צײַטונג „דער פרײַנט פון פאָלק". צווישן דער אָרעמ־שאַפט האָט ער אומעטום פרײַנט, און אים גופע פלעגט מען רופן „דער פרײַנט פון פאָלק". ער האָט קעסיידער גערופן צום קאַמף קעגן קיניג, קעגן די אַדל־לײַט, דערנאָך קעגן די זשיראָנדיסטן, ער האָט אָבער ניט אַרויסגערוקט אַ וועלכע־עס־איז אייגענע פּראָגראַם, וואָס זאָל זיך אונטערשיידן פון דער פּראָגראַם פון די יאַקאָבינער.

מאַראַט האָט מיטגעפילט די האַנטווערקער די אָרעמעלײַט און האָט געוואָלט פאַרבעסערן זייער לאַגע; צוליב דעם האָט ער פאָרגעלייגט אויפשטעלן די אָפּגעלעבטע מיטלאַלטערלעכע סיסטעם פון צעכן.

אין די טעג, ווען עס האָט געדראָעט דער רעוואָליוציע אַ געפאַר, האָט מאַ־

ראַט פאַנאַנדערגעוויקלט א פּיבערהאַפטע טעטיקייט אינ די סעקציעס. אינ א ריי ראַיאָנענ פונ פּאַריזש האָבנ זיכ די סעקציעס צוערשט געהאַט אויסגעבילדעט צו-ליב די וואַלנ אינ די גענעראַלע שטאַטנ אונ דערנאָכ זייַנענ זיי געוואָרנ שטענדיקע אָרגאַניזאַציעס פונ די בירגער אינ די ראַיאָנענ. זיי האָבנ נאָכ פריִער געהאַט דער-לאָזנ אינ זייערע רייענ ניט בלויז די אַקטיווע בירגער, נאָר אויכ יעדנ איינציקנ, וואָס האָט נאָר געוואָלט. איצט אָבער האָבנ די סעקציעס דערקלערט זייערע זי-צונגענ פאַר אומופהערלעכע אונ אויסגעוויילט א צענטראַלנ אופשטענדלערישנ קאָמיטעט, די רעוואָלוציאָנערע קאָמונע פונ פּאַריזש.

דער ווּקס פונעם יאַקרעס אונ דער מאַנגל אינ דערנערונגס-פּראָדוקטנ האָבנ מיטגעווירקט, אַז עס זאָל נאָכ גרעסער ווערנ די אופרעגונג פונ די מאַסנ.

אינ דער נאַכט פונעם 9 אופנ 10 אווגוסט 1792 י. האָט געקלונגענ קלינגענ דער שטורעם-גלאָק. די באַוואָפנטע בירגער פונ פּאַריזש האָבנ אָנגעהויבנ זיכ צונויפקלייַבנ בא דעם ראַטהויז. צעטיילט אופ אָטריאַדנ, באַוואָפנט מיט געווער, פּיסטוילנ אונ שפּיזנ, האָבנ די פאָלקס-מאַסנ צוזאַמענ מיט די געקומענע פונ דער פּראָווינצ וואָלאָנטערנ דעם 10 אווגוסט באַגינענ אַטאַקירט דעם קיניגלעכנ פּאַלאַצ טויִלרי. דער קיניג האָט זיכ שוינ לאַנג געריכט אופ אַזאַ אָנפאַל, דעריבער זייַנענ אינעם פּאַלאַצ געווענ קאָנצענטרירט אָטריאַדנ פונ געדונגענעם שווייצישנ מי-ליטער, עס זייַנענ דאָ געווענ צונויפגעזאַמלט די אַדל-לייַט, די אָפיצערנ, וואָס זייַנענ געווענ טרייַ דעם קיניג, אונ מע האָט אַהער אריבערגעוואָרפנ די אַרטי-לעריע.

די ערשטע אַטאַקע פונעם פאָלק האָט מענ אָפּגעשלאָגנ. אופנ פּלאַצ פאַרנ פּאַלאַצ זייַנענ געבליבנ ליגנ דערהאַרגעטע אונ פאַרווּנדעטע.



דאָס איינעמענ טויִלרי — דעם 10 אווגוסט 1792 י. (פונ דיפּלעסי — בערטאָס בילד).

ערשט נאָכ דער צווייטער אטאקע האָט מענ דעמ פּאלאצ איינגענומענ, אָבער דעמ קיניג האָט מענ דאָרטנ ניט געפונענ. ליודאָוויק דער XVI איז אנטלאָפנ אינ דער געזעצגעבערישער פארזאמלונג און געבעטנ, זי זאָל אימ נעמענ אונטער איר שוץ.

די געזעצגעבערישע פארזאמלונג האָט אָפּגענומענ באמ קיניג די מאכט און האָט באשטימט, אז דער קיניג זאָל וווינענ אינ איינעמ פונ די פאריזשער פּאלאצנ. די רעוואָליוציאָנערע קאָמונע איז אָבער באשטאנענ דערויפ, אז מע זאָל דעמ קיניג ארעסטירנ. דעמ קיניג צוזאמענ מיט דער פאמיליע האָט מענ איינגעזעצט אינ דער טאמפּל-טפיסע.

אָט אזוי האָט מענ דעמ 10 אווגוסט 1792 יאָר ארָאָפּגעוואָרפנ אינ פראנקרייכ די מאָנארכיע. ראָלאנס זשיראָנדיסטיש מיניסטעריומ האָט זיכ אומגעקערט צו דער מאכט. אינ דעמ דאָזיקנ מיניסטעריומ איז אויכ אריינ אלס מיניסטער פונ יוסטיצ דער יאקאָבינער דאנטאָנ. דעמלט טאקע האָט זיכ די קאָמונע פונ פאריזש ארויס-געוויזנ אלס א רעוואָליוציאָנערע מאכט, וועלכע קאָנ אָפּשאפנ די באפעלנ פונ דער געזעצגעבערישער פארזאמלונג.

**די אָרגאניזירונג פונ דער שוץ און דאָס אָפּשלאָגנ דעמ סוינע.**

פריער פונ אלצ האָט די קאָמונע אויסגענוצט איר איינ-פלוס אפ צו אָרגאניזירנ די שוץ. ווארטנ האָט מענ ניט געטאָרט. די פּרייסנ זיינענ שוינ געווענ צוגעגאנגענ צו ווערדענ. פאריזש האָט געשיקט די שלאכטמענער אפנ פראָנט, בייס אינ דער הויפּטשטאָט האָבנ די קאָנטררעוואָליוציאָנערנ אָפּנ געגרייט א בונט. די מאָנארכיסטנ האָבנ באשלאָסנ צו צעברעכנ די טפיסעס און ארויס-לאָזנ די קאָנטררעוואָליוציאָנערנ, וואָס זיינענ דאָרטנ געזעסנ, באפרייענ דעמ קיניג און מאכנ אינ פאריזש א שכיטע. דאנ האָט די קאָמונע ארעסטירט א דריי פערזאָנענ. אָנהייב סענטיאבער האָט זיכ דאָס פאָלק אריינגעריסנ אינ די טפיסעס און האָט זיכ צערעכנט מיט די קאָנטררעוואָליוציאָנערנ, וועלכע האָבנ זיכ געגרייט ארויס פונ דאָרטנ אפ דער פריי. אינ די דאָזיקע טעג האָט דער יאקאָבינער דאנטאָנ, וואָס האָט אויסגעדריקט די שטימונגענ פונ די מאסנ, געזאָגט אזוי פונ דער טריבונע פונ דער געזעצגעבערישער פארזאמלונג: „ווענ דאָס פאָטערלאנד איז אינ געפאר — האָט קיינער ניט דאָס רעכט אָפּצוזאָגנ זיכ צו דינענ אימ, אניט ריזיקירט ער געשטעלט ווערנ צו שאנד און צו פארדינענ דעמ נאָמענ פונ א פארעטער פונעמ פאָטערלאנד. קעדיי צו באזיגנ די פיינט, איז אונדז נייטיק דרייסטקייט, דרייסטקייט און נאָכאמאָל דרייסטקייט, — און פראנקרייכ וועט גע-ראטעוועט ווערנ".

ראָבעספּיערס, מאראטס, דאנטאָנס לאָזונגענ וועגנ פארטיידיקנ דאָס פאָטער-לאנד האָט אונטערגעכאפּט דאָס גאנצע רעוואָליוציאָנערע פראנקרייכ. און דאנ איז געשענ אזוינס, אפ וואָס מע האָט זיכ אינ אייראָפּע אבסאָליוט ניט גערייכט. דאָס פראנצויזישע רעוואָליוציאָנערע מיליטער — א הונגעריקס, א שלעכט געקליידטס, אָפטמאָל ניט באשוכט, שלעכט באוואָפנט, אָבער דערפאר דורכגעדרונגענ מיט רעוואָליוציאָנערנ ענטוזיאזמ — האָט אָפּגעטריבנ די אויסגעמושטרירטע ארמייענ פונ דער פעאָדאלער קאָאליציע.

דעמ 20 סענטיאבער 1792 י. איז פאָרגעקומענ די אנטשיידענע שלאכט בא וואלמי. די פּרייסנ האָבנ ניט אויסגעהאלטנ דאָס שטארקע ארטילערישע פייער און

דעם אומגעריכטן אָנגריף פונעם רעוואָליוציאָנערן מיליטער און האָבן זיך געלאָזט לויפן. פּאַריזש איז געווען געראַטעוועט. די שלאַכט בײַ וואַלמי איז געווען אַן איבערבראָך־מאָמענט אינעם גאַנג פון דער מילכאָמע. נאָך דעם דאָזיקן זיג איז די רעוואָליוציאָנערע אַרמיי אַריבער אין אַן אָנגריף. אין אַ קורצער צײַט אַרום איז דאָס פראַנצויזישע מיליטער אַריבער די גרענעצ און האָט פאַרנומען גאַנצ בעלגיע.

דער קאָנווענט. דער קאַמף צווישן די זשי־ראָנדיסטן און די יאַ־קאָבינער.

דער זיג לעבן וואַלמי איז צונויפגעפאַלן מיט דער עפענונג פונעם קאָנווענט אין פּאַריזש. דער קאָנווענט האָט פאַרביטן די געזעצגעבערישע פאַרזאַמלונג. צום אַלעמערשטן האָט דער קאָנווענט פּראָקלאַמירט אין פראַנקרײַך אַ רעפּובליק (סענטיאַבער 1792 י.).

כאָטש דער קאָנווענט איז געווען אויסגעווײלט דורך די בירגער אָן אַ צעטיילונג אויף פּאַסיווע און אַקטיווע, דאָך איז ער דערהויפּט באַשטאַנען פון פאָרשטייער פון דער בורזשואַזיע. דער בורזשואַזיע האָבן אָפּגעגעבן זייערע שטימען די פּויערים און די ברייטע שיכטן פון דער שטאָטישער באַפעלקערונג, וועלכע זײַנען נאָך ניט געווען פײַיִק אַרויסצוטרעטן אַלס אַ פּאָליטיש זעלבשטענדיקע קראַפט. די דעמאָקראַטן די יאַקאָבינער, וואָס האָבן פאַרנומען די אייבערשטע בענק אין זאַל, האָט מען אָנגערופן דער „באַרג“ („מאָנטאַניאַרן“). אויף די אונטערשטע בענק פונעם קאָנווענט זײַנען געזעסן די זשיראָנדיסטן, די פאָרשטייער פון דער האַנדלס־אינדוסטריעלער בורזשואַזיע. דאָרטן, פון אונטן, זײַנען געזעסן אויך די איבעריקע בורזשואַזע דעפּוטאַטן, זיי האָבן באַטראָפן דרײַ פערטל פונעם קאָנווענט און זײַנען ניט צוגעשטאַנען צו קיין שום פּאַרטיי. צוערשט זײַנען זיי געווען גענייגט צו די זשיראָנדיסטן, דערנאָך צו די יאַקאָבינער, און זיי האָבן געקראָגן דעם צונאָמען „בלאָטע“ אָדער „פּליין“.

פון סאַמע אָנהייב אָן האָט זיך אין קאָנווענט פאַנאַנדערגעוויקלט אַ קאַמף צווישן די יאַקאָבינער און די זשיראָנדיסטן. די זשיראָנדיסטן האָבן געהאַלטן, אַז די רעוואָליוציע איז פאַרענדיקט, די יאַקאָבינער האָבן געהאַלטן, אַז מע דאַרף די רעוואָליוציע פאָרטיפערן, אַז מע דאַרף פאָרזעצן דעם קאַמף קעגן דעם פעאָדאַלן יאָך.

די זשיראָנדיסטן האָבן געוואָלט ראַטעווען דעם קיניג. געשטיצט פון דער קאָמונע, האָבן אָבער די יאַקאָבינער זיך דערשלאָגן, אַז דער קאָנווענט זאָל מישפּעטן דעם קיניג און אים פאַרורטיילן צו טויט־שטראָף. דעם 21 יאַנוואַר 1793 י. האָט מען דעם קיניג געקעפּט. שפּעטער האָט מען אויך געקעפּט די רעדלפירערן פון דער הויף־פּאַרטיי מאַריע־אַנטואַנעט.

דערווײַל האָט זיך די לאַגע אויפן פראָנט שטאַרק פאַרערגערט. נאָך דעם, ווען דאָס מיליטער פון דער פראַנצויזישער רעפּובליק האָט זיגרײַך אַרײַנמאַרשירט קיין בעלגיע (1792), האָט דער קאָנווענט געמאָלדן, אַז ער וועט געבן ברידערלעכע הילף אַלע פעלקער, אַז דאָס מיליטער פון דער רעפּובליק וועט זען צו פאַרניכטן די פעאָדאַלע רעכט אין די לענדער, וואָס וועלן אָנגעשלאָסן צו פראַנקרײַך. די רעוואָליוציאָנערע גענעראַלן האָבן אַלס זייער לאָזונג פּראָקלאַמירט: „פרידן — די שטיבלעך, אַ מילכאָמע — די פּאַלאַצן“. די זשיראָנדיסטן האָבן אָבער געקוקט אויף דער מילכאָמע, ווי אויף אַ מיטל צו אונטערטעניקן נײַע לענדער דער פראַנצויזישער בורזשואַזיע, די זשיראָנדיסטישע גענעראַלן האָבן באַרויבט די באַפעל-

קערונג פון די דעראָבערטע געגנטן. דער זשיראָנדיסטישער מיניסטער ראָלאַן האָט אויסגעזאָגט די עמעסע פּלענער פון דער גרויס-בורזשואזיע. „עס קומט אויס, — האָט ער געזאָגט, — אוועקצושיקן פון פּאַריזש טויזנטער מענטשן אַף דער גרענעץ. מיר גיבן זיי געווער און מיר שיקן זיי אוועק אַזוי ווײַט, אַף וויפל נאָר עס קאָנען זיי די פּיס פאַרטראָגן. אַניט וואָלטן זיי זיך אומגעקערט און זיי וואָלטן אונדז איבערגעשניטן דעם גאָרגל". אוועקשיקנדיק דאָס מיליטער אַפן פראָנט, האָבן די זשיראָנדיסטן געוואָלט פּאָטער ווערן פון די אַמערסטן רעוואָליוציאָנערע עלעמענטן, פון די סאַנקיולאָטן (אַזוי האָבן זיך גערופן די אָרעמעלײַט, וועלכע האָבן ניט געטראָגן, ווי די אַריסטאָקראַטן און די רײַכע לײַט, קורצע ביז די קני הויזן (קיולאָט), אַרומגעהאַפטע מיט שפּיצן, נאָר האָבן געטראָגן לאַנגע הויזן פון גראָבן שטאָף).

אונטער דער אָנפירונג פון די זשיראָנדיסטן האָט דאָס מיליטער פונעם קאָנווענט אָנגעהויבן צומאָל זיך שלאָגן אָן כיישעק, מאַכמעס עס האָט ניט פאַרטרויט די קאָמאַנדירן. אונטער דעם שטאַרקן אָנגריף פונעם מיליטער פון דער פעאָדאַלער קאָאַליציע האָט דאָס מיליטער פון דער רעפּובליק אָנגעהויבן אָפּטרעטן. אַגעוו, צו דער דאָזיקער קאָאַליציע זײַנען אויסער עסטרײַך און פרײַסן עטוואָס שפּעטער אויך צוגעשטאַנען שפּאַניע און האָלאַנד. צו דער בלאָקאַדע פון פראַנקרײַך האָט זיך נאָך פאַרייניקט אויך דאָס צאַרישע רוסלאַנד. ענגלאַנד האָט אָנגעהויבן פאַרכאַפּן פראַנצויזישע שיפן, דעריבער האָט פראַנקרײַך דעם 1 פעווראַל 1793 י. דערקלערט ענגלאַנד אַ מילכאָמע.

אין דעם זעלבן טאָג האָט פראַנקרײַך אויך דערקלערט אַ מילכאָמע האָלאַנד. די פעאָדאַלע לענדער האָבן פריִער פון אַלץ געשטרעבט צו דערשטיקן די פראַנצויזישע רעוואָליוציע, קעדיי דער פלאַם אירער זאָל זיך ניט אַריבערוואַרפן אין אַנדערע לענדער פון אייראָפּע.

די ענגלישע בורזשואזיע איז אויך געווען פאַרינטערעסירט צו דערשטיקן אין פראַנקרײַך די באַוועגונג פון די פאָלקס-מאַסן. דער הויפּט-ציל אירער איז אָבער געווען צו פאַרניכטן דעם קאָנקורענט, וואָס איז געווען געפערלעך פאַר איר אינדוסטריע און וואָס איז גלײַכצײַטיק געווען איר וויכטיקסטער קאָנקורענט אינעם קאַמף פאַר די קאָלאָניעס. ענגלאַנד האָט געשפּילט די הויפּט-ראָליע אַלס אָרגאַניזאַטאָר פון דער מילכאָמע קעגן דעם רעוואָליוציאָנערן פראַנקרײַך. דערבײַ האָט זיך ענגלאַנד געסטאַרעט צו „שאַרן דאָס פײַער מיט פרעמדע הענט". סובסידירנדיק אירע פאַרבינדעטע, האָט ענגלאַנד זיי געצווונגען צו שיקן מיליטער קעגן פראַנקרײַך.

די לאַגע איז קאָמפּליצירט געוואָרן דערמיט, וואָס עס האָט זיך אָנגעהויבן אַ קאָנטררעוואָליוציאָנערער אויפשטאַנד אין פראַנקרײַך גופע, און נעמלעך אין וואַנדייע. דאָס אָפּגעשטאַנענע פּויערטום פון דער דאָזיקער געגנט, וואָס האָט געהאַט באַקומען פון דער רעוואָליוציע ווייניקער איידער אין די אַנדערע ערטער, איז אוועק נאָך די קאָנטררעוואָליוציאָנערע גאַלאָכים און פּריצים. ענגלישע שפּיאָנען און דיווערסאַנטן האָבן געבראַכט אין וואַנדייע אַ סאַך געלט און געווער אַף צו אָרגאַניזירן דעם בונט.

אַ שאַרפער קאַמף צווישן דעם „באַרג" און דער זשיראָנדע האָט זיך צעפלאַקערט אַרום דער דערנערונגס-פראַגע. דער יאַקרעס איז געוואַקסן פון טאָג צו



מע קעפּט דעם קיניג—פון העלמאנס גראוויור לויטן געמעל פון מאָנע.

טאָג. דערפונ האָבנ שטארק געליטנ די מאסנ. די זשיראָנדיסטנ האָבנ זיכ אָבער דערשלאָגנ, אז מע זאָל ארויסגעבנ א געזעצ וועגנ פולשטענדיקער פרײַהײַט פונ ברויט-האנדל. דאָס האָט ארויסגערופנ א שטארקע אומצופרידנקײַט צווישנ דער שטאָטישער אָרעמשאפט. אינ די פאריזשער סעקציעס זײַנענ ארויסגעטראָטנ די אָנהענגער פונ עקסטרעמע מיטלענ; די בורזשואזיע האָט די דאָזיקע אָנהענגער אָנגערופנ „דולע“. דעמ גרעסטנ אײַנפלוס האָט געהאט צווישנ זיי זשאק רו, אנ אָרעמער געמיינדע-גאלעכ.

„די פרײַהײַט, — האָט רו געזאָגט, — איז א פוסט געשפענסט, אויב איינ קלאס קענ אומבאשטראָפט פײַניקנ מיט הונגער דעמ אנדערנ קלאס. צי דענ איז דאָס אייגנטומ פונ שווינדלער טײַערער פונ דעמ מענטשנס לעבנ?“

די „דולע“ פלעגנ ארויסטרעטנ קעגנ די פאכטערס און די רײַכע לײַט.

אונטער דער ווירקונג פונ די מאסנ האָבנ די יאקאָבינער גענומענ פאָדערנ, מע זאָל אײַנפירנ א טאקסע אפ ברויט און אפ אנדערע פראָדוקטנ (די פעסטע לימיט-פרײַזנ אפ סכוירעס האָט מענ דאנ אָנגערופנ „מאקסימומ“). ענדלעכ, דעמ 4 מײַ 1793 י., האָט דער קאָנווענט אָנגענומענ א געזעצ וועגנ א מאקסימומ אפ טוווע.

דעמ לאנד האָט געדראָעט א געפאר פונ אויסנ און פונ דער אינערלעכער קאָנטרעוואָליוציע. און דאָ האָט נאָכ דער הויפט-קאָמאנדיר פונ דער צאָפנדיקער ארמיי, דער זשיראָנדיסטישער גענעראל דיומוריע, פאראטנ און איז אריבער אפנ צאד פונ די עסטרײַכער. די זשיראָנדיסטנ האָבנ איבערגעגעבנ צומ געריכט דעמ „פרײַנט פונ פאָלק“ מאראטנ, אָבער אונטערנ דרוק פונ די מאסנ האָט מענ אימ פרײַגעשפראָכנ. פונ דער געריכט-געבײַדע האָט דאָס פאָלק אוועקגעטראָגנ מאראטנ אפ די הענט ביז צומ קאָנווענט. דאָס פאָלק האָט אימ פריידיק באגריסט מיט אויסגעשרייענ און באשאָטנ מיט בלומענ.

אלס ענטפער דערויפ האָבנ די זשיראָנדיסטנ באשלאָסנ זיכ צערעכענענ מיט דער קאָמונע און מיט די רעוואָליוציאָנערע סעקציעס און האָבנ צוליב דעמ אויסגעקליבנ א ספעציעלע „קאָמיסיע פונ צוועלפ“. די ידיעה וועגנ דעמ האָט ארויסגערופנ אינ די פאָרשטעט א קאָלאָסאלע אופרעגונג.

די רעוואָליוציע פונ 31 מײַ—2 יונ 1793 י.

דעמ 31 מײַ 1793 י. זײַנענ די גאסנ פונ פאריזש ווידער געווענ פול מיט באוואָפנטע אופשטענדלער. אינ אָט דעמ טאָג האָבנ זיי זיכ אָבער דערשלאָגנ באמ קאָנווענט ניט מער, ווי די ליקווידירונג פונ דער „קאָמיסיע פונ צוועלפ“. דער קאמפ איז ווײַטער אָנגעגאנגענ. דעמ 2 יונ אינדערפרי האָט מאראט אליינ געגעבנ פונ דעמ ראטהויז א סיגנאל, מע זאָל קלינגענ אינעמ שטורעמ-גלאָק. עס האָבנ זיכ אופגעהויבנ די פאָרשטעט. 40 טויזנט מענטשנ זײַנענ אוועק צומ קאָנווענט. ווענ די באוואָפנטע אָטריאדנ פונ די סעקציעס האָבנ ארומגערינגלט דעמ קאָנווענט, האָט דער קאָנווענט באשטימט צו ארעסטירנ די זשיראָנדיסטישע רעדלפירער. די אָנפירנדיקע פארטיי אינ קאָנווענט זײַנענ געוואָרנ די יאקאָבינער, וועלכע זײַנענ געווענ די אמערסטנ אנטשלאָסענע פאָרשטייער פונעמ „רעוואָליוציאָנערנ קלאס פונ זייער צײַט — פונ דער בורזשואזיע“[1].

1 פונ דער באשטימונג פונ דער זשורי פונ דער רעגירונגס-קאָמיסיע איבערנ קאָנקורס אפנ בעסטנ לערנבוכ פארנ 3-טנ און 4-טנ קלאסנ פונ דער מיטלשול איבער דער געשיכטע פונ פססר.

די יאקאָבינער האָבן פאָרגעשטעלט די רעוואָלוציאָנערע בורזשואזיע, וואָס האָט געקעמפט קעגן דער פעאָדאל-אבסאָליוטיסטישער אָרדענונג. נאָכן דער רעוואָ-ליוציאָנערער בורזשואזיע איז געגאנגען דער פלעבס: די שיכטן פון דער קליינ-בורזשואזיע, וואָס זיינען מאטעריעל אמווייניקסטן פארזיכערט און וואָס ווערן רויִנירט, די האנטווערקער, די ארבעטער.

אינעם קאמף קעגן דער פעאָדאל-אבסאָליוטיסטישער אָרדענונג זיינען די יאַ-קאָבינער געשטיצט געוואָרן (און צומאָל אויך אונטערגעשטויסן געוואָרן) דורך די דאָזיקע פלעבייִישע מאסן, דורכן שטאָטישן האמויִן, דורך די סאנקיולאָטן. דאָס פויערטום, וואָס האָט געקעמפט קעגן די פריצים אין דאָרף, קעגן דעם אויסער-לעבן פיינט אפ די פראָנטן, איז געווען די אמערסטן צאָלרייכע און וויכטיקסטע שלאכט-קראפט פון דער פראנצויזישער בורזשואזער רעוואָליוציע.

דעם 31 מיי — 2 יוני 1793 יאָר האָט זיך אין פראנקרייך איינגעשטעלט א רעַ-וואָליוציאָנער-דעמאָקראטישע יאקאָבינישע דיקטאטור; אונטערן דרוק פונעם שטאָטישן און דאָרפישן „פלעבס" האָט זי דורכגעפירט א רייִ וויכטיקסטע מאָסמיטלען אין די אינטערעסן פונעם דאָזיקן „פלעבס".

## דער פעריאָד פון דער יאקאָבינישער דיקטאטור.

די יאקאָבינישע דיקטאַ-טור.

בייס דער פראנצויזישער בורזשואזער רעוואָליוציע פונעם XVIII יה. האָט דאָס לאנד צוויי מאָל איבערגעלעבט א קאָלאָסאלע געפאר. צום ערשטן מאָל איז דאָס געווען זומער 1792 י., ערעוו דער רעוואָליוציע פונעם 10 אוווגוסט. אראָפּגעוואָרפן די מאָנארכיע, האָט דאָס רעוואָליוציאָנערע פראנקרייך געפונען אין זיך גענוג קרעפטן, קעדיי אָפּצושלאָגן דעם סוינע און אפילע איבערצוגיין אין אָנגריף. די צווייטע, נאָך מער דראָענדיקע געפאר, איז אָנגעַ-קומען פרילינג 1793 י., די לעצטע כאדאָ-שים, ווען עס האָבן געהערשט די פארעַ-טער די זשיראָנדיסטן. אראָפּגעוואָרפן זיי, זיינען די יאקאָבינער געקומען צו דער מאכט אין א מאָמענט פון גרעסטער געַ-פאר. פראנקרייך איז געווען ארומגערינגלט ארום און ארום מיט פיינטלעכע פעאָדאלע מעלוכעס; צו די דאָזיקע מעלוכעס איז צוגעשטאנען דאָס סאמע פאָרגעשריטענע אינדוסטריעלע לאנד אין אייראָפּע — ענגַ-לאנד.



א סאנקיולאָט א יאקאָבינער — פון בואליס בילד.

ווען די יאקאָבינער זיינען געקומען צו דער מאכט, האָבן די ענגלענדער אָנ-געהויבן א דירעקטע אינטערווענציע אין פראנקרייך. דאָס ענגלישע מיליטער און

דער פלאָט האָבנ מיט דער הילפ פונ די פארעטער די זשיראָנדיסטנ באוויזנ צו פארכאפנ דעמ וויכטיקסטנ מיליטערישנ פאָרט פונ דאָרעמ-פראנקרײַכ — טולאָנ.

דער קאָנטררעוואָליוציאָנערער בונט אינ וואנדייע אונ אינ ברעטאנ איז בא דער אונטערשטיצונג פונ די ענגלענדער זיכ אלצ מער פאנאנדערגעוואקסנ. וואנ־דייע איז אָפגעגאנגענ מיט בלוט, זי איז געווענ באדעקט מיט טויטע קערפערס אונ האָט געברענט פונ אלע זײַטנ.

די זשיראָנדיסטנ, וואָס זײַנענ אנטלאָפנ פונ פאריזש, אונ זייערע אָנהענגער אפ די ערטער האָבנ צוזאמענ מיט די מאָנארכיסטנ די אדל-לײַט אופגעהויבנ קאָנטררעוואָליוציאָנערע בונטנ אינ באָרדאָ (דעפארטאמענט פונ זשיראָנדע), ליאָנ אונ מארסעל.

ס'איז געווענ אזא מאָמענט, ווענ פונ די 83 דעפארטאמענטנ אינ פראנקרײַכ זײַנענ בלויז 23 געבליבנ טרײַ דעמ קאָנווענט.

אינ די דעפארטאמענטנ, וואָס זײַנענ געבליבנ טרײַ דעמ קאָנווענט, האָבנ זיכ פארקליבנ שפיאָנענ אונ דיווערסאנטנ, זיי זײַנענ געווענ א גרויס געפאר. דעמ 13 יול 1793 י. איז די קאָנטררעוואָליוציאָנערקע שארלאָטא קאָרדע, וואָס איז גע־שטאנענ באָענט צו די זשיראָנדיסטנ, קלוימערשט „געשעפטלעכ" געקומענ צו מאראטנ אהיימ אונ האָט אימ מיט א קינזשאל פארעטעריש דערשטאָכנ. גאנצ פאריזש דער רעוואָליוציאָנערער האָט באוויינט דעמ פרײַנט פונ פאָלק, מאראטנ.

שפיאָנענ אונ דיווער־סאנטנ אינ פראנקרײַכ.

דער ענגלישער פרעמיער-מיניסטער פיט האָט אסיגנירט 5 מיליאָנ פונט סטערלינג (50 מלנ. רובל גאָלד) אפ שפיאָנאזש אונ דיווערסיעס אינ פראנקרײַכ. סאָפ יול 1793 י. האָט מענ אינ ליל אפנ פעסטונגס-וואל געפונענ א פאָרטפעל, וועלכנ ס'האָט פארלאָרנ איינער אנ ענגלישער שפיאָנ. פונ די דאָקומענטנ איז געווענ צו זענ, אז דער דאָזיקער שפיאָנ האָט געהאט אינ פראנקרײַכ א מאסע אגענטנ. אייניקע פונ זיי האָט ער געצאָלט צו 2500 ליוור א כוידעש. ער טאקע האָט אָרגאניזירט סרייפעס אינ א ריי שטעט, אפ מיליטערישע זאוואָדנ אונ אינ זעגל-ווארשטאטנ. קעדיי צו פארשטארקנ דעמ הונגער אונ די נויט, האָט ער זיכ פארנומענ מיט אופקויפנ ארטיקלענ פונ ברייטנ געברויכ. די דיווערסאנטנ האָבנ אונטערגעצונדנ די פאטראָנענ־זאוואָדנ אינ באיאָנ, זיי האָבנ אופגעריסנ די ארטילערישע סקלאדנ אינ שעמיל.

דער ענגלישער אגענט דער באנקיר באָיד האָט אונטערגעקויפט א ריי דעפוטאטנ פונעמ קאָנ־ווענט. אינ דעמ יאקאָבינער־קלוב האָט זיכ דורכגעשמוגלט דער עסטרײַכישער שפיאָנ פראָלי אונ האָט זיכ דערוווסט וועגנ פיל געהיימע באשלוסנ. ראָבעספיער איז געצווונגענ געווענ צו פארשרײַבנ אינ זײַנ באָטיצ־ביכל: „האָבנ צוויי פלענער: איינעמ — פאר די אָנגעשטעלטע פונ דער קאנצעליא־ריע". דעמ אנדערנ — דעמ עמעסנ פלאנ — איז אויסגעקומענ אויסצובאהאלטנ אפילע פונ אייניקע נאָענטסטע מיטארבעטער. צוויי עסטרײַכישע שפיאָנענ האָבנ זיכ אינעמ סטראסבורגער קלוב אויסגע־געבנ פאר פארפאָלגטע פאטריאָטנ אונ אונטערנ אויסגעטראכטנ נאָמענ פרײַ („פרײַער") האָבנ זיי געפירט א שפיאָנישע ארבעט. די גאלאָכימ אונ די אדל-לײַט, וואָס האָבנ זיכ דורכגעשמוגלט אינ אפאראט פונ דער יאקאָבינישער דיקטאטור, האָבנ ביזווייליק געפירט אנ אונטערײַסערישע ארבעט.

די לאגע פונ דער פראנצויזישער רעפובליק איז געוואָרנ קאָמפליצירטער מאכמעס די אויסערגעוויינלעכע דערנערונגס-שוועריקײַטנ אונ מאכמעס דער אומ־צופרידנקײַט פונ די פויערימ, איבער וועלכע עס זײַנענ נאָכ אלצ געהאנגענ די פעאָדאלע פליכטנ.

אינ פאריזש האָבנ די הונגער-אומרוענ זיכ אָנגעהויבנ ווינטער 1791 י. דער האמויס האָט גראָמירט די קלייטנ, געפאָדערט, מע זאָל אראָפזעצנ די פרײַזנ אפ ברויט, אפ צוקער. באוואָפנט מיט היי-גאָפלענ, האָבנ די פויערימ פארכאפט אפ

די טײַכנ בארזשעס מיט ברויט אונ האָבנ עס צווישנ זיכ געטיילט. אינ צענטראלנ טייל אונ אינ דאָרעמ-פראנקרײַכ פלעגט די אָרעמשאפט פארכאפנ די ערד פונ די עמיגראנטנ אונ אונטערצינדנ זייערע גיטער.

די רעוואָליוציאָנערע מאכט.

די יאקאָבינער האָבנ געהאלטנ, אז מע דארפ אײַנשטעלנ א רעוואָליוציאָנערע פעסטע מאכט אונ אומראכמאָנעס־דיק זיכ צערעכענענ מיט די פײַנט פונ דער רעוואָליוציע. דערינ האָבנ זיי געזענ אנ אויסוועג פונ די אומגעהייערע שוועריקײַטנ. אינ יונ 1793 י. האָבנ די יאקאָבינער אויסגעארבעט א דעמאָקראטישע קאָנסטיטוציע. אָבער אינ די אומשטענדנ פונעמ בירגערקריג האָט מענ די דאָזיקע קאָנסטיטוציע ניט געקאָנט אײַנפירנ.

די יאקאָבינישע קאָנסטיטוציע פונ 1793 י. איז איינע פונ די סאמע פאָרגע־שריטענע דעמאָקראטישע בורזשואזע קאָנסטיטוציעס.

וועגנ די סיבעס, פארוואָס מע האָט ניט אײַנגעפירט די קאָנסטיטוציע פונ 1793 י. האָט ראָ־בעספיער אָט וואָס געזאָגט:

„די רעוואָליוציאָנערע רעגירונג דארפ ארויסווײַזנ אויסערגעוויינלעכע ענערגיע טאקע דערפאר, ווײַל זי געפינט זיכ אינ א צושטאנד פונ מילכאָמע. פאר דער רעוואָליוציאָנערער רעגירונג טויגנ ניט קיינ שטרענגע, איינארטיקע קלאָלימ טאקע דערפאר, ווײַל די אומשטענדנ, אינ וועלכע זי אר־בעט, זײַנענ גרויזאמ אונ פארענדערלעכ. זי איז קעסיידער געצוווּנגענ אויסצוזוכנ נײַע אונ שנעלע מיטלענ קעגנ די אפסנײַ אנטשטייענדיקע אונ דרינגענדיקע געפארנ... די רעוואָליוציאָנערע רעגירונג איז מעכויעוו צו באשיצנ די אָרנטלעכע בירגער, אָבער פאר די פײַנט פונ פאָלק פארמאָגט זי נאָר איינס — טויט“.

כאָטש די דאָזיקע קאָנסטיטוציע איז אפילע ניט אָנגעווענדט געוואָרנ, דאָכ איז זי געווענ, אינ פארגלײַכ מיט דער מאָנארכיסטישער קאָנסטיטוציע פונעמ 1791 י., א קאָלאָסאלער שריט פאָרויס.

לויט דער קאָנסטיטוציע פונ 1793 י. איז פראנקרײַכ דערקלערט געוואָרנ אלס א דעמאָקראטישע רעפובליק; יעדער בירגער, וואָס איז געוואָרנ אלט 21 יאָר, האָט באקומענ שטימרעכט. עס איז אײַנגעפירט געוואָרנ דירעקטע וואלרעכט. בײַמ אויסארבעטנ די דאָזיקע קאָנסטיטוציע, האָט ראָבעספיער אפילע געפאָדערט, מע זאָל אזוי באגרענעצנ דאָס אייגנטומ, אז דאָס זאָל ניט קאָנענ „ברענגענ קיינ שאָדנ ניט דער געפארלאָזיקײַט, ניט דער עקזיסטענצ, ניט דעמ אייגנטומ פונ אנדערע מענטשנ“. ראָבעספיער האָט דערקלערט, אז „די געזעלשאפט איז מעכויעוו צו זאָרגנ וועגנ דער עקזיסטענצ פונ אלע אירע מיטגלידער“. ווײַטער פונ צע־שווומענע, אומבאשטימטע רופנ צו באגרענעצנ דאָס אייגנטומ איז אָבער ראָבעס־פיער ניט אוועק. ער האָט זיכ ניט אנטשלאָסנ אונ ניט געקאָנט פאָדערנ, מע זאָל פארניכטנ דאָס פריוואט-אייגנטומ אפ די פראָדוציר-מיטלענ. „געמיינע נעפא־שעס, וואָס אכטנ בלויז גאָלד, — האָט געזאָגט ראָבעספיער, — איכ וויל ניט דירנ אײַערע אוצרעס“. אינ דער קאָנסטיטוציע פונ 1793 י. ווערט דאָס אייגנטומ בא־צייכנט אלס „נאטירלעכ אונ אומאָפנעמלעכ רעכט פונעמ מענטשנ“.

די קאָנסטיטוציע, וואָס איז געשאפנ געוואָרנ אינעמ פעריאָד פונעמ גרעסטנ אופשטײַג פונ דער פראנצויזישער רעוואָליוציע אונ וואָס איז די זמערסטנ דע־מאָקראטישע קאָנסטיטוציע צווישנ די בורזשואזע קאָנסטיטוציעס, האָט באפעסטיקט דעמ אינסטיטוט פונ אייגנטומ אונ די צעטיילונג אפ קלאסנ. זי האָט ניט גא־

ראַנטירט און האָט ניט געקאָנט גאַראַנטירן דעם פאָלק קיין ברויט און קיין אַרבעט דערפאַר, ווייל דאָס איז געווען אַ בורזשואַזע קאָנסטיטוציע.

דער מעלוכישער אַפּאַראַט פון דער בורזשואַז-דעמאָקראַטישער יאַקאָבינישער דיקטאַטור איז געווען אָרגאַניזירט אויף אַזאַ אופן: זינט זומער 1793 י. האָט די גאַנצע מאַכט געהערט צום קאָמיטעט פון געזעלשאַפטלעכער רעטונג, וועלכן עס האָט אויסגעוויילט דער קאָנווענט. אין דער שפּיץ פונעם קאָמיטעט איז געשטאַנען דער אַנטשלאָסענער און אומגעוואַקלטער ראָבעספּיער. רויִק, קאַלטבלוטיק, שטענדיק עלעגאַנט געקליידעט, איז ראָבעספּיער אין די שווערסטע מינוטן געווען אַ מוסטער פון דרייסטקייט. די פיינט האָבן אים געהאַסט, אָבער צווישן די מאַסן



ראָבעספּיער.

איז ער געווען פּאָפּולער. דעם אָרנטלעכן ראָבעספּיער האָט מען אָנגערופן „דער מענטש, וואָס לאָזט זיך ניט אונטערקויפן". אין דעשוס פונעם קאָמיטעט זיינען געווען באַפולמעכטיקטע, קאָמיסאַרן פונעם קאָנווענט, וואָס מע פלעגט שיקן אין די דעפּאַרטאַמענטן און אויף די פראָנטן. זיי האָבן געהאַנדלט אַנטשלאָסן און רעוואָליוציאָנעריש. ווען סען-זשיוסט, אַ מענטש מיט אַ גרויסן פאַרשטאַנד און ווילן, ראָבעספּיערס נאָענטסטער געהילף אינעם קאָמיטעט פון געזעלשאַפטלעכער רעטונג, איז געשיקט געוואָרן אַלס קאָמיסאַר אין דער ריינישער אַרמיי, האָט ער אַרופגעלייגט אויף די רייכע לייט שטייערן. אין איינעם פון די באַפעלן האָט סען-זשיוסט געשריבן:

„אין דער אַרמיי גייען אַרום צען טויזנט מענטשן באָרוועס. אין משך פון אַ טאָג דאַרפט איר אַראָפּנעמען די שיך בא אַלע סטראַסבורגער אַריסטאָקראַטן און געבן אַ פאַראָרדענונג, אַז מאָרגן צען אַזייגער אינדערפרי זאָלן צען טויזנט פּאָר שיך ווערן אַוועקגעשיקט אין דער הויפּט-קוואַרטיר".

אַכוץ די קאָמיסאַרן האָט דער קאָמיטעט זיך געשטיצט אויפן קלוב פון די יאַקאָבינער און אויף די עטלעכע טויזנט פיליאַלן פונעם קלוב („פאָלקס-געזעלשאַפטן") אין דער פּראָווינץ, אויף די רעוואָליוציאָנערע קאָמונעס און די סעקציעס (קרייזן) אין די שטעט. די קאָמונעס און די סעקציעס האָבן אומעטום אויסגעוויילט רעוואָליוציאָנערע קאָמיטעטן, וועלכע האָבן אַנטשלאָסן און גיך געהאַנדלט. די יאַקאָבינישע רעגירונג האָט געשעפּט איר קראַפט אין דער שטיצע פון די מאַסן.

איינע פון די וויכטיקסטע אויפגאַבן איז געווען — אומראַכמאָנעסדיק צעגראָמירן די פיינט פון דער רעוואָליוציע — די אַדל-לייט און די גאַלאָכים די מאָנאַרכיסטן, די קאָנטררעוואָליוציאָנערע זשיראָנדיסטישע בורזשואַזיע, די דיווערסאַנטן און שפּיאָנען, וואָס מיט זיי האָט געשווימלט און געגריבלט אין פראַנקרייך, די מאַראָדערן-ספּעקולאַנטן, וועלכע האָבן זיך באַרייכערט אויף הונגער פון די מאַסן.

די „פאָלקס-געזעלשאַפטן", די רעוואָליוציאָנערע קאָמיטעטן, צולעצט, באַזונ-

דערע בירגער אפ די ערטער האָבנ געהאָלפנ דעמ קאָמיטעט פונ געזעלשאפט־לעכער געפארלאָזיקייט אונ דעמ רעוואָליוציאָנערנ טריבונאל אויסצוגעפינענ די קאָנטררעוואָליוציאָנערנ אונ זיכ צערעכענענ מיט זיי. דער רעוואָליוציאָנערער טרי־בונאל האָט גיכ געמישפּעט אונ האָט שטרענג באשטראָפט די קאָנטררעוואָליוציאָ־נערנ, די ספּעקוליאנטנ, די שפּיאָנענ אונ פארעטער.

פונ הארבסט 1793 י. אָנ איז דער רעוואָליוציאָנערער טעראָר פונ דער יא־קאָבינישער דיקטאטור ברייט אָנגעווענדט געוואָרנ. עס איז ארויס א דעקרעט וועגנ „די פארדעכטיקע״ — אלס פארדעכטיקע האָט מענ פארעכנט אלע די, „וואָס האָבנ מיט זייער אופירונג אָדער מיט זייערע פארבינדונגענ, אָדער מיט זייערע רעדעס אונ ווערק זיכ ארויסגעוויזנ אלס אָנהענגער פונ דער טיראניע אונ אלס פיינט פונ דער פרייהייט״. אלע פארדעכטיקע האָבנ געדארפט טייקעפ ארעסטירט ווערנ. אלס פארדעכטיקע זיינענ אויכ דערקלערט געוואָרנ די גאלאָכים, וואָס האָבנ זיכ אָפּגע־זאָגט צו שווערנ דער קאָנסטיטוציע. יענע אדל-לייט די עמיגראנטנ, וואָס פלעגנ זיכ אומקערנ אהיימ געהיימערהייט, האָט געדראָעט טויט־שטראָפ. די קאָנטררעוואָ־ליוציאָנערנ — אָנטיילנעמער פונ די בונטנ — פלעגט מענ שיסנ. די זשיראָנדיסטישע רעדלפירער האָט מענ געקעפּט.

אדאנק די אנטשיידענע מאָסמיטלענ קעגנ די פיינט פונ דער רעוואָליוציע האָט זיכ איינגעגעבנ צו דערשטיקנ די בונטנ, איינצוברעכנ דעמ סאבאָטאזש אונ זיכ דערשלאָגנ צו א זיג אפ די פראָנטנ.



די זיצונג פונ רעוואָליוציאָנערנ קאָמיטעט — (פונ בערטאָס גראוויור לויטנ בילד פונ פראגאָנאר — דעמ זונ).

די פּאָלקס-מאסן — די פּויערים, דאָס שטאָטישע קליינבירגערטום, דער „פּליעבס“ — האָבן געשטיצט די יאקאָבינער. די יאקאָבינער האָבן אנטשלאָסן צערעכנט זיך ניט בלויז מיט די פּײַנט פון דער רעוואָליוציע, נאָר אויך מיט די פעאָדאלע פּאָ־אָנדקעס.

דאָס ליקווידירן די פעאָדאלע פליכטן.

דעם 17 יול 1793 י. האָבן די יאקאָבינער ארויסגעגעבן א דעקרעט, אז אלע פעאָדאלע פליכטן ווערן פולשטענדיק און אָן געצאָלטס אָפּגעשאפט. דער קאָנווענט האָט דערבײַ באפוילן צו פארברענען אלע דאָקומענטן, ווו עס זײַנען פארפיקסירט די רעכט פון די סעניאָרן. דער קאָנווענט האָט אײַנגעפירט, אז די ערד פון די עמיגראנטן זאָל מען פארקויפן אין קליינע כאלאָקים. די געמיינדע-ערד, וואָס די סעניאָרן האָבן פריִער געהאט פארכאפּט, האָט מען אומגעקערט די פויערים. גלײַכצײַטיק האָט דער קאָנווענט (לויט דער פאָדערונג פון איין דריטל באלעבאטים פונעם דאָרף) דערלויבט צו צעטיילן די געמיינדע-ערד אזוי, אז יעדערער זאָל באקומען א גלײַכן כיילעק. אין די קאָלאָניעס האָט דער קאָנווענט פארניכטעט די שקלאפערײַ, עמעס, ערשט נאָך דעם, ווי אין דער פראנצויזישער קאָלאָניע האִיטי האָבן די אופגעשטאנענע נעגערס די שקלאפן זיך שוין געהאט דערשלאָגן באפרײַונג.

דער אלגעמיינער מאקסימום.

הארבסט 1793 י. האָט דער קאָנווענט אונטערן דרוק פון די מאסן, וואָס האָבן געליטן פון דער רויִנירונג און פונעם יאקרעס, אָנגענומען א דעקרעט וועגן אלגעמיינעם מאקסימום, דה. וועגן פעסטע לימיט-פרײַזן אפ אלע סכוירעס. פאר אויווער זײַן אפּן מאקסימום האָט דער געזעץ געדראָעט מיט די שטרענגסטע שטראָף-מיטלען, ביז טויט-שטראָף אײַנגעשלאָסן. באוואָפנטע אָטריאדן זײַנען געשיקט געוואָרן אין דאָרף, קעדיי צו רעקוויזירן דאָס ברויט בא די פריצים און באלעגופים.

אײַנגעשטעלט פעסטע פרײַזן אפ דערנערונגס-פראָדוקטן און אפ ארטיקלען פונעם ברייטן געברויך, האָבן אָבער די יאקאָבינער אײַנגעפירט א ליִמיט אויך פארן ארבעטסלוין, און דאָס האָט זיך שטארק אָפּגערופן אפן ארבעטערס קעשענע.

דער קאמף קעגן דער קירך.

אין דער צײַט, ווען דער קאָנווענט האָט זיך אנטשלאָסן צערעכנט מיט די קאָנטררעוואָליוציאָנערע גאלאָכים, האָט די קאָמונע פון פאריז געמאכט א פרווו אָפּצושאפן די קירך. די טראדיציאָנעלע מינהאָגים — קינדער-טויפונג, כאסענעס, לעווײַעס — פלעגט מען וואָס ווײַטער אלץ אָפטער אָפריכטן אָן די גאלאָכים. די קירכן האָבן זיך אָנגעהויבן פארמאכן. די קאָמונע האָט געמאכט א פרווו צו פארבײַטן די רעליגיע מיט „קולט פון פארנונפט“ און זי פלעגט אײַנאָרדענען פײַערלעכע יאָמטויווים לעקאָוועד דער אופקלערונג. יאָמטויווים פלעגט מען אויך אײַנאָרדענען לעקאָוועד די וויכטיקסטע מאָמענטן אינעם לעבן פון דער נאטור, אין דער געשיכטע פון דער מענטשהײַט און פון דער פראנצויזישער רעוואָליוציע, צום אָנהייב און צו דער ענדע פון די פעלד-ארבעטן, ווי, צום בײַשפּיל, נאָכן שניט אָדער נאָכן אראָפּנעמען די ווײַנטרויבן. לעקאָוועד דער רעוואָליוציע זײַנען אומעטום ארויסגעבויט געוואָרן טריִומפאלע ארקעס. בײַ די פראָצעסיעס, וועלכע פלעגן אָרגאניזירט ווערן, האָט מען געזונגען רעוואָליוציאָנערע לידער. נאָך די פינצטערע יאָרן פונעם פעאָדאל-אבסאָליוטיסטישן רעזשים איז געקומען די שטורמישע פרייד פון די רעוואָליוציאָנערע פרײַהײַטס-יאָרן.

ראָבעספּיער איז געווען אומצופרידן פונעם קאמף קעגן דער רעליגיע. צום

סאָפ פונ דער עקזיסטענצ פונ דער יאַקאָבינישער דיקטאַטור האָט דער קאָנווענט, לויט ראָבעספיערס פאָרשלאָג, ווידער אופגעשטעלט די רעליגיע, עמעס, אינ אַנ אַנדער אויסזענ. לויט ראָבעספיערס פאָרשלאָג איז אײַנגעשטעלט געוואָרנ אַ קולט פונעמ „אויבער־וועזנ", ד. ה. פונ גאָט, דערבײַ איז דערקלערט געוואָרנ, אַז דאָס בעסטע מיטל צו דינענ דעמ „אויבער־וועזנ" איז, ווענ דער מענטש פילט אויס זײַנע בירגערלעכע פליכטנ. לעקאָווער דעמ „אויבער־וועזנ" זײַנענ אײַנגעשטעלט געוואָרנ יאָמטויוויםּ. די כאַדאָשימ זײַנענ אָנגערופנ געוואָרנ אַנטשפּרעכיק צו די באַזונדערקײַטנ פונ די צײַטנ פונ יאָר. אַזוי, צומ בײַשפּיל, איז איינער פונ די זומערדיקע כאַדאָשימ אָנגערופנ געוואָרנ טערמידאָר — אַלס אַ הייסער כוידעש, איינער פונ די האַרבסטיקע כאַדאָשימ — בריומער, דאָס הייסט אַ כוידעש פונ נעפּלענ. די פרילינגדיקע כאַדאָשימ האָבנ געהייסנ: וואַנטאָז — דער כוידעש פונ ווינטנ, זשערמינאַל — דער כוידעש, ווענ עס שפּראָצנ אַרויס די קערנער, פּרעריאַל — דער כוידעש פונ לאָנקעס. יעדער כוידעש איז אײַנגעטיילט געוואָרנ אינ דעקאַדעס (צענטעג).

די רעאָרגאַניזירונג פונ דער אַרמײ און די רעוואָליוציאָנערע טאַקטיק.

די יאַקאָבינער האָבנ זיכ ענערגיש צערעכנט מיט די פײַנט פונ דער רעוואָליוציע אינווייניק אינ לאַנד, האָבנ אַנטשיידנ פאַרניכטעט די פעאָדאַלע פאַרהעלטענישנ, גלײַכצײַטיק האָבנ זיי אויכ רעאָרגאַניזירט די אַרמײ. זיי האָבנ אָנגעווענדט אַ נײַע רעוואָליוציאָנערע טאַקטיק און האָבנ זיכ דערשלאָגנ צו אַ זיג אַפ די פראָנטנ. שווער איז געווענ צו זיגנ מיט באָרוועסע סאָלדאַטנ, וואָס ניט זעלטנ זײַנענ זיי געווענ באַוואָפנט בלויז מיט אײַנע שפּיזנ. די דאָזיקע סאָלדאַטנ אָבער האָבנ פאַרטיידיקט די דעראָבערונגענ פונ דער רעוואָליוציע — מיט דער מאַרסעליעזע זײַנענ זיי געגאַנגענ און האָבנ באַזיגט דעמ פײַנט, וואָס איז אָפטמאָל געווענ גרעסער פונ זיי אינ צאָל און איז געווענ גוט באַוואָפנט.

די אַרמײ פונ דער רעוואָליוציע האָט זיכ געשלאָגנ אַפ אַ נײַעמ אויפנ. אינ די פעאָדאַלע אַרמייענ פלעגט מענ אָנווענדנ די „טאַקטיק פונ ליניעס"; איר העכסטע פאַרפולקומונג האָט זי דערגרייכט אינ פרידריכ דעמ II־טנס צײַטנ. לויט דער דאָזיקער טאַקטיק פלעגט זיכ די גאַנצע אינפאַנטעריע אויסציִענ אינ קאָלאָסאַל גרויסע „ליניעס", און די עקנ פונ די „ליניעס" האָבנ זיכ פאַרבונדנ דורכ קורצע קווערע קאָלאָנעס. די דאָזיקע האַמעטנע מאַסע פלעגט זיכ לאַנגזאַמ באַוועגנ, אי דאָס נאָר איבער אַ גלײַכ אָרט. די אָפיצערנ די לײַבגווארדיע האָבנ מוירע געהאַט אַפילע אַפ אַ קורצער צײַט אַרויסצולאָזנ די סאָלדאַטנ פונ אויג.

די רעוואָליוציאָנערע אַרמײ איז געווענ אימשטאַנד אָנצוווענדנ אַנ אַנדער טאַקטיק. די פראַנצויזישע סאָלדאַטנ האָט געפעלט דערפאַרונג, דערפאַר אָבער האָבנ זיי, אינ קעגנזאַצ צו דער פאַרווערבירטער געדונגענער אַרמײ, געוווסט, פאַר וואָס זיי שלאָגנ זיכ. ווי ענגעלס ווײַזט אָנ, האָט דער געענדערטער באַשטאַנד פונעמ מיליטער אַרויסגערופנ צומ לעבנ אַ נײַעמ אויפנ פונ פירנ מילכאָמע — גיינ אינ צעשאָטענע רייענ און זיכ באַוועגנ קאָלאָנענווײַז. פאָרויס די קאָלאָנעס זײַנענ געגאַנגענ געדיכטע קייטנ פונ שיסערס; אַזוינע קאָלאָנעס האָבנ געקאָנט פירנ די שלאַכט אַפ אַ באַליביקנ אָרט, וואָס איז אומבאַקוועמ פאַר די „ליניעס". דורכגעריסנ דעמ סוינעס פראָנט, האָבנ די קאָלאָנעס צונויפגעצויגנ דאָס מיליטער פונעמ רעזערוו און ענדגילטיק צעגראָמירט דעמ סוינעס קרעפטנ. די אַרמײ איז געווענ צעטיילט אַפ זעלבשטענדיקע קאָרפּוסנ, וואָס האָבנ פאַרמאָגט אַלע מינימ געווער.

„זיג אָדער טויט!" — אַזאַ איז געווענ דער לאָזונג פונ דער רעוואָליוציאָנערער מילכאָמע. די סאָלדאַטנ פונ דער רעפּובליקאַנישער אַרמײ, דעריקער די פויערימ און האַנטווערקער, די אַרבעטער פונעמ פרײַענ פראַנקרײַכ, וואָס האָט אַראָפּגעוואָרפנ פונ זיכ דעמ יאָכ פונ דער פעאָדאַלער אָרדענונג, — זיי האָבנ אַלע געוויזנ מוסטערנ פונ מעסירעסנעפעשדיקײַט און העראָיזמ.

נאָך אין אווגוסט 1793 י. האָט דער קאָנוועגט ארויסגעגעבן א נייעם דעקרעט וועגן א מאסעווער רעקרוטירונג אין דער ארמיי. אלע בירגער אין עלטער פון 18 ביז 25 יאָר האָבן זיך גערעכנט פאר מאָביליזירט צו באשיצן דאָס פאָטערלאנד. „די יונגע מענטשן, — איז געשטאנען אינעם דעקרעט, — וועלן זיך גיין שלאָגן אפן פראָנט. די פארהייראטע דארפן שמידן געווער און אונטערפירן דערנערונג. די פרויען וועלן נייען קליידער, מאכן געצעלטן און דינען אין די שפיטאָלן. די קינדער וועלן צופן די וועבפעדעם פונעם אלטן וועש. די אלטע לייט וועלן צווינגען, מע זאָל זיי ארויסטירן אף די פּלעצער, קעדיי צו דערוועקן בא די קריגער געוואגטקייט, האס צו די קיניגן און דעם געדאנק וועגן דער איינהייט פון דער רעפּובליק".



סאָלדאטן פון דער רעוואָליוציע — פון א ליטאָגראפיע פון ראפע.

די אָרגאניזאטאָרן פון די זיגן זיינען געווען די קאָמיסארן און די גענעראלן פון די ארמייען. צווישן די גענעראלן האָט זיך מיט א באזונדערער געוואגטקייט אויסגעצייכנט דער יונגער גאָש, א זון פון אן אויסגעדינטן סאָלדאט. אין דער פריער יוגנט איז גאָש געווען א קאָניוך, דערנאָך האָט ער זיך אקטיוו באטייליקט אינעם איינעמען די באסטיליע. א גרויסע ראָליע אין דער רעאָרגאניזירונג פון דער ארמיי האָט געשפּילט דער מיליטערישער אינזשעניער, דער יאקאָבינער לאזאר קארנאָ.

די רעוואָליוציאָנערע ארמיי האָט געשלאָגן די ערשטקלאסיקע ארמייען פון די עסטרייכער און פון די ענגלענדער.

סאָף 1793 י. האָט מען די ענגלענדער ארויסגעטריבן פון טולאָן. אין דער דאָזיקער אקציע האָט זיך באזונדערס אויסגעצייכנט דער יונגער קאפיטאן פון ארטילעריע נאפּאָלעאָן באָנאפּארט.

די וואנדייער האָבן געכאפּט גוטע קלעפּ. קעגן די זשיראָנדיסטן, וועלכע האָבן פארכאפּט ליאָן, האָבן די קאָמיסארן פונעם קאָנוועגט אופגעהויבן די ארומיקע פויערים. באוואָפנט מיט שפּיזן, היי-גאָפּלעס און קאָסעס, האָבן זיך מענגעס פויערים א לאָז געטאָן פון די ארומיקע בערג אף דער שטאָט. ליאָן האָט מען איינגענומען, די הייזער פון די רייכע האָט מען צערוינירט.

די יאקאָבינישע ארמייען האָבן אָפּגעהאלטן א ניצאָכן איבער די עסטרייכער אפן רייַן, אין עלזאס. צולעצט, האָבן די ארמייען פונעם קאָנוועגט אין דער שלאכט בא פלעריוס דעם 26 יוני 1794 י. דערלאנגט א ביז גאָר שטארקן קלאפּ



אַנ אָפיצער פונ דער רעוואָליוציאָנערער אַרמיי — (פונ א פּאָרטרעט פונ אנ אומבאוווסטנ קינסטלער).

דער ארמיי פונ דער קאָאליציע. די מיל־כאָמע איז אריבערגעטראָגנ געוואָרנ פונ פראנקרייכ אפּ דעמ סוינעס טעריטאָריע.

די סיבעס, פארוואָס פראנקרייכ האָט גע־זיגט, האָט דערקלערט לעניג.

„מע פארופט זיכ קעסיידער אפּנ העראָישנ פּאטריאָטיזמ אונ אפּ די ווונדער פונעמ קריגס־העלדנמוט פונ די פראנצויזנ אינ די יאָרנ 1792—1793. מע פארגעסט אָבער וועגנ די מאטעריעלע, היסטאָריש־עקאָנאָמישע באדינגונ־גענ, וואָס נאָר זיי טאקע האָבנ געמאכט די דאָזיקע ווונדער פאר מעגלעכ. דאָס צערעכענעג זיכ מיטנ אָפּגעלעבטנ פעאָדאליזמ אפּ א ווירק־לעכ רעוואָליוציאָנערנ אויפנ, דאָס אריבערגייג פונעמ גאנצנ לאנד, — אונ דערביי מיט א ווירק־לעכ רעוואָליוציאָנער־דעמאָקראטישער שנעלקייט, אנטשלאָסנקייט, ענערגיע, מעסירעסנעפעש — צו א מער העכערנ פּראָדוציר־אויפנ, צו א פרייענ פויערשנ ערדבאזיצ — אָט דאָס זיינענ יענע מאטעריעלע, עקאָנאָמישע באדינגונגענ, וועלכע האָבנ מיט א „ווונדערלעכער" שנעלקייט גערא־טעוועט פראנקרייכ, האָבנדיק איבערגע־בוירנ, באנייט זייג ווירטשאפטלעכע באזע"[1].

דער קאמפ פונ די שטרעמונגענ אינעווייניק אינ דער יאקאָבינישער דיקטאטור.

דער קאמפ קעגנ דער פעאָדאלער אונ בורזשואזער קאָנטררעוואָליוציע אונ קעגנ דעמ אויסערלעכנ פיינט האָט באהעפט יענע קרעפטנ, וואָס זיינענ געגאנגענ נאָכ די יאקאָבינער. אָבער גראָד פונ הארבסט 1793 י. האָט זיכ אָנגעהויבנ דער איבערבראָכ אפּ די אויסערלעכע פראָנטנ אונ די בונטאָווטשטשיקעס האָבנ געכאפּט א מאפּאָלע אינעווייניק אינעמ לאנד, — גראָד דאנ האָבנ זיכ אינעמ לאגער פונ דער בורזשואזער רעוואָליוציע אויכ פאר־שטארקט די אינערלעכע רייסערייענ.

די אָרעמשאפט האָט געליטנ פונ הונגער. די ארבעטער זיינענ געווענ אומצו־פרידנ פונעמ מאקסימומ אפּנ ארבעטסלוינ. די פויערימ די באלעגופימ האָבנ אויס־גענוצט דעמ דעקרעט פונעמ קאָנווענט אונ אפּ א צוואנג־אויפנ גענייט די אָרעמ־שאפט צו ארבעטנ אפּ זייערע פעלדער בייסנ אראָפּנעמ. די „דולע" אונ יענע יאקאָבינער, וואָס האָבנ זיכ גרופּירט אינ דער קאָמונע, עבערס אָנהענגער (עבער איז געווענ געהילפ-פּראָקוראָר פונ דער קאָמונע) האָבנ געפאָדערט, מע זאָל פאר־שטארקנ דעמ טעראָר קעגנ די ספּעקוליאנטנ. עבער האָט געפאָדערט, מע זאָל זיכ צערעכענענ מיט די רייכע לייט פונ דאָרפּ אונ אפילע מיט די קליינ־הענדלער — די הענדלער מיט גרינוואַרג.

דער קאָנווענט האָט גענומענ ארעסטירנ די „דולע". ווענ דער פירער זייערע,

---

[1] לעניג, ווערק, ב. XXI, ז. 189.




פֿראַנקרײַך אין 1793 יאָר (קאַמף קעגן דער קאָנטררעוואָליוציע).

זשאַק רו, האָט זיך דערוווּסט, אַז מע גיט אים איבער צום געריכט פונעם רע־וואָליוציאָנערן טריבונאַל, האָט ער זיך דערשטאָכן מיט א מעסער.

אין מאַרט 1794 י. האָבן עבער און זײַנע אָנהענגער זיך געפּרוּווט צו פאַר־כאַפּן די מאַכט; מע האָט זיי אָבער אַרעסטירט און געקעפּט. נאָכדעם איז אוף־געדעקט געוואָרן די פאַרשווערונג, וואָס עס האָט געמאַכט דאַנטאָן צוזאַמען מיט זײַנע אָנהענגער אין דער יאַקאָבינישער פּאַרטיי און אין דער „בלאָטע". דאַנטאָן האָט געפאָדערט, מע זאָל אָפּשטעלן דעם טעראָר, מע זאָל אָפּשאַפן דעם מאַקסי־מום. ער איז באַשטאַנען דערוף, מע זאָל שליסן שאָלעם מיט ענגלאַנד און מיט די פעאָדאַלע לענדער. עס איז פעסטגעשטעלט, אַז דאַנטאָן האָט פאַרשווענדט פאָלקיש געלט. מע האָט געשמועסט, אַז ענגלאַנד האָט אים אונטערגעקויפט.

אין עטלעכע טעג אַרום נאָך דעם, ווי עבער איז געקעפּט געוואָרן, האָט מען אַרעסטירט דאַנטאָנען און אײַנגיכן האָט מען אים צוזאַמען מיט א ריי אָנהענגער זײַנע געקעפּט.

אין מאַרט 1794 י. האָבן די יאַקאָבינער אַרויסגעגעבן דעקרעטן וועגן פאַר־זיכערן די אָרעמשאַפט אָפּן כעזשבן פון דער ערד און דעם פאַרמעגן, וואָס מע

האָט קאָנפֿיסקירט בא די קאָנטררעוואָליוציאָנערן. די דאָזיקע דעקרעטן זײַנען אָבער ניט פֿאַרווירקלעכט געוואָרן אין לעבן.

ניט געקוקט דערויף, וואָס די פֿעאָדאַלע פּליכטן האָט מען ליקווידירט, איז אָבער די לאַגע פֿון די מאַסן פֿאַרבליבן אַ גאַנץ שווערע. די דאָרפֿישע אָרעמע-לײַט זײַנען ניט געווען אימשטאַנד צו קויפֿן די ערד, וואָס מע פֿלעגט אויס-פֿאַרקויפֿן. אַ ספּעציעלער דעקרעט פֿון די יאַקאָבינער האָט געדראָעט מיט טויט-שטראָף בלויז פֿאַר דערוועגן זיך פֿאָרצולייגן אַן „אַגראַר-געזעץ", דאָס הייסט, אַן אַלגעמיינעם אויסגלײַכנדיקן איבערפֿאַרטייל פֿון דער ערד. די יאַקאָבינער האָבן איבערגעלאָזן אין קראַפֿט דעם געזעץ פֿון לע-שאַפּעליע, האָבן פֿאַרבאָטן די אַרבעטער צו פֿאַרייניקן זיך אין פֿאַראיינען, פֿאַרמאַכט זייערע אָרגאַניזאַציעס און האָבן גענומען באַשטראָפֿן די אַרבעטער פֿאַר שטרײַקן.

די ראָבעספּיעריסטן וואָלטן געקאָנט אָננעמען אַ ריי נײַע רעוואָליוציאָנערע מאָסמיטלען — אָפּנעמען די ערד ניט בלויז בא די עמיגראַנטן אָדער בא די פֿאַר-מישפּטעטע פֿאַר קאָנטררעוואָליוציע, נאָר בא אַלע פּריצים, — האָבן זיי אָבער ניט געוואָלט פֿאַרמעסטן זיך אויפֿן אייגנטום. אַן אויסנאַם האָבן זיי געמאַכט נאָר דאַן, ווען דאָס איז געווען נייטיק צוליב העכסט-וויכטיקע פּאָליטישע אָדער מיליטערישע אומשטענדן (קאָנפֿיסקירט דאָס פֿאַרמעגן פֿון די קאָנטררעוואָליוציאָנערן, אײַנגעפֿירט אַ מאַקסימום, דורכגעפֿירט רעקוויזיציעס). ראָבעספּיער און זײַנע אָנהענגער וואָלטן געקאָנט אָפּשאַפֿן דעם מאַקסימום אויפֿן אַרבעטסלוין פֿונעם אַרבעטער, פֿאַרבעסערן די לאַגע פֿון דער דאָרפֿישער אָרעמשאַפֿט — האָבן זיי עס אָבער ניט געטאָן. דער-מיט האָבן זיי אָפּגעשטויסן פֿון זיך די אָרעמסטע שיכטן פֿון די מאַסן, וועלכע האָבן פֿריער די יאַקאָבינער אונטערגעהאַלטן. דעריבער האָט זיך אַרויסגעוויזן די בורזשואזע באַגרענעצטקייט פֿון די יאַקאָבינער.

ראָבעספּיער, סען-זשוסט און אַנדערע יאַקאָבינער זײַנען ניט אײַנגעגאַנגען אויף פֿאַרטיפֿערן ווײַטער די רעוואָליוציע, זיי האָבן פֿאַרלאָרן די שטיצע מיצד דער אָרעמשאַפֿט פֿון שטאָט און דאָרף; דעריבער האָט זיך פֿאַר די יאַקאָבינער געשטעלט די געפֿאַר פֿון אַ קאָנטררעוואָליוציאָנערער איבערקערעניש מיצד דער בורזשואזיע, וועלכע האָט זיך געהאַט פֿאַרפֿעסטיקט און האָט פֿאַרביטערט געקעמפֿט קעגן דעם מאַקסימום.

גראָד אין דעם פּעריאָד ווערן געשאַפֿן פֿיל נײַע אונטערנעמונגען. טראָץ דעם מאַקסימום אַנטוויקלט זיך דער ספּעקולאַטיווער האַנדל.

די קאָנטררעוואָליוציאָ-נערע איבערקערעניש פֿון 9 טערמידאָר פֿונעם II יאָר פֿון דער רעפּובליק (27 יולי 1794 י.).

צווישן דער בורזשואזער „בלאָטע" איז רײַף געוואָרן אַ פֿאַרשווערונג קעגן ראָבעספּיערן און זײַנע אָנהענגער. ראָבעספּיער האָט זיך וועגן דעם דערוווּסט, האָט ער באַ-שלאָסן צו פֿאַרלויפֿן די פֿאַרשווערער דעם וועג און אַליין אָנפֿאַלן אויף זיי.

געקומען אין קאָנווענט, האָט ראָבעספּיער געפֿאָדערט, מע זאָל אַרעסטירן די פֿאַרשווערער. די פֿײַנט האָבן אים ניט געלאָזן ריידן. אין קאָנווענט האָט מען ראָבעספּיערן אַרעסטירט און מע האָט אים אײַנגעזעצט אין טפֿיסע. די קאָמונע האָט אָבער אַרויסגערופֿן הילף און האָט באַפֿרײַט ראָבעספּיערן. ער איז אַריבער אין ראַטהויז (די געבײַדע, וווּ די קאָמונע פֿון פּאַריז פֿלעגט אָפּהאַלטן אירע זיצונגען). די קאָנטררעוואָליוציאָנערע פֿאַרשווע-

דער האָבנ דאנ ארומגערינגלט דאָס ראטהויז מיט מיליטער. די פּאָרשטעט האָבנ ראָבעספּיערנ ניט געגוג אונטערגעהאלטנ, אונ מע האָט אים ארעסטירט. בייַסנ ארעסט האָט מענ אים פארוווּנדעט. דאָס איז געווענ דעם 9 טערמידאָר פונעם II יאָר, לויטנ נייַעם רעוואָליוציאָנערנ קאלענדאר (27 יול 1794 י.).

אפ מאָרגנ אינדערפרי האָט מענ ראָבעספּיערנ, סענ-זשיוסטנ אונ זייערע אָנהענגער, וועלכע מע האָט געהאט דערקלערט אויסערנ געזעצ, געקעפּט.

צו דער מאכט זייַנענ געקומענ די טערמידאָריאנער — די קאָנטררעוואָליוציאָנערע בורזשואזיע, וועלכע האָט אָנגעהויבנ צו פירנ אנ אכזאָריעסדיקנ טעראָר קעגנ די פאָלקס-מאסנ.

## די באדייַטונג פונ דער פראנצויזישער בורזשואזער רעוואָליוציע פונ XVIII יאָרהונדערט. דער ראדיקאלער אונטערשייד צווישנ א רעוואָליוציע א בורזשואזער אונ א רעוואָליוציע א פראָלעטארישער.

וועגנ דער היסטאָרישער באדייַטונג פונ דער פראנצויזישער בורזשואזער רעוואָליוציע האָט לענינ געשריבנ: „צוליב איר קלאס, צוליב וועלכנ זי האָט געארבעט, צוליב דער בורזשואזיע, האָט זי אופגעטאָנ אזוי פיל, אז דער גאנצער XIX יאָרהונדערט, יענער יאָרהונדערט, וואָס האָט געגעבנ דער גאנצער מענטשהייַט ציוויליזאציע אונ קולטור, איז אדורכ אונטערנ צייכנ פונ דער פראנצויזישער רעוואָליוציע. אינ אלע עקנ וועלט האָט ער מער ניט ווי געטאָנ דאָס, וואָס ער האָט דורכגעפירט, פארווירקלעכט טיילנווייַז, דערארבעט דאָס, וואָס עס האָבנ געשאפנ די גרויסע פראנצויזישע רעוואָליוציאָנערנ פונ דער בורזשואזיע, וועמענס אינטערעסנ זיי האָבנ געדינט, כאָטש זיי האָבנ עס אפילע ניט באנומענ, צודעקנדיק זיכ מיט ווערטער וועגנ פרייַהייַט, גלייַכהייַט אונ ברידערלעכקייַט... די פראנצויזישע רעוואָליוציע, כאָטש מע האָט זי אפילע צעקלאפּט, האָט זי פונדעסטוועגנ געזיגט, ווייַל זי האָט געגעבנ דער גאנצער וועלט אזוינע זייַלנ פונ בורזשואזער דעמאָקראטיע, פונ בורזשואזער פרייַהייַט, וועלכע מע האָט שוינ ניט געקאָנט באזייַטיקנ" [1].

די רעוואָליוציע אינ פראנקרייַכ האָט ארייַנגעטראָגנ קאָלאָסאלע ענדערונגענ אינ אלע ווינקלענ פונעם לעבנ פונ דער געזעלשאפט. ביז דער רעוואָליוציע האָבנ געדריקט אפנ פויערטום די פעאָדאלע פליכטנ. די אדל-לייַט אונ די גייַסטלעכע האָבנ געהאט פריווילעגיעס לעגאבע דער בורזשואזיע אונ דעמ פויערטום. אלע שטאנדנ זייַנענ אָבער געווענ רעכטלאָז לעגאבע דער קיניגלעכער מאכט. אומעטום אפ די ערטער זייַנענ געווענ אייגענע געריכטנ, אייגענע טאמאָזשנעס, אייגענע מאָסנ. די פעאָדאלע פּענטעס האָבנ געשטיקט די אנטוויקלונג פונ דער אינדוסטריע, פונ דער לאנדווירטשאפט אונ פונעם האנדל.

די יאקאָבינער האָבנ די דאָזיקע אלע פענטעס אנטשיידנ צעריסנ. די יאקאָבינער האָבנ אייַנגעשטעלט א רעוואָליוציאָנערע דיקטאטור אונ האָבנ באוויזנ א מוסטער פונ דעמ, וויַאזוי מע באדארפ אומבארכמאָנעסדיק דערשטיקנ די קאָנטררעוואָליוציע אונ פארטיידיקנ דאָס היימלאנד קעגנ אויסערלעכנ פייַנט. דאָס פויערטום איז באפרייַט געוואָרנ פונעם יאָכ פונ די לייַבייגנטימער. באפרייַט האָבנ דאָס פויערטום די פאָרשטייער פונ דער פאָרגעשריטענער, רעוואָליוציאָנערער בורזשואזיע, וואָס דאָס

[1] לענינ, ווערק, ב. XXIV, ז. 304.

פאָלק האָט זי אונטערגעהאַלטן. קאָלאָסאַלע פאָלקס־מאַסן האָבן גענומען אַן אַקטיוון אָנטייל אין דער פראַנצויזישער רעוואָליוציע פונעם XVIII יה. די דאָזיקע רעוואָליוציע, ווי כאַווער סטאַלין האָט זי כאַראַקטעריזירט, איז געווען אַ „...פאָלקישע, וואָס האָט געזיגט, האָבנדיק אויפגעהויבן קאָלאָסאַלע פאָלקס־מאַסן קעגן פעאָדאַליזם און פאַרטיידיקנדיק די אינטערעסן פונעם דריטן שטאַנד...״ [1].

אָבער „קיין פולן זיג, — זאָגט לענין, — איז די יאַקאָבינער ניט באַשערט געווען צו דעראָבערן, הויפּטזאַכלעך דערפאַר, וויַיל פראַנקרייַך פונעם XVIII יאָרהונדערט איז געווען אַרומגערינגלט אויפן קאָנטינענט מיט צו אָפּגעשטאַנענע לענדער און וויַיל אין פראַנקרייַך גופא איז ניט געווען קיין מאַטעריעלע באַזע פאַרן סאָציאַליזם, עס זייַנען ניט געווען קיין בענק, קיין סינדיקאַטן פון קאַפּיטאַליסטן, עס איז ניט געווען קיין מאַשיניזירטע אינדוסטריע, קיין אייַזנבאַן־וועגן״ [2].

די היסטאָרישע באַדייַטונג פון די יאַקאָבינער איז באַשטאַנען דערין, וואָס זיי האָבן געמאַכט ריין דעם וועג פאַרן קאַפּיטאַליזם, פאַר דער הערשאַפט פון דער בורזשואַזיע. אָנשטאָט די פעאָדאַלע קייטן האָט די בורזשואַזיע אָנגעטאָן אויף די אַרבעטער און פויערים נייַע קייטן, די קייטן פון בורזשואַזער עקספּלואַטאַציע. די שטאַנדן זייַנען פאַרניכטעט געוואָרן, אָבער אָנשטאָט דעם יאָך פון די אַדל־לייַט די אַריסטאָקראַטן איז אַנטשטאַנען דער יאָך פון די רייַכע די קאַפּיטאַליסטן. די קאַפּיטאַליסטישע עקספּלואַטאַציע איז אָבער געווען מער פּראָגרעסיוו איידער די פעאָדאַלע. באַם קאַפּיטאַליזם וואַקסט און אַנטוויקלט זיך באַנאַנד מיט דער בורזשואַזיע דער פּראָלעטאַריאַט — דער קומענדיקער באַגראָבער איר'ער.

קאָלזמאַן די יאַקאָבינער האָבן געפירט אַ קאַמף קעגן די פעאָדאַל־אַבסאָליוטיסטישע קלאַסן, האָבן זיי געפונען באַ די פאָלקס־מאַסן שטיצע. אָבער „די בורזשואַזע רעוואָליוציע, — זאָגט כאַווער סטאַלין, — קאָן ניט באַהעפטן אַרום דער בורזשואַזיע אויף אַ וועלכן־עס־איז דויערהאַפטן פאַרן מיליאָנען אַרבעטנדיקע און עקספּלואַטירטע מאַסן טאַקע דערפאַר, וויַיל זיי זייַנען אַרבעטנדיקע און עקספּלואַטירטע...״ [3].

בלויז אין אַ סאָציאַליסטישער רעוואָליוציע איז מעגלעך אַ דויערהאַפטער צוזאַמענבונד פון די מאַסן מיטן פּראָלעטאַריאַט, וואָס פירט זיי נאָך זיך.

ראַדיקאַלע אונטערשיידן זייַנען אויך פאַראַן אין די פאָרהאַנאָכעס פון אַ רעוואָליוציע אַ בורזשואַזער און פון אַ רעוואָליוציע אַ פּראָלעטאַרישער.

אינעם פעאָדאַלן פראַנקרייַך איז נאָך ביז דער רעוואָליוציע ווייַט פאַרגאַנגען דאָס רייַפּ ווערן פון די „מער אָדער ווייניקער גרייטע פאָרמען פון דער קאַפּיטאַליסטישער סיסטעם״ [4]. אין פראַנקרייַך איז געווען אַ קאַפּיטאַליסטישע מאַנופאַקטור. אין דער לאַנדווירטשאַפט זייַנען ברייט אָנגעוווענדט געוואָרן לוינאַרבעט און געלט־אַרענדע. שנעל האָט זיך אַנטוויקלט דער האַנדל.

אַנדערש איז עס אין אַ סאָציאַליסטישער רעוואָליוציע. „...די פּראָלעטאַרישע רעוואָליוציע, — זאָגט כאַווער סטאַלין, — הייבט זיך אָן באַ דער אָפּוועזנהייַט, אָדער קימאַט באַ דער אָפּוועזנהייַט, פון גרייטע פאָרמען פון דער סאָציאַליסטישער סיסטעם״ [5].

אין רוסלאַנד איז בלויז נאָך דעם, ווי עס איז אייַנגעשטעלט געוואָרן די דיקטאַטור פונעם פּראָלעטאַריאַט, מעגלעך געוואָרן אויסצובויען דעם סאָציאַליזם. ווי ס'איז דערפון צו זען, זייַנען די אויפגאַבן פון דער גרויסער פּראָלעטאַרישער רעוואָליוציע געווען פיל קאָמפּליצירטער און שווערער.

**דער ראַדיקאַלער אונטערשייד צווישן אַ רעוואָליוציע אַ בורזשואַזער און אַ רעוואָליוציע אַ פּראָלעטאַרישער איז פאָלגנדיקער: „די בורזשואַזע רעוואָליוציע באַגרענעצט זיך דערמיט, וואָס זי פאַרבייַט בא דער מאַכט איין עקספּלואַטאַטאָרישע גרופּע אויף אַן אַנדער עקספּלואַטאַטאָרישער גרופּע...״ [6]. די גרויסע סאָציאַליסטישע רעוואָליוציע אָבער האָט ליקווידירט יעטווידע עקספּלואַטאַציע פון**

---

[1] סטאַלין, פראַגן פון לעניניזם, אויפלאַגע 10־טע, 1936, ז. 609.

[2] לענין, ווערק, ב. XX, ז. 556.

[3] סטאַלין, פראַגן פון לעניניזם, אויפלאַגע 11־טע, 1939, ז. 112.

[4] דאָרטן, ז. 111.

[5] דאָרטן.

[6] דאָרטן.

מענטש דורכ מענטש, פארניכטנדיק דאָס פריוואט-אייגנטומ אפ די פראָדוציר-מיטלען, אונ האָט ארויסגעריסנ גופע די וואָרצלענ פונ עקספּלואטאציע. אינ צוזאמענהאנג מיט די אופגאבנ פונ דער בורזש. אזער רעוואָליוציע צעשטערט ניט די בורזשואזיע אונ ברעכט ניט דעמ עקספּלואטאטאָרישנ פעאָדאל-אבסאָליוטיסטישנ מעלוכע-אפּאראט, זי פּאַסט זיכ נאָר צו צו דער בורזשואזער עקאָנאָמיק, וועלכע איז שוינ אינ א געוויסער מאָס געוואָרנ דייַפּ.

די פּראָלעטארישע רעוואָליוציע אָבער, וואָס האָט פארניכטעט אלע אונ יעטווידע עקספּלואטאטאָרישע קלאסנ, פּלט אויס א גיגאנטישע ארבעט. די פּראָלעטארישע רעוואָליוציע צעשטערט, צעברעכט די עקספּלואטאטאָרישע מעלוכע-מאשינ, וועלכע פלעגט אונטערדריקנ די מאסנ אינ די אינטערעסנ פונ א נישטיקער מינדערהייט. דער פּראָלעטאריאט שאפט א מעלוכע פונ א נייַעמ טיפּ, וועלכע פארווירקלעכט דעמ ווילנ פונ די מאסנ, די דיקטאטור פונעמ פּראָלעטאריאט. די דאָזיקע מעלוכע דערשטיקט דעמ קאָנטררעוואָליוציאָנערנ ווידערשטאנד פונ דער נישטיקער מינדערהייט פארביסענע רעשטלעכ פונ די עקספּלואטאטאָרישע קלאסנ, אָרגאניזירט די סאָציאַליסטישע בויונג, פארטיידיקט די גרענעצנ פונעמ ראטנפארבאנד.

אינ צוזאמענהאנג מיטנ ראדיקאלנ אונטערשייד צווישנ א בורזשואזער מעלוכע אונ א מעלוכע א פּראָלעטארישער איז אויכ געווענ פארשיידנ דער גאנג פונ דער רעוואָליוציע.

די סאָציאַליסטישע רעוואָליוציע האָט זיכ אָנגעהויבנ דערפונ, וואָס דער פּראָלעטאריאט האָט פארכאפּט די מאכט אינ זייַנע הענט. אונ אינ דער בורזשואזער פראנצויזישער רעוואָליוציע איז געווענ גאָר אנדערש: די יאקאָבינער — די פאָרגעשריטענע עלעמענטנ פונ דער בורזשואזיע, וואָס זייַנענ געווענ געשטיצט פונ פאָלק אונ האָבנ געשלאָסנ א בונד מיטנ „פּלעבס", — זייַנענ געקומענ צו דער מאכט ערשט אפנ לעצטנ עטאפּ פונ דער רעוואָליוציע.

די בורזשואזע פראנצויזישע רעוואָליוציע פונ XVIII יה. אונ די גרויסע סאָציאַליסטישע רעוואָליוציע פונ XX יה. זייַנענ פאָרגעקומענ אינ לאכלוטנ פארשיידענע עפּאָכעס, האָבנ זיכ אנטוויקלט לויט לאכלוטנ פארשיידענע געזעצנ אונ זיי אונטערשיידנ זיכ גרינטלעכ איינע פונ דער אנדערער.

אינעמ XVIII יה. זייַנענ ניט געווענ קיינ פאָרהאנאָכעס אפ אייַנצושטעלנ דעמ סאָציאַליזמ, אפ אראָפּצוווארפנ די בורזשואזיע. פארקערט, ווענ די בורזשואזיע איז געגאנגענ צו דער מאכט, שטירצנדיק די פעאָדאלע אָרדענונג, איז זי געווענ אנ א פשטייַגנדיקער קלאס. אנדערש איז איצט. אינ אונדזער עפּאָכע, אינעמ פּעריאָד פונ דער צעפוילונג אונ פונ קראכ פונעמ קאפּיטאליזמ, געפינט זיכ די בורזשואזיע אינ א צושטאנד פונ ירידע. דער אופשטייַגנדיקער קלאס איז דער פּראָלעטאריאט.

כאווער סטאלינ זאָגט וועגנ דער גרויסער אָקטיאבערישער סאָציאַליסטישער רעוואָליוציע, אז זי „איז ניט די פאָרזעצונג, ניט די פארענדיקונג פונ דער גרויסער פראנצויזישער רעוואָליוציע. דער ציל פונ דער פראנצויזישער רעוואָליוציע איז געווענ צו ליקווידירנ דעמ פעאָדאליזמ, קעדיי צו באפעסטיקנ דעמ קאפּיטאליזמ. דער ציל אָבער פונ דער אָקטיאבער-רעוואָליוציע איז ליקווידירנ דעמ קאפּיטאליזמ, קעדיי צו באפעסטיקנ דעמ סאָציאַליזמ"[1].

---

[1] סטאלינ, שמועס מיטנ דייַטשישנ שרייַבער עמיל לודוויג, פארטיזדאט, 1937, ז. 47.

קאפיטל 4.

# פראנקרײַך פון 1794 ביז 1815 יאָר.

## דער קאָנטררעוואָלוציאָנערער טערמידאָריאַנישער קאָנווענט און די דירעקטאָריע.

דער טערמידאָריאַנישער קאָנווענט.

נאָך דער קאָנטררעוואָלוציאָנערער טערמידאָריאַנישער איבערקערעניש קומט צו דער מאכט די נײַע בורזשואַזיע. צווישן די טערמידאָריאַנער זײַנען געווען פיל דע־פוטאטן, וואָס זײַנען פריער געווען אפן צאד פון דער „בלאָטע". איצט האָבן גענומען שפילן אַ אָנגעזעענע ראָליע די פיפיקע ספעקוליאַנטן. די ערשטע אויפ־גאַבע פון די טערמידאָר אנער, וואָס זײַנען געקומען צו דער מאכט, איז געווען: צעגראָמירן דעם אפאראט פון דער יאקאָבינישער דיקטאטור און שאפן אָנשטאָט אים אַן אפאראט פון דער קאָנטררעוואָלוציאָנערער דיקטאטור פון דער גרויס־בורזשואַזיע. פריער פ"נ אלץ האָט מען באַם קאָמיטעט פון געזעלשאפטלעכער רעטונג, וואָס איז איצט באשטאנען פון טערמידאָריאַנער, אָפּגענומען זײַנע פריער־דיקע קאָלאָסאלע פולמאכטן. אינגיכן נאָך דער איבערקערעניש האָט מען געשאפן 16 קאָמיטעטן פונעם קאָנווענט. דער קאָמיטעט פון געזעלשאפטלעכער רעטונג איז געוואָרן איינער פון די קאָמיטעטן באגלײַך מיט די אנדערע זעכצן. ער האָט געהאט צו פארוואלטן נאָר מיט די אויסלענדישע איניאָנים און האָט אָנגעפירט מיט דער ארמיי. די אינערלעכע איניאָנים האָט מען איבערגעגעבן דעם קאָמיטעט פאר געזעצגעבונג. עס האָט זיך פארשטארקט די ראָליע פונעם נײַעם קאָמיטעט פון געזעלשאפטלעכער געפארלאָזיקייט, וועלכער איז באשטאנען פון טערמידאָריאַנער.

דעם יאקאָבינישן קלוב האָט מען פארמאכט, די געבײַדע פונעם קלוב האָט מען פארזיגלט. די פיליאַלן פונעם קלוב אף די ערטער, די „פאָלקס־געזעלשאפטן" האָט מען פאנאנדערגעלאָזן. די בורזשואזע קאָנטררעוואָלוציאָנערן האָבן אויך צעטריבן די פאריזשער סעקציעס, וועלכע האָבן געשפילט אין דער רעוואָלו־ציע אזא גרויסע ראָליע.

מע האָט פאנאנדערגעלאָזן די רעוואָלוציאָנערע קאָמונע פון פאריזש און פארביטן זי אף אַ קאָמיסיע, וואָס די רעגירונג האָט באשטימט. די רעוואָלו־ציאָנערע קאָמיטעטן אף די ערטער האָט מען צעגראָמירט. דער טערמידאָריאַנישער קאָנווענט האָט אפילע ארויסגעטראָגן אַ ספעציעלע באשטימונג וועגן דעם, אז קיין איין אָרגאניזאציע טאָר זיך ניט אָנרופן רעוואָלוציאָנערע. אין קאָנווענט האָט מען אומגעקערט די זשיראָנדיסטן. די דאָזיקע אלע מאָסמיטלען זײַנען געוואָרן באגלייט מיט אַ ווילדן קאָנטררעוואָלוציאָנערן טעראָר. מע האָט אומעטום גענומען ארעסטירן די יאקאָבינער. כאָפּטעס „גאָלדענע יוגנט", לעביונגען-לײַדאקעס פלעגן כאפן אף די גאסן ארבעטער און צעמיימעסן זיי מיט שטעקנס, זיי פלעגן זיך ארײַנרײַסן אין די הײַזער פון די יאקאָבינער און זיך אכזאָריעסדיק מיט זיי צערעכענען.

אין געביט פון דער עקאָנאָמישער פאָליטיק האָבן די טערמידאָריאַנער אויך געמאכט אַ סאָף צו דער ירושע, וואָס די יאקאָבינישע דיקטאטור האָט איבערגעלאָזן.

דעם 24 דעקאבער 1794 י. האָט דער טערמידאָריאַנישער קאָנווענט אָפּגעשאפן דעם מאקסימום. די ספעקוליאַנטן האָבן גלײַך אויפגעשרויפט די פרײַזן.



דער אופשטאנד פרילינג 1795 י. אין פאריזש (1־טער פרעריאַל פונעם III יאָר פון דער רעפובליק) — פון העלמאנס גראווויר לויט מאָנעס בילד.

דאָס אָפּשאפן דעם מאקסימום האָט זיך זייער שווער אָפּגערופן אף דער אָרעמשאפט, אף די סאנקיולאָטן. אין צוזאמענהאנג דערמיט, וואָס עס איז ארויסגעלאָזן געוואָרן א קאָלאָסאלע צאָל פאפירענע געלט, האָט דער יאקרעס געהאלטן אין איין וואקסן. „דער אומגעהייערער יאקרעס צווינגט דעם אָרעמען ארבעטער, וואָס פארדינט 4 ליוור[1], אָדער 100 סו א טאָג, צו מאטערן זיך און אויסגיין פון הונגער", — האָט געשריבן די צייטונג „דער פאָלקס־טריבון". די מאסן האָבן שטארק געהונגערט, די ברויט איז געווען אומגעהייער גרויס. אין דער זעלבער צייט האָט זיך זייער שטארק געוואָרפן אין די אויגן דער לוקסוס פון די רייכע קלאסן, זייערע טייערע קליידער, זייער גאָלד און בריליאנטן.

דער יאקרעס און דער הונגער האָבן זיך באזונדערס פארשטארקט צו פרילינג 1795 י. „אף די גאסן קאָן מען זען אומגליקלעכע מענטשן, וועלכע פאלן פון שוואכקייט און אויסגעצערטקייט", — האָבן געשריבן די צייטונגען. „טוט א קוק, בייס עס גייט אוף די זון, אף די גאסן פון אייניקע קווארטאלן, טוט א קוק אף די דאָזיקע אויסגעצערטע פיגורן, אף די דאָזיקע „עקן", וואָס שטופן זיך בא די טירן", — האָט געשריבן אן אנדער צייטונג.

די סאָלדאטן פלעגן באקומען שיך מיט פּאָדעשוועס פון קארטאָן און שינעלן פון פוילן שטאָף. די ליפעראנטן פון דער ארמיי האָבן זיך אָנגעשאפט קאָלאָסאלע געלטער.

פרילינג 1795 י. האָבן די הונגעריקע מאסן געפּרוווט אופהייבן אן אופשטאנד. דער ערשטער אופשטאנד פון די פאריזשער פאָלקס־מאסן, וועלכע זיינען דערפירט געוואָרן ביז פארצווייפלונג, איז פאָרגעקומען אין אפרעל (זשערמינאל) אונטערן לאָזונג: „גיט אונדז ברויט און די קאָנסטיטוציע פון 93־טן יאָר!" די הונגעריקע מאסן האָבן זיך ארײַנגעריסן אין דעם טערמידאָריאנישן קאָנווענט און האָבן געפאָדערט, אז מע זאָל אומקערן די יאקאָבינער און אייַנפירן די קאָנסטיטוציע פון 1793 י. גאנץ פאריזש דער בורזשואזער האָט זיך אופגעהויבן קעגן די פאָלקס־מאסן. צוערשט האָט דאָס מיליטער אָפּגעשטויסן די ארבעטער צו די פאָרשטעט, און דערנאָך האָבן זיך אָנגעהויבן ארעסטן, פארשיקונגען, קעפּונגען.

צום צווייטן מאָל זיינען די פאָלקס־מאסן אופגעשטאנען דעם 20—23 מיי (פרעריאַל), דאָס מאָל איז דער אופשטאנד געווען א נאָך מער ערנסטער. די אר-

[1] אין יענער צייט האָט א פונט ברויט געקאָסט 16 ליוור, א פּאָר שטיוול האָבן געקאָסט 1200 ליוור.

בעטער האָבנ אפילע פארכאפט עטלעכע הארמאטנ. די באוועגונג איז אָבער ניט געווענ אָרגאניזירט. די שטארקע ארטילעריע פונ דער רעגירונג האָט צעגראָמירט די ארבעטער-ראיאָנענ. נאָכנ דערשטיקנ דעמ צווייטנ (פרעריאלער) אופשטאנד, האָט דער טעראָר פונ דער קאָנטררעוואָליוציאָנערער בורזשואזיע דערגרייכט ביז צומ העכסטנ גראד. די יאקאָבינער פלעגט מענ צעשיסנ, פארפייניקנ אינ די טפיסעס.

נאָכנ דערשטיקנ די רעוואָליוציאָנערע אופשטאנדנ, האָט דער טערמידאָריאנישער קאָנווענט דורכגעפירט א ריי מאָסמיטלענ צו פארשטארקנ די צענטראלע מאכט.

אווגוסט 1795 י. האָט דער קאָנווענט אָנגענומענ א קאָנסטיטוציע. דאָס אלגעמיינע וואלרעכט איז אָפגעשאפנ געוואָרנ. שטימ־רעכט האָבנ געהאט נאָר יענע פערזאָנענ, וואָס האָבנ געצאָלט א דירעקטנ ערד-שטייער אָדער קאָפ-שטייער. דעמ קאָנווענט האָט מענ פאנאנדערגעלאָזנ.

די דירעקטאָריע.

די פאָרשטייער פונ די אייגנטימער פלעגנ איצט אויס-געוויילט ווערנ אינ צוויי פאלאטעס. די אונטערשטע פאלאטע — „דער ראט פונ פינפ הונדערט" — פלעגט פאָרלייגנ געזעצנ. די אייבערשטע — „דער ראט פונ די עלטסטע" — פלעגט די געזעצנ באשטעטיקנ. די פאלאטעס פלעגנ אויסוויילנ פינפ דירעקטאָרנ, די אזויגערופענע „דירעקטאָריע". דער דירעקטאָריע איז איבערגעגעבנ געוואָרנ די אויספיר-מאכט. די טערמידאָריאנישע קאָנסטיטוציע פונ 1795 י. האָט פארפעסטיקט די דיקטאטור פונ דער גרויס-בורזשואזיע. די דירעקטאָריע, וואָס איז אופגעקומענ אינ 1795 י., האָט עקזיסטירט 4 יאָר, ביזנ 1799 י.

אָקטיאבער 1795 י. (וואנדעמיער פונעמ IV יאָר פונ דער רעפובליק) האָבנ די ראָיאליסטנ[1] אָנגעהויבנ א באוואָפנטנ בונט אינ פאריזש גופע. אָנצופירנ מיט די מיליטערישע אקציעס קעגנ די בונטאָווטשיקעס האָט מענ באפולמעכטיקט דעמ יונגנ גענעראל פונ ארטילעריע באָנאפארטנ. ער האָט געניט פאנאנדערגעשטעלט די ארטילעריע אונ קאלטבלוטיק געשאָסנ פונ הארמאטנ אינ די סאמע געפערלעכע ערטער, ווו ס'האָבנ זיכ קאָנצענטרירט די בונטאָווטשיקעס. אדאנק באָנאפארטנ איז דער קאָנווענט געראטעוועט געוואָרנ.

די יאָרנ פונ דער דירעקטאָריע זיינענ ארײַנ אינ דער געשיכטע אלס יאָרנ פונעמ ווייטערדיקנ אופבלי פונ דער ספעקוליאציע, בירזשע-שפיל, גלייכצייטיק זיינענ דאָס געווענ יאָרנ פונ שרעקלעכע צאָרעס אונ ליידנ פאר די מאסנ. דאָס געלט האָט נאָכ אלצ ניט אופגעהערט צו פאלנ. די פרייזנ אפ זאכנ פונ ערשטנ געברויכ זיינענ געשטיגנ אינ 230 מאָל, אונ דער ארבעטסלוינ איז געשטיגנ בלויז אינ 63 מאָל.

מארקס אונ ענגעלס האָבנ געגעבנ אזא אָפשאצונג דער עקאָנאָמישער אנטוויקלונג פונ פראנקרייכ בייס דער דירעקטאָריע: „די רעוואָליוציע האָט באפרייט די בורזשואזע געזעלשאפט פונ די פעאָדאלע פענטעס... אָבער בלויז אינ דער צייט פונ דער ד י ר ע ק ט אָ ר י ע־רעגירונג רייסט זיכ האסטיק ארויס אונ נעמט שפרודלענ ווי א קוואל דאָסווירקלעכע לעבנ פונ דער ב ו ר ז ש ו א ז ע ר ג ע ז ע ל ש א פ ט. דער פיבער פונ קאָמערציעלע אונטערנעמונגענ, די ליידנשאפט פונ בארייכערונג, די פארשיקערטקייט פונעמ נייעמ בורזשואזנ לעבנ... די ערשטע באוועגונגענ פונ דער פריי געוואָרענער אינדוסטריע, — דאָס אלצ זיינענ געווענ באזונדערע לעבנס־סימפטאָמענ פונ דער נאָרוואָס אופגעקומענער בורזשואזער געזעלשאפט". די בורזשואזיע הייבט אָנ אזויארומ צו הערשנ. מארקס אונ ענגעלס האָבנ אויכ פארצייכנט דעמ אָנהייב פונעמ אופשטייג אינ דער ערדארבעט, וועלכע איז באפרייט געוואָרנ פונ די פעאָדאלע פענטעס.

[1] ראָיאליסטנ — די אָנהענגער פונ דער קיניגלעכער מאכט.
[2] מ א ר ק ס אונ ע נ ג ע ל ס, ווערק, ב. III, ז. 151.

ארום 300 דעפּוטאַטן פון די געזעצגעבערישע פּאַלאַטעס זײַנען געווען אָפּע-נע ראָיאַליסטן און זיי האָבן נאָך געוואַרט אויף פּאַסיקן מאָמענט, מע זאָל קענען אופּשטעלן די מאָנאַרכיע. אין לאַנד האָט געבושעוועט א טעראָר, געווענדט קעגן דער רעוואָליוציע. דאָס האָבן אויסגענוצט די מאָנאַרכיסטן און זיי זײַנען געוואָרן אַקטיוו. אין וואַנדייע איז ווידעראַמאָל אויסגעבראָכן א בונט.

**באבעף און „די פאַר-שווערונג פון די גלײַכע".**

אין די אומשטענדן פון אויסערסט שאַרפן קלאַסנקאַמף איז פאַרטראַכט געוואָרן א גרויסע פאַרשווערונג קעגן דער דירעקטאָריע. די דאָזיקע פאַרשווערונג איז פאַר-טראַכט געוואָרן אין דער סוויווע פון דער קליין-בורזשואַ-זיע און אַרבעטער. בעראָש פון דער פאַרשווערונג איז געשטאַנען באבעף.

באבעף איז געבוירן געוואָרן אין 1760 י. אין צאָפן-פראַנקרײַך, אין אן אָרעמער פאַמיליע. צו 16 יאָר האָט ער אָנגעהויבן אַרבעטן. די נויט האָט אים געטריבן גיין דינען בא א סעניאָר. לויטן באַפעל פונעם סעניאָר פלעגט באבעף זיך גריבלען אין די אַרכיוון און אויסזוכן דאָקומענטן וועגן פּריווילעגיעס פאַר די פּריצים — פּריווילעגיעס, אָן וועלכע מע האָט שוין געהאַט פאַרגעסן. אויפן סמאַך פון אַזוינע דאָקומענטן האָט דער סעניאָר געקאָנט אַרופלייגן אויף די פּויערים צוגאָב-פליכטן. די דאָזיקע גריבלעניש אין די דאָקומענטן האָט פאַרשטאַרקט באבעפס האַס צו דער פעאָדאַלער אָרדענונג. אין 1789 י., אַקוראַט דאָס יאָר, ווען עס האָט זיך אָנגעהויבן די רעוואָליוציע, האָט באבעף אַרויסגעלאָזן א בראָשור, וווּ ער לייגט פאָר צו פאַרניכטן דאָס פעאָדאַלע אייגנטום אויף ערד און צעטיילן די ערד צווישן די נויטבאַדערפטיקע.

בייס דער דירעקטאָריע, אינעם פעריאָד פון פאַרשאַרפטן קלאַסנקאַמף, זאָגט זיך אָפּ באבעף פון זײַן פריִערדיקן פּלאַן.

„די פּרוכטן פון דער ערד געהערן אַלעמען, — מעלדעט באבעף, — און די ערד — קיינעם ניט; די קאָמוניסטישע אָרדענונג — איז די איינציק גערעכטיקע, די איינציק נאָרמאַלע".

באבעף האַלט איצט פאַר נייטיק צו שאַפן א קאָמונע. ער לייגט פאָר אָפּ-צונעמען די בירגער-רעכט בא יענע אייגנטימער, וואָס ווילן ניט איבערגעבן דער קאָמונע זייער אייגנטום, און זיי דערקלערן אַלס „פאַרדעכטיקע".

לויט באבעפס אידיי האָט אין דער קאָמונע געדאַרפט הערשן גלײַכהייט. „מיר דאַרפן א גלײַכהייט, וואָס איז ניט נאָר פאַרשריבן אין דער „דעקלאַראַציע פון די רעכט פון דעם מענטשן און בירגער". מיר ווילן, אז די גלײַכהייט זאָל זיך געפינען צווישן אונדז, אונטערן דאַך פון אונדזערע וווינונגען"[1].

באבעף איז געווען אן אָנהענגער פון א ווולגאַרער אויסגלײַכונג פון אַלע בירגער. באבעפס געדאַנק איז געווען אַזא: יעדער מיטגליד פון דער געזעלשאַפט טראָגט אַרײַן אין די געזעלשאַפטלעכע מאַגאַזינען די פּראָדוקטן פון זײַן האַנטווערקערישער אָדער לאַנדווירטשאַפטלעכער אַרבעט. א ספּעציעלע „דערנע-רונגס-אַדמיניסטראַציע" פירט דעם דיסקאָנט פון אַלע אַרבעטנדיקע. זי דיסקאָנ-טירט אויך אַלע אַרײַנגעבראַכטע נאַטורעלע פּראָדוקטן. די זעלבע אַדמיניסטראַציע „צעטיילט אַלע אַרטיקלען צווישן די בירגער לויטן פּרינציפּ פון פּינקטלעכער גלײַכמעסיקייט". אַזויאַרום האָט באבעף פאָרגעלייגט צו פאַרטיילן דאָס מאַטעריעלע

---

[1] באבעף, דער מאַניפעסט פון די גלײַכע.

גוטס אפנ גרונט פונ פולשטענדיקער אויסגלײַכונג. אלע באקומענ גלײַכ, אומאָפהענגיק פונ דעם, וויפל יעדער בירגער פונ דער געזעלשאפט ארבעט אויס. אפ דער ערשטער סטאדיע פונעם קאָמוניזם, באם סאָציאליזם, וואָלט אזא אויסגלײַכונג געווענ ווי געפונענ פאר פוסטעפאסניקעס און פויליאקעס. זי וואָלט ארונטערגעריסנ די געזעלשאפטלעכע פראָדוקציע.


באבעפ — פונ א גראווויור פונ באָנוויל.

ארויסגערוקט דעם לאָזונג פונ רעוואָליוציאָנערער דיקטאטור, האָט באבעפ אָבער נאָכ ניט אויסגעטיילט פונ דער אלגעמיינער מאסע ארבעטנדיקע די ארבעטער: ער האָט ניט פארשטאנענ די באדײַטונג פונעם פראָלעטאריאט, וואָס האָט זיכ שוינ אינ יענער צײַט געהאלטנ אינ אויסבילדנ זיכ, ער האָט ניט פארשטאנענ דעם פראָלעטאריאטס אָנפירנדיקע ראָליע. באבעפ האָט פארגעלייגט אײַנצושטעלנ די דיקטאטור פונ די אָרעמע, קעדיי צו ברעכנ דעם ווידערשטאנד פונ די רײַכע. באבעפ האָט געפרווט אָנצווענדנ זײַנ פלאנ אינ דער פראקטיק. אינ 1796 י. האָט ער אָרגאניזירט א פארשווערונג, אימ האָט אָבער אויסגעגעבנ א פראָוואָקאטאָר. באבעפנ האָט מענ ארעסטירט און אינ א יאָר ארום געקעפט. אינגיכנ נאָכ באבעפס ארעסט האָבנ זײַנע אָנהענגער געפרווט אופהייבנ אפ אנ אופשטאנד די סאָלדאטנ פונעם גרענעלער לאגער (לעבנ פאריזש), דער דאָזיקער פרווו אָבער האָט זיכ ניט אײַנגעגעבנ.

באבעפס פארשווערונג אינ געווענ דער ערשטער פרווו צו דערגרייכנ קאָמוניזם דורכ א באוואָפנטנ אופשטאנד און דורכ אײַנשטעלנ א רעוואָליוציאָנערע דיקטאטור. דער אופשטאנד איז דורכגעפאלנ, ווײַל דער פראָלעטאריאט אינ פראנקרײַכ האָט געהאלטנ ערשט באם אויסבילדנ זיכ און ער האָט ניט געקאָנט שטיצנ באבעפנ.

די מילכאָמעס פונעם טערמידאָריאנישנ קאָנווענט און פון דער דירעקטאָריע.

אינ 1795 י. האָבנ זיכ אינעם לאגער פונ דער פעאָדאלער קאָאליציע אָנגעהויבנ שטארקע רײַבונגענ. די דאָזיקע רײַבונגענ זײַנענ פאָרגעקומענ אינ צוזאמענהאנג מיט דער צעטיילונג פונ פוילנ. אינ 1793 י. האָבנ רוסלאנד און פרײַסנ צום צווייטנ מאָל צעטיילט פוילנ, דערבײַ האָבנ זיי ניט געלאָזט, אז עסטרײַכ זאָל אָנטיילנעמענ אינ דער דאָזיקער צעטיילונג. דאָס האָט ארויסגערופנ א גרויסע אומצופרידנקײַט מיצאד עסטרײַכ. נאָכ די צוויי צעטיילונגענ איז פונ פוילנ געבליבנ בלויז א פערטל פונ איר פריערדיקער טעריטאָריע און אינ 1794 י. איז דאָרט אויסגעבראָכנ אנ אופשטאנד. בע-

ראָש פונעם אופשטאנד איז געשטאנענ קאָסטיושקאָ — דער זעלבער, וואָס האָט
זיכ געהאט באטייליקט אינעם קאמפ פונ די צאָפנ-אמעריקאנישע קאָלאָניעס פאר
אומאָפּהענגיקייט. די פאראייניקטע ארמיי פונ פּרייסנ אונ פונעמ צארישנ רוסלאנד
האָט דעמ דאָזיקנ אופשטאנד דערשטיקט. נאָכדעמ איז מיט עסטרייכס אָנטייל
פּוילנ צומ דריטנ מאָל צעטיילט געוואָרנ. פונ 1795 י. אָנ האָט פּוילנ אלס מע-
לוכע אופגעהערט צו עקזיסטירנ. פראנקרייכ האָט אויסגענוצט די רייסערייענ, וואָס
האָבנ זיכ אָנגעהויבנ אינעמ לאגער פונ זיינע סאָנים באמ צעטיילנ דאָס רויב, אונ
האָט געשלאָסנ מיט פּרייסנ א סעפּאראטנ שאָלעמ. דער שאָלעמ איז געשלאָסנ
געוואָרנ אינ 1795 י. אינ באזעל. לויטנ דאָזיקנ שאָלעמ-אָפּמאכ האָט פראנקרייכ
באקומענ די מעגלעכקייט צו געניסנ די פּרוכט פונ די זיגנ, וואָס זיינע ארמייענ
האָבנ אָפּגעהאלטנ נאָכ אינעמ פּעריאָד פונ דער רעוואָליוציע. צו פראנקרייכ איז
אָנגעשלאָסנ געוואָרנ די טעריטאָריע, וואָס ליגט אפנ לינקנ ברעג ריינ.

דער גענעראל באָנאַפּאַרט.

דערווייל איז די מילכאָמע מיט עסטרייכ אונ ענגלאנד
ווייטער געגאנגענ. אינ אָט דער צייט ווערט גיכ דער-
הויבנ דער יונגער גענעראל באָנאפּארט.

נאפּאָלעאָנ באָנאפּארט איז געבוירנ געוואָרנ אינ 1769 י. אפנ אינדזל קאָרסיקא.
דער דאָזיקער אינדזל איז געוואָרנ א פראנצויזישער סאכאקל מיט דריי כאדאָשימ פאר נא-
פּאָלעאָנס געבורט. נאפּאָלעאָנס פּאָטער איז געווענ אנ אדוואָקאט, א פאראָרעמטער אדל-
מאנ. ער האָט זיכ אָנגעשלאָסנ אָנ דער פראנצויזישער פּארטיי אונ האָט באשטימט צו געבנ
דעמ זונ בילדונג אינ פראנקרייכ. נאפּאָלעאָנ האָט זיכ געלערנט אינעמ קליינעמ שטעטל
בריענ, אינ א מיליטער-שול. פאראָרעשכוירעט, ניט געשיקט, מיט א שלעכטנ
פראנצויזישנ אקצענט, האָט נאפּאָלעאָנ ייִנגלווייז זיכ געוואָרפנ די כאוויירימ אינ
די אויגנ. מע פלעגט זיכ מיט אימ רייצנ, אויסלאכנ זיינ קאָרסיקאנישנ אקצענט. גע-
לערנט האָט זיכ אָבער נאפּאָלעאָנ גלענצנדיק. צו 15 יאָר איז ער אריבער אינ
דער פּאריזשער מיליטער-שול. פונ דער דאָזיקער שול איז ער ארויס מיט אויס-
געצייכנטע קענטענישנ, באזונדערס גוט האָט ער געוווּסט מאטעמאטיק אונ גע-
שיכטע. דער יונגער באָנאפּארט האָט אָנגעשריבנ א ספּעציעלע ארבעט וועגנ בא-
ליסטיק, דה. וועגנ דעמ פלי פונ די קאנאָנענ-קוילנ.

אינ 1793 י., ביים מע האָט באלאגערט טולאָנ, האָט באָנאפּארט פאנאנדערגע-
שטעלט די ארטילעריע לויט א סכעמע, וואָס ער אלײנ האָט אויסגעארבעט. די
ארטילעריע האָט טרעפלעכ באשאָסנ דעמ פּיינט. די אינטערווענטנ די ענגלענדער
זיינענ צעגראָמירט געוואָרנ. טולאָנ האָט מענ איינגענומענ. פאר דעמ דאָזיקנ זיג
האָט דער קאָנווענט געגעבנ באָנאפּארטנ דעמ טיטל גענעראל. ער איז דאנ אלט
געווענ 24 יאָר.

אינ 1795 י. האָט באָנאפּארט מיט א פארניכטנדיקנ ארטילעריע-פּייער צע-
גראָמירט די ראָיאליסטנ, וואָס האָבנ געוואָלט פארכאפּנ אינ פּאריזש די מאכט.

באָנאַפּאַרטס קריגס-מאַרש קיין איטאַליע.

נאָכ דעמ האָט מענ באָנאפּארטנ באשטימט אלס קאָמאנ-
דיר פונעמ פּאריזשער מיליטער. אינ פּאריזש איז ער
אָבער פארבליבנ ניט לאנג. אינגיכנ איז ער אוועק אפ
מילכאָמע. ער איז געוואָרנ קאָמאנדיר פונ דער ארמיי, וואָס האָט געדארפט מיל-
כאָמע האלטנ אינ צאָפנ-איטאליע.

נאפּאָלעאָנענ אפ זיינ נייעמ פּאָסטנ איז קיינער ניט מעקאנע געווענ. די



באָנאַפּארט — פֿון א מעדאַליאָן, געצייכנט פֿון דאַוויד ד'אַנזשער.

בעסטע קרעפֿטן פֿון דער פֿראַנצויזישער אַרמיי, וואָס זײַנען געווען גוט באַזאָרגט און באַוואָפֿנט, האָבן זיך געפֿונען אויפֿן ריין. דער איטאַליענישער קריגס-טעאַטער האָט זיך גערעכנט פֿאַר א צווייטראַנגיקן; די אַרמיי, וואָס האָט זיך געפֿונען בײַ דער איטאַליענישער גרענעץ, איז געווען הוילנאַקעט, די סאָלדאַטן זײַנען געגאַנגען אין הילצערנע שיך (סאַבאָ). ניט וואָס די סאָלדאַטן, נאָר אַפֿילע די גענעראַלן האָט מען אויך ניט געצאָלט געהאַלט. מע האָט געהאַלטן, אַז די דאָזיקע אַרמיי איז ניט אימשטאַנד צו גיין אין אָנגריף, אַז אין בעסטן פֿאַל וועט זי אָפּוועדן פֿונעם ריין א טייל עסטרײַכישע קרעפֿטן.

די אַרמיי האָט זיך אָנגעהויבן פֿאַנאַנדערלייגן, די דיסציפּלין איז געפֿאַלן, רויבערײַ און מאַראָדירונג זײַנען דאָ געוואָרן א געוויינלעכע דערשײַנונג. באָנאַפּאַרט איז אָבער בײַ זיך ניט אַראָפּגעפֿאַלן, ווען ער האָט דערזען, אין וואָס פֿאַר א צושטאַנד עס געפֿינט זיך די אַרמיי, ווו ער איז באַשטימט אַלס קאָמאַנדיר. ער האָט פֿאַרטראַכט א גראַנדיעזן פּלאַן, א פּלאַן, וואָס האָט ווײַט געצילט. ער האָט באַשלאָסן צו מאַכן איטאַליע פֿאַר א פּלאַצדאַרם[1] אויף צו דעראָבערן אייראָפּע און דעם מיזרעך, און זיך גענומען פֿאַרווירקלעכן דעם דאָזיקן פּלאַן.

פֿריִער פֿון אַלץ האָט ער זיך גענומען פֿאַר אויפֿשטעלן די דיסציפּלין אין דער אַרמיי און פֿאַר אײַנרעגולירן די באַזאָרגונג פֿון דער אַרמיי. באָנאַפּאַרט האָט זיך דערשלאָגן, אַז די קאָמאַנדירן זאָלן זיך אים פֿולשטענדיק אונטערוואַרפֿן.

דעם געהילף זײַנעם, דעם גענעראַל אָזשעראָ, וואָס איז געווען מיט א קאָפּ העכער פֿונעם קלייניקן נאַפּאָלעאָן, האָט באָנאַפּאַרט געדראָעט: „גענעראַל, איר זײַט מיט א קאָפּ העכער פֿון מיר, נאָר אויב איר וועט ניט אויספֿילן מײַנע באַפֿעלן, וועט איר דעם דאָזיקן פֿאַרצוג אָנווערן". אָזשעראָ פֿלעגט שפּעטער דערציילן, אַז באָנאַפּאַרט „האָט אויף אים אָנגעוואָרפֿן א מוירע".

פֿאַרן אָנהייבן דעם מאַרש האָט באָנאַפּאַרט צוגעזאָגט די סאָלדאַטן, אַז ער וועט זיי אָפּגעבן איטאַליע אויף רויב. „סאָלדאַטן! איר זײַט נאַקעט, מע שפּײַזט אײַך שלעכט, — האָט באָנאַפּאַרט געשריבן אין זײַן באַפֿעל, — איך וועל אײַך פֿירן אין די סאַמע פֿרוכטבאַרע לענדער פֿון דער וועלט". איינציײַטיק האָט באָנאַפּאַרט אין א צווייטן באַפֿעל צווײַעסדיק געשריבן, אַז ער גייט קיין איטאַליע, קעדיי צו באַפֿרײַען דאָס איטאַליענישע פֿאָלק פֿון די עסטרײַכער און פֿונעם יאָך פֿון די פֿעאָדאַלע רעגירונגען.

באָנאַפּאַרטס מיליטער האָט זיך געשווינד אַרײַנגעריסן קיין איטאַליע. די עסטרײַכער האָבן געכאַפּט איינס מאַפּאָלע נאָך דער אַנדערער. ווי נאָר אָבער דער גענעראַל באָנאַפּאַרט האָט גענומען מילכאָמע האַלטן אין איטאַליע, אַזוי גלײַך האָבן אַלע דערזען די גאַנצע פֿאַלשקײַט פֿון זײַנע רייד, אַז ער פֿירט קלוימערשט די מילכאָמע אויף באַפֿרײַען דאָס איטאַליענישע פֿאָלק. באָנאַפּאַרט האָט זיך שטענדיק באַצויגן צום פֿאָלק מיט פֿאַראַכטונג. דאָס האָט ער נאָך דערוויזן אין פֿראַנקרײַך.

[1] פּלאַצדאַרם — א ראַיאָן, ווו עס וויקלט זיך פֿאַנאַנדער די אַרמיי.

שוין דעם 10 אויגוסט 1792 י., אינעם טאָג, ווען מע האָט אראָפּגעוואָרפן די מאָנאַרכיע, האָט נאַפּאָלעאָן אָנגערופן ליודאָוויק דעם XVI-טן פּאַכדן. ער האָט אים אזוי אָנגערופן דערפאר, ווײַל ליודאָוויק דער XVI האָט זיך ניט אנטשלאָסן צו שיסן פון הארמאטן אפן אופגעשטאַנענעם פאָלק.

ווען די פאָלקס-אופשטאנדן, וואָס זײַנען פאָרגעקומען אין פאריזש אין 1795 י., האָט באָנאפּארט אזוי געשריבן: „דער ערגסטער שטאנד — איז דער פראָסטער אוילעם". ער האָט געהאלטן, אז די אָנטיילנעמער פון די דאָזיקע רע-וואָלוציאָנערע אופשטאנדן דארף מען ניט שאַנעווען.

נאפּאָלעאָן האָט בארויבט די איטאַליענער, און די פאָלקס-באוועגונג אין אי-טאַליע האָט ער אכזאָריעסדיק דערשטיקט. אזוי, למשל, האָט נאפּאָלעאָן באפוילן אויסצוהארגענען די גאנצע באפעלקערונג פון איינעם א שטעטל בלויז דערפאר, וואָס זי האָט ניט געוואָלט אים זיך אונטערוואַרפן. נאָך דעם, ווי די סאָלדאטן האָבן מיט די שפּיזן איבערגעשטאָכן אלע אײַנוווינער פון דער שטאָט, האָט נא-פּאָלעאָן דאָס שטעטל פארברענט.

אין אנדער איטאליענישע שטאָט האָט נאפּאָלעאָן אָפּגעגעבן די סאָלדאטן אפ 24 שעה, זיי זאָלן זי צעראַבעווען. נאפּאָלעאָן האָט באפוילן צו פארברענען יענע אלע דערפער, לעבן וועלכע מע האָט געפונען פראנצויזישע סאָלדאטן, דערהאר-געטע דורך די אָרטיקע אײַנוווינער.

נאפּאָלעאָנס ארמיי האָט פארכאפּט אין איטאליע הארמאטן, געווער, זייער פיל דערנערונגס-פּראָדוקטן, פוראזש. אפ די דעראָבערטע געביטן האָט נאפּאָלעאָן ארופגעלייגט מיליאָנען געלט-קאָנטריבוציעס, נאפּאָלעאָן פלעגט צונעמען די ווערט-פולע סקולפּטורן און בילדער פון די מוזייען, די כפייצים פון די קירכן, ברי-ליאנטן, גאָלד און דאָס אלץ אוועקשיקן קיין פאריזש.

פארנומען קימאט גאנץ איטאליע, האָט באָנאפּארט אָפּגענומען א ריי באזיצן באם רוימישן פּויפּסט פּי דעם VI-טן. עטוואָס שפּעטער האָט מען פּי דעם VI-טן אײַנגעזעצט אין טורמע. אלס א געפאנגענעם האָט מען דעם פּויפּסט געבראכט קיין פראנקרײַך. באָנאפּארט האָט צוגענומען פון דער וואטיקאן-ביבליאָטעק פיל ווערטפולע מאנוסקריפּטן און זיי אָפּגעשיקט קיין פאריזש.

באָנאפּארט האָט אונטערגעקויפט די עסטרײַכישע גענעראלן און דורך זיי האָט ער זיך אזויארום דערוווּסט די פּלענער פונעם עסטרײַכישן שטאב. אדאנק דעם איז אים לײַכטער געווען צו באזיגן דעם סוינע. באָנאפּארט איז אריבער די עסטרײַכישע גרענעץ, צוגעקומען קימאט צו ווין און האָט צעקלאפּט דאָס ערשט-קלאסיקע עסטרײַכישע מיליטער, וואָס מע האָט ארויסגעשיקט קעגן אים.

אלע האָבן זיך שטארק געוווּנדערט: די בעסטע פראנצויזישע ארמיי, וואָס האָט זיך געשלאָגן אפן טײַך ריין, האָט געליטן איין מאפּאָלע נאָך דער צווייטער; און באָנאפּארטס ארמיי, וואָס איז געווען אָפּגעריסן און אָפּגעשליסן, און צום אָנהייב פון די קריגס-אָפּעראציעס אומדיסציפּלינירט — די דאָזיקע ארמיי האָט געמאכט א טעל פונעם עסטרײַכישן מיליטער, וואָס איז געווען אזוי גלענצנדיק באזאָרגט און געשולט.

דאָס צעגראָמירטע עסטרײַך איז אײַנגעגאנגען אפ שאָלעם. לויטן שאָלעם-אָפּמאך (וואָס איז געשלאָסן געוואָרן אין 1797 י. אין קאמפּאָ-פאָרמיאָ) זײַנען צו פראנקרײַך אריבערגעגאנגען די דעראָבערטע געביטן אפן לינקן ברעג ריין. פראנק-

רײַכ האָט אויכ באַקומענ דאָס עסטרײַכישע נידערלאַנד. װענעציע האָט נאַפּאָלעאָנ אינגאנצנ איבערגעגעבנ אפ עסטרײַכס באראָט. דער דאָזיקער איטאליענישער גע-ביט איז ארונטערגעפאלנ אונטערנ יאָכ פונ עסטרײַכ.

נאפּאָלעאָנס זיגנ איבער עסטרײַכ האָבנ געמאכט א קאָלאָסאלנ אײַנדרוק אפ דער פראנצויזישער בורזשואזיע אונ אפ גאנצ אײראָפּע.

איטאליע איז פארוואנדלט געוואָרנ אינ עטלעכע אזויגערופענע „טאָכטער"-רעפּובליקנ, וועלכע זײַנענ אָבער אינדערעמעסנ געווענ אָפּהענגיק פונ פראנקרײַכ. סאוואָיע איז נאָכ פריִער דירעקט אָנגעשלאָסנ געוואָרנ צו פראנקרײַכ. שווייצ אונ האָלאנד זײַנענ געוואָרנ רעפּובליקנ, אָפּהענגיקע פונ פראנקרײַכ.

די מילכאָמע אָבער האָט נאָכ אלצ געדויערט אונ ס'איז ניט געווענ צו זענ, זי זאָל זיכ אמאָל ענדיקנ. פראנקרײַכס הויפּט-סוינע איז געווענ ענגלאנד. אָבער ענגלאנד איז געווענ באשיצט מיט א שטארקנ פלאָט, רויוארג פאר דער אינ-דוסטריע פלעגט עס באקומענ פונ די אייגענע קאָלאָניעס. אזויארומ האָט דאָס לאנד פאר אנ אָנפאל ניט מוירע געהאט.

די מילכאָמע קעגנ פראנקרײַכ האָט אָרגאניזירט אונ אינספּירירט דער ענג-לישער ערשטער מיניסטער פּיט (דער יינגערער). דאָס האָט ער געגעבנ געלט די פעאָדאלע מעלוכעס פונ אײראָפּע אפ צו פירנ מילכאָמע קעגנ פראנקרײַכ. די ענגלישע שפּיאָנענ אונ דיווערסאנטנ האָבנ אײַנגעטײלט פראנקרײַכ אינ ראיאָנענ, אונ אינ יעדנ ראיאָנ איז געווענ טעטיק א באזונדערע שפּיאָנישע אָרגאניזאציע. נאָכ אינ 1795 י. האָבנ די ענגלענדער עקיפּירט גאנצע פאָלקנ פראנצויזישע עמי-גראנטנ אונ זיי ארויסגעזעצט אינ פראנקרײַכ (אינ קיבעראָנ). דאָס פראנצויזישע מיליטער האָט אָבער דעמ דאָזיקנ דעסאנט צעקלאפּט.

דער מארש קיינ עגי-פּעט אונ סיריע.

די פראנצויזישע רעפּובליק האָט באשלאָסנ צו קעמפנ קעגנ ענגלאנד, דערלאנגענדיק דעמ קלאפּ אינ די אמערסטנ פילבארע ערטער. אינ 1796 י. האָבנ די פראנצויזנ אויס-גענוצט דעמ פאקט, וואָס אינ אירלאנד האָט זיכ געגרייט אנ אופשטאנד, אונ האָבנ אוועקגעשיקט אהינ זייער מיליטער. קאָמאנדיר פונעמ מיליטער איז געווענ גענעראל גאָש. דער דאָזיקער פרווו איז אָבער געווענ ניט קיינ געלונגענער. דאנ האָט באָנאפּארט פאָרגעלייגט אָנצוהייבנ א קריגס-מארש אפ אינדיע (א טייל אינדיע האָט ביזנ 1763 י. געהערט צו פראנקרײַכ), קעדיי אָפּצונעמענ בא ענג-לאנד דעמ ווערטפולסטנ „פּערל פונ דער ענגלישער קרוינ". פריִער פונ אלצ, איז באשטימט געוואָרנ, דארפ מענ דעראָבערנ עגיפּעט. „דער הערשער פונ עגיפּעט דארפ ווערנ דער הערשער פונ אינדיע",— פלעגט באָנאפּארט זאָגנ. די דירעק-טאָריע איז דערמיט מאסקימ געווענ, אונ מײַ 1798 י. האָט באָנאפּארט מיט אנ ארמיי פונ 30 טויזנט מאנ אונ מיט ארטילעריע זיכ אוועקגעלאָזט אפ 350 שיפנ קיינ עגיפּעט.

באָנאפּארט האָט געוואָלט אויסמײַדנ א באגעגעניש מיטנ שטארקערנ ענגלישנ פלאָט, האָט ער דעריבער ארויסגעלאָזט א קלאנג, אז ער (נאפּאָלעאָנ) האָט בעדייע דורכצוגייִנ דורכנ גיבראלטאר אונ ארויסזעצנ זיכ אינ אירלאנד. דער ענגלישער אדמיראל נעלסאָנ האָט אפגיכ זיכ געלאָזט מיטנ פלאָט צומ גיבראלטאר אונ גענומענ לויערנ נאָכ נאפּאָלעאָנענ. דער פראנצויזישער פלאָט אָבער האָט פונ טולאָנ גענומענ דעמ קורס אפ עגיפּעט, קיינ אלעקסאנדריִע.

נעלסאָנ האָט זיכ איבערצײַגט, אז נאפּאָלעאָנ האָט אימ אָפּגענארט, אונ האָט מיטנ גאנצנ פלאָט זיכ געלאָזט צו אלעקסאנדריִע. נעלסאָנ האָט אזוי שטארק געיאָגט, אז ער איז געקומענ פונקט מיט

48 שאָ פריִער פאר באָנאפארטן. בא די ברעגן פון עגיפּעט האָט ער, פארשטייט זיך, באָנאפּארטן ניט געטראָפן און ער איז געווען זיכער, אז באָנאפּארט האָט זיך געלאָזט צו קאָנסטאנטינאָפּאָל. נעלסאָן האָט זיך אויך געלאָזט אהין און איז געווען זיכער, אז דאָס מאָל האָט ער קיין טאָעס ניט געהאט. באָנאפּארט אָבער האָט זיך דערווײַל אויסגעזעצט אין אלעקסאנדריִע און אָנגעהויבן אן אָנגריף אין דער טיף פונעם לאנד.

דער מארש קיין עגיפּעט און סיריע איז ניט געווען קיין געלונגענער. די באפעלקערונג פון עגיפּעט איז געווען אָפּהענגיק פונעם טערקישן סולטאן, פאקטיש אָבער האָבן אין לאנד געבאלעבאטעוועט די פעאָדאלן די מאמעליוקעס, וואָס האָבן געהאט א שטארקע קאוואלעריע. באזיגט די מאמעליוקעס לעבן די פּיראמידעס, האָט זיך באָנאפארט געלאָזט טיף אין לאנד ארײַן. די אראבער, די קאָפּטן (די אורייניקלעך פון דער פארצײַטיקער עגיפּטישער באפעלקערונג) און די סיריער האָבן זיך פארצווייפלט געווערט, זיי פלעגן פארסאמען די ברינעמער. פאר שטעלן א ווידערשטאנד איז אין סיריע אויסגעהארגעט געוואָרן די גאנצע באפעלקערונג פון יאפע. אזא איז געווען באפאָלעאָנס באפעל. פיר טויזנט טערקישע סאָלדאטן האָבן זיך לעבן יאפע אָפּגעגעבן אין געפאנגענשאפט. זיי אלע האָט מען אָפּגעפירט אפן ברעג יאם און צעשאָסן ביז איינעם.

אקרע האָבן די טערקן און די אראבער פארטיידיקט מיט דער הילף פון די ענגלענדער. באָנאפּארט האָט אקרע ניט געקאָנט אײַנעמען און ער האָט געגעבן א באפעל אָפּצוטרעטן. פון די אומופהערלעכע שלאכטן, פון דער אומגעהײַערער היץ און פון דער פעסט איז די ארמיי אָפּגעשוואכט געוואָרן. דערצו נאָך איז די פארבינדונג מיט פראנקרײַך שוין געווען איבערגעריסן. נעלסאָן האָט זיך, ענדלעך, דערוווּסט, ווו ס'האָט זיך ארויסגעזעצט באָנאפארט, און ער האָט פארניכטעט די שיפן, אפ וועלכע די פראנצויזישע ארמיי איז געקומען קיין עגיפּעט.

**סוּוואָראָווס קריגס־מארש.**

אין אָט דער צײַט האָט באָנאפארט געקראָגן א ידיעה, אז רוסלאנד, וואָס איז ארײַנגעטראָטן אין 1798 י. אין א מילכאָמע קעגן פראנקרײַך, האָט אין א יאָר ארום (1799) אוועקגעשיקט מיליטער קיין איטאליע. דאָס רוסישע מיליטער, וואָס האָט זיך געשלאָגן אונטער סוּוואָראָווס קאָמאנדשאפט, האָט באוויזן ווּנדערלעכע העלדישקײַט. דאָס פראנצויזישע מיליטער איז צעקלאפט געוואָרן. סוּוואָראָווס מיליטער האָט פארנומען איטאליע. אין 1799 י. איז סוּוואָראָוו בײַס א שניי־שטורעם אריבער דעם סען־גאָטארדער בארג־דורכגאנג און זײַן מיליטער איז ארײַן אין דער שווייץ. באָנאפארט האָט זיך דערוווּסט, אז די רעזולטאטן פון אלע זײַנע זיגן אין איטאליע זײַנען פארלאָרן געגאנגען. דערצו נאָך זײַנען אָנגעקומען פסורעס, אז אין פראנקרײַך גופע איז די לאגע פון דער דירעקטאָריע ניט קיין פעסטע. דאן האָט באפּאָלעאָן פארלאָזן די ארמיי אין עגיפּעט, מיט גרויס מי זיך דורכגעריסן דורך דער מענגע ענגלישע שיפן, וואָס האָבן נאָך אים געלויערט, און אין אָקטיאבער 1799 י. איז ער אראָפּגעקומען קיין פאריז.

**די מעלוכע־איבערקערעניש פונעם 18 ברימער.**

די בורזשואזיע האָט אופגענומען באָנאפארטן מיט באגײַסטערונג. די דירעקטאָריע, ארומגערינגלט מיט פארדעכטיקע געשעפט־לײַט ספּעקוליאנטן און מיט גאנאָווים פון מעלוכיש געלט, האָט שוין געהאט ענדגילטיק פארלאָרן איר אווטאָריטעט ניט בלויז בא די מאסן, נאָר אויך בא דער בורזשואזיע.

די בורזשואזיע האָט איצט געפאָדערט א שטארקע מאכט, וואָס זאָל אימשטאנד זיין מיט אן איזערנער האנט צו דערשטיקן סיי די מאָנארכיסטן, סיי די יאקאָ-בינער און וואָס זאָל קאָנען דערפאָלגרייך פירן די מילכאָמע קעגן דער פעאָדא-לער קאָאליציע און קעגן ענגלאנד. די בורזשואזיע האָט זיך גענייטיקט אין א זיכערער שווערד. זי האָט דעריבער געווענדט אירע בליקן צו באָנאפארטן, און באָנאפארט האָט זיך אנטשלאָסן צו מאכן אן איבערקערעניש. די פאריזשער באנ-קירן האָבן אים געגעבן געלט. דעם 9 נאָיאבער 1799 י. (18 ברימער פון VIII יאָר פון דער רעפובליק) אינדערפרי האָט באָנאפארט ארויסגערופן צו זיך דאָס מיליטער, וואָס איז אים געווען טריי.

דער ראט פון די עלטסטע און דער ראט פון די פינף הונדערט האָבן זיך אריבערגעקליבן אין סען-קלו, א קליין שטעטל לעבן פאריזש, קעדיי דאָרט אָפּ-האלטן זייערע זיצונגען. אריבערגעקליבן האָבן זיי זיך אהין, ווייל געפאָדערט האָט עס באָנאפארט, וועלכער זאָל האָבן, קלומערשט, אופגעדעקט א פארשווע-רונג. דאָס באוואכן ביידע ראטן האָט מען אָנפארטרויט טאקע דעם ווירקלעכן אָרגאניזאטאָר פון דער פארשווערונג, באָנאפארטן גופע.

אפ מאָרגן איז באָנאפארט אראָפּגעקומען אין סען-קלו מיט מיליטער און פאנאנדערגעטריבן ביידע ראטן. בא די דירעקטאָרן האָט ער אָפּגענומען די מאכט, צוויי דירעקטאָרן האָט ער ארעסטירט. ביים מייסע האָט באָנאפארט געהייסן כאפן עטלעכע צענדליק פון די דעפוטאטן, וואָס זיינען זיך פאנאנדערגעלאָפן, און ער האָט זיי געצוווּנגען אָנצונעמען א געזעץ וועגן דעם, אז די מאכט ווערט איבער-געגעבן דריי קאָנסולן, אין דער שפיץ מיט אים, באָנאפארטן. אפ אזא אופן איז די מאכט אריבער צו דריי קאָנסולן: צו באָנאפארטן און צו צוויי געווע-זענע דירעקטאָרן, וואָס האָבן אָנטיילגענומען אין דער פארשווערונג, -- צום בא-ווּוּסטן סיעיעס (דעם געוועזענעם אבאט) און צו ראָזשע דיוקאָ.

אין א כוידעש ארום, אין דעקאבער, האָט אָנגעהויבן גילטן די קאָנסטיטו-ציע פונעם VIII יאָר פון דער רעפבליק (1799). די דאָזיקע קאָנסטיטוציע איז דיקטירט געוואָרן דורך באָנאפארטן.

בא דער דירעקטאָריע האָט די בורזשואזיע אָנגעפירט מיט דער הילף פון פארלאמענטארישע אנשטאלטן. נאָך דער איבערקערעניש אָבער פונעם 18 ברימער (9 נאָיאבער 1799 י.) האָט שוין די בורזשואזיע גענומען פארווירקלעכן איר מאכט מיט דער הילף פון א מיליטערישער דיקטאטור; עס זיינען שוין איצט פאקטיש ניט געווען קיין פארטרעטונג-אינסטיטוציעס. לויט דער קאָנסטיטוציע פונעם VIII יאָר איז די גאנצע מאכט געוואָרן אָנפארטרויט דעם ערשטן קאָנסול. די אנדערע צוויי קאָנסולן האָבן געהאט נאָר בארא‌טונגס-רעכט. די קאָנסולן פלעגן באשטימען דעם סענאט, און דער סענאט פון זיין זייט פלעגט אָנמערקן די מיטגלידער פון די אנדערע געזעצגעבערישע אנשטאלטן. די מיטגלידער האָט דער סענאט אָנגעמערקט פון צווישן די עטלעכע טויזנט קאנדידאטן, וועלכע די בא-פעלקערונג פלעגט אויסוויילן.

פונקט ווי צוליב כויזעק איבערן געזונטן פארשטאנד, האָט די קאָנסטיטוציע איינגעפירט אזא סיידער: צונויפשטעלן די געזעצן פלעגט איין געזעצגעבערישער אנשטאלט (דער מעלוכע-ראט), באהאנדלט די געזעצן האָט אן אנדער אנשטאלט (דער טריבונאט), אָננעמען זיי פלעגט א דריטער (דער געזעצגעבערישער קאָרפוס)

און באשטעטיקט ווי האָט א פערטער (דער סענאט). נאטירלעך, אז בא אזא סיידער האָבן די אלע פארטרעטונג-אינסטיטוציעס אָדער די אנשטאלטן, וואָס פלעגן ווערן באשטימט, אָנגעוווירן יעטווידע באדײַטונג.

אינגיכן נאָך דער איבערקערעניש פונעם 18 ברימער האָט באָנאפארט צו-נויפגערופן די פאריזשער באנקירן און פאָרגעלייגט ווי זיך פארשרײַבן אפ א צוגאָב-האלוואָע.

„מיר וועלן זיך אלע פארשרײַבן, — האָט איינעם נאָמען פון די בײַגעוועזענע געמאָלדן דער באנקיר מאלע. — איז דען פאראן איינע פאריזשער באנקיר אָדער איינ הענדלער, וואָס זאָל, האָבנדיק פאר זיך אזויפיל גאָלדענע האָפענונגען, ניט אײַלן אויסדריקן דער רעגירונג זײַן אויסשליסלעכן צוטרוי?“ די בירזשע האָט געענטפערט אפ דער איבערקערעניש מיט א הערכערונג פונעם קורס פון די מע-לוכע-פאפירן. די אייגנטימערישע שיכטן פונעם פראנצויזישן פויערטום האָבן געהאָפט, אז באָנאפארט, מיט וועמענס נאָמען עס זײַנען געווען פארבונדן די גלענצנדיקע זיגן אין די מילכאָמעס קעגן דער פעאָדאלער קאָאליציע, וועט בא-שיצן פראנקרײַך קעגן אויסערלעכע פײַנט און קעגן די עמיגראנטן און וועט גאראנטירן, אז די ערד, וואָס זיי, די פויערים, האָבן געקראָגן בײַם דער רע-וואָליוציע, זאָל בלײַבן זייער אייגנס.

## דער קאָנסולאט און די אימפעריע אין פראנקרײַך.

די מילכאָמעס פונעם קאָנסולאט.

די ערשטע פראגע, וואָס האָט זיך געשטעלט פאר באָ-נאפארטן נאָך דער איבערקערעניש פונעם 18 ברימער, איז געווען דאָס אָפּווענדן די אויסערלעכע געפאר.

נאפאָלעאָן איז אריבערגעגאנגען די אלפן דורכן שווערסטן, מיט שניי פאר-שאָטענעם, סען-בערנארער בארג-דורכגאנג — דורך יענעם אָרט, ווו מע האָט זיך אפ אים גאָר ניט געריכט, און האָט זיך ראפיק ארײַנגעריסן קיין צאָפּן-איטאליע. לעבן מארענגאָ האָט ער געהאט א גרויסע און פארביטערטע שלאכט מיט די עסטרײַכער (14 יונ 1800 י.). עס האָט זיך געדוכט, אז זיגן וועלן די עסטרײַ-כער. נאפאָלעאָן האָט אָבער א וואָרפּ געטאָן אין שלאכט די רעזערוון, וואָס ער האָט ספּעציעל געהאלטן, און האָט די שלאכט אויסגעשפּילט. אויסגעשפּילט האָט ער אויך די גאנצע קאמפּאניע. די עסטרײַכער האָבן געבעטן שאָלעם. דעם שאָלעם-אָפּמאך האָט מען אונטערגעשריבן אין 1801 י., אינעם פראנצויזישן שטעטל לי-נעוויל. איטאליע איז ווידעראמאָל אריבער צו באָנאפארטן אין די הענט. פאר פראנקרײַך איז אָנערקענט געוואָרן דאָס רעכט אפ בעלגיע, אפן לינקן ברעג ריינ.

עפּשער ניט קיין קלענערער געווינס, ווי דער זיג לעבן מארענגאָ, איז פאר באָנאפארטן געווען דאָס, וואָס רוסלאנד איז ארויס פון דער קאָאליציע. נאפאָ-לעאָן האָט זיך דערשלאָגן צו א שאָלעם מיט רוסלאנד און, נאָך מער, — ער האָט זיך דערשלאָגן, אז רוסלאנד זאָל זיך אײַנשליסן אין דער מילכאָמע קעגן ענגלאנד. אין 1801 י. האָט פּאוועל דער I, וואָס איז געוואָרן נאפאָלעאָנס א פאר-בינדעטער, אוועקגעשיקט דעם קאזאקישן אטאמאן פּלאטאָוו קיין אינדיע, קעדיי זי צו דעראָבערן. אָבער אין מארט 1801 י. האָט נאפאָלעאָן באקומען א ידיִע, אז מע האָט פּאוועל דעם I-טן דערמאָרדעט. אין רוסלאנד האָט געזיגט די פּארטיי, וואָס איז געווען פײַנטלעך צו נאפאָלעאָנען און וואָס האָט געשטרעבט צו א דערנעענ-

טערונג מיט ענגלאנד. נאַפּאָלעאָנ האָט אפילע קיינ איינ מינוט ניט געצווייפלט, אז פּאוועל דעמ I-טנ האָבנ דערמאָרדעט ענגלאנדס מענטשנ, אונ ער האָט טייקעפ פאַרגעלייגט ענגלאנד צו שליסנ שאָלעמ.

ענגלאנד איז אויכ זייער גיכ איינגעגאנגענ אפ שאָלעמ, ווייל דאָס, וואָס עסטרייכ איז ארויס פונ דער קאָאליציע, האָט פאר ענגלאנד אויסערגעוויינלעכ פארשווערט דאָס פירנ קריגס-אָפּעראציעס אפנ אייראָפּייִשנ קאָנטינענט.

דער דאָזיקער שאָלעמ (אונטערגעשריבנ אינ 1802 י. אינ אמיענ) איז אָבער געווענ ניט מער ווי א וואָפנ-שטילשטאנד אונ האָט געדויערט סאכאקל איינ יאָר צייט.

די אינערלעכע פּאָליטיק פונ נאפּאָלעאָנס רעגירונג. די גרינדונג פונ דער אימפּעריע.

דער צייטווייליקער שטילשטאנד אפ די קריגס-פראָנטנ האָט געגעבנ נאַפּאָלעאָנענ די מעגלעכקייט צו ווענדנ א באזונדערע אויפמערקזאמקייט אפ די אינערלעכע אינינים. זיינע מאָסמיטלענ אינ דער אינערלעכער פּאָליטיק באווייזנ פולשטענדיק די נאַפּאָלעאָנישע רעגירונג אלס „א בורזשואזע רעגירונג, וואָס האָט דערשטיקט די פראנצויזישע רעוואָליוציע אונ האָט איינגעהיט בלויז יענע רעזולטאטנ פונ דער רעוואָליוציע, וואָס האָבנ געלוינט פאר דער גרויס-בורזשואזיע“ [1].

נאַפּאָלעאָנ האָט געמאכט שאָלעמ מיטנ נייעמ רוימישנ פּויפּסט פּי דעמ VII-טנ אונ האָט געשלאָסנ מיט אימ (אינ 1801 י.) א קאָנקאָרדאט (א פארשטענדיקונג). לויטנ דאָזיקנ קאָנקאָרדאט זיינענ די קאטוילישע גאלאָכימ מעכויעוו געווענ צו שטיצנ נאַפּאָלעאָנס רעגירונג אונ זאָגנ אינ די קירכנ א ספּעציעלע טפילע: „גאָט, שיק אראָפּ גליק די קאָנסולנ“ (פונ 1804 יאָר אָנ — דעמ אימפּעראטאָר). דער אלמעכטיקער ערשטער קאָנסול האָט זיכ פונעמ 1802 י. געמאכט פאר א קאָנסול אפנ גאנצנ לעבנ, אונ פונעמ 1804 י. — פאר אנ אימפּעראטאָר. אינ פראנקרייכ איז ווידעראמאָל אויפגעשטעלט געוואָרנ די מאָנארכיע, אָבער איצט איז דאָס שוינ געווענ ניט קיינ פעאָדאלע מאָנארכיע, נאָר א בורזשואזע.

די מעלוכע האָט איצט געצאָלט די גאלאָכימ געהאלט. „מיט מיינע זשאנדארמענ אונ מיט מיינ קלער קענ איכ אלצ“, — פלעגט זאָגנ באָנאפּארט. די אדללייט די עמיגראנטנ האָבנ געקראָגנ אמניסטיע, מע האָט זיי דערלויבט אומצוקערנ זיכ קיינ פראנקרייכ; די ניט פארקויפטע גיטער האָט מענ זיי אומגעקערט. עמעס, מע האָט איבער די דאָזיקע עמיגראנטנ איינגעשטעלט אנ אויפזיכט. די יאקאָבינער, וואָס זיינענ איבערגעבליבנ, האָט מענ מוירעדיק פארפאָלגט, — מע פלעגט זיי ארעסטירנ אונ ארויסשיקנ פונ פראנקרייכ.

ווי נאָר נאַפּאָלעאָנ איז געקומענ צו דער מאכט, האָט ער אָנגעהויבנ מיט אלע מיטלענ שטיצנ די אינדוסטריע. עס איז געשאפנ געוואָרנ א „געזעלשאפט צו סטימולירנ די נאציאָנאלע אינדוסטריע“. די גרעסטע אקציאָנערנ פונ דער דאָזיקער געזעלשאפט זיינענ געווענ באָנאפּארט אליינ אונ זיינע באאמטע אונ גענעראלנ. עס פלעגנ איינגעאָרדנט ווערנ אינדוסטריע-אויסשטעלונגענ.

שטיצנדיק די אינדוסטריע, האָט נאַפּאָלעאָנ אויסגעפילט דעמ ווילנ פונ דער בורזשואזיע. די אנטוויקלונג פונ דער פראנצויזישער אינדוסטריע האָט געהאט א גרויסע באדייטונג פארנ קאמפ קעגנ ענגלאנד.

[1] סטאלינ, פּאָרטראָג אפנ פּלענומ פונ צק אלקפּ(ב) דעמ 3—5 מארט 1937 י., פּארטיזדאט, 1937, ז. 10.

אין 1804 י. האָט נאַפּאָלעאָן פאַרענדיקט זײַן „בירגערלעכן קאָדעקס”. שפּע־טער האָט נאַפּאָלעאָן געשריבן: „מײַן עמעסער רום באשטייט ניט אין דעם, וואָס איך האָב אויסגעשפּילט 40 שלאכטן... נאָר אין דעם, וואָס עס קאָן ניט פאַר־געסן ווערן, וואָס עס וועט לעבן אייביק — אין מײַן „בירגערלעכן קאָדעקס”. דער „בירגערלעכער קאָדעקס” האָט מיט זיך פאָרגעשטעלט א סיסטעמאטישע געזעצן־זאמלונג. די הויפּט־אופגאבע פונעם דאָזיקן קאָדעקס איז געווען — זיכערן, אז די בורזשואזיע זאָל זיך קאָנען באַנוצן מיט איר אייגנטום.

אינעם באַרימטן 544־טן ארטיקל פון נאפּאָלעאָנס קאָדעקס ווערט געזאָגט: „אייגנטום איז דאָס אמערסטן אומבאַגרענעצטע רעכט צו אויסנוצן זאכן און האָבן צו שאפן איבער זיי”. אַן אנדער ארטיקל האָט באפעסטיקט די יעסוידעס פון דער בורזשואזער פאמיליע. „דער מאַן, — ווערט געזאָגט אינעם ארטיקל, — איז מעכויעוו אָפּצוהיטן זײַן פרוי. די פרוי איז מעכויעוו צו זײַן גע־האָרכזאַם איר מאַן. די פרוי איז מעכויעוו צו וווינען צוזאַמען מיטן מאַן און אומעטום נאָכפאָלגן נאָך אים”. די דאָזיקע געזעצן גילטן אין פראַנקרײַך און אין אייניקע אנדערע בורזשואזע לענדער ביז הײַנטיקן טאָג. דער קאָדעקס האָט פארפעסטיקט פאַר די נײַע באַלעבאַטים דאָס אייגנטום, וואָס איז באַקומען געוואָרן בײַס דער רעוואָליוציע, און ער האָט פּראָקלאַמירט, אז פאַרן געזעץ זײַנען אַלע גלײַך.

דער קרימינעלער קאָדעקס, וואָס איז געשאַפן געוואָרן אין נאַפּאָלעאָנס צײַטן, האָט באשטעטיקט לע־שאַפּעליעס געזעץ. ארבעטער־פאַרייניקונגען האָט מען פארבאָטן, פאַר שטרײַקן איז געקומען א שטרענגע שטראָף. די מענטשן, וואָס זײַנען גע־שטאַנען נעענטער צו נאַפּאָלעאָנען, פלעגן דערציילן, אז „פאַר דער מינדסטער אופּרודערונג צווישן די ארבעטער האָט ער מער מוירע געהאַט, ווי פאַר פאַר־שפּילן א שלאכט”. דעריבער פלעגט נאַפּאָלעאָן אָרגאניזירן פאַר די ארבעטלאָזע געזעלשאַפטלעכע ארבעטן. אָבער גלײַכצײַטיק האָבן זיך די ארבעטער געפונען אונטער דער אופזיכט פון דער פּאָליציי. מע האָט אײַנגעפירט ארבעטער־ביכלעך. פלעגט אַן ארבעטער פאַרלאָזן דאָס אָרט, ווו ער האָט געארבעט, האָט דער באַלעבאָס זײַנער געדאַרפט כאַסמענען דאָס דאָזיקע ביכל. האָט אַן ארבעטער ניט באַוויזן קיין ביכל אָדער אינעם ביכל איז ניט געווען די כסימע פונעם באַלעבאָס, פלעגט אַזאַ ארבעטער פאַרעכנט ווערן פאַר א שלעפער און עס איז אים געקומען אײַנ־זעצן אין טורמע.

נאַפּאָלעאָן איז זיך אויך הארב באַגאַנגען מיט דער פּרעסע. אין 1800 י. זײַנען פון 73 צײַטונגען 60 פאַרבאָטן געוואָרן, און די איבעריקע זײַנען איבער־געגעבן געוואָרן אונטער דער אופזיכט פון דער פּאָליציי.

נאַפּאָלעאָנס נאָענטסטע געהילפן זײַנען געווען — דער אויסערן־מיניסטער טא־לייראַן און דער פּאָליציי־מיניסטער פושע.

דער פלינקער, פּרינציפּלאָזער פּאָליטיקער טאַלייראַן איז ביז דער רעוואָליוציע געווען א בישאָף, דערנאָך איז ער געוואָרן מיטגליד פון דער גרינדונגס־פארזאַמ־לונג; ער האָט עס געהאַט ארײַנגעטראָגן דעם פאָרשלאָג, מע זאָל קאָנפיסקירן בא די גײַסטלעכע די ערד. שפּעטער איז ער געוואָרן אויסערן־מיניסטער פון דער דירעקטאָריע. נאַפּאָלעאָן האָט געשאַצט טאַלייראַנס פלינקײַט און געשיקטקײַט. טאַלייראַן איז אָבער געווען א פאַלשער מענטש, אפילע גופע נאַפּאָלעאָנען פלעגט ער אָפּנאַרן. אזוי, צום בײַשפּיל, פלעגט טאַלייראַן, בײַס ער איז געווען נאַפּאָ־לעאָנס אויסערן־מיניסטער, נעמען אין די אויסלענדישע קיניגלעכע הויפן כאַבאַר, ער האָט זיך פון דעם אָנגעליבט א קאָלאָסאַלן פארמעגן. אין 1808 י. האָט טא־

לייראנ פאראטנ נאפאָלעאָנענ. ער האָט גענומענ פירנ געהיימע אונטערהאנדלונגענ מיט אלעקסאנדער דעמ I־טנ אונ האָט אימ אונטערגעהעצט, ער זאָל אָנהייבנ א קאמפ קעגנ נאפאָלעאָנענ.

וועגנ נאפאָלעאָנס צווייטנ געהילפ, וועגנ פושע, האָט דאָבעספיער אמאָל נאָכ געהאט געזאָגט, אז דאָס איז א געוויסנלאָזער פאָליטיקער. פושע האָט גענומענ א טיכטיקנ אָנטייל אינ דער קאָנטררעוואָליוציאָנערער טערמידאָריאנישער איבער־קערעניש. שפּעטער האָט פושע, פונקט ווי טאלייראנ, פאראטנ נאפאָלעאָנענ אונ איז אריבער אפנ צאד פונ נאפאָלעאָנס פײַנט.

שפּיאָנאַזש און דיווער־סיאָנעלע טעטיקײַט.

אינ 1803 י. האָט זיכ באנײַט די מילכאָמע צווישנ פראנקרײַכ אונ ענגלאנד. די שפּיאָנעג אונ דיווערסאנטנ פונ דער פעאָדאלער קאָאליציע אונ פינ ענגלאנד האָבנ פאנאנדערגעוויקלט אינ פראנקרײַכ זייער א גרויסע טעטיקײַט. פונקט אזא טע־טיקײַט האָבנ אויכ פאנאנדערגעוויקלט נאפאָלעאָנס שפּיאָנענ אונ דיווערסאנטנ אינ די לענדער, וואָס זײַנענ געווענ פײַנטלעכ צו פראנקרײַכ.

דער ענגלישער געזאנדטער באמ בײַערישנ קיניג, דרייק, האָט אינ 1804 י. צעשיקט א געהיימע אינסטרוקציע זײַנע שפּיאָנענ אינ פראנקרײַכ.

אָט איז אנ אויסצוג פונ דאָרטנ:

„דער גרונט־ציל פונ דער רײַזע איז — אראָפּוואַרפנ די איצטיקע רעגירונג (פונ פראנקרײַכ). איינס פונ די מיטלענ דאָס צו דערגרייכנ איז באקומענ יעדיעס וועגנ דעמ סוינעס פלענער.

...לויט א פארשטענדיקונג מיט די פארבינדעטע דארפ מענ אונטערקויפנ די אָנגעשטעלטע פונ די פולווער־זאוואָדנ. אונ ווי נאָר ס'וועט זיכ מאכנ א פאסיקער מאָמענט, דארפ מענ די דאָזיקע זאוואָדנ אופרײַסנ.

...זעלבסטפארשטענדלעכ, אז מע דארפ אָנעמענ אלע מיטלענ צו דעזאָרגאניזירנ די ארמיי ווי אינוווייניק אינ לאנד, אזוי אויכ פונ אויסנ".

נאפאָלעאָנ דער I האָט פונ זײַנ זײַט אָרגאניזירט שפּיאָנאַזש אינ די לענדער, מיט וועלכע ער האָט מילכאָמע געהאלטנ. ער פערזענלעכ האָט זיכ פארנומענ מיט אָרגאניזירנ דעמ שפּיאָנאַזש דורכ די דיפּלאָמאטישע אָרגאנענ. אינ 1806 י. האָט ער אזוי געשריבנ דעמ מארשאל בערטיע: „דערבײַ וועט איר געפינענ דעמ דעקרעט וועגנ באשטימענ דעמ קאפּיטאנ פונעמ 9־טנ דראגונער פאָלק הער ליא־גראנזש אלס צווייטנ סעקרעטאר פונ דער מיסיע אינ ווינ. רופט אימ ארויס צו זיכ אונ גיט אימ איבער מײַנ פאָדערונג, אז ער זאָל פירנ א פינקטלעכנ דיסקאָנט פונ די עסטרײַכישע פאָלקנ אונ פונ זייער דיסלאָקאציע. צוליב דעמ דארפ ער האָבנ אינ זײַנ קאבינעט א קאסטנ מיט אָפּטיילונגענ: אינ יעדער פונ די אָפּטיילונגענ דארפ ער האלטנ קארטלעכ מיט די נעמענ פונ די גענעראלנ, פאָלקנ אונ גארניזאָנענ. די דאָזיקע קארטלעכ דארפ מענ בײַטנ אָפּהענגיק פונ דעמ אָרט אונ פונ די ענ־דערונגענ אינ דער פאָרמירונג פונ די מיליטער־טיילנ. די דאָזיקע מיסיע[1] איז זייער א וויכטיקע. עס איז נייטיק, אז דער הער ליאגראנזש זאָל זיכ איר אינגאנצנ אָפּגעבנ אונ אז איכ זאָל זײַנ אינפאָרמירט וועגנ יעדנ עסטרײַכישנ באטאליאָנ, ווי נאָר ער בײַט זײַנ אָרט".

אינ 1810 י. האָט נאפאָלעאָנ דער I אָפּגעגעבנ א פאראָרדענונג: „די קאָנסולנ דארפנ ווערנ אזוי פארטיילט, אז זיי זאָלנ בילדנ א קייט פונ וועכטער, וועלכע אינפאָרמירנ וועגנ אלצ, וואָס עס איז וויכטיק צו וויסנ". דער אימפעראטאָר האָט אינגיכנ פארפינקטלעכט די פליכטנ פונ די קאָנסולנ. „באשטימענ קאָנסולנ, וואָס וועלנ זײַנ אגענטנ פונ דער אויסשפּירונג אונ וואָס וועלנ שרײַבנ מיט א שיפר".

וועגנ די שפּיאָנענ אונ דיווערסאנטנ פונ דער קאָנטררעוואָליוציאָנערער נאפאָלעאָנישער רעגירונג אונ פונ די מעלוכעס, וואָס האָבנ מילכאָמע געהאלטנ מיט נאפאָלעאָנענ, האָט כאווער סטאלינ גע־זאָגט פאָלגנדעס:

„עס איז דערוויזנ געוואָרנ, ווי צוויי מאָל צוויי איז פיר, אז די בורזשואזע מעלוכעס שיקנ איינע צו דער אנדערער אינ הינטערלאנד זייערע שפּיאָנענ, שעדיקער, דיווערסאנטנ, אונ צומאָל

---

1 מיסיע — דאָ ווערט געמיינט די אָנפארטרויטע ארבעט.

אויכ מערדער, זיי גיבנ זיי אנ אופגעבונג אריינצודרינגענ אינ די אנשטאלטנ אונ אונטערנעמונגענ פונ די דאָזיקע מעלוכעס, צו שאפנ דאָרט זייער נעצ אונ „אינ פאל, ווענ ס'איז נייטיק" — אופרייסנ זייער הינטערלאנד, קעדיי אָפּצושוואכנ זיי אונ אונטערצורייסנ זייער מעכטיקייט. אזוי האלט עס בא הײנטיקנ טאָג. אזוי איז געווענ אויכ אינ דער פארגאנגענהייט. לאָמיר נעמענ, צום ביישפּיל, די מעלוכעס אינ אייראָפּע אינ די צייטנ פונ נאפּאָלעאָנ דעמ I־טנ. אינ פראנקרייכ האָט דאנ געווימלט מיט שפּיאָנענ אונ דיווערסאנטנ פונעמ לאגער פונ די רוסנ, דייטשנ, עסטרייכער, ענגלענדער. אונ, פארקערט, ענגלאנד, די דייטשישע מעלוכעס, עסטרייכ, רוסלאנד האָבנ דאנ געהאט בא זיכ אינ הינטערלאנד ניט קיינ קלענערע צאָל שפּיאָנענ אונ דיווערסאנטנ פונ צווישנ דעמ פראנצויזישנ לאגער. די אגענטנ פונ ענגלאנד האָבנ צוויי מאָל אָרגאניזירט אנ אטענטאט אפ נאפּאָלעאָנס לעבנ אונ האָבנ עטלעכע מאָל אופגעהויבנ די וואנדייער פויערימ אינ פראנקרייכ קעגנ נאפּאָלעאָנס רעגירונג. אונ וואָס האָט מיט זיכ פאָרגעשטעלט די נאפּאָלעאָנישע רעגירונג? א בורזשואזע רעגירונג, וועלכע האָט דערשטיקט די פראנצויזישע רעוואָליוציע אונ האָט איינגעהיט בלויז יענע רעזולטאטנ פונ דער רעוואָליוציע, וואָס האָבנ געלוינט דער גרויס־בורזשואזיע. עס איז גאָר ניטאָ וואָס צו ריידנ, אז די נאפּאָלעאָנישע רעגירונג איז ניט געבליבנ קיינ באלכויוו אירע שכיינימ אונ האָט אויכ פאָרגענומענ אירע דיווערסיאָנעלע מאָסמיטלענ. אזוי איז געווענ אינ דער פארגאנגענהייט, מיט 130 יאָר צוריק. אזוי האלט עס איצט, אינ 130 יאָר ארומ נאָכ נאפּאָלעאָנ דעמ I־טנ[1].

טראפאלגאר. אאוסטערליצ.

**די מילכאָמע האָט זיכ באנייט אינ 1803 י. אונ האָט זיכ מיט דער פולער קראפט צעפלאקערט הארבסט־צו 1805 י. פראנקרייכס הויפּט־סאָנימ זיינענ צו יענער צייט געווענ ענגלאנד, עסטרייכ, רוסלאנד. פיט דעמ יינגערנס רעגירונג פלעגט אויסגעבנ קאָלאָסאלע געלטער אפ סובסידירנ אירע פארבינדעטע אונ אפ שפּיאָנאזש אינ פראנקרייכ. נאפּאָלעאָנ האָט געגרייט א דעסאנט קעגנ ענגלאנד. ער האָט צוליב דעמ קאָנצענטרירט פיל קרעפטנ אינעמ צאָפנדיקנ פראנצויזישנ פּאָרט בולאָנ („בולאָנער לאגער"). אינ בולאָנ אונ אינ אנדערע פּאָרטנ אפנ לאמאנש זיינענ צונויפגעזאמלט געוואָרנ מער פונ 2300 פראנצויזישע שיפנ. די ענגלישע קרייסערס האָבנ אָבער בלאָקירט דאָס ברעגלאנד. צו הילפ די פראנצויזישע קרעפטנ איז ארויסגעשיקט געוואָרנ א קאָלאָסאלע פראנצויזישע עסקאדרע פונעמ מיטל־**



די מאפּאָלע פונעמ פראנצויזישנ פלאָט לעבנ טראפאלגאר — פונ קלארקסאָנס בילד.

[1] סטאלינ. פאָרטראָג אפנ פלענומ פונ צק אלקפ(ב) דעמ 3—5 מארט 1937 י., פארטיזדאט, 1937, ז. 9—10.



די שלאכט לעבן אאוסטערליץ — פון זשעראַרס בילד.

לענדישן יאַם. די דאָזיקע עסקאַדרע איז דורכגעגאַנגען גיבראַלטאַר און נאָך דעם, ווי זי האָט דורכגעשניטן דעם אַטלאַנטישן אָקעאַן, האָט זי זיך געטראָפן מיטן ענגלישן פלאָט. די באַגעגעניש איז פאָרגעקומען ניט ווײַט פון די שפּאַנישע ברעגן, באַם קאַפּ טראַפאַלגאַר (דעם 21 אָקטיאַבער 1805 י.). מיטן ענגלישן פלאָט האָט אָנגעפירט דער אַדמיראַל נעלסאָן. אין דער שלאַכט האָט מען נעלסאָנען דערהאַרגעט, אָבער דער פראַנצויזישער פלאָט האָט געליטן אַ שרעקלעכע מאַפּאָלע.

איידער נאָך עס איז פאָרגעקומען די שלאַכט בא טראַפאַלגאַר, האָט נאַפּאָלעאָן אַ וואָרף געטאָן אָפּן יאַבאָשע-פראָנט אַלע זײַנע קרעפטן קעגן עסטרײַך. אָנגעפירט דאָ האָט ער אַליין.

דעם 2 דעקאַבער 1805 י. איז פאָרגעקומען אַן אַנטשיידנדע שלאַכט מיט די עסטרײַכער און רוסן. די שלאַכט איז פאָרגעקומען לעבן אאוסטערליץ, 100 קילאָמעטער פון ווין. נאַפּאָלעאָן האָט צעקלאַפּט די עסטרײַכער; זייערע פאַרבינדעטע — די רוסן — האָט ער אַרומגערינגלט און אָפּגעשטויסן צו פאַרפרוירענע סאַזשלקעס. דערנאָך האָט ער באַפוילן צו שיסן מיט האַרמאַטן־קוילן איבערן אײַז. דאָס אײַז האָט געפּלאַצט און אַ מוירעדיקע צאָל רוסישע סאָלדאַטן זײַנען דערטרונקען געוואָרן אינעם אײַז־קאַלטן וואַסער.

עסטרײַך, וואָס איז געשטאַנען אין שפּיץ פון דער „הייליקער רוימישער אימפּעריע", האָט נאַפּאָלעאָן צעגראָמירט. ער האָט אויך געמאַכט אַ טעל פון דער אימפּעריע גופא, וואָס האָט עקזיסטירט בא טויזנט יאָר. אין דער מיט פון 1806 י. האָט נאַפּאָלעאָן געבילדעט דעם ריינישן פאַרבאַנד. אינעם דאָזיקן פאַרבאַנד זײַנען אַרײַן 16 מעלוכעס, וואָס זײַנען געלעגן אָפּן ריין, און ער האָט זיך

געפונענ אונטער נאַפּאָלעאָנס פּראָטעקטאָראַט. איצט איז אָפּנ ריינ געוואָרנ באַלעבאָס פראַנקרייַכ. דער אימפּעראַטאָר פונ דער „הייליקער רוימישער אימפּעריע" האָט זיכ געמוזט אָפּזאָגנ פונ זייַנ טיטל אונ ווערנ אימפּעראַטאָר פונ דער געשאַפענער עסטרייַכישער אימפּעריע.

די אויסבילדונג פונעמ רייַנישנ פאַרבאַנד האָט געשטויסנ פּרייַסנ אַרייַנצוטרעטנ אינ א מילכאָמע קעגנ פראַנקרייַכ.

**די צעגראָמירונג פונ פּרייַסנ**

אינ 1806 י. איז פּרייַסנ אינגאַנצנ צעקלאַפּט געוואָרנ. עס איז שווער צו געפינענ אינ דער קריגס-געשיכטע נאָכ אַזא בייַשפּיל, ווענ מע זאָל פונ א מעלוכע מאַכנ א טעל אַזוי בליצשנעל. אינ מעשעכ פונ 6 טעג, זינט עס האָט זיכ אָנגעהויבנ די קאַמפּאַניע, געווינט דאָס פראַנצויזישע מיליטער אייַנ שלאַכט נאָכ דער אַנדערער.

דעמ 14 אָקטיאַבער 1806 י. איז פאָרגעקומענ די אַנטשיידנדיקע שלאַכט לעבנ יענ. דאָ האָט זיכ נאַפּאָלעאָנס מיליטער צוזאַמענגעטראָפנ מיטנ פּרייַסישנ מיליטער. אינ דער זעלבער צייַט צעפלאַקערט זיכ אויכ א שלאַכט לעבנ אַאוערשטעדט, 40 קילאָמעטער ווייַט פונ יענ. מיט דער אַרמיי, וואָס האָט זיכ געשלאָגנ בא אַאוערשטעדט, האָט אָנגעפירט דער בראַונשווייַגער הערצאָג — דער זעלבער הערצאָג, וועלכער האָט געשראָקנ, אַז ער וועט פאַרניכטנ פּאַריזש. אינ דער דאָזיקער שלאַכט האָט דאָס פּרייַסישע מיליטער געליטנ אַנ אויסערגעוויינלעכע מאַפּאָלע. דער בראַונשווייַגער הערצאָג גופע איז פאַרוווּנדעט געוואָרנ אָפּ טויט. די שלאַכט לעבנ יענ האָט געלייזט דעמ גורל פונ דער קאַמפּאַניע פונ 1806 י. קעגנ פּרייַסנ. אינ 19 טעג אַרומ נאָכנ אָנהייב פונ דער מילכאָמע אונ אינ עטלעכע טעג אַרומ נאָכ דער שלאַכט לעבנ יענ איז דאָס פראַנצויזישע מיליטער אַרייַנגעטראָטנ אינ בערלינ.

דאָס פּרייַסישע מיליטער איז געווענ דעמאָראַליזירט אונ די פּרייַסישע פעסטונגענ פלעגנ זיכ אונטערגעבנ אָנ א שלאַכט. אַזוי, צומ בייַשפּיל, האָט זיכ אונטערגעגעבנ די שטאַרקסטע פּרייַסישע פעסטונג מאַגדעבורג, וואָס האָט געהאַט א גאַרניזאָנ פונ 26 טויזנט מאַנ, א מעכטיקע שווערע אַרטילעריע אונ קאָלאָסאַלע רעזערוונ געווער אונ דערנערונג. פאַרקערט, דער מאַרשאַל ניי האָט געהאַט סאַכאַקל 3 לייַכטע מאָרטירעס. ווי נאָר ער איז אָבער צו צו דער פעסטונג אונ האָט באַפוילנ אויסצושיסנ פונ די דאָזיקע מאָרטירעס (די שיסערייַ האָט ניט געבראַכט דער שטאָט קיינע שומ היזיקעס), אַזוי גלייַכ האָט דער קאָמענדאַנט געהייסנ עפענענ די טויערנ פונ דער פעסטונג. דערנאָכ האָט זיכ דער קאָמענדאַנט פאַרענטפערט, אַז ווענ די האַרמאַטנ האָבנ גענומענ קנאַלנ, האָבנ זיכ די אייַנוווינער פונ דער שטאָט זייער איבערגעשראָקנ אונ אימ געבעטנ, ער זאָל זיכ אונטערגעבנ.

אַנ אויסנאַמ איז געווענ די אַרמיי פונעמ פּרייַסישנ גענעראַל בליוכער. די פראַנצויזנ האָבנ אָפּגעשטויסנ זייַנ אַרמיי צו דער דענישער גרענעצ, זי האָט אָבער געשטעלט א ווידערשטאַנד אונ זיכ איבערגעגעבנ אינ געפאַנגענשאַפט בלויז דאַנ, ווענ זי האָט שוינ געהאַט פאַרלאָרנ אינ שלאַכט עטלעכע טויזנט קריגער.

ווי אַזוי איז די סיבע, פאַרוואָס די פראַנצויזנ האָבנ אָפּגעהאַלטנ איבער די פּרייַסנ אַזעלכע אומגעהערטע, דערשטוינענדיקע זיגנ?

פּרייַסנ איז געווענ אַנ אָפּגעשטאַנענ פעאָדאַל לאַנד. אינ מיליטערישער הינזיכט האָבנ זיכ נאָכ דאָ געהאַלטנ די טראַדיציעס פונ פרידריכ דעמ II-טנ. עס האָט זיכ דאָ אייַנגעהיט די טאַקטיק פונ אָנגרייַפנ ליניעסווייַז. דער יעסאָד פונ דער דאָזיקער טאַקטיק איז געווענ א באַגנעטנ-אַטאַקע אָפּנ פייַנט אינ א געשלאָסענער קאַמפּס-אָרדענונג. די סאָלדאַטנ די לייַביגענע האָט מענ געטריבנ אינ שלאַכט מיט שטעקנס. בא דער לייַבייגנטימערישער אָרדענונג האָט א סאָלדאַט ניט געהאַט וואָס צו האָפנ אָפּ א העכערנ ראַנג.

דער פאָרשטייער פונעמ בורזשואַזנ פראַנקרייַכ — נאַפּאָלעאָנ דער I האָט אָבער געיאַרשנט אינעמ מיליטערישנ געביט א גאַנצע רייַ דערגרייכונגענ אונ דעראָבערונגענ פונעמ רעוואָליוציאָנערנ פראַנקרייַכ.

אלס איינע פונ די ספּעציפישקייטנ פונ נאפּאָלעאָנס טאקטיק מערקנ די מיליטערישע ספּעציאַ־ ליסטנ אָפּ דאָס, וואָס ער האָט זייער זעלטנ געשלאָגנ אינ פּאָדער־גרונט, פראָנטאל. ער האָט מער געהאלטנ פונ דער טאקטיק ארומצוגייג דעמ פּײַנט. ער פלעגט אָנפאלנ אפּ אימ פונ די פלאנגנ, פונ־ נעמ הינטערלאנד אונ ארײַנברענגענ אימ אינ א פּאניק — קייטנווײַז פלעגנ זײַנע שיסער אטאקירנ דעמ פּײַנט, פארוואַרפנ אימ מיט א האָגל קוילנ פונ די הארמאטנ, וואָס זײַנענ געווענ ריכטיק פאַ־ נאנדערגעשטעלט; צולעצט פלעגט ער אינ שלאכט ארײַנברענגענ די רעזערווּנ אונ דעמ פּײַנט דער־ שלאָגנ. א סאָלדאט פונ נאפּאָלעאָנס ארמיי האָט געקאָנט האָפנ אפּ א העכערנ ראנג, ער האָט אפילע געקאָנט ווערנ מארשאל. א ריי מארשאלנ האָבנ געשטאמט פונ פאָלקס־מענטשנ. מיוראט איז געווענ א פויערס א זונ, ניי איז געווענ א באָנדערס א זונ.

נאָכנ צעגראָמירנ פּרײַסנ האָט מענ שוינ אפילע אינ די פּרײַסישע אָנפירנ־ דיקע קרײַזנ פארשטאנענ, אז אָנ רעפאָרמעס וועט דאָס לאנד זיכ ניט באפרײַענ פונ דער דערנידערנדיקער אונטערגעוואָרפנקײַט צו פראנקרײַכ. אינ 1807 י. איז ארויס א באפעל וועגנ דער פארניכטונג פונעמ לײַבייגנטומ אינ פּרײַסנ. דעמ דאָ־ זיקנ באפעל האָט אָנגעשריבנ דער מיניסטער שטיינ.

צעגראָמירט פּרײַסנ, האָט נאפּאָלעאָנ פאָרגעזעצט אָנצוגרײַפנ אפּ מיזרעכ. סאָפּ 1806 י. האָט זײַנ מיליטער פארנומענ וואַרשע. אינ פעווראל 1807 י. איז באַ פּרײַסיש־איילאו (אינ מיזרעכ־פּרײַסנ) פאָרגעקומענ א שלאכט צווישנ דעמ פראנ־ צויזישנ מיליטער מיטנ רוסישנ.

די רוסנ האָבנ געשטעלט א שטארקנ ווידערשטאנד. די רוסישע ארטילעריע האָט פארניכטעט קימאט דעמ גאנצנ קאָרפּוס, מיט וועלכנ עס האָט אָנגעפירט דער מארשאל אָזשעראָ. בלויז די געלונגענע אטאקע פונ דער גאנצער פראנצויזישער קאוואלעריע האָט ארויסגעראטעוועט די פראנצויזנ פונ זייער שווערער לאגע. אינ דער אנדערער שלאכט, וואָס איז פאָרגעקומענ באַ פרידלאנד, האָט דאָס רוסישע מיליטער געליטנ א מאפּאָלע.

אינ 1807 י. האָט נאפּאָלעאָנ געשלאָסנ מיט רוסלאנד אונ מיט פּרײַסנ שאָ־ לעמ (אינ טילזיט). נאפּאָלעאָנ האָט פאָרגעלייגט אלעקסאנדער דעמ I-טנ צעטיילנ די וועלט אפּ צוויי טיילנ — דעמ מײַרעוו־טייל אָפּגעבנ אימ, נאפּאָלעאָנענ, אונ דעמ מיזרעכ־ טייל זאָל זיכ נעמענ אלעקסאנדער. אלעקסאנדער דער I האָט אָנערקענט אלע נאפּאָלעאָנס דעראָבערונגענ אונ ער איז געווענ געצווונגענ צו שליסנ מיט פראנקרײַכ א קריגס־ בונד. אפּ פּרײַסנ האָט נאפּאָלעאָנ ארופגעלייגט א קאָנטריבוציע אונ שטארק פאר־ קירצט איר טעריטאָריע. פונ די פּרײַסישע מײַרעוו־פּראָווינצנ אונ פונ די דרײַ שכיינעסדיקע מעלוכעס האָט מענ געשאפנ דאָס וועסטפאלער קיניגרײַכ אונ עס אָפּגעגעבנ נאפּאָלעאָנס ברודער, זשעראָמענ. פונ דער מערהײַט פּראָווינצנ, וואָס פּרײַסנ האָט געקראָגנ בייסנ צעטיילנ פּוילנ, האָט מענ געשאפנ „דאָס גרויסע וואַרשעווער הערצאָגטומ"; דאָס הערצאָגטומ איז אָפּגעגעבנ געוואָרנ נאפּאָלעאָנס פארבינדעטנ — דעמ זאקסישנ קיניג. פּרײַסנ האָט מענ דערלויבט צו האָבנ אנ ארמיי ניט מער פונ 40 טויזנט סאָלדאטנ.

עסטרײַכ ווערט ווי= דעראמאָל צעגראָמירט.

נאפּאָלעאָנ האָט געוואָלט אײַנעמענ שפּאניע, אָבער דאָס האָט זיכ אימ ניט אײַנגעגעבנ — ער האָט געכאפּט אינ שפּאניע מאפּאָלעס. עסטרײַכ האָט דאָס אויסגענוצט אונ אינ 1809 י. ווידעראמאָל געפּרוווט אָנהייבנ א מילכאָמע קעגנ דער פראנצויזישער אימפּעריע. די פראנצויזישע ארמיי האָט אָבער אינ מעשעכ פונ 5 טעג (19—23 אפּרעל) אינ 5 גרויסע שלאכטנ צעקלאפּט די עסטרײַכער. די אנטשיידנדיקע שלאכט איז

פאָרגעקומענ אינ יול 1809 י. בא וואגראם. די דאָזיקע שלאכט איז געווענ איינע פונ די סאמע בלוטיקע שלאכטנ. געזיגט האָבנ די פראנצויזנ. דער אימפעראטאָר האָט זיכ אָבער באַקלאָגט: „דאָס זײַנענ שוינ ניט די סאָלדאטנ פונ אאוסטערליצ". די בעסטע קאדרענ פונ דער פראנצויזישער ארמיי זײַנענ שוינ געווענ אומגעבראכט. אינ דער ארמיי זײַנענ געווענ פיל יונגע רעקרוטנ, דערבײַ איז א טייל זייערע געווענ פונ די אײַנגענומענע מעלוכעס און האָט זיכ געשלאָגנ אָנ כיישעק. נאָכנ זיג לעבנ וואגראמ האָט נאפּאָלעאָנ געקאָנט ענדגילטיק צעקלאפּנ עסטרײַכ. ער האָט זיכ אָבער געגרייט צום ווײַטערדיקנ קאמפּ קעגנ ענגלאנד און רוסלאנד און דעריבער האָט ער באשלאָסנ צו פארוואנדלענ עסטרײַכ אינ זײַנעמ א פארבינדעטנ.

צוליב דעמ האָט ער כאסענע געהאט מיט דער עסטרײַכישער פרינצעסנ מאריע-לויזע. בײַס מאריע-לויזעס קרוינונג האָבנ פינפ קיניגנס געטראָגנ דעמ שלייפ אירנ.

נאפּאָלעאָנ און זײַנ הויפ.

נאפּאָלעאָנ האָט אײַנגעפירט בא זיכ א פרעכטיקנ הויפ, אפ וועלכנ מע האָט פארשווענדט זייער פיל מיטלענ. ער האָט געשאפנ א נײַ אדלטומ, וואָס האָט זיכ קאָמפּלעקטירט פונ צווישנ דער בורזשואזיע. די מארשאלנ זײַנע פלעגט ער שענקענ קאָלאָסאלע גיטער און געבנ הונדערטער טויזנטער פראנקנ מעזומענ געלט. נאפּאָלעאָנ, וואָס האָט אָנגעפירט מיט א קאָלאָסאלנ טייל אייראָפּע, האָט געוויינלעכ געארבעט צו 14—16 שאָ א מעסלעס. ער האָט זיכ זייער געבייזערט, ווענ מע פלעגט אימ פארהאלטנ באמ מיטיק מער ווי אפ 15—20 מינוט. דער אימפעראטאָר פלעגט זיכ ארײַנמישנ אפילע אינ דעטאלנ פונ דער פארוואלטונג און פלעגט אלײנ דורכקאָנטראָלירנ די שנור-ביכער פונ די מעלוכע-קאסירנ. בא אלעמענ, בא וועמענ מע האָט נאָר געקאָנט קריגנ א גוטע אייצע, פלעגט נאפּאָלעאָנ ליב האָבנ אויסצוהערנ זײַנ מיינונג, באשליסנ פלעגט ער אָבער אליינ.

אנ אָנגעזעענסטער קריגס-פירער, אנ אדמיניסטראטאָר, א דיפּלאָמאט, האָט נאפּאָלעאָנ אינ דער ארמיי געהאט א קאָלאָסאלנ אווטאָריטעט; דעמ דאָזיקנ אווטאָריטעט האָט ער פארשטאנענ ווי צו שאפנ און ווי אימ אָפּצוהיטנ.

נאפּאָלעאָנ האָט זיכ באצויגנ צומ פאָלק מיט פאראכטונג. ער איז געווענ ווײַט פונ ליב האָבנ די סאָלדאטישע מאסנ. ער האָט אָבער קונציק-גוט געקאָנט אונטערשטרײַכנ, אז ער זאָרגט זיכ דאפקע זייער וועגנ דעמ סאָלדאט. אלס בײַשפּיל קאָנ מענ ברענגענ אזא פאקט: קעדיי אופמונטערנ די סאָלדאטנ בייסנ אומדערטרעגלעכ-שווערנ צוריקמארש פונ סיריע, האָט באָנאפארט באפוילנ אָפּצוגעבנ פאר די קראנקע און פארוווּנדעטע אלע פערד און וואָגנס. ער אלײנ האָט זיכ געלאָזט גייג צופוס און האָט געצווונגענ זײַנ גאנצע סוויטע, זי זאָל מיטגיינ צוזאמענ מיט די סאָלדאטנ.

נאפּאָלעאָנ האָט ליב געהאט איבערצוכאזערנ, אז „דער וועג צומ הארצנ פונעמ סאָלדאט ליגט דורכנ מאָגנ". ער האָט זיכ שטענדיק געקימערט וועגנ דער באזאָרגונג און דערנערונג פונ די סאָלדאטנ. דערנאָכ פלעגט ער זיי שיקנ, זיי זאָלנ זיכ שלאָגנ פאר די צילנ פונ דער פראנצויזישער בורזשואזיע און דערהארגעט ווערנ אינ די טויזנטער אפנ פראָנט.

די פארברייטערונג פונ דער פראנצויזישער טעריטאָריע. די סיסטעמ מעלוכעס, וואָס זײַנענ אָפּהענגיק פונ פראנקרײַכ.

די אײַנגענומענע לענדער פלעגט נאפּאָלעאָנ באהאנדלענ פארשיידנ. אייניקע האָט ער פּאָשעט פאריייניקט צו פראנקרײַכ און זיי אײַנגעטיילט, פונקט ווי די אלטע פראנצויזישע געביטנ, אינ דעפּארטאמענטנ. צומ 1811 י. איז פראנקרײַכ שוינ באשטאנענ ניט פונ 83, נאָר פונ 130 דעפּארטאמענטנ. אינ באשטאנד פונ דער פראנצויזישער אימפּעריע זײַנענ אײַנגעשלאָסנ געוואָרנ סאוואָיע, האָלאנד, די געביטנ, וואָס ליגנ לענגויס דעמ ריינ. שווייצ און דער ריינישער פארבאנד זײַנענ געווענ פונ פראנקרײַכ אָפּהענגיק (אונטער פראנקרײַכס „פּראָטעקטאָראט").

נאַפּאָלעאָן איז געווען דער פאַקטישער באַלעבאָס פון איטאַליע. דאָס נעאַפּאָלי־טאַנישע קיניגרײַך האָט זיך גערעכנט אלס א זעלבשטענדיקע מעלוכע, אָנגעפירט אָבער האָט מיט איר נאַפּאָלעאָנס ברודער זשאָזעף באָנאַפּאַרט. דערנאָך איז די נעאַ־פּאָליטאַנישע קרוין איבערגעגעבן געוואָרן נאַפּאָלעאָנס מאַרשאַל מיוראַטן. זשאָזעף באָנאַפּאַרט איז געשיקט געוואָרן אלס קיניג אין שפּאַניע. אין די אײַנגענומענע לענדער האָט נאַפּאָלעאָן אײַנגעפירט בורזשואַזע פאַראָנדקעס—אינעם רײַנישן גע־ביט, לעמאָשל, איז אײַנגעפירט געוואָרן דער נאַפּאָלעאָנישער קאָדעקס; לויטן דאָזיקן קאָדעקס איז פאַרניכטעט געוואָרן די אומגלײַכהײַט פון די שטאַנדן. פאַר די אָפּגעשטאַנענע לײַבאייגנטימערישע מעלוכעס איז עס געווען א טראָט פאָרויס. די פאָלקס-מאַסן פון די אײַנגענומענע לענדער זײַנען אָבער אַרונטערגעפאַלן אונטער א צווייענדיקן דרוק—אונטערן דרוק פון דער אייגענער בורזשואַזיע און פון די פריצים און אויך אונטערן דרוק פון די פרעמדלענדישע (פראַנצוי־זישע) דעראָבערער.

די קאָנטינענטאַלע בלאָקאַדע.

אין 1806 י. האָט די פראַנצויזישע בורזשואַזיע אַרויסגע־רוקט א פּלאַן צו שאַפן א פולשטענדיקע בלאָקאַדע קעגן ענגלאַנד. די פראַנצויזישע טעקסטיל-פאַבריקאַנטן האָבן זיך געקלאָגט אף דער קאָנקורענץ פון די ענגלישע סכוירעס. זיי האָבן פאָרגע־לייגט ניט צו שליסן שאָלעם, קאָלזמאַן עס וועלן ניט אַרויסגעיאָגט ווערן פון אייראָפּע די ענגלישע סכוירעס און עס וועלן ניט פאַרמאַכט ווערן פאַר די ענג־לישע סכוירעס אַלע פּאָרטן פונעם אייראָפּיישן קאָנטינענט.

נאַפּאָלעאָן איז אַנטקעגנגעקומען דער פאָדערונג פון דער בורזשואַזיע. דעם 21 נאָיאַבער 1806 י. האָט ער אין בערלין פאַרעפנטלעכט דעם דעקרעט וועגן א „קאָנטינענטאַלער בלאָקאַדע". אינעם דעקרעט איז געשטאַנען: „עס ווערט דער־קלערט, אז די בריטישע אינדזלען זײַנען אין א צושטאַנד פון בלאָקאַדע". „דער אויסערן-האַנדל און יעטווידע באַציִונג מיט די בריטישע אינדזלען זײַנען פאַר־ווערט".

ווײַטער האָט דער דעקרעט פאָרגעלייגט צו אַרעסטירן אַלע ענגלענדער און קאָנפיסקירן אַלע ענגלישע סכוירעס, וועלכע מע וועט געפינען אף דער פראַנצוי־זישער טעריטאָריע, אָדער אף די טעריטאָריעס פון פראַנקרײַכס פאַרבינדעטע (דאָס האָט געהאַט א שײַכעס אויך צו רוסלאַנד, וואָס איז דאַן געווען אין א בונד מיט פראַנקרײַך).

די האָפענונגען, וואָס די פראַנצויזישע בורזשואַזיע האָט אַרויפגעלייגט אף דער קאָנטינענטאַלער בלאָקאַדע, האָבן זיך ניט באַרעכטיקט. ערשטנס, האָבן די ענג־לישע קריגס-שיפן אלס ענטפער אף דער בלאָקאַדע גענומען פאַרכאַפּן אף די יאַמ־וועגן די האַנדלס-שיפן פון פראַנקרײַך און פון די מעלוכעס, וואָס זײַנען גע־ווען פראַנקרײַכס פאַרבינדעטע. צווייטנס, ווען פראַנקרײַך האָט געמאָלדן, אז די גאַנצע קאָנטינענטאַלע אייראָפּע איז פאַרמאַכט פאַר די ענגלישע סכוירעס, האָט אָנגעהויבן אין א ריי לענדער אופקומען אן אייגענע גרויס-אינדוסטריע. פראַנ־צויזישע סכוירעס איז אָבער געווען ווייניק, דערצו האָבן זיי געקאָסט טײַער און זײַנען געווען פון אן ערגערער קוואַליטעט איידער די ענגלישע. מע האָט אָנגע־הויבן אַרײַנפירן ענגלישע סכוירעס אף א קאָנטראַבאַנדע-אופן. באַזונדערס האָט מען די קאָנטראַבאַנדע אַרײַנגעפירט דורך שפּאַניע און רוסלאַנד. אַפילע די פראַנ־

צויזישע רעגירונג אליינ האָט ניט געקאָנט אויסקומענ אָנ די ענגלישע ככוירעס.
די פראנצויזישע ארמיי איז געווענ אָנגעטאָנ אינ ענגלישנ געוואנט אונ האָט געטראָגנ ענגלישע שיכ. די פראנצויזישע רעגירונג פלעגט געבנ אָפיציעלע דערלויבענישנ אַפ איינצוקויפנ אינ ענגלאנד איניקע מינים סכוירעס. גלייכצייטיק פלעגנ די פראנצויזישע אגענטנ נישטערנ אינ גאנצ איירָאָפּע אונ אויסכאפנ ענגלישע קאָנטראבאנדע, זיי פלעגנ צעשנײַדנ אַפ פיצ-פיצלעכ דעמ ענגלישנ געוואנט אונ מאכנ שייטערס פונ די וואָלוועלע אונ גוטע ענגלישע סכוירעס.

דאָס האָט ביז גאָר אופּגעבראכט די סאָכרימ אונ די באפעלקערונג פונ די איירָאָפּייִשע לענדער. ניט געקוקט אַפ דער בלאָקאדע, איז דער ענגלישער אויסערלעכער האנדל געוואקסנ, אונ דער פראנצויזישער — אלצ מער געפאלנ.

אינ די יאָרנ 1810—1811 האָט די פראנצויזישע אינדוסטריע איבערגעלעבט א שווערנ קריזיס. עס זײַנענ געווענ פיל ארבעטלאָזע. די ארבעטער זײַנענ געווענ אופגערעגט. די אומופהערלעכע מילכאָמעס האָבנ ארויסגערופנ א קאָלאָסאלנ וווּקס פונ די שטײַערנ, וועלכע האָבנ באלעסטיקט די בורזשואזיע. די קעסיידערדיקע פריזיוונ אינ דער ארמיי האָבנ ארויסגערופנ א שטארקע אומצופרידנקייט צווישנ די פויערימ אונ ארבעטער. אָנ א שיר מענטשנ האָט מענ אויכ רעקרוטירט אינ די איירָאָפּייִשע מעלוכעס, וואָס זײַנענ געווענ אָפּהענגיק פונ נאפּאָלעאָנ. די סאָלדאטנ פונ די פארשיידענע נאציאָנאליטעטנ האָבנ זיכ געשלאָגנ, ווײַל מע האָט זיי געצוווּנגענ, די פראנצויזישע שפּראכ האָבנ זיי ניט געקענט. אזוינע סאָלדאטנ האָבנ אויסגעמאכט א באדײַטנדיקנ טייל פונ דער ארמיי.

די פּאָלקס=באוועגונג
אינ די דעראָבערטע
לענדער.

די פעלקער, וועלכע נאפּאָלעאָנ האָט געוואָלט ארונטערווארפנ אונטער א פרעמדנ יאָכ, האָבנ געשטעלט דעמ פראנצויזישנ מיליטער א ווידערשטאנד. דאָס איז געווענ דער שטארקסטער קלאפּ פאר דער נאפּאָלעאָנישער אימפעריע. אומגעקומענ איז זי פונ דעמ ווידערשטאנד, וואָס עס האָבנ איר געשטעלט די שפּאניער אונ די רוסנ.

פונעמ 1759 י. ביזנ 1788 י. איז אינ שפּאניע געווענ קיניג קארל דער III. ער האָט געשטיצט דעמ שפּאנישנ האנדל אונ די אינדוסטריע אונ געזענ, אז זיי זאָלנ אויכ ווײַטער זײַנ אָפּהענגיק פונ דער פעאָדאלער שפּאנישער מעלוכע. ער האָט זיכ אנטשלאָסנ אַפ אזא אקט, ווי ארויסטרײַבנ די יעזויִטנ, וועלכע פלעגנ ארויסרופנ קאָלאָסאלע אומצופרידנקייט בא די פּאָלקס-מאסנ אונ בא דער פּאָרגעשריטענער בורזשואזיע. קארל דער III האָט געקיניגט אינ דער צײַט, ווענ ס'האָט זיכ אָנגערוקט די רעוואָליוציע אינ פראנקרײַכ, אונ די דאָזיקע צײַט איז געווענ פאר שפּאניע א פעריִאָד פונ אייניקע רעפאָרמעס, וועלכע מע האָט אָנגעהויבנ דורכצופירנ, אָבער ניט דערפירט ביזנ סאָפ. אינ טאָכ גענומענ האָבנ די דאָזיקע רעפאָרמעס אינ דער אָפּגעשטאנענער פעאָדאלער שפּאניע גאָרניט געענדערט.

פונעמ 1788 י. ביזנ 1808 י. איז אינ שפּאניע געווענ קיניג דער רעאקציִאָנערער קארל דער IV, א קליינמוטיקער אונ באגרענעצטער נעפעש. פיל רעפאָרמעס האָט מענ אָפּגעשאפנ.

אינ 1808 י. האָט נאפּאָלעאָנ געצוווּנגענ קארל דעמ IV-טנ אָפּזאָגנ זיכ פונ טראָנ. נאפּאָלעאָנ האָט אויכ אָפּגענומענ דאָס רעכט אַפנ טראָנ בא קארל דעמ IV-טנס זונ, פערדינאנד דעמ VII. אלס קיניג פונ שפּאניע האָט נאפּאָלעאָנ געמאכט זײַנ ברודער זשאָזעפ.



די פאָלקס-מילכאָמע אינ שפּאַניע — אָפאָרט פונ גאָיא.

זשאָזעפ האָט געקיניגט פונעמ 1808 י. ביזנ 1813 י. פאַר דער גאַנצער צײַט אָבער, וואָס ער איז געווענ אינ שפּאַניע, האָט ער אפילע קיינ איינ יאָר ניט געהאַט די פולע קיניגלעכע מאַכט. גלײַכ נאָר ווי עס האָט זיכ אינ שפּאַניע באַוויזנ דאָס פראַנצויזישע מיליטער, האָט זיכ דאָ אָנגעהויבנ די גערילִיע — די פאָלקס-מילכאָמע. דעמ 2 מײַ 1808 י. איז אינ מאַדריד אויסגעבראָכנ אַנ אופשטאַנד. אינ בײַלענ האָבנ די שפּאַניער אַרומגערינגלט דעמ פראַנצויזישנ גענעראַל דיופּאָנ, אונ ער האָט זיכ אונטערגעגעבנ מיט אַ 20-טויזנטדיקער אַרמײ. די ענגלענדער האָבנ אַרויסגעשטויסנ פונ פּאָרטוגאַל דאָס פראַנצויזישע מיליטער אונ פאַרנומענ דאָס לאַנד.

אינ נאָיאַבער 1808 י. איז שוינ נאַפּאָלעאָנ אַליינ אַראָפּגעקומענ קיינ שפּאַ-ניע. ער איז געקומענ מיט אַנ אַרמײ פונ 180 טויזנט מאַנ. מיט פײַער אונ שווערד שפּאַנט ער דורכ דער שפּאַנישער ערד אונ רײַסט זיכ אַרײַנ אינ מאַדריד. איבערנ גאַנצנ לאַנד הערט אָבער ניט אופ צו פלאַקערנ דאָס פײַער פונ דער פּאַרטיזאַנישער מילכאָמע. די פאָלקס-מאַסנ פונ שפּאַניע אָרגאַניזירנ פּאַרטי-זאַנישע אָטריאַדנ אונ קעמפנ קעגנ דער פרעמדלענדישער אינוואַזיע.

אינ 1809 י. האָט דאָס פראַנצויזישע מיליטער אַרומגערינגלט די אופגעשטאַ-נענע שטאָט סאַראַגאָסאַ. 8 כאָדאָשימ צײַט האָבנ די פראַנצויזנ ניט געקאָנט אײַ-נעמענ די שטאָט. די ציווילע באַפעלקערונג איז געלעגנ באַהאַלטנ אינ די קע-לערס, כּימעט די גאַנצע שטאָט איז געווענ פאַרבּרענט. בײַס אָבער די האַרמאַטנ פלעגנ דורכהאַקנ לעכער אינ די געבײַדעס, פלעגנ זיכ פונ דאָרטנ באַווײַזנ ביקסנ פונ די סאַראַגאָסער קריגער. די סאַראַגאָסער האָבנ געענטפערט מיט פײַער. פרויענ אונ קינדער האָבנ זיכ געשלאָגנ צוזאַמענ מיט די פאָטערס, ברידער אונ מענער.

דער ווידערשטאנד פונ די שפאניער קעגנ די אויסלענדישע פארכאפער האָט גע-בראכט צו א רעוואָליוציע.

אינ 1812 י. האָבנ זיכ אפּ א רעוואָליוציאָנערנ אויפנ פארזאמלט די קאָר-טעסנ (דער פארלאמענט) אונ זיי האָבנ איינגעפירט אינ שפאניע א קאָנסטיטוציע. אָט זיינענ די גרונט-האנאָכעס פונ דער דאָזיקער קאָנסטיטוציע:

„דאָס שפאנישע פאָלק איז פריי אונ אומאָפּהענגיק אונ קאָנ ניט אריבערגיינ אלס יערושע-זאכ אינ די הענט פונ א דינאסטיע אָדער פונ א וואָסער-עס-איז פערזאָנ". „די סוווערענע מאכט געהערט לויטנ טאָכ אירנ דעמ פאָלק אונ דער-פאר טאקע געהערט דעמ פאָלק דאָס אויסשליסלעכע רעכט איינצושטעלנ זיינע גרונט-געזעצנ".

די מאָנארכיע איז אינ שפאניע פארבליבנ, איר מאכט איז אָבער באגרענעצט געוואָרנ דורכ די קאָרטעסנ.

ווענ מע רעדט וועגנ דער פאָלקס-באוועגונג אינ שפאניע, דארפ מענ נעמענ אינ אכט די ספעציפישקייטנ פונ דער דאָזיקער באוועגונג. שפאניע איז געווענ אנ אָפּגעשטאנענע פעאָדאלע לאנד. דאָס פויערטומ איז דאָרטנ געווענ אונטער דער שטארקער ווירקונג פונעמ קאטוילישנ קלער. דאָס פויערטומ האָט ניט געהאט קיינ אָנפירער, וואָס זאָלנ אימ העלפנ צו פארטיידיקנ זיינע אינטערעסנ. מיט די פויערימ האָבנ אָנגעפירט גאלאָכימ אונ פריצימ. דער לאָזונג איז געווענ — רעליגיע אונ באשיצונג פונ דער שפאנישער מאָנארכיע.

דער איקער איז אָבער געווענ דאָס, וואָס די פאָלקס-מאסנ האָבנ זיכ אופגעהויבנ קעגנ דער פראנצויזישער אינוואזיע, קעגנ דעמ פרווו פונ דער פראנצויזישער בורזשואזיע איינצושטעלנ איר הערשאפט אינעמ דעראָבערטנ לאנד, קעגנ דעמ פרווו צו באראבעווענ, רויִנירנ דאָס דאָזיקע לאנד אונ עס פארוואנדלענ אינ א שקלאפ פונ דער פראנצויזישער אימפעריע.

**דער קריגס-מארש קיינ רוסלאנד אינ 1812 י.**

א פולשטענדיקע קאטאסטראָפע האָט אָבער געטראָפנ נא-פאָלעאָנענ, ווענ ער האָט פירגענומענ זיינ מארש קיינ רוסלאנד.

אינ רוסלאנד איז מענ געווענ ניט צופרידנ מיט דער קאָנטינענטאלער בלאָ-קאדע. מאכמעס דער בלאָקאדע האָט זיכ אינ רוסלאנד פארקירצט דער טוווע-עקספאָרט קיינ ענגלאנד אונ דער אימפאָרט פונ אינדוסטריעלע סכוירעס פונ ענג-לאנד. בישכיינעס מיט רוסלאנד איז געלעגנ „דאָס גרויסע ווארשעווער הערצאָג-טומ", וואָס איז געווענ אָפּהענגיק פונ נאפּאָלעאָנענ. רוסלאנד האָט געדראָעט א געפאר צו פארלירנ דאָס רוסישע פוילנ.

די צעגראָמירונג פונ פרייסנ אונ עסטרייכ האָט אָפּגעשוואכט די פארבינדעטע פונעמ צארישנ רוסלאנד אינ אייראָפּע.

אינ 1812 י. האָט נאפּאָלעאָנ אויסגעריכט אנ ארמיי פונ 500 טויזנט סאָל-דאטנ, וואָס האָבנ גערעדט אפּ 12 שפראכנ. מיט דער דאָזיקער ארמיי האָט זיכ נאפּאָלעאָנ אריינגעריסנ קיינ רוסלאנד.

דאָס רוסישע מיליטער איז אָפּגעטראָטנ, אונ ס'האָט זיכ געדוכט, אז די נא-פאָלעאָנישע ארמיי וועט זיגנ. אָבער ווענ נאפּאָלעאָנ האָט זיכ צוזאמענגעשטויסנ מיט די רוסנ לעבנ סמאָלענסק, איז ער געוואָרנ איבעראשט פונעמ פעסטנ אונ שטארקנ ווידערשטאנד, וואָס עס האָט אימ געשטעלט דער קעגנער זיינער. די דויערנדיקע אונ פארביסענע באָראָדינער שלאכט (7 סענטיאבער 1812 י.), וואָס איז געווענ איינע פונ די סאמע בלוטיקע שלאכטנ, וועלכע עס האָט נאָר געוווסט

נאפּאָלעאָנס אינוואַזיע אין רוסלאַנד און דאָס פאַרטרייבן אים אין 1812 י.

די געשיכטע פונ יענער צײַט, האָט נאַפאָלעאָנענ קיינ זיג ניט געבראַכט. דער טאַלאַנטפולער רוסישער קריגס-פירער קוטוזאָוו איז אָפגעטראָטנ אונ ער האָט באַפוילנ אָפצוגעבנ מאָסקווע. קוטוזאָוו האָט פאַרשטאַנענ, אַז די גרונט-אויפגאַבע באַשטייט ניט אינ דעמ, וואָס מע דאַרפ אײַנהאַלטנ מאָסקווע אינ די רוסישע הענט, נאָר דערינ, וואָס מע דאַרפ פאַרניכטנ דעמ סוינעס אַרמיי. בייס דער אינוואַזיע פונ נאַפאָלעאָנס אַרמיי האָט די מאָסקווער באַפעלקערונג באַשלאָסנ צו פאַרלאָזנ די שטאָט. אינ מאָסקווע איז סאַכאַקל פאַרבליבנ ניט מער פונ 30 טויזנט מאַנ, דאָס זײַנענ געווענ אַלצ אַזוינע מענטשנ, וואָס האָבנ ניט געהאַט קיינ מעגלעכקײַט אַרויסצופאָרנ פונ דאָרטנ. אַפנ אַנדערנ טאָג נאָכ דעמ, ווי נאַפאָלעאָנ האָט פאַרנומענ מאָסקווע, האָבנ זיכ דאָרט אָנגעהויבנ סרייפעס. מאָסקווע האָט פונ אַלע זײַטנ געברענט.

אינ גאַנצ רוסלאַנד האָבנ זיכ די פויערימ גערנ פאַרשריבנ אינ אַרמיי. די, וואָס האָבנ זיכ געפונענ ניט ווײַט פונעמ פײַנט, זײַנענ אַרײַנגעטראָטנ אינ פאַרטיזאַנישע אָטריאַדנ.

די צײַטונג „מאָסקאָווסקיע וועדאָמאָסטי״ באַשרײַבט אינעמ נומער פונ 21 אווגוסט 1812 י. אַזאַ פאַל: „אינ יישעוו סיטשעווקאַ, וואָס געפינט זיכ אַפ דער גרענעצ פונ טווערער גובערניע מיט סמאָלענסקער, האָט מענ געבראַכט 90 געפאַנגענע פראַנצויזנ. די געפאַנגענע זײַנענ אָנגעפאַלנ אַפ די וואַכלײַט, האָבנ אָפגענומענ בײַ זיי דאָס געווער אונ געוואָלט זיי אוועקהאַרגענענ. דאַנ האָבנ די סיטשעווקער פויערימ אַ קלונג געטאָנ אינעמ אַליאַרעמ-גלאָק, טייקעפ זיכ צונויפגעקליבנ אונ אַנטוואָפנט די געפאַנגענע. דערווײַל, — שרײַבט די צײַטונג, — האָט זיכ פאַרשפרייט אַ קלאַנג, אַז עס זײַנענ אַראָפגעקומענ די פראַנצויזנ, אונ אינ דעמ זעלבנ אָוונט זײַנענ זיכ צונויפגעלאָפנ אינ סיטשעווקאַ ביז 9 טויזנט מאַנ צו שלאָגנ זיכ מיט די פראַנצויזנ... דער צאָרנ פונ די פויערימ קעגנ די פראַנצויזנ איז דערגאַנגענ אַזוי ווײַט, אַז אייניקע פויערימ האָבנ גענומענ פאַרברענענ אַפ די פעלדער זייער אייגענע טוווע. „עס זאָל ניט אָנקומענ דעמ פײַנט״ — פלעגנ זיי בייסמײַסע זאָגנ״. אומעטומ איז געווענ צו באַמערקנ אַנ אופשוווּנג פונ פאַטריאָטיזמ באַמ רוסישנ פאָלק.

די מילכאָמע פונ 1812 י. קעגנ דער פרעמדלענדישער אינוואַזיע איז אַרײַנ אינ דער געשיכטע אַלס די פאַטערלענדישע מילכאָמע. מע דאַרפ אָבער ניט צונויפמישנ די שטרעבונג פונעמ פאָלק מיט די אויפגאַבנ, וואָס עס האָבנ פאַר זיכ געשטעלט דער צאַר אונ די פריצימ. דאָס פאָלק האָט געשטרעבט צו באַפרײַענ דאָס היימלאַנד פונ פרעמדלענדישער קנעכטשאַפט, אונ דער צאַר מיט די פריצימ האָבנ געוואָלט פאַרטרײַבנ דעמ סוינע, קעדיי צו פאַרשטאַרקנ זייער מאַכט איבערנ פאָלק.

נאַפאָלעאָנ האָט געפרוווט אָנהייבנ פירנ מיט קוטוזאָוונ אונטערהאַנדלונגענ וועגנ שאָלעמ. קוטוזאָוו האָט זיכ אָבער אָפגעזאָגט צו פירנ וועלכע-עס-איז אונטערהאַנדלונגענ. ער האָט אָנגעהויבנ אַנ אָנגריפ קעגנ די פראַנצויזנ, וועלכע האָבנ זיכ געפונענ אַרומ מאָסקווע, אונ האָט צעקלאַפט מיוראַטס קאָרפּוס.

נאַפאָלעאָנס אַרמיי האָט זיכ אָנגעהויבנ פאַנאַנדערלייגנ; די סאָלדאַטנ פלעגנ ראַבעווענ די פאַרלאָזענע הײַזער, אופברעכנ די ווײַנ-קעלערס. נאַפאָלעאָנ איז געווענ געצווונגענ אָפצוטרעטנ פונ מאָסקווע. ער האָט זיכ געפרוווט לאָזנ איבערנ קאַלוגער וועג צו די דאָרעמ-געגנטנ, וואָס פאַרמאָגנ פיל שפײַז-פראָדוקטנ. לעבנ



נאפּאָלעאָן מאכט פּלייטע פון רוסלאנד.

מאלאָ-יאראָסלאוועצ האָבן אים אָבער דאָכטוראָוס קאזאקן אָפּגעשלאָגן, און נא-פּאָלעאָן האָט געמוזט פארקערעווען אפן אויסערסט רויִנירטן שליאכ, וואָס האָט געפירט קיין סמאָלענסק. די פּארטיזאנער דאווידאָוו, סעסלאווין, פיגנער און אנ-דערע פלעגן צונויפנעמען די פויערים און שלאָגן די אָפּטרעטנדיקע פראנצויזן. פיגנער האָט געקאָנט אויסלענדישע שפראכן. ער האָט דאָס אויסגענוצט, קעדיי זיך אריַינצושמוגלען אין לאגער פונעם פראנצויזישן מיליטער און דאָרטן צונויפ-זאמלען די נייטיקע ידיעס. מיט זייערע העראָישע טאטן זיַינען געוואָרן בארימט די פּארטיזאנער די פויערים טשעטווערטאקאָוו, קורין, די פויערטע וואסיליסע קאָזשינא.

עס האָבן זיך געשטעלט שטארקע פרעסט, דאָס האָט נאָך מער פארגיכערט די ענדגילטיקע מאפּאָלע פון נאפּאָלעאָנס ארמיי. יעדן טאָג פלעגט דער סוינע איבערלאָזן עטלעכע הונדערט טויטע קערפּערס אפ די ערטער, ווו די סאָל-דאטן האָבן זיך אָפּגעשטעלט אָפּרוען.

נאפּאָלעאָן האָט פארשטאנען, אז די זאכ איז פארשפּילט, האָט ער געוואָרפן די ארמיי און צוזאמען מיט צוויי אדיוטאנטן און אן אָרדינארעצ איז ער אפ א וועגעלע געקומען דורכ דיַיטשלאנד צו פאָרן קיין פאריזש; די רײַזע פון רוס-לאנד קיין פאריזש האָט בא אים געדויערט 12 טעג.

דורכפאָרנדיק ווארשע, האָט נאפּאָלעאָן געזאָגט: „מעגלעכ, אז איכ האָב גע-מאכט א פעלער, וואָס איכ בין דערגאנגען ביז מאָסקווע, מעגלעכ, אז איכ האָב שלעכט געטאָן, וואָס איכ האָב זיכ דאָרטן צו לאנג פארהאלטן, אָבער פון גרויס ביז לעכערלעכס — איז בלויז איין טראָט. זאָלן וועגן דעם אורטיילן די קומענדיקע דורות".

נאָך דער מאפּאָלע אין רוסלאנד האָט די מעכטיקייט פון דער פראנצויזישער אימפּעריע גיך אָנגעהויבן פאלן. וועלנדיק ראטעווען זיין מאכט, האָט נאפּאָלעאָן מיט גרויס מי פאָרמירט אן ארמיי פון 300 טויזנט מאן. דאָס איז געווען אן ארמיי פון ניט געשולטע יונגע רעקרוטן. בייסמייסע איז דאָס רוסישע מיליטער אריין אין בערלין. די בערלינער איינוווינער האָבן אופגענומען די רוסן מיט גרויס ענטוזיאזם. נאפּאָלעאָנס מאפּאָלע אין רוסלאנד האָט ארויסגערופן אין דייטשלאנד א מעכטיקן אופשטייג פון דער נאציאָנאלער באוועגונג קעגן די דעראָבערער די פראנצויזן. לעבן לייפּציג האָבן זיך די רעשטלעך פון נאפּאָלעאָנס ארמיי צוזא-מענגעטראָפן מיטן קעגנער. די דאָזיקע שלאכט איז אריין אין דער געשיכטע אונטערן נאָמען „שלאכט פון פעלקער" (1813 י.). געדויערט האָט זי 4 טעג און עס האָבן אין איר אָנטיילגענומען 500 טויזנט סאָלדאטן. נאפּאָלעאָנס ארמיי, וועלכע איז געשאפן געוואָרן אין איילעניש, איז צעקלאפּט געוואָרן דורכן מיליטער פון רוסלאנד, פּרייסן, עסטרייך און שוועדן. אינגיכן איז שוין ווינציק געוואָרן צו זאָגן, אז די פראנצויזן טרעטן אָפּ: די פראנצויזן האָבן גענומען מאכן פלייטע. די באשקירישע פּאָלקן, וואָס זיינען געווען אין באשטאנד פון דער רוסישער ארמיי, האָבן נאָכגעפּאָלגט דעם אנטלויפנדיקן סוינע און אים באשאָסן פון פייל-און-בויגנס. לעבן לייפּציג זיינען דערהארגעט געוואָרן 125 טויזנט מאן, צווישן זיי זיינען געווען ניט ווינציקער פון 65 טויזנט פראנצויזן.

פונעם 1813 י. אָן האָט די מילכאָמע מיט נאפּאָלעאָנען אָנגענומען פאר רוס-לאנד דעם כאראקטער פון א דעראָבערונגס־מילכאָמע. אין דער נאכט אפן 1 יאנוואר 1814 י. האָט די פּרייסישע ארמיי אונטער דער אָנפירונג פונעם גענעראל בליוכער פארענדיקט אריבערגיין דעם ריין און זיך ארייַנגעריסן אין פראנקרייך. די עסטרייכישע ארמיי אין דער שפּיץ מיט שווארצענבערגן האָט זיך ארייַנגעריסן אין פראנקרייך דורך דער שווייץ. פוסטראָט האָט נאָכגעפּאָלגט די פראנצויזן די רוסישע ארמיי.

דעם 31 מארט 1814 י. 10 אזייגער אינדערפרי איז די ארמיי פון די פאר־בינדעטע, וואָס האָט זיך געשלאָגן קעגן נאפּאָלעאָנען, אריין אין פאריזש. אריין איז זי אין דער שפּיץ מיט אלעקסאנדער דעם I-טן.

נאָך עטלעכע ניט געלונגענע שלאכטן, בייס די ארמייען פון די פאר-בינדעטע האָבן פארנומען פאריזש, האָט זיך נאפּאָלעאָן אָפּגעזאָגט פונעם טראָן. נאפּאָלעאָנען האָט מען פארשיקט אפן קליינעם אינדזל עלבא, וואָס האלט די גרייס 223 קוואדראט-קילאָמעטער און געפינט זיך צווישן קאָרסיקא און דעם אפּע-נינער האלב־אינדזל. נאפּאָלעאָנען האָט מען געמאכט פארן רעגירער פון עלבא און מע האָט אים אפילע איבערגעלאָזט טויזנט סאָלדאטן.

די רעסטאווראציע פון די בורבאָנען אין פראנקרייך.

מיט דער באוואָפנטער הילף פון די פארבינדעטע האָבן זיך אין פראנקרייך אומגעקערט די בורבאָנען. קיניג איז געוואָרן ליודאָוויק דער XVIII, דער געוועזענער פראָוואנסער גראף, דער ברודער פונעם געקעפּטן קיניג ליודאָוויק דעם XVI-טן[1]. לויט דער פּאָדערונג פון די פאר ינדעטע האָט מען פראנקרייך איבערגעלאָזט

[1] פאר ליודאָוויק דעם XVII-טן האָבן די רבאָנען געהאלטן ליודאָוויק דעם XVI-טנס זון, וואָס איז געשטאָרבן קינדווייז.

לעפּיערעך די טעריטאָריעס, וואָס זי האָט געהאַט ביז דער רעוואָליוציע; די פּריצים און גאַלאָכים האָבן אָרגאַניזירט אַ ווײַסן טעראָר. די אַדל-לײַט און די גאַלאָכים, וואָס האָבן זיך אומגעקערט קיין פראַנקרײַך צוזאַמען מיט די בורבאָנען, האָבן אָנגעהויבן ריידן וועגן דעם, אַז מע זאָל זיי צוריק אָפּגעבן די ערד, וואָס מע האָט געהאַט קאָנפיסקירט בא זיי בייס דער רעוואָליוציע. דאָס האָט ארויסגערופן אַן אומצופרידנקייט בא די ברייטע איינוואוינער — בא די פּויערים און בא דער בורזשואזיע.

דער האַס צו די בורבאָנען איז געווען אזוי גרויס, אַז נאַפּאָלעאָנען האָט זיך אײַנגעגעבן אָפּ אַ שטיקל צייט (אָפּ 100 טעג) ווידעראַמאָל פאַרכאַפּן די מאַכט. ער האָט זיך ארויסגעזעצט אין דאָרעם-פראַנקרײַך און אין אַ פּאָרסירטן מאַרש האָט ער זיך געלאָזן אָפּ פּאַריזש. דאָס מיליטער, וואָס מע האָט קעגן אים ארויס-געשיקט, האָט אָנגעהויבן אריבערגיין אָפּ זײַן זײַט.

אין די דאָזיקע טעג האָט מען צום אָנהייב אזוי געשריבן אין די פּאַריזשער צײַטונגען: „דער קאָרסיקאַנישער מאָנסטער האָט זיך ארויסגעזעצט אין דער בוכטע זשואַן". „דער מענטשנפרעסער קומט אונטער צו גראַס". ווען נאַפּאָלעאָן האָט זיך אָבער שוין געהאַט דערנעענטערט צו פּאַריזש, האָט זיך אויך געביטן דער טאָן פון די צײַטונגען: „באָנאַפּאַרט האָט פאַרנומען ליאָן", — האָבן זיי גע-שריבן, — „נאַפּאָלעאָן דערנעענטערט זיך צו פאָנטענעבלאָ" (אַ שטעטל לעבן פּא-ריזש). ענדלעך האָבן די צײַטונגען מיטגעטיילט: „זײַן קיניגלעכע מאַיעסטעט וועט מאָרגן דערוואַרט אין זײַן טרײַען פּאַריזש".

דעם 19 מאַרט איז ליודאָוויק דער XVIII צוזאַמען מיט דער פאַמיליע אַנטלאָפן אין דער ריכטונג צו דער בעלגישער גרענעץ. אָפּן אַנדערן טאָג, דעם 20 מאַרט 1815 י., איז נאַפּאָלעאָן ארײַנגעטראָטן אין פּאַריזש.

געקומען צו דער מאַכט צום צווייטן מאָל, האָט נאַפּאָלעאָן זיך אײַנגעהאַלטן סאַכאַקל הונדערט טעג. ווידעראַמאָל האָבן די פאַרבינדעטע אַ לאָז געטאָן קעגן אים זייערע אַרמייען. אין דער לעצטער גרויסער שלאַכט בא וואַטערלאָאָ, ניט ווײַט פון בריסעל (דעם 18 יונ 1815 י.), האָט דאָס מיליטער פון די פאַרבינדעטע אונטער דער קאָמאַנדשאַפט פונעם פּרײַסישן גענעראַל בליוכער און דעם ענגלישן גענעראַל וועלינגטאָן ענדגילטיק צעקלאַפּט נאַפּאָלעאָנען.

נאַפּאָלעאָן האָט נאָך געהאַט אַ מעגלעכקייט צו זיגן. מענטשן, וואָס זײַנען געשטאַנען נאָענט צו אים, האָבן אים פאָרגעלייגט וועגדן זיך צו די פּאָלקס-מאַסן, אופהייבן צום קאַמף דאָס פּויערטום, דערבײַ ארויסשטעלן רעוואָליוציאָנערע לאָ-זונגען, יאַקאָבינישע לאָזונגען פונעם 1793 י. נאַפּאָלעאָן האָט זיך אָבער אָפּגע-זאָגט דערפון. אים איז ליבער געווען אײַנגיין אָפּ אַ מאַפּאָלע און אָפּ גענומען ווערן אין געפאַנגענשאַפט, איידער אָפּ אַ פּאָלקס-מילכאָמע. אַלס געפאַנגענעם האָבן אים די ענגלענדער אוועקגעשיקט אָפּן ווײַטן דאָרעמדיקן אינדזל סענט-העלענע. דאָ טאַקע, אָפּן אינדזל, איז נאַפּאָלעאָן אין 1821 י. געשטאָרבן.

אין פראַנקרײַך האָבן זיך ווידעראַמאָל אומגעקערט די בורבאָנען.

אין אייראָפּע האָט זיך אָנגעהויבן דער פּעריאָד פון רעאַקציע.

קאפיטל 5.

# ענגלאנד אינ די יאָרנ 1789—1815. די צעפאלונג פונ דער „הייליקער רוימישער אימפעריע". די בורזשואזע רעפאָרמעס אינ פרײַסנ.

## ענגלאנד אינ די יאָרנ 1789—1815.

פונעמ 1783 י. אָנ האָט אינ ענגלאנד אינ מעשעכ פונ העכער 20 יאָר (ביז זײַנ טויט אינ 1806 י.) קימאט אומופהערלעכ זיכ געפונענ בא דער מאכט דער מיניסטער דער טאָריער פיט (דער ייִנגערער). פיט פלעגט פראָטעזשירנ דעמ האנדל אונ די אינדוסטריע, ער פלעגט מיט שטאָלצ אָפמערקנ „די קעסיידערדיקע אָנזאמלונג פונ קאפיטאלנ אינעמ לאנד". אינ ענגלאנד האָט זיכ שנעל אנטוויקלט די מאשיניזירטע אינדוסטריע. ניט געקוקט אפ דער מילכאָמע, איז דער האנדל פונ ענגלאנד געוואקסנ. ווענ עס האָט זיכ אָנגעהויבנ אינ פראנקרײַכ די רעוואָליוציע, איז פיט געוואָרנ דער אָרגאניזאטאָר אונ אינספיראטאָר פונ קריגס-קאָאליציעס (בונדנ) פונ מעלוכעס קעגנ פראנקרײַכ.

די דעמאָקראטישע קרײַזנ פונ ענגלאנד האָבנ אָבער מיטגעפילט דער פראנצויזישער רעוואָליוציע.

די פאָרגעשריטענע קרײַזנ פונ דער ענגלישער בורזשואזיע האָבנ געפאָדערט, מע זאָל רעפאָרמירנ דאָס פארעלטערטע װאלרעכט; בא דעמ װאלרעכט, װאָס האָט עקזיסטירט, זײַנענ די גאנצע באלעבאטימ פונ דער געמיינדעס-פאלאטע געווענ די גרויסע ערדבאזיצער. די „דעמאָקראטישע געזעלשאפט", װאָס האָט זיכ אָרגאניזירט אינ ענגלאנד נאָכ דער רעוואָליוציע פונ 10 אווגוסט 1792 י., האָט געשיקט דעמ קאָנווענט א באגריסונג. אינ דער באגריסונג איז געשטאנענ: „דער גאנצער אונטערדריקטער טייל פונ דער מענטשהײַט טיילט צוזאמענ מיט אײַכ אײַערע ליידנ אונ לעבט בלויז מיט זיי, פארגעסנדיק אָנ די אייגענע ליידנ". אינעמ זעלבנ 1792 י. האָט זיכ אינ לאָנדאָנ געשאפנ א „קאָרעספאָנדענטישע געזעלשאפט" בעראָש מיטנ געוועזענעמ שוסטער טאָמאס הארדי. אינגיכנ האָט די דאָזיקע געזעלשאפט שוינ געציילט עטלעכע צענדליק טויזנט מיטגלידער; אינ דער געזעלשאפט זײַנענ געווענ א סאכ ארבעטער; זי האָט געהאט פיליאלנ אינ מאנטשעסטער, בירמינגעמ אונ אינ א ריי אנדערע גרויסע אינדוסטריעלע צענטערס.

די „קאָרעספאָנדענטישע געזעלשאפט" האָט אָנגענומענ די לאָזונגענ פונ דער „דעקלאראציע פונ די רעכט פונ דעמ מענטשנ אונ בירגער" פונ 1789 י. אונ האָט געפאָדערט, אז מע זאָל אײַנפירנ אינ ענגלאנד אלגעמיינע װאלרעכט. די געזעלשאפט האָט אנטוויקלט א ברייטע אגיטאציע צווישנ דער קליינ-בורזשואזיע, צווישנ די ארבעטער, סאָלדאטנ, צווישנ דער מיליציע, צווישנ די מיליטערישע מאטראָסנ. הארדי פלעגט ארויסטרעטנ מיט פראָטעסטנ קעגנ דער מילכאָמע, װאָס מע האָט געפירט קעגנ דעמ רעוואָליוציאָנערנ פראנקרײַכ. דער צוזאמענפאָר פונ דער „קאָרעספאָנדענטישער געזעלשאפט", װאָס איז פאָרגעקומענ אינ 1793 י., האָט באגריסט דעמ יאקאָבינישנ קאָנווענט. דאנ האָט פיט דעמ ייִנגערנס רעגירונג אָנגעווענדט קעגנ דער געזעלשאפט א ריי רעפרעסיעס. הארדינ האָט מענ ארעסטירט אונ מע האָט אימ איבערגעגעבנ צומ געריכט. די געזעלשאפט האָט קימאט

אופגעהערט צו זײַנ טעטיק און צום סאָפ פונ די נײַנציקער יאָרנ האָט זי אינגאנצנ אופגעהערט צו עקזיסטירנ.

אינ 1795 י. האָט זיכ אינ ענגלאנד אָנגעהויבנ א הונגער. דער הונגער איז אויסגעבראָכנ מאכמעס דער מילכאָמע קעגנ פראנקרײַכ און די שוועריקײַטנ באמ טראנספּאָרטירנ פּראָדוקטנ. אינ א רײַ ערטער האָבנ זיכ אָנגעהויבנ הונגער-אומרוענ. פּיט האָט צעטיילט ענגלאנד אפ עטלעכע מיליטער-קרײַזנ. אינ יעדנ מיליטער-קרײַז האָט ער אוועקגעשטעלט א גענעראל-גובערנאטאָר, וואָס האָט אָנגעפירט דאָרטנ מיט דער מיליטער-מאכט און מיט דער ציווילער אדמיניסטראציע. די גענעראל-גובערנאטאָרנ האָט פּיט באפוילנ צו דערשטיקנ אומראכמאָנעסדיק די פּאָלקס-באוועגונגענ.



פּיט דער יינגערער — פונ א גראווויור פונ בארטאָלאָצי, לויט גענסבאָראָס פּאָרטרעט.

אינ 1797 י. האָבנ צוויי עסקאדרעס — אינ פּאָרטסמוט און אינעם צאָפנ-פלאָט — אופגעהויבנ אנ אופשטאנד. אינ פּאָרטסמוט האָבנ די מאטראָסנ ארויסגעשטעלט עקאָנאָמישע פּאָדערונגענ און האָבנ פּראָטעסטירט קעגנ דער אומענטשלעכער באציִונג. אפ אלע שיפנ האָט מענ אופגעהויבנ רויטע פלאגנ, און קעדיי אָנצושרעקנ די אָפיצערנ, האָט מענ געמאכט שלייפנ פונ שטריק און זיי ארויסגעהאנגענ אפ די זעגל-שטאנגענ. די פּאָדערונגענ פונ די מאטראָסנ האָט מענ באטראכט אינ דער אָנוועזנהײַט פונעם קיניג. דער קיניג האָט צוגעזאָגט די פּאָדערונגענ צו באפרידיקנ, און די מאטראָסנ האָבנ דעמ אופשטאנד אָפּגעשטעלט. דאנ האָט מענ די אָנטיילנעמער פונעם אופשטאנד ארעסטירט.

אינעם צאָפנ-פלאָט אינ יארמוט און אפ מײַרעוו — אינ פּלימוט האָט זיכ דער אופשטאנד אָנגעהויבנ נאָכ דעמ, ווי עס זײַנענ אהער אראָפּגעקומענ דעלעגאטנ פונעם רעוואָליוציאָנערנ פלאָט פונ פּאָרטסמוט. די עסקאדרעס זײַנענ ארויס אינ יאמ און האָבנ זיכ בא דער לעפצונג פונ דער טעמזע פאראייניקט. אָנגעפירט מיטנ אופשטאנד האָט דער „רויטער אדמיראל" — דער מאטראָס ריטשארד פּארקער.

די רעגירונג האָט פארנומענ ביידע ברעגנ טעמזע מיט מיליטער און האָט אויסגעלאָשנ די לײַכט-טורעמס. די אופשטענדלער האָבנ ניט געהאט קיינ פּאָליטישע אָנפירערשאפט, און אונטערנ אײַנפלוס פונ דער אגיטאציע, וואָס עס האָבנ געפירט די אגענטנ פונ דער טאָרישער רעגירונג, האָט זיכ צווישנ די אופשטענדלער אָנגעהויבנ א פאנאנדערלייגונג. א טייל שיפנ האָט זיכ אונטערגעגעבנ דעמ קיניג. די איבעריקע האָט מענ אנטוואָפנט; ריטשארד פּארקערנ און אנדערע אָנפירער פונעם אופשטאנד האָט מענ געקעפט, העכער דרײַ הונדערט מאטראָסנ האָט מענ אײַנגעזעצט אינ טפיסע.

אינ א יאָר אַרום, אינ 1798 י., האָט זיכ אָנגעהויבנ אנ אלגעמיינער אופ־שטאנד אינ אירלאנד. דעם דאָזיקנ אופשטאנד האָט מענ דערשטיקט אפנ אכזאָריעסדיקסטנ אויפנ. די אירלענדישע פויערים האָט מענ געהאנגענ אפ די ביימער, די פויערשע הייַזער האָט מענ געלאָזנ מיטנ פייַער. נאָכדעם האָט מענ אָפּגעשאפנ דעם אירלענדישנ פארלאמענט, די אירלענדער האָבנ איצט שוינ געדארפט שיקנ זייערע דעפּוטאטנ קיינ לאָנדאָנ, אינעם ענגלישנ פארלאמענט.

צו די דאָזיקע מאסנ־באוועגונגענ דארפ מענ צוגעבנ די אופשטאנדנ פונ די ארבעטער, וואָס פלעגנ צעברעכנ די מאשינעס. בייס עס זייַנענ אופגעקומענ די ערשטע פאבריקנ, האָבנ די האנטווערקער אונ די ארבעטער געקלערט, אז אינ זייערע פּלאָגנ זייַנענ שולדיק ניט די באלעבאטימ די קאפּיטאליסטנ, נאָר די מאשינעס גופע. די מאשינעס, האָבנ זיי געמיינט, זייַנענ עס שולדיק אינ דעם, וואָס זיי ווערנ רויִנירט אונ וואָס זיי ווערנ אפ דער פאבריק אזוי שווער עקספּלואַטירט. די ארבעטער האָבנ געבראָכנ, געמאכט טיל־טעל פונ די ווערקשטעלנ. די דאָזיקע באוועגונג האָט זיכ אָנגעהויבנ אינ די זעכציקער יאָרנ פונעמ XVIII יה. באזונדערס שטארקע אויסברוכנ זייַנענ פאָרגעקומענ שפּעטער, אינ די יאָרנ 1811—1812, אינ נאָטינגעמ, ווו די ארבעטער פלעגנ זיכ אָנרופנ לודיטנ, נאָכנ נאָמענ נאָכ פונ זייער פירער, וועלכנ מע האָט גערופנ גענעראל נעד לוד (ביז הייַנטיקנ טאָג איז ניט פעסטגעשטעלט, צי לוד האָט ווירקלעכ טאקע געלעבט).

די רעגירונג פלעגט באשטראָפנ די לודיטנ מיט טויט־שטראָפ. אינ 1799 י. האָט מענ אינ ענגלאנד פארבאָטנ די ארבעטער־פאראייניקונגענ.

סאָפ XVIII אונ אָנהייב XIX יה. זייַנענ אינ ענגלאנד פאָרגעקומענ מאסנ־באוועגונגענ פונ די אונטערדריקטע קלאסנ. דאָרטנ איז געווענ גענוג אופרייַס־שטאָפ פאר א רעוואָליוציע. קיינ רעוואָליוציע איז אָבער אינ ענגלאנד ניט פאָרגעקומענ. מיט וואָס איז דאָס צו דערקלערנ? ערשטנס, דערמיט, וואָס אינ ענגלאנד איז אינעמ XVII יה. שוינ פאָרגעקומענ א בורזשואזע רעוואָליוציע, וועלכע האָט אינ גרונט פארניכטעט די שטערונגענ, וואָס האָבנ טאָרמאָזירט די אנטוויקלונג פונעמ קאפּיטאליזמ, האָט פארפעסטיקט די מאכט פונעמ פארלאמענט אונ האָט געזיכערט גינסטיקע באדינגונגענ פארנ האנדל אונ פאר דער אינדוסטריע.

צווייטנס, האָבנ אינ ענגלאנד די הערשנדיקע קלאסנ פעסט געהאלטנ די מאכט אינ זייערע הענט. דאָרטנ האָט זיכ אויסגעבילדעט א פעסטער בונד פונ דער בורזשואזיע מיט די ערדבאזיצער, די מערהייַט ערדבאזיצער אינ ענגלאנד האָבנ אָנגעווענדט בא זיכ לוינ־ארבעט אונ זייַנענ אויכ געווענ קאפּיטאליסטנ.

דריטנס, איז אינ רעזולטאט פונ די „ארומצאמונגענ" קימאט אינגאנצנ פארניכטעט געוואָרנ דאָס ענגלישע זעלבשטענדיקע פויערטומ, אונ דאָס פויערטומ האָט ניט געקאָנט זייַנ קיינ קעמפערישע קראפט פונ דער רעוואָליוציע. דער ארבעטער־קלאס ווידער האָט דאנ ערשט געהאלטנ באמ אויסבילדנ זיכ, ער איז נאָכ געווענ שוואכ, פּאָליטיש ניט רייַפ אונ ער האָט ניט געכונענ קיינ ריכטיקע וועגנ כונ קאמפ. דעריבער זייַנענ די אונטערדריקטע קלאסנ נאָכ ניט געווענ אימשטאנד אראָפּצוּווארפנ די ערדבאזיצער אונ די בורזשואזיע.

## די צעפאלונג פונ דער „הייליקער רוימישער אימפּעריע". די בורזשואזע רעפאָרמעס אינ פרייַסנ.

די יעדיִע וועגנ דעמ, אז אינ פראנקרייַכ האָט זיכ אָנגעהויבנ א רעוואָליוציע, האָט די פאָרגעשריטענע אינטעליגענצ פונ דייַטשלאנד אופגענומענ מיט ענטוזיִאזמ. „די איצטיקע געשעענישנ אינ פראנקרייַכ, — האָט געשריבנ דער דייַטשי-

שער היסטאָריקער שלעצער, — זײַנען אַ גוטע לעקציע פאַר די אונטערדריקער פון דער מענטשהײַט פון אַלע לענדער און שטאַנדן". עס האָבן זיך אָנגעהויבן פּוי־ערשע באַוועגונגען. אין פּפאַלץ האָבן זיך די פּויערים אָפּגעזאָגט פון פּאַנשטשינע, און זאַקסן האָבן זיי מיט שטעקנס אַרויסגעטריבן די רעגירונגס־באַאַמטע, וואָס האָבן געזאַמלט די שטײַערן.

אין 1792 י., ווען די אַרמייען פון דעם רעוואָליוציאָנערן פראַנקרײַך האָבן גע־צוווּנגען דאָס פּרײַסישע מיליטער מאַכן פּלייטע און האָבן פאַרנומען דעם לינקן ברעג ריין, איז דער צענטער פון דער דעמאָקראַטישער באַוועגונג אין דעם ריינ־געביט געוואָרן מײַנץ. דאָרטן איז צונויפגערופן געוואָרן די ריינישׁ־דײַטשישע נאַציאָנאַלע פאַרזאַמלונג. פאָרזיצער פון דער דאָזיקער פאַרזאַמלונג איז געווען גע־אָרג פאָרסטער, אַן אָנהענגער פ. נ. די יאַקאָבינער. צענדליקער וועלטלעכע און גײַסטלעכע פירשטן פון מײַנץ און פון אַנדערע ערטער אויפן ריין האָט מען פאַר־טריבן. די פּריצים און צוזאַמען מיט זיי אויך די גאַלאָכים זײַנען אַנטלאָפן. זו־מער 1793 י. זײַנען די פראַנצויזן אָפּגעטראָטן, און דאָס פּרײַסישע מיליטער האָט פאַרנומען מײַנץ. דאַן איז אויפגעשטעלט געוואָרן די מאַכט פון די גוטבאַזיצער.

פונעם 1803 י. האָט נאַפּאָלעאָן, וואָס האָט זיך געהאַט באַפעסטיקט אויפן ריין, פאַרניכטעט 112 קליינע דײַטשישע מלוכות און האָט זיי פאַראייניקט צו די גרעסערע מלוכות.

נאָך דעם, ווי עס האָט זיך אויסגעבילדעט דער ריינישער פאַרבאַנד (1806) אונטער נאַפּאָלעאָנס פּראָטעקטאָראַט, איז זיך „די הייליקע רוימישע אימפּעריע" צעפאַלן; דאַן טאַקע האָט זיך אויסגעטיילט פון איר די עסטרײַכישע אימפּעריע. די אויסבילדונג פונעם ריינישן פאַרבאַנד איז געווען אַ גרויסער קלאַפּ פאַר פּרײַסן; דאָס איז אויך געווען איינע פון די הויפּט־סיבעס, פאַרוואָס פּרײַסן איז אַרײַנגעטראָטן אין דער מלחמה, אין וועלכער זי האָט ניט אָנטייל גענומען פו־נעם 1795 י. (זינט דעם באַזעלער שאָלעם) ביזן יאָר 1806.

דער פאַקט, וואָס מע האָט פּרײַסן צעגראַמירט, האָט מיטגעווירקט דערצו, אַז אינעם לאַנד זאָל פאָרקומען אַן אופשטײַג פון דער נאַציאָנאַל־בורזשואַזער באַוועגונג און אַז מע זאָל אָנהייבן דורכפירן בורזשואַזע רעפאָרמעס; די דאָזיקע רעפאָרמעס האָבן די פּריצים דורכגעפירט פאַכדאַניש, ניט אַנטשלאָסן.

אין 1807 י. האָט דער מיניסטער שטיין געמאָלדן, אַז די לײַבייגנשאַפט אַלס פאַרשקלאַפונג פון דעם פּויער גופא ווערט אָפּגעשאַפן. אָבער די פריִערדיקע פליכטן זייערע האָבן די פּויערים נאָך געמוזט טראָגן, ביז מע וועט ניט לייזן די פּראַגע וועגן אויסקויף.

שטיין האָט צונויפגעשטעלט אַ פּראָיעקט פון אַ קאָנסטיטוציע. לויט דער דאָ־זיקער קאָנסטיטוציע האָט מען געזאָלט שאַפן באַם קיניג אַ באַראַטונגס־פאַרזאַמ־לונג. שטיין איז באַשטאַנען אויף די רעפאָרמעס, קעדיי צו אָנהייבן אַ דערפאָלג־רײַכן קאַמף קעגן נאַפּאָלעאָנען. איינעם אַ בריוו, אין וועלכן שטיין האָט זיך אָפּגערופן מיט באַגײַסטערונג וועגן דעם קאַמף פון די שפּאַניער קעגן נאַפּאָלע־אָנען, האָבן איבערגעכאַפּט נאַפּאָלעאָנס שפּיאָנען. לויט נאַפּאָלעאָנס פאָדערונג איז שטיין באַפרײַט געוואָרן אין דעמיסיע.

אין 1811 י. איז אין פּרײַסן אַרויס אַן „עדיקט (באַפעל) וועגן אײַנרעגולי־רונג"; דער דאָזיקער „עדיקט" האָט פעסטגעשטעלט די באַדינגונגען, אויף וועלכע

די פויערים קאָנען אויסקויפן די ערד: דער פויער האָט געקאָנט אויסקויפן די ערד בלויז דאַן, ווען ער האָט געהאַט די האַסקאָמע פונעם גוטבאַזיצער, און שוין האָבנדיק די האַסקאָמע, האָט דער פויער געמוזט אָפּגעבן דעם גוטבאַזיצער פון א דריטלכיילעך ביז א העלפט פון זיין ערד.

צוגלייך מיט דער אַגראַר־רעפאָרם האָט א גרויסע באַדייטונג געהאַט די רע־פאָרם פון דער אַרמיי. נאָך דעם, ווי מע האָט צעקלאַפּט דאָס פּרייסישע מילי־טער לעבן יענע, איז בא פּרייסן אָפּגענומענע געוואָרן דאָס רעכט צו האָבן אַן אַרמיי מער פון 40 טויזנט מאַן. דעריבער האָט דער קריגס־מיניסטער שאַרנהאָרסט פאָרגעלייגט רופן די יוגנטלעכע צו מיליטער־דינסט אף קורצע טערמינען, אפּגיך אויסלערנען זיי דאָס קריגס־וועזן און אָפּלאָזן אַהיים. אף אזא אופן איז צוגלייך מיט דער קאַדרעווער אַרמיי געשאַפן געוואָרן דער לאַנדווער, וואָס מע האָט אין מילכאָמע־צייט געקאָנט רופן צו ווירקלעכער מיליטער־דינסט.

אַדאַנק דער דאָזיקער רעפאָרם איז פּרייסן לייכטער געווען צו פירן דעם קאַמף קעגן נאַפּאָלעאָנען אין 1813 י., יענעם קאַמף, וואָס האָט זיך אָנגעהויבן אינעם פעריאָד פונעם נאַציאָנאַלן אופשטייג אין דייטשלאַנד.

נאָכן זיג איבער נאַפּאָלעאָנען האָבן אָבער די פּרייסישע גוטבאַזיצער אַרויס־געגעבן אין 1816 י. א געזעץ, וואָס האָט נאָך מער פאַרערגערט די באַדינגונגען, בא וועלכע די פויערים האָבן געקאָנט אויסקויפן די ערד און די פליכטן. די פויערים־רעפאָרם האָט זיך אין פּרייסן און אין די אַנדערע דייטשישע מעלו־כעס פאַרצויגן אף צענדליקער יאָרן, איז דורכגעפירט געוואָרן אין די אינ־טערעסן פון די גוטבאַזיצער און האָט געבראַכט די דערשלאָגענע און רעכטלאָזע פויערשע מאַסן צו אויסערסט פיינלעכער און דויערנדיקער רויִנירונג.

---

צווייטער אָפּטייל.

# פונעם ווינער קאָנגרעס ביז דער רעוואָליוציע פון 1848 י. (אײַנגעשלאָסן).

קאַפּיטל 6.

## דער ווינער קאָנגרעס. דער „הייליקער בונד".

דער ווינער קאָנגרעס.

נאָך דעם, ווי מע האָט אראָפּגעוואָרפן נאַפּאָלעאָנען, זײַנען זיך די אייראָפּייִשע קייסאָרים און מיניסטאָרן צונויפגעפאָרן אין 1814 י. קיין ווין.

אפן קאָנגרעס האָט מען אײַנגעלאַדן פאָרשטייער פון אלע אייראָפּייִשע מעלוכעס. פאר די קייסאָרים און די געזאנדטע, וואָס זײַנען זיך צונויפגעפאָרן קיין ווין, האָט מען טאָגטעגלעך געמאכט בעלער, געוויזן ספּעקטאקלען, אָרגאניזירט ארויספאָרן אפן יאגד, שפּאצירן. דער קאָנגרעס האָט זיך אָבער אפילע קיין איין מאָל ניט צונויפגעקליבן. אלע איניאָנים האָט געלייזט דער „קאָמיטעט פון פיר", אין וועלכן עס זײַנען ארײַן די פאָרשטייער פון די לענדער די זיגער — ענגלאנד, רוסלאנד, עסטרײַך און פרײַסן.

די זיצונגען פונעם „קאָמיטעט פון פיר" זײַנען צײַטווײַליק איבערגעריסן געוואָרן מאכמעס נאַפּאָלעאָנס צוריק-קער; אָבער ניט לאנג פאר דער שלאכט לעבן וואטערלאָאָ (אין יוני 1815 י.) איז פארעפנטלעכט געוואָרן דער „שלום-אקט". אין רעזולטאט פונעם ווינער קאָנגרעס איז פראנקרײַך אומגעקערט געוואָרן צו די גרעניצן פונעם 1792 י., דה. צו די גרענעצן, וואָס זײַנען געוועזן ביזן אָנהייב פון די רעוואָליוציאָנערע און דעראָבערישע מילכאָמעס. אף פראנקרײַך האָט מען ארויפגעלייגט א קאָנטריבוציע פון 700 מלנ. פראנק.

53 פראנצויזישע יאבאָשע- און יאם-פעסטונגען זײַנען אין מעשעך פון דרײַ יאָר געוועזן פארנומענע מיטן מיליטער פון די פארבינדעטע, וואָס איז באשטאנען פון 150 טויזנט מאנ. דערבײַ האָט פראנקרײַך געמוזט אָפּגעבן די פארבינדעטע דעם קריגס-פלאָט. אלס פראנצויזישער קיניג איז אָנערקענט געוואָרן ליודאָוויק דער XVIII.

די לענדער די זיגער האָבן באַקומען נײַע געביטן: רוסלאַנד האָט באַקומען א גרויסן טייל פונעם „גרויסן וואַרשעווער הערצאָגטום“ (דאָס אַזויגערופֿענע „פּוילישע קיניגרײַך“); פאַר רוסלאַנד איז אָנערקענט געוואָרן דאָס רעכט אויף פֿינלאַנד און בעסאַראַביע.

ענגלאַנד האָט באַקומען א וויכטיקן סטראַטעגישן פּונקט אויפֿן מיטללענדישן ים — דעם אינדזל מאַלטא און די געוועזענע האָלענדישע קאָלאָניעס, דעם אינדזל ציילאָן לעבן אינדיע, דאָס קאַפּ-לאַנד אין דאָרעם-אַפֿריקע.

אָבער דער גרעסטער דערפֿאָלג פאַר ענגלאַנד איז געווען דאָס, וואָס זײַן אַלטער פֿײַנט — פֿראַנקרײַך — איז געוואָרן אָפּגעשוואַכט.

פּרײַסן האָט באַקומען צוויי פֿינפֿטל פון זאַקסן, וועסטפֿאַליע און די ריינישע פּראָווינצן. אַזוי אַרום האָט זיך די פּרײַסישע טעריטאָריע באַדײַטנדיק פאַרברייטערט.

עסטרײַך האָט זיך אויך פאַרשטאַרקט: עס האָט באַקומען לאָמבאַרדיע און ווענעציע.

כאָטש די צוויי גרעסטע דײַטשישע מעלוכעס — עסטרײַך און פּרײַסן — האָבן זיך פאַרשטאַרקט, איז פונדעסטוועגן גאַנץ דײַטשלאַנד געבליבן א צעשפּליטערט, שוואַך, אָפּגעשטאַנען לאַנד. אָנשטאָט דער געוועזענער „הייליקער רוימישער אימפּעריע“, וועלכע נאַפּאָלעאָן האָט פאַרניכטעט, איז אָרגאַניזירט געוואָרן א דײַטשישער פאַרבאַנד פון 34 מאָנאַרכיעס און 4 פרײַע (זעלבשטענדיקע) שטעט (פֿראַנקפורט אַם מײַן, ליבעק, האַמבורג און ברעמען). אויף צו לייזן אַלגעמיינע פֿראַגן איז געגרינדעט געוואָרן א „פאַרבאַנדישער סיים“, וואָס פֿלעגט זיך צונויפֿזאַמלען אין פֿראַנקפורט אַם מײַן; פּאָרזיצער פון סיים איז געווען דער עסטרײַכישער



ווינער קאָנגרעס — פון א בילד פון זש.-ב. איזאַביי.



מעטערניך.

פֿאָרשטייער. דער מאכטלאָזער פאַר־באנדישער סיים, וואָס האָט ניט פארמאָגט ניט קיין געלט, ניט קיין ארמיי, האָט גאָר אינגיכן אָנגעהויבן ארויסרופן כויזעק אין גאנץ איי־ראָפּע.

איטאליע, וואָס איז בא נא־פּאָלעאָנען פּאקטיש געווען פּא־רייניקט אונטער דער פראנצויזישער הערשאפט, איז איצט ווידעראַמאָל צעשפּליטערט געוואָרן. אין צאָפן־איטאליע, אויסער פּיעמאָנט, האָבן געבאלעבאטעוועט די עסטרײַכער; דער רוימישער פּויפּסט און דער נעאפּאָליטאנישער קיניג האָבן זיך אופגעהאלטן בא דער מאכט דורך דער הילף פונעם געדונגענעם שווייצער מיליטער.

די אינדוסטריעלע בעלגיע האָט מען מיט געוואלט פאַרייניקט צו האָלאנד. עס האָט זיך אויסגעבילדעט דאָס נידערלענדישע קיניגרײַך. אין פאל פון א נײַער רעוואָליוציע אין פראנקרײַך האָט דאָס נידערלענדישע קיניגרײַך געזאָלט זײַן יענע שוצבערעט, וואָס וועט ניט צולאָזן די רעוואָליוציע צום צאָפן־טייל פונעם איירא־פּײַישן קאָנטינענט.

די צעשפּליטערטע שווייץ, וואָס מע האָט באפרײַט פונעם פראנצויזישן מילי־טער, איז ווידער געוואָרן זעלבשטענדיק.

ענדערונגען זײַנען אויך פאָרגעקומען אין די סקאנדינאווישע לענדער. דענע־מארק, וואָס האָט געקעמפט אף נאפּאָלעאָנס צאד, איז באשטראָפט געוואָרן: מע האָט בא דעם אָפּגענומען נאָרוועגיע. נאָרוועגיע ווידער האָט מען פאַרייניקט צו שוועדן; דאָס האָט מען באלוינט שוועדן דערפאר, ווײַל פונעם 1812 י. אָן איז עס צוגעשטאנען צו פראנקרײַכס סאָנים.

דעם צײַט־פּעריאָד נאָכן ווינער קאָנגרעס האָט מען אָנגערופן פּעריאָד פון רעסטאווראציע. ווירקלעך, דער ווינער קאָנגרעס האָט זיך באמיט אופצושטעלן אַ־מעטום, ווו ס׳איז נאָר געווען מעגלעך, די דינאסטיעס און די רעגירונגען, וואָס זײַנען געווען ביז דער רעוואָליוציע. אזוי, צום בײַשפּיל, האָט דער קאָנגרעס אופגעשטעלט (רעסטאוורירט) די דינאסטיע פון די בורבאָנען נים בלויז אין פראנק־רײַך, נאָר אויך אין שפּאניע און אינעם נעאפּאָליטאנישן קיניגרײַך. אינעם רוי־מישן געביט האָט ער אופגעשטעלט די מאכט פונעם פּויפּסט.

דער „הייליקער בונד".

אין 1815 י. האָבן די מאָנארכן געשלאָסן א „הייליקן בונד", א בונד פון די קייסאָרים קעגן די פעלקער. דער „בונד" איז געשלאָסן געוואָרן לויטן פאָרשלאָג פון אלעקסאנדער דעם I-טן קעדיי צו קעמפן קעגן דער רעוואָליוציע.

די מאָנארכן האָבן זיך פארפּליכטעט צו העלפן איינער דעם אנדערן און

„לעשעם דער רעליגיע" דערשטיקן מיט געמיינזאמע קרעפטן די רעוואָלוציע, ווו נאָר זי וועט זיך אָנהייבן. דעם אַקט וועגן שליסן דעם „הייליקן בונד" האָבן אונטערגעשריבן די פּאַרשטייער פון רוסלאַנד, עסטרייך און פּרייסן. שפּעטער זיי-נען צום „הייליקן בונד" צוגעשטאַנען די מאָנאַרכן פון אַלע אייראָפּעיִשע מעלו-כעס, אויסער ענגלאַנד — דער ענגלישער פּאַרלאַמענט איז געווען קעגן אָנטיילנע-מען אינעם „הייליקן בונד", אויסער דעם טערקישן סולטאַן, אַלס ניט קיין קריסט, און אויסער דעם רוימישן פּויפּסט; דער רוימישער פּויפּסט האָט געמאָלדן, אַז ער האָט ניט וואָס אָנצושליסן זיך פאָרמעל צום „הייליקן בונד", ווייל ער האָט פּאַקטיש שטענדיק זיך געהאַלטן בא די פּרינציפּן פונעם „הייליקן בונד".

אַן אַנטשיידנדיקע ראָליע האָט אינעם „הייליקן בונד" געשפּילט די צאַרישע רעגירונג. דער „הייליקער בונד" איז געווען בלויז „אַ מאַסקע פון דער העגע-מאָניע פונעם צאַר איבער אַלע רעגירונגען פון אייראָפּע" [1].

פּראַקטיש האָט מיט דער פּאָליטיק פונעם „הייליקן בונד" אָנגעפירט דער עסטרייכישער אויסערן-מיניסטער, פירשט מעטערניך. בלויז עפּשער איין טאַלייראַנ איז געווען אַזאַ מייסטער צו פירן אינטריגעס, איז געווען אַזאַ שווינדלער און פאַלשער מענטש, ווי מעטערניך. מעטערניכס פּאַרעפנטלעכטע בריוו ווייזן, ווי אומגע-הייער ער האָט געהאַלטן פון זיך: „די וועלט, — האָט ער געשריבן, — מיט איר שווערקייט ליגט אָפּ מיינע פּלייצעס".

מעטערניך איז ניט בלויז געווען דער טאָנגעבער פון דער רעאַקציע און פון אונטערדריקן די נאַציאָנאַליטעטן אין דער עסטרייכישער אימפּעריע, דערין אויך אין די איטאַליענישע געביטן פון דער אימפּעריע; ער האָט כוץ דעם געהאַט אין אַלע אייראָפּעיִשע מעלוכעס אַ מאַסע שפּיאָנען און איז געווען דער איניציאַטאָר פון אַ ריי אַקציעס פונעם „הייליקן בונד" קעגן די רעוואָלוציאָנערע באַוועגונגען.

די גרעסטע אַקציעס פונעם „הייליקן בונד" זיינען געווען — דאָס דערשטיקן די רעוואָלוציעס אין שפּאַניע און אין איטאַליע.

די רעוואָלוציע פון 1820 — 1823 יי. אין שפּאַניע.

נאָך אין 1814 י. האָט נאַפּאָלעאָן דער I דערלויבט פּער-דינאַנדן דעם VII-טן (פון דער בורבאָנישער דינאַסטיע) אומצוקערן זיך קיין שפּאַניע. פּערדינאַנד דער VII האָט אופגעשטעלט די פּריווילעגיעס פון די אדל-לייט און פון די גייסטלעכע, האָט צוריק געעפנט די מאָנאַסטירן, וואָס מע האָט געהאַט פאַרמאַכט בייס דער רעוואָלוציע, און האָט אופגעשטעלט דעם קירכלעכן געריכט — די אינק-וויזיציע.

אין שפּאַניע גופא איז די רעוואָלוציאָנערע באַוועגונג דערשטיקט געוואָרן, עס איז זיך אָבער ווייטער אָנגעגאַנגען דער קאַמף פאַר אומאָפּהענגיקייט פון די שפּאַנישע קאָלאָניעס אין צענטראַל-אַמעריקע און אין דאָרעם-אַמעריקע; דער דאָ-זיקער קאַמף האָט זיך נאָך געהאַט אָנגעהויבן אין 1810 י.

די שפּאַנישע רעגירונג האָט ניט איין מאָל געשיקט מיליטער קיין אַרגענ-טינע, קאָלומביע און אין די אַנדערע קאָלאָניעס, וואָס האָבן זיך געהאַט אָפּגע-טיילט; איר האָט זיך אָבער ניט איינגעגעבן די קאָלאָניעס צו אונטערטעניקן.

---

[1] מאַרקס און ענגעלס, ווערק, ב. XV, ז. 543.

אין 1820 י. זײַנען לעבן קאַדיקס צונויפגעזאַמלט געוואָרן עטלעכע שפּאַנישע
פּאָלקן, וועלכע מע האָט געדאַרפט אַוועקשיקן קיין אַמעריקע. זיי האָבן געמאַכט
אַן אויפשטאַנד. בעראָש פון איינעם פון די אויפגעשטאַנענע פּאָלקן איז געשטאַנען
דער פּאָלקאָווניק ריִעגאָ.

די אויפשטענדלער האָבן געפאָדערט, מע זאָל פאַרניכטן די אינקוויזיציע, וועלכע
האָט אונטערדריקט דאָס שפּאַנישע פּאָלק; זיי האָבן געפאָדערט, אַז מע זאָל באַ-
שטײַערן די אַדל-לײַט און די גײַסטלעכע, פאַרמאַכן די מאָנאַסטירן, קאָנפיסקירן
בײַ די אַדל-לײַט זייערע קאָלאָסאַלע ערד־גיטער און אויפשטעלן די קאָנסטיטוציע
פונעם 1812 י. די דאָזיקע פאָדערונגען האָט ריִעגאָ פאַרעפנטלעכט אין אַ קירך
לעבן קאַדיקס.

צוערשט האָט זיך געדוכט, אַז דער אויפשטאַנד, וועלכן ריִעגאָ האָט אָנגע-
הויבן, וועט זיך ענדיקן מיט אַ דורכפאַל. די נאָענטסטע ראַיאָנען האָבן דעם אויפ-
שטאַנד ניט געשטיצט. פּלוצעם אָבער האָט דער אויפשטאַנד געפונען אַן אָפּקלאַנג
גאָר אין אַן אַנדערן ווינקל אין שפּאַניע, אינעם צאָפן-מײַרעוודיקן פּאָרט קאָרו-
ניע. די מיליטער-טיילן האָבן דאָרט געמאַכט אַן אויפשטאַנד. די באַוועגונג האָט
זיך איבערגעוואָרפן אין פיל פּראָווינצן און אין מאַדריד גופא. דאַן האָט פערדי-
נאַנד דער VII צונויפגערופן די קאָרטעסן, געבראַכט אַ שוווּע דער קאָנסטיטוציע פו-
נעם 1812 י. און האָט אָפּגעשאַפן די אינקוויזיציע.

איבער די שפּאַנישע שטעט האָט מען פײַערלעך אַרומגעטראָגן דעם טעקסט
פון דער קאָנסטיטוציע און אים געקושט. צו דער אָנפירונג מיטן לאַנד האָט מען
גערופן די ליבעראַלן, וועלכע האָבן זיך צעטײלט אויף צוויי פּאַרטייען: די פּאַרטיי
פון די מעסיקע — מ אָ ד ע ר א ד אָ ס און די פּאַרטיי פון די עקסטרעמע, אָדער באַ-
גײַסטערטע — ע ק ז א ל ט א ד אָ ס.

לויט אַלעקסאַנדער דעם I-טנס פאָרשלאָג האָט מען אין 1823 י. געשיקט קיין שפּאַניע
אַ הונדערט-טויזנטדיקע פראַנצויזישע אַרמיי, זי זאָל דערשטיקן די בורזשואַזע רע-
וואָליוציע. מיט דער הילף פון דער קאָנטררעוואָליוציאָנערער „גלויבונגס-אַרמיי",
וועלכע עס האָט אָרגאַניזירט דער שפּאַנישער קלער, האָט די צוגעשיקטע פראַנ-
צויזישע אַרמיי זיך צערעכנט מיט די רעוואָליוציאָנערן און האָט אויפגעשטעלט די
זעלבסטהערשונג פון פערדינאַנד דעם VII-טן.

דאָך האָט זיך די שפּאַנישע קאָלאָניעס אײַנגעגעבן דורך דער מילכאָמע מיט
שפּאַניע צו אײַנהיטן זייער אומאָפּהענגיקייט. דעריין האָט זיי מיטגעהאָלפן ענג-
לאַנד, וואָס האָט באַטראַכט די געוועזענע שפּאַנישע קאָלאָניעס אַלס אַ וויכטיקן
מאַרק פאַרן ענגלישן האַנדל. ענגלאַנד האָט אָנערקענט די געוועזענע שפּאַנישע
קאָלאָניעס אַלס זעלבשטענדיקע מעלוכעס. אין 1822 י. האָט דער ענגלישער מי-
ניסטער קאַנינג אַפילע געדראָעט פראַנקרײַך מיט אַ מילכאָמע, אויב נאָר פראַנקרײַך
וועט געבן מיליטערישע הילף שפּאַניע צו קעמפן קעגן די אויפגעשטאַנענע קאָלאָ-
ניעס. פון די דאָזיקע געוועזענע קאָלאָניעס אין דאָרעם-אַמעריקע און צענטראַל-
אַמעריקע האָבן זיך אויסגעבילדעט נײַע מעלוכעס: די פאַרייניקטע פּראָווינצן
פון לאַ-פּלאַטאַ (שפּעטער—אַרגענטינע, בוענאָס-אײַרעס א. אַנד.), פּערו, טשילי, קאָ-
לומביע א. אַנד. די פּאָרטוגעזישע קאָלאָניע בראַזיליע האָט נאָכגעטאָן די שפּאַנישע קאָ-
לאָניעס. זי איז געוואָרן אַ זעלבשטענדיקע קאָנסטיטוציאָנעלע מאָנאַרכיע, און
פונעם 1889 י. — אַ רעפּובליק.

די רעוואָליוציע פון 1820—1821 יי. אין נעאפּאָל און פּיעמאָנט.

די אנדערע רעוואָליוציע, וואָס דער „הייליקער בונד“ האָט דערשטיקט, איז פּאָרגעקומען אין די יאָרן 1820—1821 אין איטאליע. נאָכן ווינער קאָנגרעס האָבן אינעם קיניגרייך פון דיביידע סיציליעס, פּונקט ווי אין שפּאַניע, רעגירט די בורבאָנען. בייס עס האָט געוועלטיקט דער טעמפּער און רעאַקציאָנערער קיניג פערדינאנד דער I, האָט אין נעאפּאָל (פּונקט ווי אין די אנדערע מעלוכעס פון איטאליע) געווילדעוועט א פינצטערע רעאקציע. אינעם רוימישן געביט האָט מען פארבאָטן צו שטעלן פּאָקן און צו באַלייכטן די גאסן מיט לאמטערנס (ביז דאן פלעגט יעדערער טראָגן מיט זיך א לאמטערן). פארבאָטן האָט מען עס נאָר דערפאר, ווייל דאָס האָבן איינגעפירט די פראנצויזן. מע האָט אָפּגעשטעלט די ווייטערדיקע אויסגראָבונגען פון פּאָמפּייע, וועלכע די פראנצויזן האָבן אָנגעהויבן.

די רעאקציע האָט אויך געווילדעוועט אין די אנדערע מעלוכעס פון איטאליע. אזוי, צום ביישפּיל, האָט מען אין טורין פארניכטעט דעם באָטאנישן גאָרטן בלויז דערפאר, וואָס מע האָט אים פארפלאנצט בייס עס זיינען דאָרטן געווען די פראנצויזן.

קימאט אין אלע מעלוכעס פון איטאליע האָט מען אופגעשטעלט די פּריווי־לעגיעס פון די אדל־לייט. צאָפן־איטאליע האָבן אונטערדריקט די עסטרייכער. אין צאָפן האָט בלויז פּיעמאָנט איינגעהיט אומאָפּהענגיקייט.

די געשעענישן, וואָס זיינען פאָרגעקומען אין 1820 י. אין שפּאניע, האָבן געגעבן א שטויס דער רעוואָליוציע אין איטאליע. פּונקט ווי אין שפּאניע, האָט זיך אויך דאָ די רעוואָליוציע אָנגעהויבן פון א קריגס־אופשטאנד. דער קריגס־אופשטאנד איז אָרגאניזירט געוואָרן בא דעם אָנטייל פון דער געהיימער געזעל־שאפט פון די „קארבאָנארן“ [1].

לויט דער פאָדערונג פון דעם אופגעשטאנענעם מיליטער האָט מען אין פּיע־מאָנט און נעאפּאָל צוגעזאָגט איינפירן א קאָנסטיטוציע. דער „הייליקער בונד“ האָט אָבער געשיקט קיין איטאליע א זעכציקטויזנטדיקע עסטרייכישע ארמיי, וואָס האָט דערשטיקט די רעוואָליוציאָנערע באוועגונג.

די רעוואָליוציעס אין שפּאניע און אין איטאליע האָבן געליטן א מאַפּאָלע ניט בלויז מאכמעס דער אינטערווענציע פון די ארמייען פונעם „הייליקן בונד“. זיי האָבן געליטן א מאפּאָלע אויך מאכמעס זייער אינערלעכער שוואכקייט. אין דער שפּיץ פון די דאָזיקע רעוואָליוציעס זיינען געשטאנען בורזשואזע רעוואָליו־ציאָנערן, אזוינע ווי ריעגאָ, וואָס זיינען געווען אָפּגעריסן פון די פאָלקס־מאסן; אלע זייערע האָפענונגען האָבן די בורזשואזע רעוואָליוציאָנערן געלייגט אף א קריגס־אופשטאנד און געשטיצט האָבן זיי זיך אף געהיימע פארשווערערישע אָר־גאניזאציעס — אף דער אָרגאניזאציע פון די מאסאָנען אין שפּאניע און אף דער אָרגאני־זאציע פון די קארבאָנארן אין נעאפּאָל און פּיעמאָנט. די פאָלקס־מאסן — דאָס פּויער־טום, דעם שטאָטישן „פלעבס“ האָט מען אין די דאָזיקע רעוואָליוציעס ניט ארייננעצויגן.

[1] דאָס וואָרט „קארבאָנאר“ באטייט קוילנברענער. אזוי האָבן זיך אָנגערופן די איטאליענישע בורזשואזע רעוואָליוציאָנערן, וואָס האָבן געשטעלט פאר זיך אן אויפגאבע צו באפרייען איטאליע פונעם אויסלענדישן יאָך און דורכפירן ליבעראלע רעפאָרמעס. פון די פארפאָלגונגען פלעגן זיי זיך אויסבאהאלטן אין די בערג פון קאלאבריע, בא די קוילנברענער. פונדאנען שטאמט זייער צונאָמען „קארבאָנארן“.

דער קאמפ פונעמ גריכישנ פאָלק פאר אומאָפהענגיקײַט.

גריכנלאנד — דאָס גרויסע לאנד אינ די צײַטנ פונ אלטערטומ, איז אינעמ XIX יה. געווענ א צווייטראנגיקע טערקישע פראָווינצ. אינ די טאָלנ פונ גריכנלאנד האָבנ געווינט די פויערימ — ראיא, וואָס זײַנענ געבליבנ קריסטנ. די דעראָבערער די טערקנ האָבנ ארופגעלייגט אפ זיי שווערע טשינשנ. אינ די בערג האָבנ געווינט די קריגערישע קלעפטנ — די פויערימ די בארגלײַט, וואָס פלעגנ אָנפאלנ אפ די טערקנ. אפ די אינדזלענ איז געווענ שטארק אנטוויקלט דער האנדל; קימאט דער גאנצער טוווע-האנדל פונ רוסלאנד מיט מײַרעוו-אייראָפע האָט זיכ געפירט דורכ פארמיטלער — גריכישע סאָכרימ.

אינ 1821 י. האָט זיכ אינ גריכנלאנד אָנגעהויבנ דער קאמפ פאר אומאָפהענגיקײַט. דער דאָזיקער קאמפ פונעמ גריכישנ פאָלק האָט זיכ געצויגנ 8 יאָר צײַט — ביזנ 1829 י.; די גריכנ האָבנ אויסגענוצט די כלוקעדייעס, וואָס זײַנענ געווענ צווישנ טערקײַ אונ די גרויסע אייראָפּײַשע מעלוכעס (אינ 1827 י. האָט א פאַרייניקטע ענגליש-פראנצויזיש-רוסישע עסקאדרע אָנגעהויבנ אינ דער נאוואַרינער בוכטע קריגס-אָפעראציעס קעגנ טערקײַ אונ האָט צעקלאפט דעמ טערקיש-עגיפטישנ פלאָט), אונ האָבנ זיכ דערשלאָגנ, אז מע זאָל אָנערקענענ זייער לאנד אלס אנ אומאָפהענגיקע מעלוכע. דעריבער האָט אויכ מיטגעהאָלפנ די מילכאָמע צווישנ רוסלאנד אונ טערקײַ אינ 1827—1829 יי. אינעמ קאמפ פונעמ גריכישנ פאָלק פאר אומאָפהענגיקײַט האָט אָנטיילגענומענ דער גרויסער ענגלישער דיכטער בײַראָנ, וואָס האָט אָפגעגעבנ זײַנ לעבנ פאר דער באפרײַונג פונ גריכנלאנד (בײַראָנ איז געשטאָרבנ אפנ פראָנט פונ א פיבער).

די צווישנפעלקערלעכע קאָנגרעסנ. די רעוואָליוציאָנערע באוועגונג אינ אייראָפע אונ די רוסישע געזעלשאפטלעכקײַט.

אינעמ פעריאָד פונ 1815 י. ביזנ 1823 י. איז דער „הייליקער בונד" געווענ א גרויסע קראפט. לויט דער איניציאטיוו פונעמ „הייליקנ בונד" זײַנענ פאר אָט דער צײַט צונויפגערופנ געוואָרנ עטלעכע צווישנפעלקערלעכע קאָנגרעסנ. אינ 1821 י. איז פאָרגעקומענ א קאָנגרעס אינ לײַבאכ. דער דאָזיקער קאָנגרעס האָט באשטימט צו שיקנ עסטרײַכישע מיליטער קיינ איטאליע. אינ 1822 י., אפנ קאָנגרעס אינ וועראָנ, האָט מענ באשטימט צו שיקנ א פראנצויזישע ארמיי קיינ שפאניע. אינ די צײַטנ פונעמ „הייליקנ בונד" איז דאָס צארישע רוסלאנד געווענ דער „צווישנפעלקערלעכער זשאנדארמ". אינ דער דאָזיקער קאָלאָסאלער מעלוכע האָט זיכ דער קאפיטאליזמ פארהעלטנישמעסיק שוואכ אנטוויקלט. דאָס פויערטומ איז געווענ געשמידט אינ די קייטנ פונ לײַבקנעכטשאפט. די ארבעטער זײַנענ אינ א באדײַטנדיקנ טייל אויכ געווענ לײַבאייגענע אונ זײַנענ נאָכ ניט געווענ אָרגאניזירט. דאָס האָט געגעבנ דער צארישער רעגירונג די מעגלעכקײַט צו באלעבאטעווענ ווילקירלעכ אינעמ לאנד אונ האָבנ צו שאפנ איבער זײַנע קרעפטנ.

אינ דער ערשטער העלפט פונעמ XIX יה. זײַנענ אינ רוסלאנד קיינ גרויסע בורזשואזע רעוואָליוציאָנערע באוועגונגענ נאָכ ניט געווענ. רוסלאנד האָט פארמאָגט א קאָלאָסאלע ארמיי; די געניטע רוסישע דיפלאָמאטנ פלעגנ ניט איינ מאָל פועלנ, אז רוסלאנד זאָל זײַנ די גאנצע דייע-זאָגערנ איבער אייראָפע. א גרויסע ראָליע האָט דאָס צארישע רוסלאנד געשפילט אינעמ דערשטיקנ די רעוואָליוציעס אינ די אייראָפּײַשע לענדער. צוגלײַכ אָבער מיט דער צארישער רעגירונג זײַנענ

אויך געווען זייער טעטיק אלס אירע באהעלפער די עסטרײַכישע, די פראנצויזישע און אנדערע רעאקציאָנערע רעגירונגען.

דאָס, וואָס רוסלאנד האָט זיך אזוי פארשטארקט און האָט אָנגעהייבן אָפט אריַינצומישן זיך אין די אייראָפּייִשע איניאָנים, האָט ארויסגערופן אן אומרו אין די ענגלישע רעגירנדיקע קרײַזן. אין צוזאמענהאנג דערמיט, וואָס דער „הייליקער בונד" האָט דערשטיקט די רעוואָליוציע אין שפאניע, וועלכע איז געווען אין גרויסער אָפּהענגיקייט פון ענגלאנד, האָבן זיך די באציִונגען צווישן רוסלאנד מיט ענגלאנד היפש פארשארפט.

אויב דער צאר און די פריצים האָבן געשטרעבט צו דערשטיקן די רעוואָ-ליוציעס אין אייראָפּע, האָבן די פּאָרגעשריטענע קרײַזן פון דער רוסישער גע-זעלשאפט געשטרעבט נאָכצוטאָן דעם בײַשפּיל פון די אייראָפּייִשע רעוואָליוציאָ-נערן. אין 1825 י. האָט זיך אין פעטערבורג און אין דאָרעם-רוסלאנד אָנגעהויבן דער אופשטאנד פון די „דעקאבריסטן", וואָס איז געווען ענלעך אף די רעוואָ-ליוציעס אין שפאניע און אין איטאליע. פון זיי טאקע האָבן די דעקאבריסטן אראָפּגענומען א מוסטער.

אין רוסלאנד האָבן די אדעליקע רעוואָליוציאָנערן געשטרעבט דערשלאָגן זיך צו א קאָנסטיטוציע, און א טייל פון זיי האָט זיך געוואָלט דערשלאָגן צו א רע-פּובליק. פארווירקלעכן עס האָבן זיי געוואָלט דורך א מיליטערישער איבערקערע-ניש, אָנעם אָנטייל פון די פּאָלקס-מאסן.

ניקאָלײַ דער I האָט דעם אופשטאנד פון די דעקאבריסטן אכזאָריעסדיק דערשטיקט.

### די רעאקציאָנערע פּאָליטישע טעאָריעס און די רעאקציאָנערע שטרעמונג אינעם ראָמאנטיזם.

די רעאקציע, וואָס איז אָנגעקומען אין אייראָפּע נאָכן ווינער קאָנגרעס פון 1815 י., האָט זיך אנטפּלעקט אין די פּאָליטישע טעאָריעס און אין דער ליטעראטור. דער סאוואָיער גראף זשאָזעף דע מעסטר האָט אין 1792 י., נאָך דעם, ווי סאוואָיִע איז אָנגעשלאָסן געוואָרן צום רעוואָליוציאָנערן פראנקרײַך, פארלאָזן זײַן היימלאנד. צוערשט איז ער אָנגעקומען דינען צום סארדינישן קיניג, דערנאָך האָט ער געלעבט אין פעטערבורג, באַם קייזערלעכן הויף. קעדיי צו קעמפן קעגן דער רעוואָליוציע האָט דע מעסטר פּאָרגעלייגט אופצושטעלן אין אייראָפּע די אומבאגרענעצטע פּאָליטישע מאכט פונעם רוימישן פויפסט. ער האָט געלויבט אין הימל ארײַן די מיטלאלטערלעכע שטאנדן-אָרדענונג און האָט גערופן, מע זאָל די דאָזיקע אָרדענונג צוריק אופשטעלן. זײַענדיק אין רוסלאנד, האָט דע מעסטר אָנגעשריבן א „מעמאָראנדום וועגן דער פּאָלקס-בילדונג אין רוסלאנד". אין דעם דאָזיקן מעמאָראנדום האָט ער פּאָרגעלייגט „בעשומויפן ניט סטימולירן די פארשפרייטונג פון קענטענישן צווישן די נידעריקסטע שיכטן פונעם פּאָלק". דער דאָזיקער אָבסקוראנט האָט באהויפּט, אז „די נאטורוויסנשאפטן זײַנען פּאָשעט שעדלעך". ליטעראטור האָט ער געהאלטן פאר א געפערלעכער זאך. דאָס אונטעריכטן געשיכטע, — האָט ער פּאָרגעלייגט, — דארף מען ביכלאל פאר-ווערן. „יעדע נײַע דערפינדונג, — האָט באהויפּט דע מעסטר, — איז פּאָשעט אן עמעסער אומגליק".

די רעאקציאָנערע שטימונגען האָבן זיך אויך אָפּגעשפּיגלט אין דער ליטעראטור, אין די ווערק פון אייניקע שרײַבער. אזוי, צום בײַשפּיל, האָט דער פראנצויזישער שרײַבער שאטאָבריאַן געשריבן

פאָעמעס, וואָס האָבנ באזונגענ די ערשטע צייַטנ פונעמ קריסטנטומ אונ דאָס מיטלאַלטערלעכע מאָנארכישע לעבנ. שאטאָבריאַנ האָט אָפּגעווענדט דעמ לייענער פונ הייַנטצייַטיקע פראגנ אונ האָט אימ אוועקגעפירט אינ דער פארגאנגענהייַט. שאטאָבריאַנ האָט די דאָזיקע פארגאנגענהייַט צוגעפּוצט.

**געטעס „פאוסט“.**

אויב דער רעאקציאָנערער ראָמאנטיזמ איז געווענ א פּרווו צו פירנ אינ דער ליטעראטור א קאמפ קעגנ די אידייענ פונ דער פראנצויזישער רעוואָליוציע, האָבנ אָבער, פונ דער אנדערער זייַט, אויכ די רעוואָליוציאָנערע אידייענ געפונענ אנ אָפּשפּיגלונג אינ דער ליטעראטור. אזוי, צומ בייַשפּיל, האָבנ די באפרייַונג-אידייענ פונ דער פראנצויזישער רעוואָליוציע זיכ אָפּגעשפּיגלט אינעמ געניאַלנ ווערק „פאוסט“. דאָס דאָזיקע ווערק האָט אָנגעשריבנ געטע — איינער פונ די גרעסטע דיכטער אינ דער וועלט. „פאוסט“ איז דערשינענ אָנהייב XIX יה. אינ „פאוסט“ ווערט געשילדערט דער דורשט נאָכ גליק; די געוואגטקייַט פונעמ געדאנק, וועלכער פּרווט זיכ צו באהערשנ די געהיימניספולע געזעצנ פונ דער נאטור; דער גלויבנ, אז די פארנונפט וועט אופדעקנ די נאטור-געהיימניסנ; די גרויסקייַט פונעמ מענטשנס ארבעט, וואָס דערינ זעט געטע אייַנ דעמ יעסאָד פונעמ פּראָגרעס פונ דער מענטשהייַט. גלייַכצייַטיק האָבנ זיכ אינ „פאוסט“ אָפּגעשפּיגלט אויכ די וואקלענישנ, דער שרעק פונ די פארמעגלעכע קלאסנ פאר דעמ, וואָס אינ דער גרויסער איבערקערעניש נעמענ אָנטייל די מאסנ.

**לודוויג וואנ בעטהאָווענ.**

אינ איינקלאנג מיט דער רעוואָליוציאָנערער עפּאָכע איז אויכ געווענ די שאפונג פונעמ געניאַלנ מוזיקער, איינעמ פונ די גרעסטע קאָמפּאָזיטאָרנ אונ אימפּראָוויזאטאָרנ, וועלכע האָבנ נאָר ווענ-עס-איז עקזיסטירט, — פונ לודוויג וואנ בעטהאָווענ (1770—1827). בעטהאָווענ שטאמט פונ א פאמיליע פונ א בעלגישנ עמיגראנט; צוערשט האָט ער געלעבט אינ באָנ (א שטאָט, וואָס האָט געהערט צומ קעלנער קורפירשט) אונ פונעמ 1792 י. — אינ ווינ. ווענ אינ פראנקרייַכ האָט זיכ אָנגעהויבנ די רעוואָליוציע, האָט זי בעטהאָווענ באגריסט. ער האָט אָנגעשריבנ לעקאָווען איר די כאָר-קאָמפּאָזיציע „ווער ס'איז א פרייַער מענטש“.

אינ דער מוזיק איז בעטהאָווענ געווענ באכס אונ מאָצארטס א נאָכפאָלגער. ער האָט געשאפנ ווערק, וואָס איבעראשנ מיט זייער טיפקייַט, קראפט אונ הארציקייַט. ער האָט אָנגעשריבנ סאָנאטנ אונ קאָנצערטנ פאר דער פאָרטעפּיאַנע, פיל סטרונע-קווארטעטנ, ער האָט באארבעט צענדליקער פאָלקס-לידער אונ ראָמאנסנ. די לעצטע 15 יאָר לעבנ איז בעטהאָווענ געווענ אינגאנצנ טויב, אונ דאָכ האָט ער דאנ געשאפנ אומשטערבלעכע מוזיקאלע ווערק, ניט האָבנדיק אפילע די מעגלעכקייַט צו הערנ, ווי עס קלינגענ די דאָזיקע ווערק.

## קאפּיטל 7.

# די רעסטאווראציע אינ פראנקרייַכ אונ די יול-רעוואָליוציע פונ 1830 י.

**די צווייטע רעסטאוו-ראציע.**

אדאנק דער באוואָפנטער הילפ פונ די פארבינדעטע האָט לודאָוויק דער XVIII, אונ צוזאמענ מיט אימ די אדל-לייַט אונ די גאלאָכימ, זיכ אומגעקערט קיינ פראנקרייַכ. זיי האָבנ געהאט גרויס כיישעק צו באקומענ צוריק די ערד, וואָס מע האָט בא זיי אָפּגענומענ בייס דער רעוואָליוציע, אונ ווידעראמאָל צווינגענ די פויערימ טראָגנ די פעאָדאלע פליכטנ. וועגנ די דאָזיקע עמיגראנטנ, וואָס האָבנ זיכ אומגעקערט קיינ פראנקרייַכ, האָט טאליראנ געזאָגט: „זיי האָבנ גאָרנישט ניט פארגעסנ אונ זיכ גאָרנישט ניט אויסגעלערנט“. אינ איינעמ א דאָרפ האָט מענ ארעסטירט 23 פויערימ אונ 7 פונ זיי האָט מענ געקעפּט בלויז דערפאר, ווייַל זיי האָבנ בייס דער רעוואָליוציע אנטוואָפנט איינעמ א וואנדייער.

ניט געקוקט אפנ ווייַסנ טעראָר אונ אפ די עקזעקוציעס איבער די רעפּוב-

ליקאנער און באָנאַפּאַרטיסטן, איז פונדעסטוועגן לידאָוויק דער XVIII ניט אימשטאַנד געווען אופצושטעלן די פּאַראַנדקעס, וואָס זיינען געווען ביז דער רעוואָלוציע. די קאָנפיסקירטע ערד איז אַרײַנגעפאַלן אין די הענט פון 3 מיליאָן נײַע אייגנטימער — בורזשואַ און פּויערים. אויב מע וואָלט אָפּגענומען בא זיי די ערד, וואָלט דאָס זיי אופגעשטעלט קעגן די בורבאָנען. לידאָוויק דער XVIII האָט נאָך אָבער גוט געדענקט, ווי באָנאַפּאַרט האָט זיך אומגעקערט און ווי אים, לידאָוויק דעם XVIII-טן, איז דאָ נאָך גאָר ניט אַזוי לאַנג אויסגעקומען צו אַנטלויפן מיט דער פאַמיליע קיין בעלגיע.

דעריבער טאַקע האָט זיך לידאָוויק געהאַלטן בא א מער-ווייניק מעסיקער פּאָליטיק. און כאָטש זײַנע נאָענטע מענטשן, בעראָש מיט זײַן ברודער קאַרל, דעם גראַף ד'אַרטואַ, האָבן גיפּאָדערט אופצושטעלן די פעאָדאַלע פּריווילעגיעס פון די אדל-לײַט און די זעלבסטהערשונג פונעם קיניג (וועגן די דאָזיקע מענטשן פלעגט מען זאָגן, אז זיי זײַנען „מער מאָנאַרכיסטן איידער דער קיניג גופע"), האָט לידאָוויק פּאָרגעזעצט די לעפיערעכ מעסיקע פּאָליטיק. ער האָט אַפילע אײַנגעהיט די קאָנסטיטוציע, וואָס ער האָט אײַנגעפירט נאָך אין 1814 י. לויט דער דאָזיקער קאָנסטיטוציע פלעגט דער קיניג באַשטימען די מיטגלידער פון דער אויבערשטער פּאַלאַטע; געוויינלעכ פלעגן באַשטימט ווערן מענטשן פון די אַריסטאָקראַטישע קרײַזן, וואָס זײַנען געשטאַנען נאָענט צו לידאָוויקן. אין דער אונטערשטער פּאַלאַטע האָבן פון דער גאַנצער 33-מיליאָניקער באַפעלקערונג פון פראַנקרײַך געקאָנט וויילן נאָר 94 טויזנט מאַן — דאָס זײַנען געווען די רײַכסטע ערדבאַזיצער און קאַפּיטאַליסטן, — ווײַל וויילן האָבן געקאָנט בלויז די, וואָס האָבן געצאָלט 300 פראַנק דירעקטן שטײַער. אויסגעווילט ווערן האָבן געקאָנט נאָר יענע, וואָס האָבן געצאָלט ניט ווינציקער פון 1000 פראַנק דירעקטן שטײַער — אַזעלכע מענטשן איז אין לאַנד געווען סאַכאַקל 14 טויזנט.

די דעפּוטאַטן-פּאַלאַטע, וואָס מע האָט אויסגעווילט אָפּן יעסאָד פון דער דאָזיקער קאָנסטיטוציע, איז באַשטאַנען פון עקסטרעמע רעאַקציאָנערן מאָנאַרכיסטן. לידאָוויק דער XVIII האָט זי אַפילע גערופן „אומפאַרגלײַכלעכע פּאַלאַטע". די דאָזיקע „אומפאַרגלײַכלעכע פּאַלאַטע" האָט אַקשאָנעסדיק גענומען פאָדערן, מע זאָל אומקערן די אדל-לײַט די קאָנפיסקירטע ערד. אין דער פּאַלאַטע האָט מען געקאָנט הערן דראָשעס, אז מע דאַרף אופשטעלן די פּײַניקונגען. בא דער אונטערשטיצונג פון די דעפּוטאַטן פון דער דאָזיקער פּאַלאַטע האָבן זיך אין דאָרעם-פראַנקרײַך אָנגעהויבן עקזעקוציעס איבער די רעפּובליקאַנער. דאָס אַלץ האָט געשאַפן די געפאַר פון א נײַער רעוואָליוציע. מיט גרויס הארצווייטעק איז לידאָוויק דער XVIII געצוווּנגען געווען די „אומפאַרגלײַכלעכע" פּאַלאַטע פאַנאַנדערצולאָזן (דעם 5 סענטיאַבער 1816 י.). די נײַע פּאַלאַטע איז געווען א מער מעסיקע.

ווען לידאָוויק דער XVIII איז געשטאָרבן, איז געוואָרן קיניג זײַן ברודער, דער פאַרביסענער רעאַקציאָנער, „דער קיניג פון די עמיגראַנטן" קאַרל דער X. ער האָט דורכגעפירט א געזעץ וועגן אַרויסגעבן די פּריצים די ערדבאַזיצער א מיליאַרד — קאָמפּענסאַציע פאַר דער ערד, וואָס מע האָט בא זיי קאָנפיסקירט בײַם דער רעוואָליוציע.

נאָכן דערשטיקן די רעוואָליוציע אין שפּאַניע און אין איטאַליע, — אינעם פּעריאָד, ווען די רעאַקציע האָט זיך געהאַט פאַרשטאַרקט, האָט קאַרל דער X און-



די יול־טעג פונ 1830 י. — די אטאקע אפנ לוווּר — פונ מאָרענס בילד.

טערגעהאלטנ די יעזויִטנ. בײַס קארל דעמ X־טנס קיניגנ זײַנענ אינ מיניסטעריִום ארײַנ די עקסטרעמע ראָיאליסטנ (די אָנהענגער פונ אופשטעלנ די אבסאָליוטע קיניגלעכע מאכט).

אייניקע באטאליאָנענ פונ דער נאציִאָנאלער גווארדיע האָבנ אײַנגעאָרדנט א דעמאָנסטראציע אונ געשריִענ: „נידער מיטנ מיניסטעריִום, נידער מיט די יעזויִטנ!״ דער קיניג האָט דאנ באפוילנ פאנאנדערצולאָזנ די נאציִאָנאלע גווארדיע. אזויארומ איז אינ לאגער פונ די אומצופרידענע צוגעקומענ 20 טויזנט גווארדייער, וואָס האָבנ געשטאמט פונ דער מיטעלער אונ פארמעגלעכער בורזשואזיע.

די יול=רעוואָליוציע.

אינ 1830 י. האָט קארל דער X פאנאנדערגעלאָזנ די פא-לאטע אונ האָט נאָכ מער באגרענעצט די וואלרעכט פונ דער בורזשואזיע. דערבײַ האָט ער ארויסגעגעבנ א הארבנ געזעצ קעגנ דער פרעסע. ביז די בורזשואזיע האָט זיכ דאָרט געוואקלט, האָבנ זיכ דערווײַל ארײַנ-געמישט די פאָלקס־מאסנ, אינ פאריזש האָבנ זיכ אָנגעהויבנ גאסנ-דעמאָנסטרא-ציעס. דעמ 27 יול 1830 י. איז די שטאָט פול געוואָרנ מיט באריקאדנ. די אר-בעטער פונ די פאָרשטעט זײַנענ צוזאמענ מיט די סטודענטנ אונ מיט דער קליינ-בורזשואזיע ארײַנגעטראָטנ אינ קאמפ קעגנ קיניגלעכנ מיליטער.

דרײַ טעג האָט געדויערט דער קאמפ פונ די פאריזשער פראָלעטאריער, קליינ-בורזשואזיע, סטודענטנ. באזונדערס גרויסע שלאכטנ זײַנענ פאָרגעקומענ אינ סענ־אנטואנער פאָרשטאָט, וועלכע האָט זיכ פארוואנדלט אינ א קריגס־לאגער. פונ יעטווידנ הויז האָבנ די ארבעטער, די נאציִאָנאל-גווארדייער געשאָסנ אפנ מיליטער פונ די בורבאָנענ. די פרויענ האָבנ צענומענ דעמ ברוק אונ פונ די

דעכער געוואָרפנ די ברוק-שטיינער אינ מיליטער. פונ די פענצטער האָט מענ געוואָרפנ אַפ די סאָלדאַטנ מעבל, דאַכלקעס, צעבראָכענע פלעשלעכ. דעמ 29 יול האָט דאָס פאָלק געזיגט. אינ עטלעכע טעג אַרומ האָט זיכ קאַרל דער X אָפּגעזאָגט פונ טראָנ אונ איז אַנטלאָפנ קיינ ענגלאַנד.

די גרויס-בורזשואַזיע, וואָס האָט בייסנ אופשטאַנד זיכ פּאַכדאָניש אויסגעבאַהאַלטנ, האָט אָבער איצט אויסגענוצט דעמ זיג פונעמ פאָלק: זי האָט אוועקגעזעצט אַפנ פראַנצויזישנ טראָנ אירנ אַ מענטשנ — לוי-פיליפנ פונעמ אָרלעאַנער צווייַג פונ די בורבאָנענ.

לוי-פיליפ איז געווענ זייער רייַכ, זייער גייַציק אונ דורכגעטריבנ. קעדיי צו ווערנ פּאָפּולער, פלעגט ער נאָכ אינ פעריאָד פונ רעסטאַווראַציע אַזוי זיכ אַרומשפּאַצירנ איבער די פּאַריזשער גאַסנ אינ אַנ אָפּגעבליאַקעוועטנ אָנצוג אונ מיט אַ שירעמ (קעדיי צו פאַרהיטנ דעמ אָנצוג פונ אַ רעגנ) — פּונקט ווי אַ געוויינלעכער שפּאָרזאַמער בורזשואַ. אַנ אויסערגעוויינלעכ רייַכער מענטש, איז לוי-פיליפ געוואָרנ דער קיניג פונעמ אויבערקעפּל פונ דער בורזשואַזיע — דער קיניג פונ די „געלט-זעק". דעמ טאָג, ווענ מע האָט לוי-פיליפנ פּראָקלאַמירט אַלס קיניג, האָט דער באַנקיר לאַפיט געזאָגט: „פונ הייַנט אָנ וועלנ אינ פראַנקרייַכ הערשנ די באַנקירנ".

נאָכ פראַנקרייַכ האָט זיכ דעמ 25 אויגוסט 1830 י. אָנגעהויבנ אַ רעוואָליוציאָנערע באַוועגונג אינ בעלגיע. דאָ איז פאָרגעקומענ אַנ אופשטאַנד אונ דאָס לאַנד האָט זיכ דערשלאָגנ, אַז עס זאָל ווערנ אומאָפּהענגיק פונ האָלאַנד. עס האָט זיכ אויכ אָנגעהויבנ אַ רעוואָליוציע אינ איטאַליע אונ אינ די דייַטשישע מעלוכעס. ווענ דער רוסישער צאַר ניקאָלייַ דער I האָט זיכ וועגנ דעמ דערוווּסט, האָט ער באַשלאָסנ, אַז די געפאַר פונ אַ רעוואָליוציע דראָעט גאַנצ אייראָפּע. דער צאַר האָט אַפּגיכ געגומענ אויסריכטנ אַנ אַרמיי צומ קאַמפ קעגנ דער רעוואָליוציע, אינעמ רוסישנ פּוילנ איז אָבער בייסמייַסע אויסגעבראָכנ אַ גרויסער אופשטאַנד, אונ ניקאָלייַ דער I האָט ניט געקאָנט שיקנ קיינ מיליטער אינ מייַרעוו-אייראָפּע.

אינ דער צייַט, ווענ דער צאַר האָט זיכ געקליבנ צו דערשטיקנ די רעוואָליוציע, האָבנ די פּראָגרעסיווע קרייַזנ פונ דער רוסישער געזעלשאַפט באַגריסט דאָס שטירצנ די בורבאָנענ אינ פראַנקרייַכ. גערצענ אונ פּושקינ האָבנ מיט באַגייַסטערונג באַגעגנט דעמ אָנהייב פונ דער רעוואָליוציע. לערמאָנטאָוו, וואָס איז דאַנ אַלט געווענ 16 יאָר, האָט געווידמעט דער יול-רעוואָליוציע אַ ליד. זי הייבט זיכ אָנ אַזוי:

שטאָלצ זייַט איר אופגעשטאַנענע ווידער  
פאַר אומאָפּהענגיקייַט, — אונ גלייַכ  
מיט פאַכעד פאַלנ שוינ אַנידער  
די זינ פונ זעלבסטהערשונג פאַר אייַכ.

איינער פונ די וויכטיקע רעזולטאַטנ, צו וועלכע עס האָט געבראַכט די יול-רעוואָליוציע, איז געווענ דאָס, וואָס עס איז באַדייַטנדיק אָפּגעשוואַכט געוואָרנ דער „הייליקער בונד": פראַנקרייַכ איז פונ אימ אַרויסגעטראָטנ, אינעמ „הייליקנ בונד" איז אויכ ניט געווענ קיינ איינמוטיקייַט באַמ באַשליסנ די פראַגע וועגנ דערשטיקנ די רעוואָליוציעס פונ די דרייַסיקער יאָרנ אינ אייראָפּע.

## קאפיטל 8.

# דער אוטאָפּישער סאָציאַליזם
# (סענ־סימאָנ, פוריע, אָועג).

אָנהייב XIX יה. האָט אינ ענגלאנד אונ דערנאָך אינ פראנקרײַך אונ אינ אנדערע לענדער זיך אָנגעהויבנ שנעל צו אנטוויקלענ די גרויסע מאשיניזירטע פּראָדוקציע. די גרויסע קאפיטאליסטישע אינדוסטריע האָט רויִנירט די האנטוערקער. די ארבעטער, ווידער, וואָס זײַנענ אָנגעקומענ אינ די פאבריקנ, האָט מענ אכזאָריעסדיק עקספּלואטירט. דער ארבעטסלויג איז געווענ א נישטיקער. דער ארבעט-טאָג פאר מאנצבלענ אונ פרויענ האָט געדויערט 16—18 שאָ. ניט אפ א סאך ווייניקער האָבנ געארבעט די קינדער. פּיריאָריקע אונ פינפיאָריקע קינדער האָבנ געארבעט אונ געלעבט אפ דער פאבריק, ניט ארויסגייענדיק פונ דאָרטנ, זיי פלעגנ עסנ אונ שלאָפנ בא די ווערקשטעלנ.

אינ פּאָליטישער היגזיכט זײַנענ אינ אלע לענדער די ארבעטער געווענ רעכטלאָז.

די פלאָגנ פונ דער קאפיטאליסטישער עקספּלואטאציע האָבנ געגייט די מער פּאָרגעשריטענע מענטשנ זיך צו פארטראכטנ וויִאזוי אויסצובויענ א געזעלשאפט אפ א נײַעם שטייגער, אָנ אייגנטימער אָנ עקספּלואטאציע. אינ פראנקרײַך האָבנ די דאָזיקע אידייענ געפונענ אנ אָפּשפּיגלונג אינ די ווערק פונ סענ-סימאָנ אונ פוריע.

סענ=סימאָנ.

דער גראפ אנרי דע סענ-סימאָנ (1760—1825) איז געבוירנ געוואָרנ אינ אנ אריסטאָקראטישער מישפּאָכע אונ האָט באקומענ גלענצנדיקע בילדונג. צווישנ די לערער זײַנע איז געווענ ד'אלאמבער — דער בארימטער שעפער פונ דער „ענציקלאָפּעדיע”. שוינ פונ דער פריִער יוגנט אָנ האָט סענ-סימאָנ געטרוימט וועגנ גרויסע העלדנטאטנ. דעמ דינער זײַנעמ פלעגט ער הייסנ, ער זאָל אימ וועקנ פונ שלאָפ מיט אזוינע ווערטער: „גראפ, שטייט אופ, עס ווארטנ אפ אײַך גרויסע אופטועג”.

ווענ אנרי איז אלט געוואָרנ 15 יאָר, האָט ער געזאָגט דעמ פאָטער, אז ער האָט זיך אנטוישט אינ דער רעליגיע אונ ער וויל ניט אויספּילנ די רעליגיעזע מינהאָגימ. דער פאָטער איז געוואָרנ אויסער זיך פונ קאס אונ האָט אײַנגעזעצט דעמ זונ אינ טורמע. דאנ האָט סענ-סימאָנ פארוווּנדעט מיט א מעסער דעמ טורמע-היטער אונ איז פונ דער טורמע אנטלאָפנ. ער איז אויך אנטלאָפנ פונעמ פאָטער. נאָך גאָר א יונגער, פארפאָרט ער קיינ אמעריקע אלס אָפיצער פונעמ פראנצויזישנ קאָרפּוס, וועלכנ מע האָט געשיקט צו הילפ די אמעריקאנער קאָלאָניסטנ, וואָס האָבנ געקעמפט פאר אומאָפּהענגיקײַט. אינ אמעריקע האָט ער זיך העלדיש געשלאָגנ. ווענ די מילכאָמע האָט זיך געענדיקט, האָט זיך דער דרײַ-אונ-צוואנציקיאָריקער סענ-סימאָנ אומגעקערט קיינ פראנקרײַך אלס א פּאָלקאָווניק פונעמ קיניגלעכנ מיליטער אונ א באלוינטער מיט א פראנצויזישנ אונ מיט אנ אמעריקאנישנ אָרדענ. פארנ יונגנ סענ-סימאָנ איז געווענ אָפנ דער וועג צו מאכנ א גלענצנדע קאריערע. אינ פראנקרײַך ווערט ער באשטימט אלס קאָמענדאנט פונ דער וויכטיקער פעסטונג אינ מיזרעכ-פראנקרײַך מעצ. סענ-סימאָנ ווארפט אָבער די מיליטער-דינסט, רײַזט פיל אומ איבער אייראָפּע, אונ, צולעצט, ווענ ס'האָט



סען-סימאָן — פֿון פֿעראָס גראַווירע.

זיך אין פֿראַנקרײַך אָנגעהויבן די רעוואָ-ליוציע, קערט ער זיך אום אין זײַן פֿא-מיליען-גוט. סען-סימאָן האָט זיך אליין אָפּ-געזאָגט פֿונעם טיטל גראַף, קיין אָנטייל אין דער רעוואָליוציע האָט ער אָבער ניט גע-נומען. צו יענער צײַט שטעלט ער פֿאַר זיך דעם ציל צו פֿאַרייניקן אַלע קענטענישן פֿון דער מענטשהײַט אין איין פֿאַרגאַנצטער סיסטעם, דעפֿאָרמירן די וויסנשאַפֿט. פֿילנ-דיק, אַז ער האָט קנאַפּע קענטענישן, קעדיי צו דערגרייכן דעם דאָזיקן גרויסן ציל, קומט ער אָן, א פּערציקיאָריקער מאַן, אַלס צוהערער אין א פּאָליטעכנישער הויכשול.

פֿאַרטאָן אין וויסנשאַפֿטלעכער אַר-בעט, פֿאַרלעבט סען-סימאָן דאָס לעצטע געלט. דאָס ווײַב וואַרפֿט אים אוועק. ער קומט אָן אין א לאָמבאַרד פֿאַר אַן איבער-שרײַבער און קריגט דאָ א נישטיקן געהאַלט. אין אָט דער צײַט באַגעגנט סען-סימאָנען זײַן פֿריערדיקער דינער דיאַר און לייגט אים פֿאָר, ער זאָל זיך אַריבערקלײַבן צו אים, דיאַרן. סען-סימאָן וואַרפֿט דאַן די שטעלע אינעם לאָמבאַרד און הייבט אָן לעבן אַפֿן כעזשבן פֿונעם גוטהאַרציקן דיאַר. טאָג און נאַכט אַרבעט סען-סימאָן איבערן פּלאַן, וויאַזוי איבערצובויען די מענטשלעכע געזעלשאַפֿט. פּלוצעם טרעפֿט אים א נײַער אומגליק: עס שטאַרבט אוועק דיאַר. סען-סימאָן שרײַבט איבער מיט דער האַנט זײַנע ווערק (קיינער האָט זיי ניט געוואָלט דרוקן) און צעשיקט זיי צו פֿאַרשיידענע פּערזאָנען. צו די ווערק פֿלעגט ער בײַלייגן אַזוינע בריוו: „גנעדיקער האַר! זײַט מײַן רעטער. פֿאַרנומענע אויסשליסלעך מיט אַלגעמיינע אינטערעסן, האָב איך פֿאַרלאָזן מײַנע אייגענע איניאָנים און מאַכמעס דעם בין איך דערגאַנגען צו אַזא לאַגע, אַז איך האָב ניט וואָס צו עסן און איך אַרבעט אָן פֿײַער. איך האָב אַפֿילע פֿאַרקויפֿט מײַנע קליידער, קעדיי צו האָבן די מעגלעכקײַט איבערצושרײַבן מײַן ווערק. די שטרעבונג צו וויסנשאַפֿט, צו געזעלשאַפֿטלעכן ווילטיק, דער פֿאַרלאַנג צו גע-פֿינען די מיטלען, וואָס זאָלן אַף א פֿרידלעכן אופֿן מאַכן א סאָף צום קריזיס, אין וועלכן עס געפֿינט זיך די אייראָפּעיִשע געזעלשאַפֿט, — אָט וואָס האָט מיך געבראַכט צו אַזא טרויעריקער לאַגע...“

די רײַכע לײַט אָבער האָבן אַפֿילע ניט געלייענט סען-סימאָנס מאַנוסקריפּטן. פֿון פֿאַרצווייפֿלונג האָט סען-סימאָן געוואָלט זיך דערשיסן, ער האָט זיך אָבער נאָר אויסגעשלאָגן אַן אויג, און נאָכן פּרווו צו באַגיין זעלבסטמאָרד, האָט ער נאָך געלעבט צוויי יאָר. די לעצטע צײַט האָט ער געהאַט שילער און בא זיי טאַקע אַף די הענט איז ער געשטאָרבן. סען-סימאָנס לעצטע ווערטער זײַנען גע-ווען: „געדענקט, אַז קעדיי אויפֿצוטאָן גרויסע זאַכן, דאַרף מען זײַן באַגײַסטערט... מײַן גאַנצן לעבן ווערט רעזומירט מיט איין געדאַנק: זיכערן די מענטשן אַן



פוריע — פון א פאָרטרעט פון זשאן גיגו.

אמערסטן פרײַע אנטוויקלונג פון זייערע פײַקײַטן". נאָך א קורצן שווײַגן האָט דער גויסעס צוגעגעבן: „אין צוויי מעסלעס ארום נאָך אונדזער צווייטער פובליקאציע וועט זיך די פארטיי פון ארבעט-לײַט אויסבילדן. די צוקונפט געהערט אונדז".

סען-סימאָן שטעמפלט אין זײַנע ווערק די „פאראזיטישע קלאסן" — די אריסטאָקראטן און די אדל-לײַט. אלס „פראָדוקטיווע קלאסן" האלט ער יענע, וואָס זײַנען פארנומען אין דער אינדוסטריע, — די ארבעטער און די פאבריקאנטן; סײַ די סײַ יענע רופט ער אָן „אינדוסטריעלער", ניט אופדעקנדיק נאָך דעם קעגנזאץ צווישן די ארבעטער און די באלעבאטים. אלס פראָדוקטיווע באפעלקערונג האלט סען-סימאָן אויך די ארבעטנדיקע אין דער לאנדווירטשאפט. סען-סימאָן האָט ארויסגערוקט די אידיי פון איבערראנדערשן די געזעלשאפט און די געזעלשאפטלעכע ארבעט לויט אן איינהײַטלעכן פלאן, וועלכן עס האָבן געדארפט אויסארבעטן געלערנטע לײַט.

סען-סימאָן, וואָס האָט דעמאסקירט דעם קאפיטאליזם און געשילדערט א בילד פון דער קומענדיקער געזעלשאפט, האָט אָבער ניט באנומען, אז בלויז דער פראָלעטאריאט, וואָס האָט אײַנגעשטעלט זײַן דיקטאטור, קאָן זיך דערשלאָגן, עס זאָל געשאפן ווערן א נײַע געזעלשאפטלעכע אָרדענונג, ווו עס וועלן ניט זײַן קיין עקספּלואטאטאָרן. סען-סימאָן האָט ניט באנומען, אז דער וועג צו דער נײַער אָרדענונג — דאָס איז קלאסנקאמף. ער האָט געקלערט אויסבויען די נײַע געזעלשאפט בלויז דורך איבערצײַגונג, בלויז דורך דער פראָפאגאנדע פון זײַנע אידייען. זײַן סאָציאליזם איז געווען אן אוטאָפּישער, אזא, וואָס קאָן ניט פארווירקלעכט ווערן.

פוריע.

דאָס לעבן פון א צווייטן סאָציאליסט-אוטאָפּיסט שארל פוריע (1772—1837) איז שוין ניט געווען אזוי רײַך אין פראט פון געשעענישן. ווי סען-סימאָן, איז ער אויך געבוירן געוואָרן ביז דער רעוואָליוציע, נאָר זײַן פאָטער איז געווען ניט קיין אדלמאן אן אריסטאָקראט, נאָר א סויכער.

פון דער פריִער יוגנט אָן האָט מען פוריען געשטעלט האנדלען אין קלייט און געצוואונגען נארן די קונים — ניט דערוועגן און ניט דערמעסטן. פוריע האָט פארהאסט דעם האנדל. ווען ער האָט נאָכן פאָטערס טויט באקומען די ירושה און האָט אָנגעהויבן זעלבשטענדיק פירן דאָס געשעפט, איז ער גיך רויִנירט געוואָרן און איז ווידער געוואָרן א האנדלס-אָנגעשטעלטער.

מיט א באזונדערן האס דעמאסקירט פוריע אין זײַנע ווערק די הענדלער, זייערע גנייווישע שטיק, די ספעקוליאציע. ער שטעמפלט די קאָנקורענץ, די אנאר-

כיע פונ דער פראָדוקציע, וואָס הערשט באַמ קאַפּיטאַליזמ. פוריע שטעלט פעסט, אַז באַמ קאַפּיטאַליזמ לײַדנ אַלע אַרבעטער פונ אַרבעטלאָזיקײַט, כאָטש זיי פּראָ-דוצירנ פיל פּראָדוקטנ (קריזיס פונ איבערפּראָדוקציע אונ פונ שעפע). פוריע מערקט אָפּ, אַז באַמ קאַפּיטאַליזמ זײַנענ די אינטערעסנ פונ די מיטגלידער פונ דער געזעלשאַפט פײַנטלעכ איינע צו די אַנדערע.

באַמ קאַפּיטאַליזמ, זאָגט פוריע, „וויל דער דאָקטער, אַז עס זאָלנ זײַנ וואָס מער קראַנקײַטנ, אונ דער פּראָקוראָר פאַרלאַנגט, אַז אינ יעטווידער פאַמיליע זאָל זײַנ וואָס מער געריכט-פּראָצעסנ. דער אַרכיטעקטאָר טרוימט וועגנ סרייפעס, וואָס זאָלנ פאַרניכטנ אַ פערטל שטאָט, אונ דער גלעזער וועגנ אַ האָגל, וואָס זאָל אויסשלאָגנ אַלע פענצטער...“

„די הויפּט-סיבע פונ אַלע סאָציאַלע פּלאָגנ, — רעזומירט פוריע, — איז די צעשפּליטערטקײַט פונ דער פּראָדוקציע, אָדער די ניט קאָנטאַקטירטע אַרבעט“.

פוריע האָט פאָרגעלייגט, מע זאָל אײַנאָרדענענ פאַלאַנגעס (געמיינדעס). די פאַלאַנגעס דאַרפנ פאַרנעמענ די געבײַדעס פונ די ליידיקע מאָנאַסטירנ אונ פּאַ-לאַצנ, אָדער נאָכ בעסער, מע זאָל אויסבויענ נײַע געבײַדעס לויטנ פּלאַנ, וועלכנ פוריע האָט אויסגעאַרבעט. די וווינונגענ, די פעלדער, די פּלאַנטאַציעס אונ די שטאַלנ פונ דער פאַלאַנגע, וועלכע אַרבעט גרופּנוויַיז, דאַרפנ זיכ באַדײַטנדיק אונטערשיידנ פונ יענע יישוווימ אונ דערפער, ווו מענטשנ לעבנ באַזונדער.

פוריע לייגט פאָר, אַז מע זאָל וווינענ אינ קאָלעקטיווע הײַזער. די אַרבעט דאַרפ מענ פירנ לויט אַ פּלאַנ. אינ דער אַרבעט וועלנ אַלע נעמענ אָנטייל. קע-דיי די אַרבעט זאָל זײַנ אינטערעסאַנט אונ זאָל דעמ אַרבעטער ניט אײַנמידנ, דאַרפ דער אַרבעטער 7—8 מאָל אינ טאָג איבערגיינ פונ איינ אַרבעט צו אַ צווייטער. קעדיי צו דערגרייכנ צו בעסערע רעזולטאַטנ, דאַרפ זיכ איינ אַרבע-טער פאַרמעסטנ מיט די אַנדערע אַרבעטער.

מע קאָנ אָבער באַמערקנ אינ דער פאַלאַנגע עלעמענטנ פונ קאַפּיטאַליסטישע פאַרהעלטענישנ. די רעוואָכימ פונ דער אונטערנעמונג דאַרפנ פאַרטיילט ווערנ צווישנ די אָנטיילנעמער פונ דער פאַלאַנגע אונ די קאַפּיטאַליסטנ. די אַרבעטער האָבנ געזאָלט פאַר דער אַרבעט אונ פאַרנ טאַלאַנט באַקומענ צוויי דריטל פונ דער האַכנאָסע אונ איינ דריטל די קאַפּיטאַליסטנ, וואָס האָבנ געגעבנ געלט אַפ אויסצובויענ די פאַלאַנסטערנ.

פונקט ווי סענ-סימאָנ, אַזוי האָט אויכ פוריע געלייקנט אינ קלאַסנקאַמפּ. ער האָט געהאַלטנ, אַז אינ איירָאָפּע זײַנענ פאַראַנ 4000 רײַכע מענטשנ, וואָס קאָ-נענ געבנ געלט אַפ אײַנצואָרדענענ די פאַלאַנגעס.

ער האָט געשריבנ צו נאַפּאָלעאָנענ, צומ באַנקיר ראָטשילד, ער פלעגט באַ-שטימענ פאַר זיי אופנעמ-שאָענ. יעדנ טאָג איז פוריע געזעסנ אינ באַשטימטע שאָענ באַ זיכ אינ דער היימ אונ אומזיסט געוואַרט, אַז עמעצער זאָל זיכ אָפּ-רופנ אַפ זײַנ ווענדונג. די פּרוווּנ אָנצווווענדנ פוריעס לערע אינ דער פּראַקטיק האָט מענ דערהויפּט געמאַכט שוינ נאָכ זײַנ טויט, אינ די פערציקער יאָרנ פונעמ XIX יה.

אָוענ.

דער דריטער גרויסער אוטאָפּישער סאָציאַליכט, ראָבערט אָוענ, האָט געלעבט אינ ענגלאַנד. דאָ האָט ער זיכ געקענט גוט צוקוקנ צו די פּלאָגנ אונ צאָרעס פונ די ענגלישע אַרבעטער.



אָוען — פון א ליטאָגראַפיע.

ראָבערט אָוען איז געבוירן געוואָרן אין 1771 י., געשטאָרבן איז ער אין 1858 י., — א זיבן-און-אכציקיאָריקער זאָקן. ניט לאַנג פאַרן טויט איז ער ארויסגעטראָטן אָפּ איינעם פון די קאָנגרעסן אי-בער דער פראגע וועגן סאָציאַלע קענטעניש.

אויב סען-סימאָן איז געווען א זון פון אַן אַריסטאָקראַט, פּו-ריע — א סויכערס א זון, איז אָוען געווען א זון פון א האַנטווער-קער. צו זיבן יאָר האָט ער שוין אליין אָנגעהויבן ארבעטן, ער האָט געהאָלפן אין שול נאָכקוקן נאָך די פיר- און פינף-יאָריקע קינדער. ווען ער איז אלט געוואָרן צען יאָר, האָט מען אים אוועקגעשיקט קיין לאָנדאָן דינען אין א קלייט. צו 20 יאָר איז ער געוואָרן פאַר-וואַלטער פון א גרויסער פאבריק אין מאנטשעסטער; מאַנטשעסטער איז גע-ווען א גרויסער צענטער פון דער טעקסטיל-אינדוסטריע און פון דער מעטאלור-גישער אינדוסטריע. אין ניו-לענארק (שאָטלאַנד) האָט אָוען כאסענע געהאַט מיט א רײַכן פאבריקאַנטס א טאָכטער. ער אליין איז דאַן געוואָרן פאַרוואַלטער און שפּעטער א שותּף אין פאבריק, ווו עס האָבן געארבעט 2000 ארבעטער. אין זײַן פאַבריק האָט אָוען פארקירצט דעם ארבעט-טאָג ביז $10^1/_2$ שאָ, ער האָט געזאָרגט וועגן פארבעסערן די ווױנונג-באַדינגונגען פון די ארבעטער, ער האָט געעפנט א קראָם, ווו די ארבעטער פלעגן באקומען וואָלוועלע און גוטע פּראָ-דוקטן.

דורך גוט אוועקגעשטעלטער דערציִונג האָט אָוען געוואָלט אויספאָרמירן מענטשן מיט העכסט פולקומע כאראקטערן. צוליב דעם עפנט ער אינעם פאבריק-יישעוו א מוסטערהאפטע שול, ווו ס'איז ניטאָ קיין לײַב-שטראָף. פאַר די קליינע קינדער האָט מען אײַנגעאָרדנט יאסליעס און שפּיל-פּלעצער.

אָוען האָט זיך אָבער ניט באַגרענעצט בלויז מיט פילאַנטראָפּישער טעטיקײַט.

אין 1817 י. איז ער ארויסגעטראָטן מיט א פּראָיעקט וועגן איבערבויען די געזעלשאפט אָפּ קאָמוניסטישע יעסוידעס. ער האָט געהאלטן, אז דער הויפּט-קוואל פונעם בייז זײַנען: דאָס פּריוואַט-אייגנטום, רעליגיע און די בורזשואזע פאמיליע, וועלכע באַזירט זיך אָפּ געלט-אינטערעסן. ער האָט אָבער גערעכנט, אז מע קען קומען צום סאָציאַליזם, ניט קעמפנדיק קעגן קאַפּיטאַליזם. אָוען איז געווען קעגן קלאסנקאמף. ער האָט פּראָקלאמירט, אז קיינער וועט ניט אָנווערן זײַן פארמעגן, אז צום קאָמוניזם וועט מען קומען דורך דער אָרגאַניזירונג פון קאָמוניסטישע לאַנדווירטשאפטלעכע יישווים.

אָוענ האָט געמאַכט א פרווו צו אָרגאַניזירנ א קאָמוניסטישע געמיינדע. אינ אַמעריקע, אינעם שטאַט אינדיאַנע, האָט ער געקויפט א ווילע־גע־אָרדנט גוט אונ איז אַוועקגעפאָרנ אַהינ מיט א גרופּע אָנהענגער זײַנע. וואָס זשע האָט זיכ באַקומענ? אינ די קאַפּיטאַליסטישע באַדינגונגענ זײַנענ די אַלע יִישוּוִים, וואָס זײַנענ געגרינדעט געוואָרנ לויט אָוענס פּלאַנ, אָדער זיכ אײַנגיכנ צעפאַלנ, אָדער זיי האָבנ זיכ פאַרוואַנדלט אינ באַלעגופישע אונטערנעמונגענ, ווו מע האָט עקספּלואַטירט פרעמדע אַרבעט. אַלס מיטל צו דערגרייכנ דעמ קאָמוניזמ האָט אָוענ געהאַלטנ אויכ די אַרבעטער־קאָאָפּעראַציע אונ וואָס אײַנאָרדענענ אויסטויש־מערק. אינ 1832 י. האָט אָוענ אָרגאַניזירט אינ לאָנדאָנ אַזאַ אויסטויש־מאַרק: דער מאַרק פלעגט נעמענ סכוירעס בא באַזונדערע פּערזאָנענ אונ קאָאָפּעראַטיוונ אונ געהאַט דאָס רעכט אויסטוישנ זיי אָפּ אַנדערע סכוירעס. די דאָזיקע אונטערנעמונג איז אָבער אויכ דורכגעפאַלנ.

מיטנ וועג, וועלכנ עס האָבנ פאָרגעלייגט די אוטאָפּיסטנ — סענ־סימאָנ, אָוענ, פוריע, דה. אָנ דער דיקטאַטור פונעמ פּראָלעטאַריאַט, נאָר דורכ א „בעהאַדראָ־געדיקער“ אײַנגלידערונג פונעמ סאָציאַליזמ אינ קאַפּיטאַליזמ, אָנ קלאַסנקאַמף, — מיט אַזאַ וועג קאָנ מענ צומ סאָציאַליזמ אונ קאָמוניזמ ניט קומענ.

די אוטאָפּיסטנ האָבנ מיטגעפילט דעמ פּראָלעטאַריאַט. זיי האָבנ אָבער ניט געזענ אינ אימ יענע קראַפט, וואָס קאָנ איבערבויענ די געזעלשאַפט.

דער אוטאָפּישער סאָציאַליזמ איז אופגעקומענ אינעם פּעריאָד, ווענ די קאַפּיטאַליסטישע פּראָדוקציע אונ דער קעגנזאַץ צווישנ דער בורזשואַזיע אונ דעמ פּראָלעטאַריאַט האָבנ זיכ נאָכ ניט באַוויזנ צו אַנטוויקלענ. די ניט רײַפע טעאָריעס פונעמ אוטאָפּישנ סאָציאַליזמ האָבנ אַנטשפּראָכנ דער ניט רײַפער קאַפּיטאַליסטישער פּראָדוקציע אונ די ניט רײַפע קלאַסנ־פאַרהעלטענישנ.

די באַדײַטונג, וואָס די אוטאָפּישע סאָציאַליסטנ האָבנ געהאַט פאַר דער אַרבעטער־באַוועגונג, איז באַשטאַנענ דערינ, וואָס זיי האָבנ שאַרפ קריטיקירט אונ דעמאַסקירט די קאַפּיטאַליסטישע אָרדענונג, באַוויזנ די ווידערשפּרוכנ פונ דער דאָזיקער אָרדענונג.

נאָר, וואָס מער עס איז געוואַקסנ אונ עס האָט זיכ פאַרפעסטיקט דער פּראָלעטאַריאַט, אַלצ מער האָבנ די אוטאָפּישע אידייענ, וואָס פלעגנ אָפּווענדנ די אַרבעטער פונעמ קלאַסנקאַמף, אָנגענומענ א רעאַקציאָנערנ כאַראַקטער, אַלצ מער זײַנענ זיי געוואָרנ א שטערונג אינעמ קאַמפ פונעמ אַרבעטער־קלאַס פאַר זײַנ באַפרײַונג. בלויז מאַרקס אונ ענגעלס — די גרינדער פונעמ וויסנשאַפטלעכנ סאָציאַליזמ — האָבנ אָנגעוויזנ דעמ פּראָלעטאַריאַט דעמ וועג צו באַפרײַונג.

די ווירקונג פונ די אוטאָפּישע סאָציאַליסטנ אינ רוסלאַנד.

אינ די פערציקער יאָרנ האָבנ זיכ אינ רוסלאַנד באַוויזנ נאָכפאָלגער פונ די אוטאָפּישע סאָציאַליסטנ, באַזונדערס פונ פוריע. אינ פּעטערבורג האָט זיכ געגרינדעט א קרײַזל בעראָש מיטנ ליטעראַטאָר פּעטראַשעווסקי. צומ דאָזיקנ קרײַזל האָט זיכ געהאַט אָנגעשלאָסנ דאָסטאָיעווסקי. אָנטיילנעמער פונ פּעטראַשעווסקיס קרײַזל זײַנענ אויכ געווענ אינ אַנדערע שטעט. פּעטראַשעווסקי גופע האָט, פונקט ווי די אוטאָפּיסטנ, אָפּגעוואָרפנ קלאַסנקאַמף, ער האָט אָנערקענט בלויז פּראָפּאַגאַנדע פונ סאָציאַליזמ. צווישנ די מיטגלידער פונ זײַנ קרײַזל זײַנענ אָבער אויכ געווענ אַזעלכע, וואָס האָבנ גערופנ צו גוואַלדטאַט, צו א רעוואָליוציע. מיט הייסנ מיטגעפיל האָבנ די פּעטראַשעווצעס נאָכגעשפּירט נאָכ די רעוואָליוציאָנערע געשעענישנ

אין איירָאָפּע. אין 1849 י. האָט די צארישע רעגירונג צעגראָמירט פּעטראשעווסקיס קרײַזל, די מערהײַט מיטגלידער פונעם קרײַזל האָט מען פארשיקט קיין סיביר אפ קאטאָרגע.

צו די פּעטראשעווצעס איז געשטאנען נאָענט דער גרויסער רעוואָליוציאָנערער דיכטער און קינסטלער פונעם אוקראַיִנישן פאָלק טאראס שעווטשענקאָ, וואָס איז אליין קיין סאָציאַליסט ניט געווען. די צארישע רעגירונג האָט פארפאָלגט שעווטשענקאָן: מע האָט אים אָפּגעגעבן פאר א סאָלדאט, מע האָט אים פארבאָטן צו שרײַבן און מאָלן.

קאפּיטל 9.

# די יול־מאָנארכיע אין פראנקרײַך.

אין דער ערשטער וואָך נאָך דער יול-רעוואָליוציע איז אָנשטאָט דער פריִערדיקער „גרינדונגס-קארטיע" פון ליודאָוויק דעם XVIII-טן אויסגעארבעט געוואָרן א נײַע קאָנסטיטוציע. דער הויפּט-אונטערשייד פון דער דאָזיקער קאָנסטיטוציע איז געווען דאָס, וואָס ליודאָוויק דער XVIII האָט זײַן קאָנסטיטוציע „ג ע ש א ָנ ק ע נ" דעם פראנצויזישן פאָלק, און לוי פיליפּ האָט זי באקומען פון דער דעפּוטאטן-פּאלאטע.

דער וואל-צענז איז אראָפּגעזעצט געוואָרן פון 300 ביז 200 פראנק אײַנגעצאָלטן שטײַער. אדאנק דעם איז די צאָל וויילער אויסגעוואקסן פון 94 טויזנט ביז 240 טויזנט. דעם הויכן צענז האָט מען אײַנגעהיט, קעדיי עס זאָל פּרעוואלירן יענצ אויבערקעפּל פון דער בורזשואזיע, וואָס האָט בייס דער יול-רעוואָליוציע פארכאפּט די מאכט. באוואכן די קאָנסטיטוציע האָט מען באופטראָגט די נאציאָנאלע גווארדיע.

„קיין גראָשן ניט צוליב רומ".

אין דער אויסערן-פּאָליטיק זײַנער האָט לוי-פיליפּ געפירט א פּאָליטיק פון געבן קעסיידערדיקע האנאָכעס ענגלאנד און רוסלאנד. צווישן אנדערן האָט ער געגעבן די האָסקאָמע אפ נידעריקע טאריפן, וואָס דאָס האָט פארגרינגערט דעם ארײַנפיר פון ענגלישע סכוירעס קיין פראנקרײַך. ער האָט מוירע געהאט פאר א מילכאָמע. און זײַן לאָזונג איז געווען: „קיין גראָשן ניט צוליב רומ". דאָס אייציקע אָרט, ווו ער איז מאסקים געווען מילכאָמע צו האלטן, איז געווען אפריקע, ווײַל „די הארמאטן-זאלפן, — ווי ער האָט זיך אויסגעדריקט, — וואָס קנאלן דאָרטן, הערט מען ניט אין איירָאָפּע". אין לוי-פיליפּס צײַטן (צום 1847 י.) האָט מען ענדגילטיק דעראָבערט אָלזשיר; אָנגעהויבן די דעראָבערונג פון אלזשיר האָט קארל דער X ערעוו דער יול-רעוואָליוציע פון 1830 י.

די פארשווערונגען פון די לעגיטימיסטן.

די פראנצויזישע גוטבאזיצער, וואָס האָבן בייס דער יול-רעוואָליוציע פון 1830 י. פארלאָרן די מאכט, האָבן אפילע ניט געקלערט וועגן אונטערגעבן זיך ענדגילטיק אָן א שלאכט. זיי האָבן אָרגאניזירט א פּארטיי פון לעגיטימיסטן, וואָס האָט געהאט דעם ציל ווידער אוועקצוזעצן אפן טראָן די „געזעצלעכע" דינאסטיע פון די בורבאָנען [דאָס פראנצויזישע וואָרט légitime („לעזשיטימ") באטײַט „געזעצלעכער"]. זיי פלעגן אָרגאניזירן מאָנארכיסטישע פארשווערונגען אין וואנדייע און אין אנדערע ערטער, אָבער אָן דערפאָלג.

### די עקאָנאָמישע אנטוויקלונג פון פראנקרײַך.

אינעם פעריִאָד פון דער בורזשואזער מאָנארכיע, אין 1830—1848 יי., איז שוין פראנקרײַך אין עקאָנאָמישער הינזיכט אוועק ווײַט פאָרויס. אויב אין 1820 י. איז אינעם אָפּגעשטאנענעם פראנקרײַך געווען סאכאקל 65 דאמפּ-מאשינעס, איז צום 1847 י. שוין געווען ארום 5000. אויב אין 1830 י. האָט דער גאנצער קאפּיטאל, וואָס איז געווען אינוועסטירט אין די האנדלס- און אינדוסטריע-אונטערנעמונגען, באטראָפן 30 מלרד. פראנק, איז ער צום 1848 י. אויסגעוואקסן ביז 45 מלרד. פראנק. אין משך פון 20 יאָר זײַנען די אומזאצן פונעם פראנצויזישן באנק אויסגעוואקסן פון 6 ביז 44 מלרד. פראנק. בלויז די איינע אײַזנבאן-קאָמפּאניע, ווו פאָרזיצער איז געווען דער באנקיר לאפיט, האָט געהאט 36 מלנ. פראנק[1] אייגענעם קאפּיטאל און 14 מלנ. פראנק מעלוכישע האלוואָע.



אָנאָרע באלזאק.

אינעם פעריִאָד פון דער יול-מאָנארכיע איז געשטאנען בא דער מאכט דאָס אויבערקעפּל פון דער בורזשואזיע, באנקירן, אײַזנבאן-„קיניגן", אייגנטימער פון קוילנגרובן און ארצגרובן. בא דער מאכט האָבן זיך אויך געפונען די רײַכע ערדבאזיצער, וואָס זײַנען געשטאנען נאָענט צום אויבערקעפּל פון דער בורזשואזיע, דערהויפּט זײַנען דאָס געווען אייגנטימער פון געוועזענע נאציִאָנאלע פארמעגנס.

וואָס מער די אינדוסטריעלע בורזשואזיע האָט זיך פארשטארקט, אלץ גרעסערע פּרעטענזיעס האָט זי ארויסגעשטעלט. זי האָט געפאָדערט, מע זאָל פארקלענערן דעם הויכן וואל-צענז, פארברייטערן דעם קרײַז ווײלער. לוי-פיליפּס מיניסטער, גיזאָ, האָט אף די דאָזיקע פאָדערונגען ציניש געענטפערט: „קיין רעפאָרם וועט ניט זײַן, באדײַכערט זיך, וועט איר זײַן ווײלער!"

### דער רעאליזם אין דער ליטעראטור. באלזאק.

דער וווּקס און די פארשטארקונג פון דער בורזשואזיע האָבן זיך אויך אָפּגעשפּיגלט אין דער ליטעראטור. דער ראָמאנטיזם, ווי באוווּסט, האָט אָפּגעווענדט דעם לייענער פונעם לעבן און אוועקגעפירט אים אין א וועלט פון אויסערגעוויינלעכע געשעענישן און אויסערגעוויינלעכע מענטשן, אָפטמאָל אוועקגעפירט אים אין דעם ווײַטן אָוואר; אָנשטאָט דעם ראָמאנטיזם קומט איצט דער רעאליזם, וואָס שילדערט דאָסווירקלעכע לעבן פון לעבעדיקע מענטשן פון דער דעמלטיקער בורזשואזער געזעלשאפט.

דער אָנגעזעענסטער פאָרשטייער פון דער רעאליסטישער ריכטונג אין דער ליטעראטור איז געווען באלזאק.

דער גרויסער פראנצויזישער שרײַבער אָנאָרע באלזאק איז געבוירן געוואָרן אין 1799 י. באלזאק האט זיך אויסגעצייכנט מיט זײַן אומויסשעפּלעכער ענערגיע, מיט זײַן וווּנדערלעכער ארבעט

---

יעגע צײַט איז 1 פראנק = 37 קאָפּ. גאָלד.

פּייִקייט. ער פֿלעגט אַרבעטן צו 14—16 שאָ א מעסלעס; זיינע מאַנוסקריפּטן פֿלעגט ער פֿיל מאָל איבערמאַכן. מיט דער גרעסטער מייסטערשאַפֿט האָט באַלזאַק וואָרהאַפֿטיק געשילדערט דאָס לעבן און די ליידנשאַפֿטן פֿון דער בורזשואַזער וועלט. באַלזאַק האָט אײַנגעזען זײַן אויפֿגאַבע דערין, ער זאָל שילדערן די ווירקלעכקייט, באַווײַזן דאָס, וואָס עס „קומט פֿאָר אומעטום".

באַלזאַקס הויפּט־ווערק — איז א סעריע ראָמאַנען, וואָס זײַנען פֿאַרייניקט אונטערן אַלגעמיינעם נאָמען „די מענטשלעכע קאָמעדיע". אין „דער מענטשלעכער קאָמעדיע" ווערט בולעט געשילדערט די פֿראַנצויזישע געזעלשאַפֿט.

„זיך אַרויפֿאַרבעטן, — זאָגט איינער פֿון באַלזאַקס העלדן צום יונגן סטודענט ראַסטיניאַק, — אָט איז די אויפֿגאַבע, וואָס עס באַמיִען זיך צו לייזן 50 טויזנט יונגעלייט. ווי שפּינען וועט איר אויפֿרעסן איינע די אַנדערע. קיין פּרינציפּן זײַנען ניטאָ, עס זײַנען נאָר פֿאַראַן אומשטענדן, און א קלוגער מענטש פּאַסט זיך צו צו זיי, כדי דערנאָך מיט זיי צו האַנדלען אויף א ניַעם שטייגער".

**די שווערע לאַגע פֿון די אַרבעטער און פּויערים.**

פּאַראַלעל מיט דער אַנטוויקלונג פֿונעם קאַפּיטאַליזם האָט זיך פֿאַרערגערט די לאַגע פֿון די אַרבעטער און פֿון די ברייטע מאַסן פּויערים. די ערד, וואָס די פּויערים האָבן זיך אײַנגעשאַפֿן בײַס דער רעוואָלוציע, איז געוואָרן אַלץ מער פֿאַרצעלירט, צעטיילט אויף אַלץ קלענערע כאַלאָקים, ווײַל די אינדוסטריע האָט ניט באַוויזן אײַנצוזשלינגען דעם איבערפֿלוס פֿון דער דאָרפֿישער באַפֿעלקערונג. טויזנטער פּויערישע ווירטשאַפֿטן פֿלעגן יערלעך אויסגעפּאַרקויפֿט ווערן פֿאַר כויוועס.

שווידערלעך שווער איז געווען די לאַגע פֿון די אַרבעטער. בײַס מע האָט אויסגעפֿאָרשט איינעם אַן אַרבעטער-קוואַרטאַל אין דער שטאָט ליל, האָט איינע אַן אַלטיטשקע געזאָגט: „איך בין ניט רײַך, נאָר כ'האָב, דאַנקען גאָט, אַן אייגן בינטל שטרוי". דאָס דאָזיקע בינטל שטרוי איז געווען איר געלעגער.

**די ליאָנער אויפֿשטאַנד.**

אין די גרעסטע אינדוסטריעלע צענטערס פֿון פֿראַנקרײַך— אין פּאַריז און ליאָן — האָט נאָך פּרעוואַלירט די האַנט-טעכניק. אין ליאָן, וואָס האָט געשעמט מיט זײַנע זײַדנס און סאַמעטן, האָבן 30 טויזנט וועבער געלעבט אין שרעקלעכסטער אָרעמקייט. אין דער ליאָנער זײַדנס-וועב-אינדוסטריע האָט מען זומער געאַרבעט פֿון $3^1/_2$ אַזייגער אינדערפֿרי ביז 12 בײַנאַכט, ווינטער האָט מען געאַרבעט פֿון 5 אינדערפֿרי ביז 11 אין אָוונט.

אין 1831 י. האָבן די אויסגעהונגערטע אַרבעטער שוין ניט געקאָנט מער אַריבערטראָגן די נויט און זיי האָבן אַרויסגעשטעלט א פֿאָדערונג, מע זאָל זיי העכערן דעם אַרבעטסלוין. די באַלעבאַטים האָבן אָפּגעזאָגט. דאַן איז אויסגעבראָכן אַן אויפֿשטאַנד.

די ליאָנער אַרבעטער האָבן זיך געשלאָגן מיט פֿאָנען, אויף וועלכע עס איז געווען אָנגעשריבן: „לעבן, אַרבעטנדיק, אָדער שטאַרבן, קעמפֿנדיק!" נאָך א דרײַ-טאָגיקן קאַמף האָבן די אויפֿגעשטאַנענע אַרבעטער אײַנגענומען די שטאָט און האָבן אַרויסגעטריבן דאָס קיניגלעכע מיליטער. די אַרבעטער, וואָס האָבן נאָך ניט געהאַט קיין אייגענע פּאַרטיי, האָבן אָבער ניט געקאָנט אויסנוצן דעם זיג. די קליינע באַלעבאַטימלעך האָבן אַרונטערגעריסן די אָרגאַניזירונג פֿון דער אַרבעטער-מאַכט. פֿון פּאַריז האָט מען אַרויסגעשיקט גרויסע מיליטער-קרעפֿטן און זיי האָבן פֿאַרנומען ליאָן. דאָך איז ליאָן צען טעג געווען אין די הענט פֿון די אַרבעטער. דער ליאָנער אויפֿשטאַנד האָט געמאַכט א קאָלאָסאַלן אײַנדרוק אין פֿראַנקרײַך און אין אַנדערע לענדער. ער האָט באַוויזן, אַז עס גייט אַרויס אויף

דער אַרמע א נײַע קראַפט — דער אַרבעטער-קלאַס. דערײַ טאַקע באַשטײט די היסטאָרישע באַדײַטונג פונעם ליאָנער אופשטאַנד.

אינעם זעלבן ליאָן האָט זיך אין 1834 י. אפסנײַ אָנגעהויבן א נײַער אַר-בעטער-אופשטאַנד. די אופשטענדלער האָבן אַרויסגעלאָזט א פּראָקלאַמאַציע, ווו זיי האָבן געשריבן: „די זאַך, פאַר וועלכער מיר קעמפן, איז די זאַך פון דער גאַנצער מענטשהײַט, די זאַך פון גליק פאַר אונדזער היימלאַנד, די זאַך פון זי-כערן די צוקונפט!" די פּאָליטישע לאָזונגען, אונטער וועלכע עס איז אדורך דער דאָזיקער אופשטאַנד, זײַנען שוין געווען מער דײַטלעכע. די אַרבעטער האָבן גע-פאָדערט א רעפּובליק. די רעגירונג איז שוין אָבער איצט געווען אָפּ דער וואַך. אין דער בלוטיקער שלאַכט, וואָס האָט געדויערט 4 טעג, האָט די רעגולערע אַרמיי צעקלאַפּט די ליאָנער אַרבעטער.

די סאָציאַליסטישע געזעלשאַפטן. בלאַנקי.

די אופשטאַנדן פון די אַרבעטער האָבן געגעבן א שטויס דערצו, עס זאָל זיך פאַרשטאַרקן די סאָציאַליס-טישע באַוועגונג. אין פראַנקרײַך האָבן באַלעפּס נאָכ-פאָלגער בעראָש מיט בואָנאַראָטי אָרגאַניזירט א געהיימע געזעלשאַפט. אָגיוסט בלאַנקי האָט אָרגאַניזירט א צווייטע געהיימע געזעלשאַפט.

בלאַנקי (1805—1881) איז געווען א געוואַגטער און פעסטער רעוואָלוציאָנער. א העלפט פון זײַן לעבן האָט אים די פראַנצויזישע בורזשואַזיע געהאַלטן אין די טורמעס. ווען מע האָט דעם 56-יאָריקן בלאַנקי אָפּ איינעם פון די פּראָצעסן געפרעגט: „צי האַלט ער זיך, ניט געקוקט אָפּ די 25 יאָר טורמע, בא זײַנע פריערדיקע אידייען?", האָט ער אַנטשלאָסן געענטפערט: „פולשטענדיק". — „ניט בלויז בא די דאָזיקע אידייען, נאָר אויך באַם פאַרלאַנג דערשלאָגן זיך צו א זיג?" — האָט



דער ליאָנער אופשטאַנד פון 1831 י. — דער געראַנגל אפן פּלאַץ פון די בערנאַרדינער — פון א ליטאָגראַפיע.


בלאנקי.

מען אים געפרעגט ווײַטער. — „יאָ, ביזן סאמע טויט“, — האָט בלאנקי געענטפערט. דער מוטיקער רעוואָליוציאָנער בלאנקי איז אָבער געווען שוואך אין טעאָריע. ער איז געשטאנען אפ ניט קיין ריכטיקן וועג. בלאנקי האָט געהאלטן, אז מע קען קומען צום קאָמוניזם מיט דער הילף פון א פארשווערונג, וועלכע עס אָרגאניזירט א קליין הײַפל רעוואָליוציאָנערן.

בלאנקי האָט גרינגגעשעצט די פּאָליטישע ארבעט צווישן די מאסן, ער האָט ניט געהאט קיין פארבינדונג מיט די ארבעטער. ער האָט געמיינט, אז עס איז גענוג נאָר צו פארכאפּן די מאכט און מאכן די בילדונג צוטריטלעך פאר אלעמען, ווי דער קאָמוניזם וועט שוין אָנקומען אליין פון זיך.

אין 1839 י. האָט בלאנקי אָרגאניזירט א פארשווערונג אין פאריזש און האָט געפּרוּווט פארכאפּן די מאכט. די מאסן האָבן אים אָבער ניט געשטיצט, האָט ער געליטן א מאפּאָלע, און מע האָט אים ארעסטירט.

לוי בלאַן.

צוגלײַך מיט די אוטאָפּישע רעוואָליוציאָנערע סאָציאַליסטן, אזוינע ווי בלאנקי, פלעגן זיך אין פראנקרײַך ווענדן צו די ארבעטער אויך די קליינבירגערלעכע אָפּאָרטוניסטן. דער זשורנאַליסט לויִ בלאַן האָט גערופן די ארבעטער, אז זיי זאָלן זיך דערשלאָגן בא דער בורזשואזער מעלוכע שטיצע פאר די פּראָדוציר-געזעלשאפטן. ער האָט געפּאָדערט, אז די מעלוכע זאָל אויסקויפן די אונטערנעמונגען בא די אייגנטימער און איבערגעבן זיי די ארבעטער. לויִ בלאַן האָט געמיינט, אז ס'איז גענוג דערשלאָגן זיך צו אלגעמיינעם וואלרעכט און דאן וועט, אפילע בא דער בורזשואזער אָרדענונג, די מעלוכע שאפן געזעלשאפטלעכע ווארשטאטן, און דער סאָציאַליזם וועט פון א טרוים ווערן ווירקלעכקײַט.

פּרודאָן.

אָפּאָרטוניסטיש איז אויך געווען די לערע פונעם צווייטן בורזשואזן סאָציאַליסט — פּרודאָן (1809—1865).

פּרודאָן איז געווען אַן ארבעטערס א זון. די מוטער זײַנע איז געווען א פּויערטע. צוערשט איז פּרודאָן געווען א דרוקער-ארבעטער, דערנאָך איז ער אליין געוואָרן אַן אייגנטימער פון א קליינער דרוקערײַ. אין 1839 י. האָט ער אָנגעשריבן א בוך „וואָס איז אזוינס אייגנטום“. „אייגנטום — דאָס איז גנייווע“, — האָט ער דערקלערט. אלס „גנייווע“ האָט אָבער פּרודאָן געהאלטן נאָר דאָס גרויס-אייגנטום (דאָס אייגנטום פונעם סויכער, פונעם ערדבאזיצער, פונעם פאבריקאנט). קליין-אייגנטום האָט ער הייס פארטיידיקט. ער האָט געמיינט, אז אויב די פּויערים די אייגנטימער און די האנטווערקער וועלן זיך טוישן מיט זייערע פּראָדוקטן אָן פארמיטלער, נאָר אליין, דורך זייערן אַן אייגענעם אויסטויש-באנק, וועט

דערמיט די עקספּלואטאציע פארניכטעט ווערנ. ארויסגייענדיק פונ דער דאָזיקער טעאָריע, האָט פרודאָנ געהאלטנ, אז עס וועט זיכ אײַנגעבנ צו שאפנ א געזעלשאפט, וואָס זאָל באשטיינ פונ איינ קלאס — פונעמ קלאס קליינ-אייגנטימער. דערפאר טאקע האָט ער געלייקנט אינ דער נויטווענדיקײַט פונ קלאסנקאמפ, ביפראט פונ פּאָליטישנ קאמפ. א באגרענעצטער אונ אומוויסנדיקער, האָט פרודאָנ געהאלטנ, אז מע דארפ פארניכטנ די מעלוכע, ער איז געווענ אנ אנארכיסט. פרודאָנס רעאקציאָנערע אונ פארפלאָנטערטע טעאָריע האָט זיכ לאנג געהאלטנ אינ פראנקרײַכ — אינעמ לאנד, ווו באנאנד מיט דער גרויס-אינדוסטריע האָט זיכ אינ מעשעכ פונ צענדליקער יאָרנ צוזאמענגעלעבט די האנטווערקערײַ, די קליינ-אינדוסטריע אונ ווו דער ארבעטער איז געווענ ארומגערינגלט מיט א צאָלרײַכנ קליינ-אייגנטימערישנ פויערטום.

קאפיטל 10.

# ענגלאנד אינ די יאָרנ 1815—1848.

דער עקאָנאָמישער קריזיס אינ 1816—1819 יי. „פּיטערלאָאָ“.

נאָכנ 1815 י., ווענ עס האָט זיכ פארענדיקט דער פעריאָד פונ די מילכאָמעס, האָט זיכ אינ דער ענגלישער אינדוסטריע אָנגעהויבנ א קריזיס. די קריגס-ליפערונגענ האָבנ זיכ שטארק פארקירצט, אונ די שווערע מילכאָמע-שטײַערנ האָבנ ארונטערגעריסנ די קויפ-פײַיִקײַט פונ די מאסנ. די לאגע פונ די מאסנ האָט זיכ נאָכ מער פארערגערט מאכמעס די טוווע-געזעצנ. אינ 1815 י. האָבנ די ענגלישע לאָרדנ דורכגעפירט דורכנ פארלאמענט א געזעץ, וואָס האָט פארבאָטנ ארײַנצופירנ קיינ ענגלאנד טוווע פונ די לענדער פונעמ אייראָפּײִשנ קאָנטינענט. ארײַנפירנ טוווע האָט מענ געמעגט נאָר דאנ, ווענ ס'איז געווענ אנ אומגערעטעניש אינ ענגלאנד אונ מע פלעגט פארקויפנ ווייץ טײַערער פונ 80 שילינג פאר א קווארטער[1]. דאָס האָט מענ געטאָנ, קעדיי אײַנצוהאלטנ אפ טוווע די הויכע פרײַזנ פונ דער מילכאָמע-צײַט.

אינעמ פעריאָד פונעמ שארפנ קריזיס פונ 1816 י. האָבנ זיכ אינ ענגלאנד אָנגעהויבנ שטרײַקנ. אומעטום זײַנענ דאנ פאָרגעקומענ מיטינגענ. אפ די מיטינגענ האָט מענ געפאָדערט אלגעמיינע וואלרעכט.

די רעגירונג האָט פארבאָטנ פארזאמלונגענ, האָט אָפּגעשטעלט דעמ געזעץ וועגנ דער אומבארירלעכקײַט פונ דער פערזאָנ אונ האָט פארמאכט א רײ צײַטונגענ. אינ צוזאמענהאנג דערמיט, וואָס דער קריזיס האָט זיכ אינגיכנ אפסנײַ פארשארפט, האָט זיכ די באוועגונג נאָכ מער פארשטארקט.

אינ 1819 י. האָט זיכ אפנ פעטער-פעלד לעבנ מאנטשעסטער צונויפגעקליבנ א מיטינג, אפ וועלכנ עס זײַנענ בײַגעווענ 60 טויזנט מאנ, דעריקער ארבעטער. די ארבעטער האָבנ געטראָגנ פאָנענ מיט אויפשריפטנ: „בעסער שטארבנ אלס פרײַע מענטשנ אונ ניט ווערנ באלוינט ווי קנעכט“. „פרײַע גלײַכע פאָרשטייערשאפט אָדער טויט“. מיט אנטבלויזטע שווערדנ האָבנ זיכ ארײַנגעריסנ אינ האמוינ די

[1] קווארטער — 291 ליטער. 1 שילינג האָט אינ יענער צײַט באטראָפנ ארומ 47 קאָפּ. גאָלד.



„פיטערלאָאָ״ — פון א ליטאָגראפיע.

הוסארן — יענע, וואָס האָבן געזיגט לעבן וואטערלאָאָ (דערפאר האָט מען די האריגע אפן פעטער-פעלד פון כויזעק וועגן אָנגערופן „פיטערלאָאָ״).

די הוסארן האָבן צעבראָקט עטלעכע מענטשן אפ טויט; פיל זײַנען פארווונדעט געוואָרן. די ענגלישע רעגירונג האָט אויסגעדריקט דערפאר די הוסארן א דאנק.

קעדיי צו דערשטיקן די באוועגונג, האָט די רעגירונג פון די טאָריער, בעראָש מיט קעסטלרי, דורכגעפירט דורך דער געמיינדע-פאלאטע פינף געזעצן. די דאָזיקע געזעצן האָבן געקראָגן דעם נאָמען „אקטן וועגן פארשטאָפן דאָס מויל״. אָט די אקטן האָבן ענדגילטיק פארניכטעט די פרײַהייט פון וואָרט, די פרײַהייט פון פארזאמלונגען און פון דער פרעסע.

## די עקאָנאָמישע אנטוויקלונג פון ענגלאנד אין דער ערשטער העלפט XIX יה.

אויב סאָפ XVIII יה. זײַנען אין ענגלאנד נאָרוואָס אופגעקומען די ערשטע מאשינעס און פאבריקן, איז צו דער מיט XIX יה. האלט שוין אָפ די גרויסע מאשינירטע אינדוסטריע אנטשיידענע זיגן. די מאשין שטויסט אנטשיידן ארויס די האנט-ארבעט. פונעם 1820 י. ביזן 1844 י. איז די צאָל האנט-וועבער געפאלן פון 240 טויזנט ביז 60 טויזנט (אין 1860 י. איז שוין פארבליבן סאכאקל 8 טויזנט האנט-וועבער). פאר די זעלבע יאָרן איז די צאָל וועבער, וואָס האָבן געארבעט אפ מעכאנישע ווערקשטעלן, אויסגעוואקסן פון 10 טויזנט ביז 150 טויזנט.

די אונטערנעמונגען זײַנען געוואָרן מעכאניזירט און די פראָדוקציע פון דער אינדוסטריע איז שטארק אויסגעוואקסן.

אין די יאָרן 1771—1775 האָט מען אין ענגלאנד איבערגעארבעט סאכאקל 5 מלן. פונט בוימוואָל, און אין 1841 י. — 528 מלן. פונט. אין 1800 י. האָט מען אויסגעשמאָלצן 193 טויזנט טאָן טשוהון, און אין 1840 י. — 1,4 מלן. טאָן.

נייַע אינדוסטריעלע ראיאָנען אין ענגלאנד.

אינ 1844 י. האָט ענגעלס אזוי באשריבנ די אינדוסטריעלע דערפאָלגנ פונ ענגלאנד: „מיט א יאָר זעכציק אָדער אכציק צוריק איז דאָס געווענ א לאנד, ווי אנדערע לענדער, מיט ניט קיינ גרויסע שטעט, מיט אנ אומבאדייַטנדיקער אונ ווייניק-אנטוויקלטער אינדוסטריע אונ מיט א שיטערער, דעריקער אנ ערדארבעטערשער באפעלקערונג. איצט איז דאָס א לאנד, וואָס האָט ניט צו זיכ קיינ גלייַכנ, מיט א הויפטשטאָט, וואָס ציילט צוויי מיט א האלבנ מיליאָנ אייַנוווינער, מיט קאָלאָסאלע פאבריק-שטעט, מיט אנ אינדוסטריע, וואָס באזאָרגט מיט אירע ארטיקלענ די גאנצע וועלט...“[1].

**זינט די דרייַסיקער יאָרנ פונעמ XIX יה. הייבט מענ אָנ שנעל צו בויענ אייַזנבאנענ. הונדערטער ענגלישע דאמפ-שיפנ רייַזנ אומ איבער די יאמענ פונ גאָר דער וועלט.**

---

[1] ענגעלס, די לאגע פונעמ ארבעטער-קלאס אינ ענגלאנד, מארקס אונ ענגעלס, ווערק, ב. III, ז. 314.

אדאנק דער אנטוויקלונג פון דער אינדוסטריע האָט זיך אין ענגלאנד געענ־דערט די פארטיילונג פון דער באפעלקערונג. מאסנווײַז האָט מען זיך א לאָז גע־טאָן אפּ צאָפּן און אפּ מײַרעוו, אין די נײַע אינדוסטריעלע ראיאָנען. שנעל וואקסט די באפעלקערונג פון מאנטשעסטער, בירמינגעם און פון אנדערע אינדוסטריעלע צענטערס. די גרונט־קלאסן פון דער געזעלשאפט זײַנען אין ענגלאנד געוואָרן דער פּראָלעטאריאט און די בורזשואזיע. אין צוזאמענהאנג מיטן וווקס פון דער אינדוס־טריע, האָט ענגלאנד פארשטארקט דעם ארויספיר פון סכוירעס אין זײַנע קאָלאָ־ניעס און אין אנדערע מעלוכעס. די ענגלענדער זײַנען אלץ מער ארײַנגעדרונ־גען אין דער טיף פונעם קאָלאָסאלן לאנד אינדיע. אין 1839—1841 יי. האָבן זיי מילכאָמע געהאלטן מיט כינע און זיך דערשלאָגן, אז כינע זאָל אָפּן ווערן פארן אויסערלעכן האנדל. די ענגלישע בורזשואזיע האָט ניט אופגעהערט צו בארויבן און רויִנירן די אירלענדער.

די לאגע פון די האנט־ווערקער און פאבריק־ארבעטער.

אין ענגלאנד גופע איז, אין צוזאמענהאנג מיט דער אנט־וויקלונג פון דער גרויס־אינדוסטריע, די לאגע פון די אונטערגייענדיקע האנטווערקער געווען שוידערלעך. „די וועלט־געשיכטע, — האָט געשריבן וועגן דעם מארקס, — פארמאָגט ניט קיין מער שוידערלעך בילד, ווי דער לאנגזאמער אומקום פון די ענגלישע באוול־וועבער, וואָס האָט זיך פארצויגן אפּ יאָרצענדליקער און לעסאָף זיך פארענדיקט אין 1838 י.“[1].

שווערע מאטעריעלע זײַנען אויך אויסגעשטאנען די, וואָס זײַנען אָנגעקומען ארבעטן אפּ דער פאבריק. 16—18 שאָ ארבעט און א נישטיקע באלוינונג פאר דער ארבעט — דאָס איז געווען זייער גורל. „קימאט אלע, — האָט ענגעלס גע־שריבן וועגן די ארבעטער, — זײַנען זיי שוואך, פארמאָגן א ווינקלדיקן, אָבער ניט קיין פעסטן סקעלעט, זײַנען מאָגער, בלאס...“[2]. — טיפוס, „פאבריק־פיבער“, טובערקוליאָז פלעגן אוועקטראָגן אין קייווער ארײַן טויזנטער קאָרבאָנעס.

די פרויען און קינדער, וואָס זײַנען אָנגעקומען אין פאבריק, האָבן ארויס־געשטויסן די ארבעטער די מאנצבלען. עס איז געווען א געוויינלעכע דערשײַ־נונג, אז $^{3}/_{4}$ פון דער צאָל ארבעטער זײַנען באשטאנען פון פרויען און קינדער.

שרעקלעך זײַנען געווען די וווינונגס־באדינגונגען. דער רעגירונגס־קאָמיסאר, וואָס האָט באזוכט אין גלאזגאָ אַן ארבעטער־ראיאָן און געזען דאָרטן די שרעקלעך שמוציקע רויִנירטע הײַזער, אין וועלכע עס האָבן געוווינט 30—40 טויזנט ארבעטער, האָט געשריבן:

„אין אייניקע פון די דאָזיקע הײַזער, וועלכע מיר האָבן... באנאכט באזוכט, האָבן מיר געפונען אין יעדן צימער פון 15 ביז 20 מאַן, וואָס זײַנען געלעגן אפּן דיל... בינטלעך האלב־צעפוילטע שטרוי איבערגעמישט מיט שמאטעס — דאָס איז געווען זייער געלעגער. מעבל איז אינגאנצן ניט געווען אָדער געווען שפּאָט וויניק...“ „די דאָזיקע הײַזער, — האָט געשריבן דער זעלבער קאָמיסאר, — זײַנען געוויינלעך שמוציק, פײַכט און האלטן באם אײַנפאלן, אזוי אז קיין איין מענטש וואָלט אהין אפילע זײַן פערד ניט אוועקגעשטעלט“[3].

---

1 מארקס און ענגעלס, ווערק, ב. XVII, ז. 473.

2 ענגעלס, די לאגע פונעם ארבעטער־קלאס אין ענגלאנד, מארקס און ענגעלס, ווערק, ב. III, ז. 397.

3 מארקס און ענגעלס. ווערק. ב. III, ז. 334.

### די אינדוסטריאַליזאַציע די קאַפּיטאַליסטישע און די אינדוסטריאַליזאַציע די סאָציאַליסטישע.

דער אופקומ פונ פאַבריקנ אינ ענגלאַנד אונ שפּעטער אויכ אינ אַנדערע לענדער פונ אייראָפּע האָט געפירט צו אַ פאַרשטאַרקונג פונ דער עקספּלואַטאַציע פונ די אַרבע־טער אונ האָט געבראַכט די פאָלקס־מאַסנ צו אַ גרויסער פאַראָרעמונג. גאָר אַנ אַנדער כאַראַקטער האָט די אינ־דוסטריאַליזאַציע אינ אונדזער סאָציאַליסטישנ לאַנד. דעמ גרונטיקנ, פּרינציפּיעלנ קעגנזאַצ פונ דער אינדוסטריאַליזאַציע דער קאַפּיטאַליסטי־שער אונ דער אינדוסטריאַליזאַציע דער סאָציאַליסטישער האָט אונטערגעשטראָכנ כאַווער סטאַלינ, בייס ער האָט אָפּגעמערקט די ראָליע, וואָס עס האָט געשפּילט אינ דער אַנטוויקלונג פונעמ ענגלישנ קאַפּיטאַליזמ דאָס פאַרכאַפּנ אונ באַראַבע־ווענ קאָלאָניעס. כאַווער סטאַלינ האָט געשריבנ: „אַזוי האָט זיכ אַנטוויקלט, צומ בייַשפּיל, ענגלאַנד, וואָס האָבנדיק פאַרכאַפּט קאָלאָניעס אינ אַלע טיילנ פונ דער וועלט, האָט עס געפּאָמפּעט פונ דאָרטנ אינ מעשעכ פונ צוויי יאָרהונדערטנ „צו־גאָבלעכנ קאַפּיטאַל”, קעדיי צו פאַרשטאַרקנ זייַנ אינדוסטריע, אונ האָט זיכ פאַר־וואַנדלט, סאָפּקאָלסאָפּ, אינ אַ „וועלט־פאַבריק”. איר ווייסט, אַז דער דאָזיקער אַנטוויקלונגס־וועג איז פאַר אונדז ניט אָנעמבאַר, ווייל קאָלאָניאַלע פאַרכאַפּונגענ אונ רויבערייַענ פּאָרנ זיכ ניט מיט דער נאַטור פונ דער סאָוועטישער אָרדענונג”[1].

> באַמ קאַפּיטאַליזמ ברענגט דער אופקומ פונ מאַשינעס נייַע שווערע פּלאָגנ פאַר די אַרבעטנדיקע. באַ אונדז אָבער דינענ די מאַשינעס צומ גונסטנ פונעמ גאַנצנ פאָלק.
>
> ווענ עס האָט זיכ אַנטוויקלט די קאַפּיטאַליסטישע פּראָדוקציע — האָבנ זיכ אָנגעהויבנ קריזיסנ. גאָר אַנדערש איז באַ אונדז. באַ אונדז געפינט זיכ די מאַכט אינ די הענט פונעמ אַרבעטער־קלאַס, באַ אונדז ווערט דיווירטשאַפט געפירט אַפּ אַ פּלאַנמעסיקנ אופנ, באַ אונדז זייַנענ ניטאָ אונ עס קאָ־נענ ניט זייַנ קיינ קריזיסנ, קיינ אַרבעטלאָזיקייַט.
>
> די דערפאָלגנ פונעמ קאַפּיטאַליזמ האָבנ געפירט צו פאַרכאַפּערישע מילכאָמעס. די אויסבילדונג פונעמ פאַרבאַנד ססר האָט געשאַפנ אַ מעכטיקנ אָנשפּאַר פאַרנ שאָלעמ. אַפּ קיינעמ ווילנ מיר ניט אָנפאַלנ. מיר פאַרפעסטיקנ די שוצ פונ אונדזער סאָציאַליסטיש לאַנד אונ דערמיט גופע פאַרשטאַרקנ מיר די זאַכ פונ שאָלעמ.

### די פּאַרלאַמענטאַרישע רעפאָרמ פונעמ 1832 י.

די שנעלע דערפאָלגנ פונ דער אינדוסטריע אינ ענגלאַנד האָבנ געשאַפנ אַ רייַכע בורזשואַזיע, וואָס האָט געהאַט אַ גרויסנ אייַנפלוס, אָבער מאַכמעס דער פאַרעלטערטער וואַל־סיסטעמ איז זי געווענ באַזייַטיקט פונ דער פּאָלי־טישער מאַכט. באַ דער דאָזיקער וואַל־סיסטעמ האָט די בורזשואַזיע ניט געקאָנט שיקנ אינ דער געמיינדעס־־פּאַלאַטע אירע דעפּוטאַטנ. די געמיינדעס־פּאַלאַטע האָט זיכ געפונענ אינ די הענט פונ די ערדבאַזיצער. די נייַע גרויסע אינדוסטריעלע צענטערס, וואָס זייַנענ אופגעקומענ די לעצטע צייַט, האָבנ ניט געהאַט אינעמ פּאַרלאַמענט זייערע דעפּוטאַטנ. אינ דער זעלבער צייַט האָבנ קליינע שטעטלעכ, וואָס זייַנענ פאַר די לעצטע יאָרצענדליקער צומאָל אינגאַנצנ פּוסט געוואָרנ, נאָכ אַלצ געשיקט דעפּוטאַטנ.

די דאָזיקע שטעטלעכ האָט מענ אַ נאָמענ געגעבנ „פוילע שטעטלעכ”. אינ איינעמ פונ אָט די שטעטלעכ — אָלד־סאַרומ — איז סאַכאַקל געווענ פינפ הייַזער

---

[1] סטאַלינ, פּראַגנ פונ לעניניזמ, 9־טע אופלאַגע, ז. 169.

אונ 12 אײַנוווינער. דאָכ פלעגנ די אייגנטימער פונעמ דאָזיקנ שטעטל שיקנ אינ פארלאמענט צוויי דעפוטאטנ. אנ אנדער „פויל שטעטל" איז פארטרונקענ געוואָרנ, פלעגט עס נאָכ אויכ שיקנ דעפוטאטנ אינ פארלאמענט: אינ טאָג פונ די וואלנ פלעגט דער לאָרד, וואָס איז געווענ באלעבאָס פונעמ ברעג-פאס, אוועקפאָרנ אפ א שיפל צוזאמענ מיט דרײַ ווײלער אהינ, ווו עס איז אמאָל געווענ דאָס פאר-טרונקענע שטעטל, אונ פלעגט דאָרטנ דורכפירנ די וואלנ. בײַס די וואלנ פלעגנ די קאנדידאטנ אָנהאָדעווענ אונ אָנשיקערנ די ווײלער, אונטערקויפנ די ווײלער מיט געלט. שיקרעס, געשלעג צווישנ די ווײלער בא די שענקנ — דאָס איז גע-ווענ דאָס געוויינלעכע בילד פונ די וואלנ צומ ענגלישנ פארלאמענט.

די ענגלישע ארבעטער האָבנ געשטיצט די באוועגונג פונ דער ענגלישער בורזשואזיע פאר רעפאָרמירנ די וואל-סיסטעמ. אונ דאָס האָט געהאט אנ אנט-שיידנדיקע באדײַטונג. א שטארקנ שטויס דער דאָזיקער באוועגונג האָט געגעבנ די יול-רעוואָליוציע אינ פראנקרײַכ. אינ 1832 י. האָט דער פארלאמענט אונטערנ דרוק פונ די ארבעטער דורכגעפירט א רעפאָרמ. די מערהײַט „פוילע שטעטלעכ" האָט מענ פארניכטעט, די גרויסע אינדוסטריעלע צענטערס האָבנ באקומענ דאָס רעכט צו שיקנ דעפוטאטנ. עס איז פארקלענערט געוואָרנ דער וואל-צענז. אָבער די צאָל ווײלער איז אויסגעוואקסנ סאכאקל אפ 220 טויזנט.

די בורזשואזיע האָט אויסגעשפילט פונ דער דאָזיקער רעפאָרמ, די ארבעטער אָבער האָבנ פונ איר גאָרניט באקומענ, דערצו נאָכ האָט די בורזשואזיע „אָפגע-דאנקט" די ארבעטער פאר זייער מיטהילפ דערמיט, וואָס זי האָט דורכגעפירט א געזעצ וועגנ ארבעט-הײַזער פאר יענע, וואָס זוכנ ארבעט. אינ די דאָזיקע הײַזער האָט מענ די ארבעטער געהאלטנ ווי אינ טורמעס — אינ ארעסטאנטישע כאלאטנ, די מאנצבלענ האָט מענ אָפגעזונדערט פונ די פרויענ. די ארבעטער האָט מענ געצוווּנגענ אויסצופילנ שווערע ארבעט — דרויבלענ שטיינער, פאנאנדערפלעכטנ אלטע דורכגעסמאָלעטע שיפ-קאנאטנ; פונ אזא ארבעט פלעגט פונ אונטער די נעגל נעמענ טריפנ בלוט. די דאָזיקע הײַזער האָט מענ אָנגערופנ „באסטיליעס פאר ארבעטער". די הילפ, וואָס די נויטבאדערפטיקע האָבנ פריִער געקאָנט קריגנ אינ זייער וווינ-אָרט, האָט מענ איצט אָפגעשאפנ.

דער טשארטיזמ.

די בורזשואזיע האָט זיכ באנוגנט מיט דער רעפאָרמ פו-נעמ 1832 י., די ארבעטער האָבנ אָבער דעמ קאמפ פאָר-געזעצט.

אינ זייערע פאָדערונגענ זײַנענ די ארבעטער אוועק ווײַטער פונ דער בור-זשואזיע אונ זײַנענ איצט ארויסגעטראָטנ קעגנ איר. אינ 1835 י. האָט זיכ אינ ענגלאנד ווידעראמאָל אָנגעהויבנ א מאסעווע ארבעטער-באוועגונג. די לאָזונגענ זײַנענ געווענ: דורכפירנ א וואל-רעפאָרמ.

אינ 1836 י. איז אויסגעבראָכנ א האנדלס-אינדוסטריעלער קריזיס, אונ טויזנ-טער ארבעטער זײַנענ ארויסגעוואָרפנ געוואָרנ אפ דער גאס. דאנ האָט זיכ אינ לאָנדאָנ אָרגאניזירט אנ „ארבעטער-אסאָציאציע" צו קעמפנ פאר אלגעמיינעמ וואל-רעכט. די דאָזיקע אסאָציאציע האָט אינעמ פאָלגנדיקנ יאָר אויסגעארבעט א גרויסע פעטיציע אָדער א פאָלקס-כארטיע, קעדיי צו דערלאנגענ זי אינ פארלאמענט. אינ ענגליש הייסט כארטיע „טשארטער", אונ דעריבער האָט די גאנצע באוועגונג געהייסנ טשארטיסטישע באוועגונג.

אין דער דאָזיקער כאַרטיע זײַנען געווען זעקס פּונקטן: 1) אײַנפירן גלײַכע פאָרשטייערשאַפט און אײַנטיילן ענגלאַנד אין 200 קרײַזן מיט א גלײַכער צאָל אײַנוווינער; 2) איבערוויילן דעם פּאַר-לאַמענט יעדן יאָר; 3) אײַנפירן אַלגעמיין וואַלרעכט (פאַר מאַנצבלען, וואָס זײַנען אַלט געוואָרן 21 יאָר און וואָס לעבן אינעם געגעבענעם אָרט ניט ווייניקער פון 6 כאַדאָשים); 4) אָפּשאַפן דעם פּאַר-מעגנס-צענז; 5) אײַנפירן געהיימע אָפּ-שטימונג; 6) באַלוינען די דעפּוטאַטן און צונויפרופן רעגולערע סעסיעס פונעם פּאַרלאַמענט.


אָ'קאָנאָר — פון א ליטאָגראַפיע.

אין גרונט האָבן די דאָזיקע פאָדע-רונגען באַטײַט איין זאַך: אַלגעמיין וואַל-רעכט. די ענגלישע אַרבעטער האָבן גע-מיינט, אַז אויב דער פּאַרלאַמענט וועט אָננעמען די כאַרטיע און וועט אײַנפירן אַלגעמיין וואַלרעכט, וועט אַלע איבעריקע פראַגן לייזן דער פּאַרלאַמענט, און אינעם פּאַרלאַמענט, האָבן זיי געקלערט, וועלן אין דער מערהייט זײַן אַרבעטער.

די שטרעמונגען פון מאָראַלישער און פיזישער קראַפט.

שוין באַם אויסאַרבעטן די כאַרטיע האָבן זיך צווישן די טשאַרטיסטן אָנגעהויבן כלוקעדייעס. אייניקע טשאַרטיסטן, בעראָש מיטן אָנפירער פון דער לאָנדאָנער „אַרבעטער-אַסאָציאַציע" דעם סטאָליער לאָוועט האָבן געהאַלטן, אַז פאַר דער כאַרטיע דאַרף מען קעמפן צוזאַמען מיט דער בורזשואַזיע און דערבײַ אויסשליסלעך מיט פרידלעכע מיטלען — דורך אַגיטאַציע, פּראָפּאַגאַנדע און דורך דערלאַנגען פּעטיציעס אין פּאַרלאַמענט. „פרײַער פון אַלץ, — פלעגט לאָוועט זאָגן, — זײַנען מיר קעגנער פון אַלעם דעם, וואָס עס קאָן דערמאָנען אין רעוואָלוציאָ-נערן קאַמף, אין א רוף צו פיזישער קראַפט, צו גוואַלדטאַט. מע דאַרף איבער-צײַגן אַלע קלאַסן פון דער באַפעלקערונג און דעראָבערן די כאַרטיע אַף א פרידלעכן אויפן..." די דאָזיקע גרופּע האָט מען גערופן „די פּאַרטיי פון מאָראַ-לישער קראַפט" אָדער „די פּאַרטיי פון ראָזעוואָנ וואַסער". צווישן די אָנהענגער פון מאָראַלישער קראַפט זײַנען געווען ניט ווייניק אָוענס נאָכפאָלגער.

מיט די אָנהענגער פון פיזישער קראַפט האָט אָנגעפירט דער אירלענדישער לערער אָ'קאָנאָר. ווען אַלע מיטלען וועלן שוין זײַן אויסגעשעפּט, האָט ער אַלס לעצטן קאַמפּס-מיטל אָנערקענט א באַוואָפנטן אופשטאַנד. צווישן די מאַסן איז אָ'קאָנאָר געווען זייער פּאָפּולער. אָ'קאָנאָר האָט פאַרמאָגט א ריזיקן וווּקס, מעכ-טיקע פּלייצעס, א דונערדיקע שטים, איז געווען א גלענצנדיקער באָקסער, אַזא, וואָס האָט בײַס איינעם א געשלעג אַפּן מאַרק אויסגעהאַלטן דעם אָנגריף פון א גרויסן האַמוינ. ער איז געווען אַן אומדערמידלעכער אָרגאַניזאַטאָר, קיין סאָציאַ-

ליסט איז ער אָבער ניט געווען. „איך האַלט פונעם פּרינציפּ „מײַנס“ און „דײַנס“, — פלעגט ער זאָגן. אין איינער פון די צײַטונגען, וואָס עס האָבן ארויסגעגעבן זײַנע אָנהענגער, האָט מען געקאָנט דורכלייענען אַזאַ לידל:

כ'פארלאנג א שטיבעלע און גאָר,
ניט מער פון הונדערט פונט א יאָר,
א קו מיט קעלבלעך און א שעפּס,
א שטילע לאָנקע, גרין און קליין,
ווו ס'זאָל מיט זיי דער פּאַכטער גיין.

שפּעטער, אין 1845 י., האָט אָ'קאָנאָר געגרינדעט אַן ערד-געזעלשאַפט, וואָס האָט געשטעלט פאַר זיך אַ ניט-פּאַרווירקלעכבארן און רעאַקציאָנערן ציל: אויפקויפן ערד-כאַלאָקים, קעדײַ בעהאַדראָגעדיק אומצוקערן אַלע ארבעטער אויף דער ערד און זיי פארוואַנדלען אין קליין-אייגנטימער. ערטערווײַז האָבן זיך אָנגעשלאָסן צו דער באַוועגונג אויך בורזשואַזע טוער. אַזוי, צום בײַשפּיל, האָט זיך אין בירמינגעם אויף אַ שטיקל צײַט פאַריניקט צו די טשאַרטיסטן דער „פּאָליטישער פאַרבאַנד“, מיט וועלכן עס האָט אָנגעפירט דער באַנקיר אַטוווּד.

אין פּראָצעס פונעם קאַמף האָט זיך אָבער בא די טשאַרטיסטן אָנגעהויבן אויסבילדן אַ רעוואָליוציאָנערער סאָציאַליסטישער פליגל. דער אָנגעזעענסטער פאָרשטייער פונעם דאָזיקן פליגל איז געווען האַרני. צום אָנהייב איז האַרני געווען אַן אָנהענגער פון דער רעוואָליוציאָנערער טאַקטיק פון די יאַקאָבינער און מאַראַטס אַ נאָכפאָלגער. שפּעטער, פונעם 1843 י., האָט ער זיך געפונען אונטער אַ שטאַרקן אײַנפלוס פון ענגעלסן און דערנאָך אויך פון מאַרקסן. האַרני האָט געהאַלטן, אַז מע דאַרף ניט צעטיילן די ערד אויף קליינע כאַלאָקים, נאָר מע דאַרף קאָנפיסקירן די גאַנצע ערד און פארוואַנדלען זי אין מעלוכיש אייגנטום. ער האָט געפאָדערט, מע זאָל אײַנפירן אַן 8-שאָעיקן ארבעט-טאָג, מע זאָל פארבאָטן די ארבעט פון מינדעריעריקע און נאָך אַ ריי מאָסמיטלען אין די אינטערעסן פון די ארבעטער. פון דער גרופּע, וואָס האָט זיך אָפּגעשפּאָלטן פון לאָוועטס רעפאָרמיסטישער „ארבעטער-אַסאָציאַציע“, האָט האַרני אין 1838 י. אָרגאַניזירט אַ „דעמאָקראַטישע אַסאָציאַציע“.

**די ערשטע פּעטיציע (1838—1839).** די ערשטע פּעטיציע האָבן די טשאַרטיסטן אויסגעארבעט אין 1838 י. אין דער פּעטיציע, וואָס עס האָט אויסגעארבעט דער צוזאַמענפאָר (קאָנווענט), וועלכן עס האָבן צונויפגערופן די טשאַרטיסטן, איז געשטאַנען: „מיר שמאַכטן אונטער דער לאַסט פון די שטײַערן... די ארבעטער שטאַרבן פון הונגער... די ארבעט-הײַזער זײַנען איבערפולט, די פאַבריקן זײַנען פוסט געוואָרן“. דער צוזאַמענפאָר האָט זיך צוערשט צונויפגעזאַמלט אין לאָנדאָן, די פּאָליציי האָט אים אָבער געוואָלט צעגראָמירן. דאַן האָט זיך דער צוזאַמענפאָר אריבערגעקליבן קיין בירמינגעם. באַם באַהאַנדלען די קאַמפּס-מעטאָדן איז אויפן צוזאַמענפאָר פאָרגעקומען אַ שפּאַלטונג. עס האָט זיך געהאַנדלט וועגן אַ שטרײַק אין פאַל, אויב דער פּאַרלאַמענט וועט אָפּוואַרפן די פּעטיציע. די מערהײַט אָנהענגער פון „מאָראַלישער קראַפט“ איז געווען קעגן אַ שטרײַק. דער פּאָליציי האָט זיך ניט אײַנגעגעבן צו צעגראָמירן דעם טשאַרטיסטישן צוזאַמענפאָר אין לאָנדאָן און זי האָט דעריבער פּראָוואָצירט בלוטיקע צוזאַמענשטויסן מיט די ארבעטער די טשאַרטיסטן אין בירמינגעם. די שפּאַלטונג אין די רייען פון די טשאַרטיסטן און די



די טשאַרטיסטנ טראָגנ די פּעטיציע אינ פּאַרלאַמענט — פונ א ליטאָגראַפיע.

בלוטיקע עקזעקוציע איבער די בירמינגעמער ארבעטער האָבנ אונטערגעגעבנ דעמ פּאַרלאַמענט מוט, אונ ער האָט די פּעטיציע וועגנ אָנעמענ די כאַרטיע אָפּגעוואָרפנ. ארומ 450 אָנגעזעענסטע טוער פונ דער טשאַרטיסטישער באַוועגונג האָט מענ ארעסטירט. פונעמ יאָר 1839 איז דער אָנהענגער פונ „מאָראַלישער קראַפט" לאָוועט אונ זײַנ „ארבעטער־אסאָציאַציע" פּאַקטיש פונ דער באַוועגונג אָפּגעגאַנגענ.

**די אויסבילדונג פונ דער טשאַרטיסטישער פּאַרטיי־אָרגאַניזאַציע אונ דער העכסטער אופשטײַג פונ דער באַוועגונג.**

זומער 1840 י. איז אינ מאַנטשעסטער פּאָרגעקומענ א קאָנפערענצ פונ די טשאַרטיסטנ. אפ דער דאָזיקער קאָנפערענצ האָט מענ באַשלאָסנ צו פּאַרייניקנ די אָרטיקע צעשפּליטערטע קרײַזלעכ אינ איינ פּאַרטיי־אָרגאַניזאַציע. קעדיי ארײַנצוטרעטנ אינ דער דאָזיקער ארבעטער־אָרגאַניזאַציע, האָט מענ בלויז געדאַרפט אײַנגעבנ א שריפטלעכע מעלדונג, אז מע איז אײַנשטימיק מיט די פּרינציפּנ פונ טשאַרטיזמ. יעדערער, וואָס איז ארײַנגעטראָטנ אינ דער טשאַרטיסטישער אָרגאַניזאַציע, האָט באַקומענ א מיטגליד־בילעט, געצאָלט מיטגליד־אָפּצאָל אונ איז געווענ טעטיק אינ דער אונטערשטער אָרגאַניזאַציע לויט זײַנ וווינאָרט.

אינ 1842 י. איז געווענ דער העכסטער אופשטײַג פונעמ טשאַרטיזמ. מע האָט צונויפגעשטעלט א צווייטע פּעטיציע, ווו עס זײַנענ שוינ ארויסגערוקט געוואָרנ עקאָנאָמישע פּאָדערונגענ. מע האָט געשטעלט, ווי די טשאַרטיסטנ פלעגנ זיכ אויסדריקנ, „פראַגנ פונ מעסער אונ גאָפּל". אינ דער פּעטיציע האָט זיכ גערעדט וועגנ דער „שאַרפער נויט, פונ וועלכער עס קומענ אומ טויזנטער מענטשנ". די טאָג־האַכנאָסע פונ דער קיניגנ — 197 פונט סטערלינג (1 פונט סטערלינג האָט באַטראָפנ 10 גאָלד. רובל) האָט מענ פאַרגלײַכט מיטנ ארבעטסלוינ פונעמ ארבעטער — $3^1/_4$ פּענס (1 פּענס — ארומ 4 קאָפּ.). אינ דער פּעטיציע האָט מענ אופגעהויבנ די פראַגע וועגנ דעמ נידעריקנ ארבעטסלוינ פונ די דאָרפישע ארבעטער די באַ-

טראקעס. די פעטיציע האָט געפאָדערט, אַז מע זאָל אָפשאַפנ דעם געזעצ וועגנ די אָרעמע.

דעם 2 מײַ 1842 י., אינ א צײַט, ווענ דער קריזיס אונ די ארבעטלאָזיקײַט האָבנ זיכ געהאט פארשטארקט, האָט מענ די פעטיציע אָנגעגעבנ אינ פארלאמענט. די פעטיציע האָבנ געהאט אונטערגעשריבנ 3 מיליאָנ מענטשנ. עס האָבנ זי גע-טראָגנ אינ א ריזיקנ קאסטנ 20 מאנ, אונ פיל טויזנטער דעמאָנסטראנטנ זײַנענ מיטגעגאנגענ.

אינ דער נײַער פעטיציע זײַנענ געווענ ארויסגערוקט אויסגעשפראָכענע אר-בעטער-פאָדערונגענ: מע זאָל באגרענעצנ דעם ארבעט-טאָג, אָפשאפנ דעם גע-זעצ וועגנ די אָרעמע אונ פארניכטנ די ארבעט-הײַזער. באזונדערס וויכטיק איז געווענ דאָס, וואָס די פעטיציע האָט געפאָדערט, אַז מע זאָל פארניכטנ די מאָנאָ-פאָליע אפ דער ערד אונ אפ די אינדוסטריעלע פראָדוציר-מיטלענ.

דער פארלאמענט האָט אָבער אָפגעוואָרפנ די פעטיציע. קעדיי צו שטיצנ די פעטיציע, האָבנ די ארבעטער פונ מאַנטשעסטער אונ נאָכ זיי אויכ דער אויס-פיר-קאָמיטעט פונ דער טשארטיסטישער פארטיי דערקלערט אנ אלגעמײַנעמ שטרײַק (א „הייליקנ כוידעש”). אינ דער ווירקלעכקײַט איז אָבער דער שטרײַק קיינ אל-געמײַנער ניט געוואָרנ. עס זײַנענ אוועק נײַע ארעסטנ אונ געריכט-פראָצעסנ קעגנ די אָרגאניזאטאָרנ פונעמ ניט-געלונגענעמ שטרײַק.

אינ 1842 י. האָבנ די בורזשואזע מיטלויפער ענדגילטיק אײַנגעריסנ מיט די טשארטיסטנ, אונ דער טשארטיזמ ווערט אנ אויסגעשפראָכענע ארבעטער-באוועגונג.

דער פעריאָד פונ 1837—1842 יי. איז געווענ די צײַט פונ העכסטנ אופשטײַג פונ דער טשארטיסטישער באוועגונג.

די טשארטיסטישע באַוועגונג אינ 1848 י.

די לעצטע גרויסע באוועגונג פונ די טשארטיסטנ איז געווענ אינ 1848 י. דער שארפער עקאָנאָמישער קריזיס פונ 1847 י. אונ די רעוואָליוציע, וואָס האָט זיכ געהאט אָנגעהויבנ אינ פראנקרײַכ, האָבנ געגעבנ א נײַעמ שטויס צומ אופשטײַג פונעמ טשארטיזמ. אינ לאָנדאָנ האָט זיכ צונויפגעקליבנ דער צוזאמענפאָר פונ די טשאר-טיסטנ. אינ אָט דעמ פעריאָד האָט אָ'קאָנאָר צונויפגעשטעלט א פלאנ וועגנ פראָק-לאמירנ אינ ענגלאנד א בורזשואז-דעמאָקראטישע פויערשע רעפובליק; ער, אָ'קאָ-נאָר, האָט זיכ געקליבנ ווערנ פרעזידענט פונ דער דאָזיקער רעפובליק. דעמ 10 אפרעל 1848 י. האָט געזאָלט פאָרקומענ א גראנדיעזע דעמאָנסטראציע פאר שטיצנ די פעטיציע. די בורזשואזיע האָט אָבער אראָפגעבראכט אינ דער הויפטשטאָט א קאָלאָסאלע צאָל מיליטער. דאָס מיליטער איז אינ פולער שלאכט-גרייטקײַט גע-שטאנענ אינ די קאזארמעס, בא די הארמאטנ. כוצ דעמ, האָבנ 150 טויזנט פרײַ-וויליקע — בורזשואזע זינדלעכ — באקומענ פונ דער רעגירונג געווער. דער הויפט-אָרגאניזאטאָר פונ דער דעמאָנסטראציע אָ'קאָנאָר האָט זיכ ניט אנטשלאָסנ געבנ א סיגנאל צו אנ אופשטאנד אונ האָט אײַנגערעדט די ארבעטער, זיי זאָלנ זיכ צעגיינ אהיימ. די דעמאָנסטראציע איז ארונטערגעריסנ געוואָרנ. אינ א גרויסאר-טיק באפוצטנ עקיפאזש מיט פיר פערד אינ שפאנ האָט מענ אָפגעפירט די פעטי-ציע אינ פארלאמענט. דער פארלאמענט האָט צומ דריטנ מאָל אָפגעוואָרפנ די פעטיציע.

אינעמ דאָזיקנ לעצטנ פעריאָד פונ דער באוועגונג האָבנ די טשארטיסטנ די

סאָציאַליסטנ, וואָס האָבנ זיכ געפונענ אונטערנ שטאַרקנ אײַנפלוס פונ מאַרקסנ אונ ענגעלסנ, געגרינדעט בעראָש מיט הארני אינ 1844 י. די „געזעלשאַפט פונ ברידערלעכע דעמאָקראַטנ", מיט וועלכער מאַרקס אונ ענגעלס זײַנענ געווענ פאַרבונדנ.

אינ 1847 י. האָבנ די לאָנדאָנער „ברידערלעכע דעמאָקראַטנ" אײַנגעאָרדנט א מיטינג צו שטיצנ די רעוואָליוציאָנערע באַוועגונג אינ פוילנ. ווענ אפנ דאָזיקנ מיטינג איז אלס דעלעגאַט פונ די בריסעלער ארבעטער ארויסגעטראָטנ מאַרקס, האָט מענ אימ הייס באַגריסט. אינ זײַנ רעדע האָט מאַרקס פאָרגעלייגט צונויפ-רופנ אינ 1848 י. אינ בריסעל א קאָנגרעס פונ ארבעטער-פאָרשטייער פונ אלע נאַציעס אונ האָט גערופנ די טשאַרטיסטנ צו אַנ אנטשלאָסענעמ קאמפ פאר דער כארטיע.

ניט געקוקט אפ די שוואַכע זײַטנ זײַנע, האָט דער טשאַרטיזמ געהאַט א קאָלאָסאַלע באַדײַטונג. לענינ האָט געשריבנ וועגנ טשאַרטיזמ פאָלגנדעס:

„...ענגלאַנד האָט געגעבנ דער וועלט די ערשטע ברייטע, ווירקלעכ מאַסע-ווע, פאָליטיש אויסגעפורעמטע, פראָלעטאַריש-רעוואָליוציאָנערע באַוועגונג, דעמ טשאַרטיזמ..." [1].

כאָטש סטאַלינ האָט אָפגעמערקט, אז „דער טשאַרטיזמ האָט געשפילט זײַנ ניט קליינע היסטאָרישע ראָליע אונ האָט באַוועגט איינ טייל פונ די הערשנדיקע קלאַסנ צו גיינ אפ געוויסע האנאָכעס, אפ רעפאָרמעס, קעדיי אויסצומײַדנ גרויסע אופטרייסלונגענ" [2].

אונ ווירקלעכ, די טשאַרטיסטנ האָבנ זיכ אינ 1847 י. דערשלאָגנ צו א 10-שאָעיקנ ארבעט-טאָג פאַר פרויענ אונ מינדעריעריקע. פאַקטיש האָט מענ אויכ פאַר אייניקע קאַטעגאָריעס מאַנצבלענ אײַנגעפירט א 10-שאָעיקנ ארבעט-טאָג. די דאָזיקע באַוועגונג האָט אויכ אָפגעשפילט א גרויסע ראָליע אינעמ קאַמפ פאַר דער נײַער וואַל-רעפאָרמ, וואָס מע האָט דורכגעפירט עטוואָס שפעטער, אינ 1867 י.

די סיבעס פונ דער מאַפאָלע פונ דער טשאַרטיסטישער באַ-וועגונג.

די גרונט-סיבע, פאַרוואָס די טשאַרטיסטנ האָבנ געליטנ א מאַפאָלע, איז געווענ די שפאַלטונג אינ זייערע רייענ אונ די ווירקונג פונ די אָפאָרטוניסטנ, דה. פונ די, וואָס האָבנ געהאַלטנ, אז מע דאַרפ זיכ אָפזאָגנ פונ רעוואָליו-ציאָנערע אקציעס אונ מאַכנ פשאָרע מיט דער בורזשואַזיע. לענינ מערקט אָפ די באַזע, אפ וועלכער דער דאָזיקער אָפאָרטוניזמ האָט זיכ אנטוויקלט— די קאָלאָסאַלע ענגלישע קאָלאָניעס אונ די מאָנאָפאָליסטישע פאָזיציע פונ ענגלאַנד אפנ מאַרק, אלס רעזולטאַט פונ זײַנ אויבערהאַנט אינ דער אינדוסטריע לעגאַבע אנדערע לענ-דער. באַקומענדיק קאָלאָסאַלע רעוואָכימ, האָט די ענגלישע בורזשואַזיע זיכ אויכ געקאָנט פאַרגינענ אונטערצוּוואַרפנ א בײַנדל דעמ אויבערקעפל פונעמ ארבעטער-קלאַס אונ ווירקנ דורכנ דאָזיקנ אויבערקעפל אפ דער גאַנצער ארבעטער-באַוועגונג. דערצו איז נאָכ פונ דעמ יאָר 1852 געווענ אינ ענגלאַנד מיט קליינע איבעררײַסנ א באַדײַטנדיקער עקאָנאָמישער אופשטײַג.

דערמיט איז צו דערקלערנ דעמ צײַטווײַליקנ זיג פונעמ אָפאָרטוניזמ אינ דער ענגלישער ארבעטער-באַוועגונג.

---

[1] לענינ, ווערק, ב. XXIV, ז. 249.

[2] סטאַלינ, שמועס מיט ה. ד. אועלס, „פראַגנ פונ לעניניזמ", 10-טע אופלאַגע, 1936, ז. 611.

## קאַפּיטל 11.

# דער דײַטשישער פאַרבאַנד אין די יאָרן 1815—1848.

די פּאָליטישע אָרדע־נונג פון די מעלוכעס פונעם דײַטשישן פאַר־באַנד.

אפן ווינער קאָנגרעס איז אונטערגעשריבן געוואָרן דער אקט וועגן דײַטשישן פאַרבאַנד. אינעם דאָזיקן אקט האָט מען אַרײַנגעטראָגן א פּונקט וועגן אײַנפירן אין די דײַטשישע מעלוכעס א שטאַנדן-פאָרשטייערשאַפט. באַם פּרײַסישן קיניג פרידריך-ווילהעלם דעם III-טן איז נאָך געווען פריש אין זיקאָרן די פראַנצויזישע רעוואָליוציע און דער פאַקט, וואָס נאַפּאָלעאָן האָט צעגראָמירט דאָס אָפּגעשטאַנענע פּרײַסן. דעריבער האָט ער אין איינער פון זײַנע רעדעס, וואָס ער האָט געהאַלטן אין 1815 י., צוגעזאָגט צו שענקען דעם פּרײַסישן פאָלק א קאָנסטיטוציע.

אין די יאָרן פון רעאַקציע, וואָס איז אָנגעקומען נאָכן ווינער קאָנגרעס, האָט פרידריך-ווילהעלם ווי פאַרגעסן וועגן זײַן צוזאָג און ער האָט פײַנט געהאַט, ווען מע האָט אים וועגן אים דערמאָנט; אזויאַרום איז פּרײַסן געבליבן אָן א קאָנסטיטוציע.

אין דער מעלוכע-אָרדענונג פון די דײַטשישע מעלוכעס איז נאָכן ווינער קאָנגרעס געווען א גרויסע פאַרשיידנאַרטיקײַט. אין איניקע דאָרעמדיקע דײַטשישע מעלוכעס, וואָס זײַנען פריִער געווען אינעם רײַנישן פאַרבאַנד — אין בײַערן, באַדען און אנד., האָט מען אײַנגעפירט קאָנסטיטוציעס לויטן מוסטער פון דער פראַנצויזישער קאָנסטיטוציע, וועלכע עס האָט „געשאָנקען" ליודאָוויק דער XVIII.

אין צוואַנציק מעלוכעס פונעם דײַטשישן פאַרבאַנד איז ניט געווען אײַנגעפירט קיין שום פאָרשטייערשאַפט; צווישן די דאָזיקע צוואַנציק מעלוכעס זײַנען געווען אזעלכע גרויסע לענדער, ווי פּרײַסן, עסטרײַך און זאַקסן. אין די איבעריקע מעלוכעס האָט מען אופגעשטעלט די מיטלאַלטערלעכע שטאַנדן-פאָרשטייערשאַפט.

פאַקטיש האָבן אינעם דײַטשישן פאַרבאַנד געהערשט די צוויי גרעסערע מעלוכעס — פּרײַסן און די עסטרײַכישע אימפּעריע. די דאָזיקע ביידע מעלוכעס האָבן צווישן זיך געפירט א קאַמף פאַר העגעמאָניע.

די פּאָליטישע צעשפּליטערטקײַט און אָפּגעשטאַנענקײַט פון די דײַטשישע מעלוכעס האָבן שטאַרק טאָרמאָזירט די אנטוויקלונג פונעם קאַפּיטאַליזם.

די אנטוויקלונג פונעם קאַפּיטאַליזם אין דער לאַנדווירטשאַפט.

דאָס ליקווידירן די פעאָדאַלע פליכטן פון די פּויערים איז געגאַנגען אויסערגעווײנלעך לאַנגזאַם. די באַדינגונגען, אפּ וועלכע די פּויערים האָבן זיך געקאָנט באַפרײַען פון די פעאָדאַלע פליכטן, זײַנען געווען שווערע. דאָס אויסקויפן די פעאָדאַלע פליכטן האָט די פּויערים אָפּגעקאָסט ניט ווייניקער פון א מיליאַרד מאַרק. דאָס דאָזיקע געלט האָבן באַקומען די פּריצים. דערצו נאָך האָבן די פּויערים אָפּגעגעבן די פּריצים פון א דריטל ביז א העלפט פון דער גאַנצער אַקער-ערד. ביזן 1848 י. האָבן אַרום $^{6}/_{7}$ פון די פאַרמעגלעכע פּויערים אין פּרײַסן אויסגעקויפט די פליכטן. וואָס אָנבאַלאַנגט די אָרעמפּויערים און די מיטלפּויערים איז בלויז $^{1}/_{5}$ פון זיי געווען אימשטאַנד אויסצוקויפן די פליכטן און בלויז א טייל ערד.

די שווערע באדינגונגענ, אפ וועלכע מע האָט געקאָנט אויסקויפֿנ די ערד, האָבנ באַדײַטנדיק פארשטארקט די דיפערענציִרונג צווישנ די פויערים. עס האָט זיכ אויסגעטיילט א שיכט גראָסבאוערנ (באלעגופים). די גרעסטע צאָל פויערים האָט אָבער אָנגעווירנ א באַדײַטנדיקנ טייל ערד אונ איז געצווונגענ געווענ, אכוצ דער ארבעט אינ דער אייגענער ווירטשאפט, באטראקטעווענ נאָכ באַם פּאָרעצ אָדער באלעגופ.

אינעם דאָרפ האָבנ די פריצים אײַנגעהיט זייערע געריכטלעכע רעכט אונ האָבנ געהאט אינ זייערע באזיצנ אנ אייגענע פּאָליציי.

די אינדוסטריע.

דער פריצישער ווילקיר אונ די שרעקלעכע פּאַראָרעמונג פונ די גרונט-מאסנ פויערטום האָבנ טאָרמאָזירט די אנטוויקלונג פונ דער אינדוסטריע. בלויז $^1/_4$ באפעלקערונג האָט געווינט אינ די שטעט. דערצו נאָכ האָבנ פיל שטאָטישע אײַנוווינער אויכ זיכ פארנומענ מיט ערדארבעט. אינ דער אינדוסטריע האָט פרעוואלירט די האנטווערקערײַ. נאָכ אינ די פערציקער יאָרנ פונ XIX יה. איז אינ פּרײַסנ פונ 154 טויזנט שוסטער געווענ 95 טויזנט מײַסטערס-באלעבאטימ. פונ צוויי בעקער האָט נאָר איינער געהאט א לוינארבעטער אָדער א געזעל. גלײַכצײַטיק האָט זיכ אויכ אנטוויקלט די גרויס-אינדוסטריע. אויב אינ 1824 י. איז אינ גאנצ דײַטשלאנד געווענ סאכאקל צוויי דאמפּ־מאשינעס, איז אינ 1847 י. שוינ נאָר אינ פּרײַסנ אליינ געווענ העכער טויזנט אזוינע מאשינעס.

די האמבאכער פײַ־ערונג.

אונטער דער ווירקונג פונ דער יול-רעוואָליוציע האָט אינ אָנהייב דרײַסיקער יאָרנ פונ XIX יה. די כוואליע רעוואָליוציאָנערע באוועגונגענ זיכ דערקײַקלט אויכ צו די מעלוכעס פונעמ דײַטשישנ פארבאנד. אויב אינ פּרײַסנ אונ אינ עסטרײַכ האָט זיכ די אומצופרידנקײַט ניט אויסגעגאָסנ אינ מאסנ-באוועגונגענ, איז עס נאָר מאכמעס דעמ שטארקנ פּאָליציייִשנ דרוק, וואָס איז געווענ אינ די דאָזיקע לענדער. אינ דער מערהײַט צאָפנ-מעלוכעס האָט זיכ די באפעלקערונג פונדעסטוועגנ דערשלאָגנ, אז מע זאָל אָפּשאפנ די מיטלאלטערלעכע שטאנדנ-פארזאמלונגענ אונ פארבײַטנ זיי מיט קאָנסטיטוציאָנעלע אנשטאלטנ. עמעס, קימאט אומעטומ האָט מענ אײַנגעפירט א היכנ צענז, מע האָט אײַנגעפירט צוויי פּאלאטעס אונ אינ ערגעצ ניט איז ניט געווענ קיינ פאראנטוואָרטלעכ מיניסטעריום. בלויז אינ קורהעסנ האָט מענ אײַנגעפירט איינ פּאלאטע אונ א מיניסטעריום, וואָס איז אונטערגעוואָרפנ דער פּאלאטע.

אינעמ שלאָס האמבאכ (אפנ ריינ, בײַ שכיינעס מיט פראנקרײַכ) האָט מענ אינ 1832 י., אינעמ יאָרטאָג פונ דער אָרטיקער קאָנסטיטוציע, אײַנגעאָרדנט א גרויסע פײַערונג. די דאָזיקע פײַערונג איז געווענ א גרויסע פּאָליטישע געשעעניש פאר גאנצ דײַטשלאנד.

אפ דער פײַערונג זײַנענ זיכ צונויפגעפאָרנ העכער 20 טויזנט מאנ. די ליבעראלנ אונ די ראדיקאלנ האָבנ געהאלטנ רעדעס וועגנ באפרײַענ דײַטשלאנד אונ פאראייניקנ עס. זיי האָבנ געפאָדערט א רעפּובליק. אלס ענטפער אפ די דאָזיקע רעדעס האָבנ זיכ דערהערט אויסגעשרייענ: „צומ געווער, צומ געווער!“ מעטערניכ האָט געפאָדערט, מע זאָל שטרענג באשטראָפנ די אָרגאניזאטאָרנ פונ דער האמבאכער פײַערונג. אינ גאנצ דײַטשלאנד האָבנ זיכ אָנגעהויבנ רעפּרעסיעס. ווי-




דער טאמאָזשנע-פארבאנד אין דײַטשלאנד.

דעראמאָל איז אפּ א צײַט שטיל געוואָרן די געזעלשאפטלעכע באוועגונג, וואָס איר הויפּט-לאָזונג איז געווען — די ווידערפאראייניקונג פון דײַטשלאנד.

דער טאמאָזשנע-פאר-באנד.

די באוועגונגען אָנהייב דרײַסיקער יאָרן האָבן דאָך גע-געבן איין גרויסן רעזולטאט. אונטערן דראנג פון די פאָדערונגען פון דער דײַטשישער געזעלשאפטלעכקײַט האָט די מערהײַט דײַטשישע מעלוכעס געשאפן אין 1834 י. א טאמאָזשנע-פאר-באנד (אָן עסטרײַך). מע האָט פארניכטעט די טאמאָזשנע-באריערן צווישן די מע-לוכעס, וועלכע זײַנען געווען אינעם פארבאנד, און אײַנגעשטעלט איין געמיינ-זאמען טאריף.

איצט האָט מען גענומען פּאָשלינע סאכאקל איין מאָל — באם דורכפירן די סכוירע דורך דער גרענעץ פונעם גאנצן טאמאָזשנע-פארבאנד. דאָס צונויפגע-זאמלטע געלט איז ארײַנגעקומען אין איין אלגעמיינער קאסע און דערנאָך פלעגט מען עס צעטיילן צווישן די מעלוכעס.

זינט מע האָט געשאפן דעם טאמאָזשנע-פארבאנד, הייבט מען אָן צו בויען אין דײַטשלאנד אײַזנבאנען. אין 1835 י. האָט מען אויסגעבויט אין פרײַסן די

ערשטע אײַזנבאַן-ליניע, און אין 1845 י. האָט די לענג פון די אײַזנבאַן-ליניעס שוין געהאַלטן העכער 2 טויזנט קילאָמעטער. דאָס שאַפן דעם טאַמאָזשנע-פאַרבאַנד איז אויך געווען אַ סטימול פאַרן וווּקס פון דער גרויס-אינדוסטריע. אין 1846 י. איז אַף דער טעריטאָריע פונעם טאַמאָזשנע-פאַרבאַנד שוין געווען העכער 300 גרויסע וועבערײַ-אונטערנעמונגען, ווו עס האָבן געאַרבעט 45 טויזנט אַרבעטער. אין די דאָזיקע פאַבריקן און מאַנופאַקטורן זײַנען אָבער אַף 800 מעכאַנישע וועבשטולן געווען 34 טויזנט האַנט-שטולן. סאַמ פּערציקער יאָרן האָט נאָך אין דײַטשלאַנד פּרעוואַלירט די האַנט-פּראָדוקציע.

**די לאַגע פון די אַרבעטער. דער אויפשטאַנד פון די שלעזישע וועבער (1844).**

אין דײַטשלאַנד זײַנען די האַנטוואַרקער געוואָרן רויִנירט ניט נאָר מאַכמעס דער אַנטוויקלונג פון דער אייגענער גרויס-אינדוסטריע, נאָר אויך מאַכמעס דעם, וואָס מע פלעגט אַרײַנפירן פאַבריקאַטן פון ענגלאַנד — אַ לאַנד מיט אַ פאַרגעשריטענער און מעכטיקער מאַשין-טעכניק.

באַזונדערס שווער איז געווען די לאַגע פון די אַרבעטער אין שלעזיע. די שלעזישע וועבער פלעגן אַרבעטן פאַר דעם אויפקויפער בא זיך אין דער היים, אין די דערפער, וואָס געפינען זיך אַף די אָפּהאַנגען פון די ריזנבערג, און האָבן נאָך דערצו געהאַט אויסצושטיין דעם יאָך פון די גוטבאַזיצער: זיי האָבן געדאַרפט צאָלן די גוטבאַזיצער אַ ספּעציעלן „וועבער-שטײַער". אין אייניקע ראַיאָנען פון שלעזיע איז אויסגעשטאָרבן פון הונגער קימאַט אַ העלפט באַפעלקערונג.

אין די צוויי גרייסע דערפער — פּעטערסוואַלדאו און לאַנגענבילאו איז קימאַט די גאַנצע באַפעלקערונג געווען פאַרנומען מיט אויסאַרבעטן באַוול-שטאָפן. דאָרט האָט מען געאַרבעט אַף די פאַבריקאַנטן די אויפקויפער. וועגן איינעם אַזאַ פאַבריקאַנט, צוואַנציגער, האָט מען אין די דאָזיקע דערפער פאַרפאַסט אַ לידל:

די הענקערס-צוואַנציגערס — אַרום;
מעשאָרסים זיי פאַרמאָגן.
מע דריקט — דו שווײַג, מע רײַסט — דו שטום,
מע קאָן שוין ניט פאַרטראָגן.

אַ האַרץ פאַרמאָגט איר דען אין ברוסט?
ניין, מענטשנפרעסער, כײַעס
זײַט איר, בלויז רויבן אײַך זיך גלוסט,
אונדז שלעכט — איז אײַך אַ כיִעס.

איינמאָל האָבן די אַרבעטער געזונגען דאָס דאָזיקע לידל באַם פאַבריקאַנט אונטערן פענצטער. די פּאָליצײַ האָט דערפאַר איינעם אַן אַרבעטער אַרעסטירט און צעמיימעסט. דאַן האָט זיך סטיכיש אָנגעהויבן אַן אַלגעמיינער אויפשטאַנד פון די וועבער, וואָס האָבן שוין ניט געקאָנט מער אַריבערטראָגן די נויט און די רעכטלאָזיקײַט.

אינעם אויפשטאַנד פון 1844 י. האָבן אָנטיילגענומען עטלעכע טויזנט אַרבעטער. עטלעכע פאַבריקן האָט מען צעגראָמירט. דער האַמוין האָט פאַרניכטעט די האַנדלס-ביכער, אַף איין פאַבריק האָט מען צעבראָכן די נײַע מעכאַנישע ווערקשטעלן.

קעגן דעם מיליטער, וואָס איז אַרויסגעשיקט געוואָרן צו דערשטיקן דעם אויפשטאַנד, האָבן זיך די אַרבעטער אַ לאַז געטאָן מיט העק און מיט שטיינער. דאָס מיליטער האָט די אַרבעטער צעטריבן. 11 אַרבעטער האָט מען דערהאַרגעט און 24 פאַרוווּנדעט.



א מעטאַלורגישער זאַוואָד אינעם ריין־געביט — פון א ליטאָגראַפיע לויט שוטצס בילד (1838).

די יעדיע וועגן אופשטאנד האָט זיך פאַנאנדערגעטראָגן איבער גאנץ דייטש־לאנד. פונקט ווי דער ליאָנער אופשטאנד אין פראנקרייך, האָט דער דאָזיקער אופשטאנד באוויזן, אז אויך אין דייטשלאנד זיינען שוין די ארבעטער ארויסגע־טראָטן אלס זעלבשטענדיקע קראַפט.

הענריך היינע.

די פאָרגעשריטענע שרייבער פון דייטשלאנד אין די דרייסיקער — פערציקער יאָרן האָבן הייס מיטגעפילט דעם קאמף פון די פאריזשער ארבעטער. זיי האָבן באַזונגען די פראנצויזישע רעוואָלוציע, גערופן צום קאמף קעגן דעם פעאָדאַל־קליינבירגערלעכן דייטשלאנד. צווישן די דאָזיקע שרייבער האָט זיך אויסגעטיילט הענריך היינע. ער איז געבוירן געוואָרן אין 1797 י. אין א פאַראָרעמטער יידישער סאָכרישער פאמיליע, אין דיסעל־דאָרף אפן ריין. געשטיצט פון די רייכע קרויווים, פון וועלכע ער איז געווען מאטעריעל שטארק אָפהענגיק, האָט היינע געקראָגן העכערע בילדונג.

די צייטונגען מיט די מיטיילונגען וועגן דער יול־רעוואָלוציע אין פראנקרייך האָט דער דיכ־טער אופגענומען ווי „זון־שטראלן, פארוויקלטע אין פאפיר". זייענדיק אין פאריזש, האָט ער מיט טיפן ווייטעק איבערגעלעבט די מאפּאָלע פון דער רעוואָליוציע; דאָס אופשטעלן די מאָנארכיע אין פראנקרייך האָט בא אים ארויסגערופן א ביטערע אנטוישונג. היינע האָט הייס מיטגעפילט אויך דעם קאמף פון די ענגלישע ארבעטער פאר פאָליטישע רעכט.

אין 1843 י. דערנעענטערט זיך היינע מיט מארקסן. אונטער מארקס' אומיטלבארער ווירקונג הייבט זיך אָן בא היינען דער פרוכטבארסטער פעריאָד אין זיין שאפן. אָט ווי ער שרייבט אינעם דאָזיקן פעריאָד:

קלאפ, בלאָז אין האָרן, ווי א ווילכער!
קלאפ, בלאָז אין האָרן, זיי ניט רויק,
קאָלזמאנ עס לעבט כאָטש איין טיראַן!

ער שרייבט זיין באַרימטע ליד „די וועבער", וואָס איז געווידמעט דעם אופשטאַנד פון די שלעזישע וועבער אין 1844 י. ער שרייבט דאַן אָן אויך א גאַנצע ריי סאַטירישע לידער, וואָס זיינען געווענדעט קעגן די רעגירונגען פון פּרייסן און בייערן. צולעצט, שרייבט ער אָן זיין באַרימטע פּאָעמע „דייטשלאַנד" („א ווינטער־מייסעלע").

א מענטש, וואָס ווערט לייכט באַגייסטערט און איז ניט שטענדיק קאָנסעקווענט, איז היינע ניט געווען קיין פּאָליטישער קעמפער פאַר דער זאַך פון דער פּראָלעטאַרישער רעוואָליוציע. ער איז געווען א רעוואָליוציאָנערער דעמאָקראַט, וואָס האָט מיט אופריכטיקן מיטגעפיל נאָכגעשפּירט נאָכן וווקס פונעם יונגן אַרבעטער־קלאַס פון דייטשלאַנד.

אָט וואָס עס האָט אין איינער פון זיינע לעצטע לידער געשריבן דער רעוואָליוציאָנערער דיכטער היינע וועגן זיך אַליין:

עס שטראָמט מיין בלוט. דעם פּאָסטן כ׳מוז באַפרייען;
ס׳פאַלט איינער — אַנדערע פאַרנעמט זיין פּלאַץ!
דאָך פאַל איך אומבאַזיגט, און מיין קלייזייען
איז ניט צעבראָכן — בלויז דאָס האַרץ ט׳געפּלאַצט.

די לעצטע צען יאָר פון זיין לעבן האָט זיך היינע געפונען אין א שרעקלעכער לאַגע: א שווערע קרענק האָט אים צוגעשמידט צום בעט, אַריינגעלייגט אים, ווי ער אַליין פלעגט זאָגן, אין א „מאַטראַצן־קייווער".

ליגנדיק אפן טויטן־בעט, האָט היינע פונדעסטוועגן זיך ניט געהאַלטן פאַר באַזיגט: ער איז געווען זיכער, אז אפ זיין אָרט וועלן קומען נייע קריגער, נייע קעמפער פאַר דער זאַך פון פּראָגרעס.

### וו. ווייטלינג.

דער אַרבעטער־קלאַס אין דייטשלאַנד איז געווען ווייניקער ריף איידער אין ענגלאַנד און פראַנקרייך. אין די דייטשישע מעלוכעס פלעגן די אַרבעטער־אָרגאַניזאַציעס פאַרייניקן ניט קיין אינדוסטריעלע אַרבעטער, נאָר האַנטווערקערשע אַרבעטער.

לויט דער טראַדיציע, וואָס איז נאָך פאַרבליבן פון דער צייט פון די צעכן, פלעגן די געזעלן, איידער זיי פלעגן ווערן מייסטערס, אומוואַנדערן. פיל דייטשישע געזעלן זיינען געווען אין דער שווייצן, אין פראַנקרייך.

אונטער זייער ווירקונג איז אין 1836 י. אין פּאַריז געגרינדעט געוואָרן א „פאַרבאַנד פון די גערעכטע". צווישן די מיטגלידער פונעם דאָזיקן פאַרבאַנד זיינען געווען אויך דייטשישע אַר־



די שלעזישע וועבער — פון אן אָפּאָרט פון קעטע קאָלוויץ.

בעטער — דער שוסטער באוער, דער זייגערמאכער מאָל, קארל שאפער אונ אנד. צווישנ די דייטשישע געזעלנ האָט אינ פאריזש אונ שפעטער אינ דער שווייצ געפירט אנ ארבעט דער שניידער געזעל ווילהעלמ ווייטלינג (1808—1871).

ווייטלינג איז געווענ א רעוואָליוציאָנער. ער האָט אויסגעלאכט פוריעס האָפענונגענ אפ הילפ פונ די רייכע. ווייטלינג פלעגט זאָגנ: „דעמ בעסטנ פלאנ דארפנ מיר אָנשרייבנ מיט בלוט“. ווייטלינג האָט אָבער ניט באנומענ די היסטאָרישע ראָליע פונעמ פראָלעטאריאט אלס קעמפער פארנ סאָציאַליזמ. ער האָט געפריידיקט א קריסטלעכנ קאָמוניזמ אונ געלייגט האָפענונגענ אפ מענטשנ, וואָס האָבנ פארלאָרנ יעטווידע עקזיסטענצ־מיטלענ — אפ לומפענ־פראָלעטאריער, אפ שלעפער אונ אפילע אפ גאנאָווימ אונ גאזלאָנימ, אפ מענטשנ, וואָס האָבנ זיכ געפונענ אפנ לעצטנ שטאפל פונ אָרעמקייט אונ פארצווייפלונג. דורכ א פארשווערונג אונ דורכ אנ אלגעמיינער רעוואָליוציע, האָט ווייטלינג געפלאנעוועט גלייכ אריבערצושפרינגענ פונעמ לייבייגנטומ צומ קריסטלעכנ קאָמוניזמ. לויט ווייטלינגס פאָרשטעלונג האָט קריסטלעכער קאָמוניזמ באטייט אלגעמיינע אויסגלייכונג.

מארקס האָט אָפגעמערקט ווייטלינגס שוואכע ערטער, גלייכצייטיק האָט ער אויכ אונטערגעשטראָכנ ווייטלינגס רעוואָליוציאָנערישקייט, אינ קעגנזאצ צו דער פאכדאָנעס פונ דער דייטשישער בורזשואזיע. ווייטלינגס טעאָריע האָט מארקס פארגלייכט מיט ריזיקע קינדערשע שיכ פונעמ פראָלעטאריאט, לויט וועלכע מע האָט געקענט פאָרויסזענ די קינפטיקע מעכטיקייט פונעמ יונגנ ארבעטער־קלאס פונ דייטשלאנד.

קאפיטל 12.

# ק. מארקס אונ פ. ענגעלס.

בינ דער מיט פונעמ XIX יה. האָבנ די ארויסטרעטונגענ פונעמ פראָלעטאריאט דאָסראָוו געטראָגנ א סטיכישנ, ניט־אָרגאניזירטנ כאראקטער. די ליאָנער אופשטאנדנ אינ די דרייסיקער יאָרנ, דער אופשטאנד פונ די שלעזישע וועבער, די יונ־טעג פונ 1848 י. אינ פאריזש זיינענ דערצו די בעסטע איידעס. די אוטאָפישע סאָציאַליסטנ פלעגנ אָפווענדנ דעמ ארבעטער־קלאס פונ קלאסנקאמפ אונ האָבנ אימ ניט געקאָנט פירנ אפ א ריכטיקנ וועג. אפילע אינ דער פארהעלטניסמעסיק רייפערער טשארטיסטישער באוועגונג האָט זיכ נאָכ אויכ זייער שטארק געלאָזט פילנ דער איינפלוס פונ די קליינבירגערלעכע אוטאָפישע טעאָריעס.

א קאָלאָסאלע געשעעניש אינ דער ארבעטער־באוועגונג אונ אינ דער גאנצער וועלט־געשיכטע איז געווענ די אנטשטייונג פונעמ וויסנשאפטלעכנ סאָציאַליזמ.

די גרויסע לערער אונ פירער פונעמ פראָלעטאריאט זיינענ געווענ קארל מארקס (1818—1883) אונ פרידריכ ענגעלס (1820—1895). זיי האָבנ הויכ אופגעהויבנ די פאָנ פונ דער רעוואָליוציאָנערער לערע, וואָס זיי האָבנ געשאפנ, די פאָנ פונעמ וויסנשאפטלעכנ קאָמוניזמ. דאָס גרונטלעכסטע אינעמ וויסנשאפטלעכנ קאָמוניזמ איז די לערע וועגנ דער דיקטאטור פונעמ פראָלעטאריאט. מארקס האָט באוויזנ, אז בלויז דער ארבעטער־קלאס — דער פירער אונ דער אָנפירער פונ אלע ארבעטנדיקע — איז אימשטאנד צו פארווירקלעכנ דעמ סאָציאַליזמ. ער האָט באוויזנ, אז דער איינציקער וועג צומ דאָזיקנ גרויסנ ציל איז די דיקטאטור פונעמ ארבעטער־קלאס. דאָס איז דאָס וויכטיקסטע אונ דאָס גרונטלעכסטע אינעמ מארקסיזמ, אונ לעניג האָט עס ניט איינ מאָל אונטערגעשטראָכנ.

מארקס אונ זיינ שטענדיקער פריינט אונ געהילפ אינ דער ארבעט ענגעלס האָבנ געשאפנ די טעאָריע פונעמ וויסנשאפטלעכנ סאָציאַליזמ. איינצייטיק דערמיט זיינענ זיי געווענ די גרויסע רעוואָליוציאָנערע קעמפער, די אָרגאניזאטאָרנ פונ דער פראָלעטארישער פארטיי, — פונ דער פארטיי, וואָס איז באוואָפנט מיט דער וויסנשאפטלעכער רעוואָליוציאָנערער טעאָריע.

**ק. מארקס.**

ק. מארקס איז געבוירן געוואָרן אין 1818 י. אין דער שטאָט טריר, אינעם פּאָרגעשריטענעם אינדוסטריעלן ריינישן געביט, וואָס גרענעצט מיט פראנקרייך. סאכאקל מיט דריי יאָר פריער, איידער מארקס איז געבוירן געוואָרן, איז דאָס ריינישע געביט, וואָס איז געווען א טייל פון פראנקרייך, ווידעראמאָל געוואָרן א פּראָווינץ פונעם פעאָדאלן פּרייסן.

מארקס' פאָטער איז געווען אן אדוואָקאט, א הויכגעבילדעטער מענטש; ער האָט זיך שטארק אינטערעסירט מיט די ווערק פון די פראנצויזישע מאטעריאליסטן פון XVIII יה.

לערנענדיק זיך אין שול, האָט דער יונגער מארקס זיך אויסגעצייכנט מיט זיינע גלענצנדיקע פייקייטן. פארענדיקט די שול, האָט ער נאָכדעם זיך געלערנט אין אוניווערסיטעט, פריער אין באָן, דערנאָך אין בערלין.

זייענדיק נאָך אינעם באָנער אוניווערסיטעט, האָט מארקס שוין אקטיוו אָנטיילגענומען אין געזעלשאפטלעכן לעבן און מע האָט אים אויסגעוויילט אלס מיטגליד פון פארוואלטונג פון טרירער סטודענטישער לאנדסמאנשאפט. אין בערלין גיט מארקס אָפּ פיל צייט צו דערלערנען העגעלס פילאָסאָפיע (העגעל איז געבוירן געוואָרן אין 1770 י., געשטאָרבן אין 1831 י.).

„כאָטש העגעל אליין איז געווען אן אָנהענגער פון דער זעלבסטהערשערישער פרייסישער מעלוכע, בא וועלכער ער האָט געדינט אלס פראָפעסאָר פונעם בערלינער אוניווערסיטעט, — איז העגעלס ל ע ר ע געווען א רעוואָליוציאָנערע“ [1]. העגעל האָט געשאפן זיין לערע אונטערן פרישן איינדרוק פון דער פראנצויזישער רעוואָליוציע. די גרונט-האנאָכע פון העגעלס פילאָסאָפיע איז געווען די אָנערקענונג, אז אלץ אין דער וועלט ענדערט זיך קעסיידער, אנטוויקלט זיך. העגעלס פילאָסאָפיע האָט ניט ריכטיק דערקלערט אלץ מיט דער אנטוויקלונג פונעם גייסט, פון אידייען. דאָס איז געווען א פילאָסאָפיע אן אידעאליסטישע, אָבער גופע דער געדאנק וועגן דעם, אז יעדע דערשיינונג געבוירט איר אינערלעכן ווידערשפּרוך, וועלכער אנטוויקלט זיך און ברענגט די דאָזיקע דערשיינונג צום אומקום, — אָט דער געדאנק איז געווען א רעוואָליוציאָנערער. בא א מאטעריאליסטישן צוגאנג צו געשיכטע האָט ער געהאָלפן צו באגרינדן, אז ס'איז אומפארמיידלעך די אנטוויקלונג פון די קלאסנווידערשפרוכן אין דער קאפּיטאליסטישער געזעלשאפט און דער אומקום פון דער דאָזיקער געזעלשאפט [2].

אין 1837 י. האָט זיך מארקס דערנעענטערט צו די לינקע העגעליאנער — ברונאָ באוער א. אנד. די לינקע העגעליאנער האָבן געשטרעבט אין אייניקע פראגן צו מאכן פון העגעלס לערע רעוואָליוציאָנערע אויספירן (צום בייַשפּיל, אין פראט פון רעליגיע).

אין 1841 י. האָט מארקס פארענדיקט דעם אוניווערסיטעט. באַם פארענדיקן האָט ער אָנגעשריבן א דיסערטאציע איבער דער גריכישער פילאָסאָפיע און האָט באקומען דעם וויסנשאפטלעכן טיטל דאָקטאָר פון פילאָסאָפיע. נאָך אלס סטודענט, האָט זיך מארקס אָנגעשלאָסן צו די לינקע העגעליאנער; דאָס איז געווען

[1] ל ע נ י נ, פרידריך ענגעלס, ווערק, ב. I, ז. 410

[2] אין דער קאָמוניסטישער געזעלשאפט זיינען ניט פאראן קיין קלאסן און קיין קלאסן-ווידערשפרוכן און די אנטוויקלונג פון דער דאָזיקער געזעלשאפט פירט ניט צו קיין פּאָליטישער רעוואָליוציע (ד ע ר א ו ו ט אָ ר).

גענוג, אז בא די רעאקציאָנערע פּאָראַנד־קעס, וואָס האָבן געהערשט אין פּרײַסן, זאָל מארקס אָנווערן יעטווידע מעגלעכקײַט צו אונטעריכטן אין אוניווערסיטעט.

אין 1842 י. האָבן די ריינישע ראַדיקאַלע בורזשואַ — אַ טייל פון זיי זײַנען געווען אָנגעשלאָסן צו די לינקע העגעליאַנער — געגרינדעט אין קעלן די דעמאָקראַטישע „ריינישע צײַטונג". רעדאַקטאָר פון דער צײַטונג איז געוואָרן דער 24-יאָריקער מארקס. אונטער מארקס' אָנפירונג האָט די צײַטונג אַלץ מער באַקומען אַ רעוואָליוציאָנער־דעמאָקראַטישן כאַראַקטער: די צײַטונג האָט געדרוקט אַרטיקלען, וואָס האָבן באַלויכטן די שווערע לאַגע פון די מאָזעלער פּויערים, האָט געקעמפט קעגן דעם צענזור־יאָך. די ווירקונג פון דער צײַטונג איז שנעל געשטיגן. דאַן האָט די פּרײַסישע רעגירונג געמאָלדן, אַז פונעם 1 אַפּרעל 1843 י. ווערט די צײַטונג צוגעמאַכט. עס האָט ניט געהאָלפן אַפילו דאָס, וואָס מארקס איז פון דער צײַטונג אַוועק.



פ. העגעל.

נאָכן צומאַכן די צײַטונג האָט זיך מארקס געלאָזן קיין פּאַריז. ער איז געפאָרן אַהין צוזאַמען מיט זײַן יונגער פרוי זשעני (איר מיידלשע פאַמיליע — וועסטפאַלען), דעם טרײַען פרײַנט זײַנעם און געהילף אין גאַנצן לעבן. דאָס לעבן אין פּאַריז האָט געהאַט אויף מארקסן אַ גרויסע ווירקונג. מארקס האָט דאָ דערלערנט די רעוואָליוציאָנערע פאַרגאַנגענהייט פון פראַנקרײַך און גלײַכצײַטיק האָט ער זיך דאָ אויך דערנענטערט מיט די פראַנצויזישע רעוואָליוציאָנערע קרײַזן. פיל צײַט האָט מארקס אָפּגעגעבן אויף צו דערלערנען און קריטיש איבערצואַרבעטן דעם אוטאָפּישן סאָציאַליזם און די פּאָליטישע עקאָנאָמיע.

דאַן, ווען מארקס האָט געוווינט אין פּאַריז, איז פראַנקרײַך געשטאַנען פאַר אַ נײַער רעוואָליוציאָנערער כוואַליע. אין אָט דער צײַט ווערט מארקס ענדגילטיק אַ סאָציאַליסט. אין 1843 י. האָט ער צוזאַמען מיטן דעמאָקראַט אַרנאָלד רוגע אָנגעהויבן אַרויסגעבן דעם זשורנאַל „דײַטשיש־פראַנצויזישע יאָרביכער". אין די אַרטיקלען, וואָס מארקס האָט געדרוקט אינעם דאָזיקן זשורנאַל, האָט ער אַרויסגערוקט דעם געדאַנק וועגן דעם, אַז דער פּראָלעטאַריאַט, אַ באַוואָפנטער מיט דער רעוואָליוציאָנערער טעאָריע, וועט זײַן דער קלאַס, וואָס וועט באַפרײַען פון די עקספּלואַטאַטאָרן די גאַנצע מענטשהײַט. אין די דאָזיקע אַרטיקלען האָט מארקס אַרויסגערוקט די אידיי וועגן באַוואָפנטן קאַמף קעגן די קאַפּיטאַליסטן.

אינעם זעלבן זשורנאַל „דײַטשיש־פראַנצויזישע יאָרביכער" האָט אויך מיטגעאַרבעט פרידריך ענגעלס. ער האָט דאַן געלעבט אין ענגלאַנד און איז זעלבשטענדיק געקומען צום וויסנשאַפטלעכן סאָציאַליזם.

אין 1844 י. איז ענגעלס עטלעכע מאָל געקומען צו פאָרן אויף אַ פּאָר טעג

קיין פּאַריז. דאָ האָט ער זיך נאָענט באַ-
קאַנט מיט מאַרקסן (די ערשטע קורצע באַגעגעניש פון מאַרקסן מיט ענגעלסן איז פאָרגעקומען אין 1842 י. אין קעלן, אין דער רעדאַקציע פון דער „ריינישער צײַטונג"). די דאָזיקע באַקאַנטשאַפט איז געווען דער אָנהייב פון דער מערקווירדיקער פרײַנטשאַפט, וואָס האָט זיך צווישן זיי געצויגן פיל, פיל יאָרן, דאָס גאַנצע לעבן; דער יעסאָד פון דער דאָזיקער גרויסער פרײַנטשאַפט איז געווען די איבערגעגעבנקײַט דער זאַך פונעם פּראָלעטאַריאַט.



קאַרל מאַרקס.

פ. ענגעלס.

פ. ענגעלס איז געבוירן געוואָרן אין 1820 י. אין דער ריינישער פּראָווינץ, אין דער אינדוסטריעלער שטאָט באַרמען. זײַן פאָטער איז געווען א פאַבריקאַנט און ער האָט געצוווּנגען דעם יונגן ענגעלסן צו דינען אין א סאָחרישער קאָנטאָר. בא ענגעלסן אָבער זײַנען די גאַנצע צײַט געווען סיכסוכים מיט דער פאַמיליע און, אָנשטאָט צו גיין אין פאָטערס וועג, האָט ער אָפּגעגעבן אַלע זײַנע קויכעס דער רעוואָלוציאָנערער באַוועגונג פונעם אַרבעטער-קלאַס.

ענגעלס, וואָס איז געווען אין ענגלאַנד אָנהייב פערציקער יאָרן, האָט נאָענט געקענט צוזען די שרעקלעכע לאַגע פונעם אַרבעטער-קלאַס און די רויִנירנדיקע ווירקונג פון די קאַפּיטאַליסטישע קריזיסן. ענגעלס איז געוואָרן נאָענט מיט די אָנטיילנעמער פון דער טשאַרטיסטישער באַוועגונג און ער האָט אָנגעהויבן מיטאַרבעטן אין דער טשאַרטיסטישער צײַטונג „צאָפּן-שטערן". אין ענגלאַנד שרײַבט ענגעלס זײַן דעמאַסקירנדיק ווערק „די לאַגע פונעם אַרבעטער-קלאַס אין ענגלאַנד". אינעם דאָזיקן ווערק באַווײַזט ער, ווי ברוטאַל די בורזשואַזיע עקספּלואַטירט דעם אַרבעטער-קלאַס. צום אונטערשייד פון אַנדערע שרײַבער פון יענער צײַט, וואָס פלעגן באַשרײַבן בלויז די שרעקלעכע ליידן פון די אַרבעטער, שילדערט ענגעלס דעם אַרבעטער-קלאַס אַלס א קראַפט, וואָס איז אימשטאַנד צו פירן א קאַמף פאַר זײַן באַפרײַונג. פיל צײַט האָט ענגעלס אָפּגעגעבן דעם שטודיום פון פּאָליטישער עקאָנאָמיע.

מאַרקס און ענגעלס אַרבעטן פאַראַנדער די טעאָריע פון וויסנשאַפטלעכן סאָציאַליזם.

פונעם 1844 י. האָבן סײַ מאַרקס און סײַ ענגעלס, וועלכער פלעגט אָפט זײַן אין פּאַריז, „גענומען דעם אַקטיוווסטן אָנטייל אינעם דעמאָלטיקן קאָכיקן לעבן פון די רעוואָלוציאָנערע גרופּעס פון פּאַריז..." [1].

אָנגעהויבן פונעם 1843 י. און ביזן יאָר 1846 אײַנגעשלאָסן האָט מאַרקס אַנטשיידן צעקריטיקירט די אידעאַליסטישע פילאָסאָפיע פון

1 לענין, ק. מאַרקס, ווערק, ב. XVIII, ז. 6.

העגעלנ אונ פונ זײַנע שילער. דער לערע העגעלס וועגנ אנטוויקלונג האָט ער געגעבנ אַנ אנדער אינהאלט. די דאָזיקע ארבעט האָט מארקס דורכגעמאכט אינ די יאָרנ 1843—1846, ווענ ער האָט גלײַכ נאָכנ פילאָסאָפ פייערבאכ זיכ געשטעלט אפנ באָדנ פונ מאטעריאַליזם.

ווענ פייערבאכ — איינער פונ די לינקע העגעליאנער — האָט געמאכט דעמ קער צומ מאטעריאליזמ אונ האָט באהויפּט, אז „דאָס דענקענ קומט פונעמ זײַנ, אונ ניט דאָס זײַנ פונעמ דענקענ", האָבנ מארקס אונ ענגעלס מיט באגײַסטערונג באגריסט דעמ דאָזיקנ קער. „מע האָט געדארפט איבערלעבנ די באפרײַענדיקע ווירקונג פונ די דאָזיקע ביכער", — האָט ענגעלס שפּעטער געשריבנ וועגנ פייערבאכס ווערק. מארקס איז אָבער אוועק ווײַטער פונ פייערבאכנ. פייערבאכ האָט געמאכט דעמ ערשטנ טראָט צו דערקלערנ די רעליגיע אפ א מאטעריאליסטישנ אופנ, אונ איז בא דעמ געבליבנ שטיינ.



פרידריכ ענגעלס.

מארקס האָט ניט בלויז קאָנסעקווענט מאטעריאליסטיש דערקלערט די גאנצע געזעלשאפטלעכע אנטוויקלונג, ער האָט אויכ ארויסגערוקט דעמ לאָזונג וועגנ איבערמאכנ אפ א רעוואָליוציאָנערנ אופנ די וועלט. „די פילאָסאָפנ האָבנ נאָר אפ פארשיידענע אופאנימ דערקלערט די וועלט, — האָט מארקס געשריבנ אינ זײַנע טעזיסנ וועגנ פייערבאכנ, — עס האנדלט זיכ אָבער אינ דעמ, אז מע זאָל זי ענדערנ"[1].

אינ 1845—1846 יי. שרײַבנ מארקס אונ ענגעלס אָנ דאָס טיפע, גלענצנדיקע ווערק „די דײַטשישע אידעאָלאָגיע". אינעמ דאָזיקנ ווערק גיבנ זיי אָנ אנטשיידנדיקע שלאכט די לינקע העגעליאנער פאר זייער אידעאליזמ אונ קריטיקירנ זיי פונ רעוואָליוציאָנערע מאטעריאליסטישע פּאָזיציעס. אינ דער „דײַטשישער אידעאָלאָגיע" זײַנענ שוינ פאָרמולירט די יעסוידעס פונ דער מארקסיסטישער וועלט-אָנשויונג, די יעסוידעס פונ דער מארקסיסטישער לערע וועגנ דער געזעלשאפטלעכער אנטוויקלונג. אָפּגעפּארטיקט זיכ מיט די לינקע העגעליאנער, האָבנ מארקס אונ ענגעלס גענומענ דערלאנגענ קלעפּ די קליינבירגערלעכע סאָציאליסטנ, וואָס פלעגנ אָפּווענדנ די ארבעטער פונ רעוואָליוציאָנערנ קאמפּ אונ טאָרמאָזירנ די רעוואָליוציאָנערע באוועגונג פונעמ ארבעטער-קלאַס.

---

[1] מ א ר ק ס, אויסגעוויילטע ווערק, ב. I, 1940, ז. 382.

מאַרקסן און ענגעלסן איז אויסגעקומען צו פירן אַ גרויסן קאַמף קעגן די דײַטשישע „עמעסע סאָציאַליסטן" — גרין, העס און אַנדערע. די „עמעסע סאָציאַליסטן" פלעגן אָפּװענדן דעם אַרבעטער־קלאַס פון פּאָליטישן קאַמף. זיי האָבן אַפּעלירט צו „אײביקער גערעכטיקײט", ברידערלעכקײט און ליבע און האָבן געשטערט דעם אַרבעטער־קלאַס צו באַזײַטיקן די אומקאָמפּראָמיסלעכקײט פון די קלאַסן־אינטערעסן. די „עמעסע סאָציאַליסטן" האָבן אויסגעדריקט די אינטערעסן פונעם רעאַקציאָנערן דײַטשישן קלײנבירגערטום.

מאַרקס און ענגעלס האָבן אויך קריטיקירט דעם אוטאָפּישן קאָמוניזם װײַטלינגס, װאָס האָט זיך פאַנטאַסטיש פאָרגעשטעלט, אַז מע קאָן באַפרײַען דעם פּראָלעטאַריאַט מיט דער הילף פון פאַר־שװערונגען.

דעם גאָר גרויסן גאָב האָט אַרײַנגעכאַפּט פון מאַרקסן פּרודאָן — דער רעאַק־ציאָנערער דרײקאָפּ, אַ מענטש מיט גרויסע פּרעטענזיעס, און אײַנדערעמעסן אַן אַמאָרעץ און אַ פּוסטע קײלע, אַ טיפּישער פאָרשטײער פון דער פּסעװדאָ־װיסנשאַפט.

מיט דער גאַנצער קראַפט און בײַסיקײט פון זײַן ריזיקן פּאָלעמישן טאַלאַנט האָט זיך מאַרקס אין דעם װערק „דער דאַלעס פון דער פילאָסאָפיע" (1847) אַרױפגעװאָרפן אָפּ פּרודאָנען. אינעם דאָזיקן גלענצנדיקן װערק פאָרמולירט מאַרקס די אידײ װעגן דעם, אַז דער פּראָלעטאַריאַט דאַרף אָפּ אַ רעװאָלוציאָנערן אויפן פאַרכאַפּן די מאַכט. אינעם זעלבן װערק האָט מאַרקס פאָרמולירט אויך די יעסױ־דעס פון זײַן געניאַלער עקאָנאָמישער טעאָריע.

די עקאָנאָמיסטן פון ענגלאַנד, — װאָס איז צו יענער צײַט געװען דאָס סאַמע פאָרגעשריטענע אינדוסטריעלע לאַנד, — האָבן אויך ביז מאַרקסן געמאַכט פּרוּװן צו דערלערנען און אויפדעקן דעם מעכאַניזם פון דער קאַפּיטאַליסטישער עקספּלוא־טאַציע. אינעם באַגינ פון דער אַנטװיקלונג פון דער בורזשואַזיע האָבן די בור־זשואַזע טעאָרעטיקער — אַדאַם סמיט (1723—1790), דאַװיד ריקאַרדאָ (1772—1823), די פאָרשטײער פון דער אױיגערופענער קלאַסישער שול פון דער פּאָליטישער עקאָנאָמיע, געפּרוּװט באַװײַזן דעם קװאַל, פונװאַנען די בורזשואַזיע שעפּט אירע רעװאָכים. זײ האָבן געפּרוּװט באַװײַזן, אַז די דאָזיקע רעװאָכים באַקומט זי דער־פון, װאָס זי צאָלט ניט אָפּ די אַרבעטער פאַר זײער גאַנצער אַרבעט. זײ האָבן אָבער געהאַלטן, אַז דער קאַפּיטאַליזם איז אײביק און זײ האָבן ניט אַנטדעקט די געזעצן פון זײַן אַנטװיקלונג. װאָס װײַטער דער קאַפּיטאַליזם האָט זיך אַנט־װיקלט, זײַנען די בורזשואַזע געלערנטע די עקאָנאָמיסטן געגאַנגען ניט פאָרויס, נאָר צוריק. זײ האָבן זיך אָפּגעזאָגט צו דעמאַסקירן דעם עקספּלואַטאַטאָרישן כאַ־ראַקטער פון דער בורזשואַזער פּראָדוקציע. דאָס האָט מאַרקס אויפגעדעקט, װיאַזוי די בורזשואַזיע פאַרײגנט פאַר זיך די ניט־באַצאָלטע אַרבעט פון די אַרבעטער, דאָס האָט ער פעסטגעשטעלט די װירקלעכע געזעצן פון דער אַנטװיקלונג פון דער קאַפּיטאַליסטישער געזעלשאַפט און איר אומפאַרמײַדלעכן אומקום. אין דער פולער מאָס האָט מאַרקס אַנטװיקלט זײַן עקאָנאָמישע טעאָריע שפּעטער, אין דעם אומשטערבלעכן װערק „קאַפּיטאַל" (דער ערשטער באַנד „קאַפּיטאַל" איז דערשינען אין 1867 י.).

דערלערנענדיק די עקאָנאָמיק, האָט מאַרקס באַװיזן, אַז די געזעלשאַפטלעכע אַנטװיקלונג װערט אין לעצטן סאַכאַקל באַשטימט דורך דער עקאָנאָמישער אַנט־װיקלונג.

האָבנדיק געמאַכט די װיכטיקסטע אַנטדעקונגען אין געביט פון פילאָסאָפיע און פּאָליטישער עקאָנאָמיע, האָט מאַרקס געיאַרשנט בײַ די אוטאָפּישע סאָציאַ־

ליסטנ זייער קריטישנ צוגאנג צומ קאפּיטאליזמ, ער האָט אָבער אָפּגעוואָרפנ די שוואכע, ניט-ריכטיקע זייטנ פונ זייער לערע. די אוטאָפּישע סאָציאַליסטנ האָבנ זיכ אָפּגעזאָגט פונ קלאסנקאמפ. מארקס האָט באוויזנ די אומפארמיידלעכקייט פונ-נעמ קלאסנקאמפ. ער האָט דערוויזנ, אז דער דאָזיקער קאמפ פירט צו דער דיקטאטור פונעמ פּראָלעטאריאט און אז נאָר דער ארבעטער-קלאס איז יענער קלאס, וואָס וועט זיכ שטעלנ בעראָש פונ אלע אונטערדריקטע מאסנ אונ וועט באפרייענ די מענטשהייט פונ עקספּלואטאציע, וועט פארניכטנ די קלאסנ אונ וועט איינשטעלנ צוערשט די סאָציאַליסטישע אָרדענונג אונ דערנאָכ די קאָמוניסטישע אָרדענונג.

„וואָס אָנבאלאנגט מיר, — האָט מארקס געשריבנ אינ 1852 י., — איז געהערט ניט מיר ניט דער פארדינסט, וואָס איכ האָב אנטדעקט די עקזיסטענצ פונ קלאסנ אינ דער מאָדערנער געזעלשאפט, ניט דער פארדינסט, וואָס איכ האָב אנטדעקט דעמ קאמפ צווישנ זיי. דאָס, וואָס איכ האָב אופגעטאָנ נייס, איז באשטאנענ אינעמ דערווייזנ פאָלגנדיקס: 1) אז די עקזיסטענצ פונ קלאסנ איז צוזאמענגעבונדנ בלויז מיט באשטימטע היסטאָרישע פאזעס אינ דער אנטוויקלונג פונ דער פּראָדוקציע; 2) אז דער קלאסנקאמפ פירט נויטווענדיק צו דער דיקטאטור פונעמ פּראָלעטאריאט; 3) אז די דאָזיקע דיקטאטור גופע שטעלט פאָר בלויז דעמ אריבערגאנג צומ פארניכטנ יעטווידע קלאסנ אונ צו דער קלאסנלאָזער געזעלשאפט“[1].

„מארקס׳ לערע איז אלמעכטיק, — האָט לענינ געשריבנ, — דערפאר, ווייל זי איז ריכטיק. זי איז פול אונ הארמאָניש, ווייל זי גיט די מענטשנ א פארגאנצטע וועלט-אָנשויונג, וועלכע איז אומקאָמפּראָמיסלעכ צו יעטווידנ אָבערגלויבנ, צו יעטווידער רעאקציע, צו יעטווידער פארטיידיקונג פונעמ בורזשואזנ יאָכ. זי איז דער געזעצלעכער יורעש פונעמ בעסטנ, וואָס די מענטשהייט האָט געשאפנ אינ XIX יה. אינ געשטאלט פונ דער דייטשישער פילאָסאָפיע, ענגלישער פּאָליטישער עקאָנאָמיע, פראנצויזישנ סאָציאַליזמ“[2].

כאווער סטאלינ האָט אזוי כאראקטעריזירט דעמ מארקסיזמ: „דער מארקסיזמ איז דער וויסנשאפטלעכער אויסדרוק פונ די גרונטיקע אינטערעסנ פונעמ ארבעטער-קלאס“[3].

מארקס׳ אונ ענגעלסעס טעאָרעטישע ארבעט איז געווענ אָרגאניש פארבונדנ מיט זייער רעוואָליוציאָנערער ארבעט, מיט זייער קאמפ פאר דער פּראָלעטארישער פארטיי.

דער גרויסער רעוואָליוציאָנער, דער געניאַלער געלערנטער מארקס האָט פארבונדנ זיינ גוירל מיטנ גוירל פונעמ פּראָלעטאריאט, ער איז געוואָרנ דער ערשטער פירער זיינער, דער אָרגאניזאטאָר פונ זיינ פאָרגעשריטענעמ אָטריאד — פונ דער קאָמוניסטישער פארטיי.

לויט דער פאָדערונג פונ דער פּרייסישער רעגירונג האָט לוי-פיליפּס מיניסטער גיזאָ אינ דעקאבער 1844 י. ארויסגעשיקט מארקסנ פונ פראנקרייכ. מארקס

[1] מארקס אונ ענגעלס, ווערק, ב. XXV, ז, 145—146.
[2] לענינ, ווערק, ב. XVI, ז. 349.
[3] סטאלינ, פראגנ פונ לעניניזמ, 10-טע אופלאגע, ז. 597.

איז אריבערגעפאָרנ קיינ בעלגיע אונ דאָ האָט ער געפירט א גרויסע ארבעט צווישנ די בעלגישע ארבעטער. צוזאמענ מיט ענגעלסנ האָט מארקס אינ יול — אויגוסט 1845 י. באזוכט לאָנדאָנ אונ מאנטשעסטער, קעדיי פערזענלעכ צו באקענענ זיכ מיטנ לעבנ פונעם סאמע פאָרגעשריטענעם אינדוסטריעלנ לאנד אינ דער וועלט.

דער „קאָמוניסטנ־פארבאנד“.

די ערשטע פארטיי־אָרגאניזאציע, וואָס מארקס האָט גע־שאפנ בא דער מיטהילפ פונ ענגעלסנ, איז געווענ דער „קאָמוניסטנ־פארבאנד“. דער קאָמוניסטנ־פארבאנד“ איז אנטשטאנענ פונעם פריִערדיקנ „פארבאנד פונ די גערעכטע“. מארקס אונ ענגעלס האָבנ שוינ לאנג געהאלטנ פארבינדונג מיט דער געהיימער רעוואָלוציאָנערער ארבעטער־געזעלשאפט, מיטנ „פארבאנד פונ די גערעכטע“, וואָס איז אָרגאניזירט געוואָרנ אינ פאריז אינ 1836 י. אָנגעהויבנ פונעם 1840 י., איז דער אָנפירנ־דיקער צענטער פונעם „פארבאנד“ אריבערגעטראָגנ געוואָרנ קיינ ענגלאנד. אינ לאָנדאָנ האָט דער דאָזיקער „פארבאנד“ אָנגענומענ אנ אינטערנאציאָנאלנ כאראק־טער אונ אָנגעהויבנ פירנ א פראָפּאגאנדיסטישע ארבעט. אינ די יאָרנ 1846—1847 האָבנ מארקס אונ ענגעלס גענומענ דעם אקטיווסטנ אָנטייל אינ דער ארבעט פונעם „פארבאנד“. אינ דער זעלבער צייט האָט מארקס, וואָס האָט זיכ דאנ גע־פונענ אינ בריסעל, אָרגאניזירט צוזאמענ מיט ענגעלסנ א „קאָמוניסטישנ פאר־בינדונגס־קאָמיטעט“. דער דאָזיקער קאָמיטעט האָט אָנגעקניפּט אונ געהאלטנ פאר־בינדונג מיט די דייטשישע סאָציאַליסטנ אונ קאָמוניסטנ. דער קאָמיטעט האָט אויכ געשטעלט פאר זיכ די אויפגאבע אָנקניפּנ פארבינדונגענ מיט די ענגלישע אונ פראנצויזישע סאָציאַליסטנ. אינ בריסעל האָט מארקס געפירט א גרויסע ארבעט צווישנ די ארבעטער, ער האָט געגרינדעט די „דייטשישע ארבעטער־געזעלשאפט“, געלייענט לעקציעס, פאָרטראָגנ, געווענ וויצע־פאָרזיצער פונ דער בריסעלער אר־בעטערשער „דעמאָקראטישער אסאָציאַציע“.

אפנ צוזאמענפאָר פונעם „פארבאנד פונ די גערעכטע“, וואָס איז פאָרגע־קומענ מיט ענגעלסעס אָנטייל זומער 1847 י., איז דער „פארבאנד“ רעאָרגאני־זירט געוואָרנ; אפנ דאָזיקנ צוזאמענפאָר איז פאקטיש געשאפנ געוואָרנ א נייַע אָרגאניזאציע. אינעם פראָיעקט פונעם סטאטוט איז דער ציל פונעם „פארבאנד“ פאָרמולירט געוואָרנ אזוי: „אראָפּווארפנ די בורזשואזיע, איינשטעלנ די הערשאפט פונעם פראָלעטאריאט, פארניכטנ די אלטע, בורזשואזע געזעלשאפט, וואָס באזירט זיכ אפ קלאסנ־אנטאגאָניזמענ, אונ שאפנ א נייַע געזעלשאפט אָנ קלאסנ אונ אָנ פריוואט־אייגנטום“ [1]. אָנשטאָט דעם „פארבאנד פונ די גערעכטע“, וואָס האָט זיכ געהאלטנ בא די אָנשויונגענ פונ די אוטאָפּישע סאָציאַליסטנ, איז געקומענ אנ אָרגאניזאציע, וואָס איז ארויסגעגאנגענ פונ די גרונט־פרינציפּנ פונעם וויסנשאפט־לעכנ קאָמוניזם. נאָכ דער רעאָרגאניזירונג האָט זיכ דער „פארבאנד פונ די גע־רעכטע“ אָנגעהויבנ רופנ „קאָמוניסטנ־פארבאנד“. אזויארום איז דער דאָזיקער צו־זאמענפאָר געווענ דער ערשטער צוזאמענפאָר פונעם „קאָמוניסטנ־פארבאנד“. דער פארבאנד איז געווענ אנ אומלעגאלע אָרגאניזאציע, וואָס האָט פּראָפּאגאנדירט די אידייענ פונעם וויסנשאפטלעכנ קאָמוניזם. ער האָט זיכ אָפּגעזאָגט פונ יעטווידער פארשווערערישער טאקטיק. די אונטערשטע אָרגאניזאציעס פונעם פארבאנד זיינענ

[1] מארקס אונ ענגעלס, מאניפעסט פונ דער קאָמוניסטישער פארטיי, אָגיז, 1939, ז. 98.

געווענ די געמיינדעס; יעדע געמיינדע האָט געציילט ניט ווינציקער פונ דריי מענטשנ אונ ניט מער פונ צוואַנציק. מיט די געמיינדעס האָבנ אָנגעפירט די קרייז-אָרגאַניזאַציעס, וועלכע זיינענ געווענ אונטערגעוואָרפנ דעם צענטראַל-קאָמיטעט.

אפנ II צוזאַמענפאָר פונעם „קאָמוניסטנ-פאַרבאַנד", וואָס איז פאָרגעקומענ אינ לאָנדאָנ הארבסט 1847 י., איז ענדגילטיק באַשטעטיקט געוואָרנ דער סטאַטוט פונעם „קאָמוניסטנ-פאַרבאַנד", אונ מע איז צוגעטראָטנ אויסאַרבעטנ די פּראָגראַם. אינעם אויסאַרבעטנ די פּראָגראַם האָט געשפּילט די אָנפירנדיקע ראָליע מאַרקס. דעם פּראָיעקט פונ דער פּראָגראַם האָט מענ באַהאַנדלט צענ טעג אונ דערנאָכ האָט מענ באַשטימט באַופטראָגנ מאַרקסנ אונ ענגעלסנ, זיי זאָלנ צונויפשטעלנ די פּראָגראַם פונעם „קאָמוניסטנ-פאַרבאַנד" אונ פאַרעפנטלעכנ זי אַלס מאַניפעסט פונעם „פאַרבאַנד".

איינער א יונגער דייטשישער אַרבעטער (א שניידער) לעסנער, וואָס איז געווענ א מיטגליד פונעם „קאָמוניסטנ-פאַרבאַנד", האָט אַזוי באַשריבנ דעם איינדרוק, וואָס מאַרקס האָט אפ אים געמאַכט אינ 1847 י.: „מאַרקס איז נאָכ דאַנ געווענ א יונגערמאַנ פונ א יאָר 28; ניט געקוקט דערופ, האָט ער אפ אונדז אַלעמענ געמאַכט א שטאַרקנ איינדרוק. מאַרקס איז געווענ פונ מיטעלנ וווקס, א ברייט-פּלייציקער, פול מיט ענערגיע. ער האָט געהאַט א הויכנ פּראַכטפולנ שטערנ, געדיכטע אונ שוואַרצע, ווי פּעכ, האָר, א דורכדרינגלעכנ בליק; דער סאַרקאַסטישער שמייכל זיינער פלעגט אָנוואַרפנ א מוירע אפ זיינע אָפּאָנענטנ. גערעדט האָט ער קורצ אונ געפּרעסט, אָנ איבעריקע ווערטער. יעדע פראַזע זיינע איז געווענ פול מיט געדאַנק, אונ יעדער געדאַנק איז בא אים געווענ א נויטווענדיקער רינג אינ זיינ אַרגומענטאַציע. די לאָגיק פונ זיינ רעדע איז געווענ העכסט איבערצייגנדיק".

## דער קאָמוניסטישער מאַניפעסט.

דער מאַנוסקריפּט פונעם „מאַניפעסט", וואָס מאַרקס אונ ענגעלס האָבנ אָנגעשריבנ סאָפ יאַנוואַר 1848 י., איז אָפּגעשיקט געוואָרנ פונ בריסעל קיינ לאָנדאָנ אונ דאָ טאַקע, אינ לאָנדאָנ, אינ פעוראַל 1848 י., איז דער „מאַניפעסט" אַרויס פונ דרוק.

אינ 1890 י. האָט ענגעלס מיט פולנ רעכט געשריבנ, אז דער „מאַניפעסט" איז געוואָרנ „דאָס סאַמע פאַרשפּרייטע, דאָס סאַמע אינטערנאַציאָנאַלע ווערק פונ דער גאַנצער סאָציאַליסטישער ליטעראַטור, די אַלגעמיינע פּראָגראַם פונ פיל מיליאָנענ אַרבעטער אינ אַלע לענדער — פונ סיביר ביז קאַליפאָרניע"[1].

וועגנ דעם „מאַניפעסט פונ דער קאָמוניסטישער פּאַרטיי" האָט לענינ אינ 1895 י. געשריבנ: „דאָס דאָזיקע קליינע ביכעלע איז ווערט גאַנצע בענדער: ביז היינטיקנ טאָג לעבט אונ באַוועגט זיכ מיט זיינ גייסט דער גאַנצער אָרגאַניזירטער אונ קעמפנדיקער פּראָלעטאַריאַט פונ דער ציוויליזירטער וועלט"[2].

יעדערער, וואָס שטרעבט צו באַהערשנ דעם באָלשעוויזם, דאַרפ לייענענ אונ ווידעראַמאָל לייענענ די פלאַמיקע שורעס פונעם „מאַניפעסט".

---

[1] מאַרקס אונ ענגעלס, ווערק, ב. XVI, ט. II, ז. 51.

[2] לענינ, ווערק, ב. I, ז. 413.

דער „קאָמוניסטישער מאניפעסט" באשטייט פונ פיר קאפּיטלענ. אינעמ ערשטנ קאפּיטל, וואָס הייסט „בורזשואַ אונ פּראָלעטאריער", ווערט באוויזנ, אז „די געשיכטע פונ אלע ביז־איצטיקע געזעלשאפטנ איז די געשיכטע פונ קלאסנקאמפּ"[1]. דאָרט ווערט באוויזנ, ווי אינ רעזולטאט פונעמ קאמפּ פונ פארשיידענע קלאסנ קומט צו דער מאכט די בורזשואזיע. „פרייַער אונ שקלאַפ, פּאטריציער אונ פּלעבייער, באראָנ אונ לייַבייגענער, צעכ-מייַסטער אונ געזעל, קורצ — אונטערדריקער אונ אונטערדריקטע זייַנענ שטענדיק געשטאנענ אינ קעגנזאצ איינע צו די אנדערע, האָבנ געפירט אנ אומופהערלעכנ, אמאָל א באהאלטענעמ, אמאָל אנ אָפענעמ קאמפּ, א קאמפּ, וואָס פלעגט זיכ יעדעס מאָל פארענדיקנ מיט א רעוואָליוציאָנערער איבערגעשטאלטונג פונ דער גאנצער געזעלשאפט אָדער מיטנ געמייַנזאמענ אונטערגאנג פונ די קעמפנדיקע קלאסנ"[2].

מארקס אונ ענגעלס באווייַזנ, אז די בורזשואזיע, וואָס האָט צעשטערט די פעאָדאלע פארהעלטענישנ, האָט אינ איר צייַט געשפּילט אינ דער געשיכטע א רעוואָליוציאָנערע ראָליע. ווענ זי איז אָבער געקומענ צו דער מאכט אונ האָט אייַנגעפירט די קאפּיטאליסטישע עקספּלואטאציע, האָט זי געשאפנ אזוינע גראנדיעזע פּראָדוקטיוו-קרעפטנ, וועלכע זי איז שוינ ניט אימשטאנד צו באהערשנ. עס קומענ אָנ קריזיסנ, די קאפּיטאליסטישע אָרדענונג פּענטעט די ווייַטערדיקע אנטוויקלונג פונ דער אינדוסטריע אונ לאנדווירטשאפט, צוזאמענ מיט דער בורזשואזיע קומט אופ אויכ דער קלאס, וואָס וועט שפּעטער אפּ א רעוואָליוציאָנערנ אויפנ אראָפּוואַרפנ די בורזשואזיע.

„אינ דער זעלביקער מאָס, אינ וועלכער עס אנטוויקלט זיכ די בורזשואזיע, דה. דער קאפּיטאל, אנטוויקלט זיכ אויכ דער פּראָלעטאריאט, דער קלאס פונ די מאָדערנע ארבעטער"[3].

דער פּראָלעטאריאט הייבט אָנ א קאמפּ קעגנ דער בורזשואזיע, וואָס עקספּלואטירט אימ. אינעמ דאָזיקנ קאמפּ ווערט ער באהעפּט אונ וועט עס זייַנ דער באגראָבער פונ דער בורזשואזיע אונ פונ דער קאפּיטאליסטישער אָרדענונג.

מארקס אונ ענגעלס כאראקטעריזירנ אינעמ ערשטנ קאפּיטל די בורזשואזע מעלוכע-מאשינ אזוי: „די מאָדערנע מעלוכע-מאכט איז ניט מער ווי א קאָמיטעט, וואָס פארוואלטעט מיט די געמייַנזאמע געשעפטנ פונעמ גאנצנ בורזשואזנ קלאס"[4].

אינעמ צווייטנ קאפּיטל „פּראָלעטאריער אונ קאָמוניסטנ" ריידנ מארקס אונ ענגעלס וועגנ די קאָמוניסטנ, אז זיי זייַנענ דער פאָרגעשריטענער אונ „דער סאמע אנטשיידנדיקער טייל פונ די ארבעטער פונ אלע לענדער, דער טייל, וואָס שטויסט שטענדיק צו גייַנ פאָרויס", אונ טעאָרעטיש האָבנ זיי לעגאבע דער איבעריקער מאסע פונעמ פּראָלעטאריאט די מייַלע, וואָס זיי זעענ פאָרויס די באדינגונגענ, דעמ גאנג אונ די אלגעמיינע רעזולטאטנ פונ דער פּראָלעטארישער באוועגונג"[5].

---

1 מארקס אונ ענגעלס, מאניפעסט פונ דער קאָמוניסטישער פּאַרטיי, אָגיז, 1939, ז. 27.
2 דאָרטנ, ז. 27—28.
3 דאָרטנ, ז. 35—36.
4 דאָרטנ, ז. 30.
5 דאָרטנ, ז. 44—45.

„דער נאָענטסטער ציל פונ די קאָמוניסטנ איז...” — „אראָפּוואַרפנ די הער־שאַפט פונ דער בורזשואַזיע אונ אז דער פּראָלעטאַריאַט זאָל דעראָבערנ די פּאָליטישע מאַכט”. אַזוי־אַרום אַנטהאַלט איינ זיכ דער „קאָמוניסטישער מאַניפעסט” די אידיי וועגנ דער דיקטאַטור פונעמ פּראָלעטאַריאַט. מאַרקס אונ ענגעלס באַ־גרינדנ דערבײַ די נויטווענדיקײַט צו פאַרניכטנ דאָס פּריוואַט־אייגנטומ אַפּ די פּראָדוציר־מיטלענ.

כאָטש סטאַלינ האָט אָפּגעמערקט, אַז שוינ אינעמ „מאַניפעסט פונ דער קאָ־מוניסטישער פּאַרטיי” האָבנ מאַרקס אונ ענגעלס „געגעבנ די גרונט־עסקיזנ וועגנ דער פּאַרטיי, אַלס פאָרגעשריטנעמ אָטריאַד פונעמ פּראָלעטאַריאַט, וואָס אָנ איר (אָנ דער פּאַרטיי) קאָנ דער פּראָלעטאַריאַט זיכ ניט דערשלאָגנ צו זײַנ באַפרײַונג ניט אינעמ זינ פונ נעמענ די מאַכט, ניט אינעמ זינ פונ איבערבויענ די קאַפּי־טאַליסטישע געזעלשאַפט”[1], אונ אַז לענינ האָט „אַנטוויקלט ווײַטער די דאָזיקע עסקיזנ צוגעפּאַסט צו די נײַע באַדינגונגענ פונעמ קאַמפּ פונ פּראָלעטאַריאַט אי־נעמ פעריאָד פונ אימפּעריאַליזמ...”[2].

אינעמ „קאָמוניסטישנ מאַניפעסט” ווערט געזאָגט, אַז די פּראָלעטאַריער האָבנ ניט קיינ פאָטערלאַנד. קלאָר ווי דער טאָג, אַז די קאַפּיטאַליסטישע לענדער זײַנענ ניט דאָס פאָטערלאַנד פונ די פּראָלעטאַריער. אָבער איצט פאַרמאָגנ די פּראָלעטאַריער פונ אַלע לענדער אַ פאָטערלאַנד — פּססר. דערמיט, וואָס דער אַר־בעטער־קלאַס פונ פּססר בויט די קאָמוניסטישע געזעלשאַפט אונ פאַרשטאַרקט אַלמעגלעכ די שוצפעיִקײַט פונ זײַנ סאָציִאַליסטיש היימלאַנד, קעמפט ער פאַר דער זאַכ פונ די פּראָלעטאַריער אונ אונטערדריקטע אַרבעטנדיקע מאַסנ פונ דער גאַנצער וועלט.

אינעמ דריטנ קאַפּיטל פונעמ „קאָמוניסטישנ מאַניפעסט” ווערט געגעבנ אַ צעשמעטערנדיקע קריטיק פונ די רעאַקציִאָנערע אונ אָפּאָרטוניסטישע טעאָריעס, וואָס טאָרמאָזירנ די אַנטוויקלונג פונ דער אַרבעטער־באַוועגונג. אינעמ לעצטנ, אינעמ פערטנ, קאַפּיטל רעדט זיכ וועגנ דער טאַקטיק פונ די קאָמוניסטנ אינ פאַרשיידענע לענדער אינ דער פאָרשטייענדיקער רעוואָלוציע, דערבײַ ווערנ דיס־קאָנטירט די ספּעציפישקײַטנ פונ יעדנ לאַנד.

וועגנ די אויפגאַבנ פונעמ פּראָלעטאַריאַט ווערט אינעמ שלוס־טייל פונעמ „מאַניפעסט פונ דער קאָמוניסטישער פּאַרטיי” געזאָגט פאָלגנדיקס: „די קאָמוניסטנ האַלטנ פאַר שענדלעכ צו באַהאַלטנ זייערע אָנשויונגענ אונ קאַוואָנעס. זיי דער־קלערנ אָפנ, אַז זייערע צילנ קאָנענ דערגרייכט ווערנ נאָר דורכ אַראָפּוואַרפנ איבערגוואַלד די גאַנצע ביז־איצטיקע געזעלשאַפטלעכע אָרדענונג. זאָלנ די הערשנ־דיקע קלאַסנ ציטערנ פאַר אַ קאָמוניסטישער רעוואָלוציע. די פּראָלעטאַריער האָבנ ניט וואָס צו פאַרלירנ אינ איר, אַכוץ זייערע קייטנ. געווינענ אָבער וועלנ זיי די גאַנצע וועלט”.

„פּראָלעטאַריער פונ אַלע לענדער, פאַראייניקט זיכ!”

די אידייענ פונעמ „קאָמוניסטישנ מאַניפעסט” זײַנענ פאַרווירקלעכט געוואָרנ אינ אונדזער סאָציִאַליסטישנ לאַנד. דער זיג פונ די דאָזיקע אידייענ איז פאַרפיקסירט אינ דער סטאַלינישער

[1] סטאַלינ, פראַגנ פונ לענינ׳יזמ, 10־טע אויפלאַגע, 1936, ז. 172.
[2] דאָרטנ, ז. 172—173.

קאָנסטיטוציע פונעם סאָציאַליזם, וואָס האָט געזיגט און וואָס האָט פאַרווירקלעכט אין פּסטר די פּרינציפּן, וועלכע מארקס און ענגעלס האָבן אַרויסגערוקט אין „קאָמוניסטישן מאַניפעסט".

איינגעשטעלט זיין דיקטאַטור און זיך פאַרוואַנדלט אין דעם הערשנדיקן קלאַס, האָט דער אַרבעטער־קלאַס פון אונדזער לאַנד אָפּגעשאַפן דאָס בורזשואַזע פּריוואַט־אייגנטום און ער בויט מיט קאָלאָסאַלן דערפאָלג די קאָמוניסטישע געזעלשאַפט. די וועלט־היסטאָרישע זיגן פונעם ראַטנפאַרבאַנד זיינען דער טריומף פונעם מאַרקסיזם־לעניניזם.

אין זיין פּאָרטראָג אַפן צוזאַמענפאָר XVII פון דער פּאַרטיי האָט כאַווער סטאַלין געזאָגט: „העכער 80 יאָר איז אַריבער, זינט דער מאַרקסיזם איז אַרויס אַף דער אַרענע. פאַר אָט דער צייט האָבן צענדליקער און הונדערטער בורזשואַזע רעגירונגען געפּרוווט פאַרניכטן דעם מאַרקסיזם. איז וואָס זשע? בורזשואַזע רעגירונגען זיינען געקומען און אַוועקגעגאַנגען, און דער מאַרקסיזם איז פאַרבליבן... נאָך מער — דער מאַרקסיזם האָט זיך דערשלאָגן דערצו, אַז ער האָט אָפּגעהאַלטן אַ פולשטענדיקן זיג אין איינס זעקסטכיילעך פון דער וועלט... מע קאָן ניט האַלטן פאַר קיין צופעליקייט דאָס, וואָס דאָס לאַנד, ווו דער מאַרקסיזם האָט אָפּגעהאַלטן אַ פולשטענדיקן זיג, איז איצט דאָס איינציקע לאַנד אין דער וועלט, וואָס ווייסט ניט פון קיין קריזיסן און אַרבעטלאָזיקייט... ניין, כאַווערים, דאָס איז ניט קיין צופעליקייט... אונדזערע דערפאָלגן האָבן מיר צו פאַרדאַנקען דעם אומשטאַנד, וואָס מיר האָבן געאַרבעט און געקעמפט אונטער דער פאָן פון מאַרקס, ענגעלס, לענין"[1].

### מאַרקס בא דער אַרבעט.

אַלע, וואָס זיינען געווען באַקאַנט מיט מאַרקסן, האָבן באַוווּנדערט זיין אויסערגעוויינלעכע אַרבעטפייִקייט. ער איז געווען העכסט געבילדעט און אויסגעצייכנט באַהאַוונט אין אַלע געביטן פון דער וויסנשאַפט. מאַרקס פלעגט צוגרייטן זיינע טעאָרעטישע אַרבעטן אויסערסט זאָרגזאַם און געוויסנהאַפט. אַזוי, צום ביישפּיל, האָט מאַרקס, ווען ער האָט אָנגעהויבן צו פאַנאַנדעראַרבעטן זיין עקאָנאָמישע טעאָריע, דערלערנט אָן אַ שיר ווערק פון די עקאָנאָמיסטן. עס האָבן זיך איינגעהיט די אויסצוגן, וואָס מאַרקס האָט געמאַכט פון די ווערק פון זיבעציק עקאָנאָמיסטן פון XVII, XVIII און XIX יה. אויב מע זאָל אָפּדרוקן בלויז די דאָזיקע אויסצוגן, וואָלטן זיי פאַרנומען פינף גראָבע בענדער.

ווען מאַרקס האָט געאַרבעט איבער דער פראַגע וועגן די אַגראַר־פאַרהעלטענישן, האָט ער געהאַלטן פאַר נייטיק צו דערלערנען די אַגראַר־פאַרהעלטענישן אין רוסלאַנד און צוליב דעם האָט ער סאָף 1869 י. (ווען ער איז שוין אַלט געווען 51 יאָר) דערלערנט די רוסישע שפּראַך. אין משך פון דריי כאָדאָשים האָט מאַרקס שוין אַף אַזויפיל געקענט די רוסישע שפּראַך, אַז ער האָט איבערגעלייענט פלעראָווסקיס בוך „די לאַגע פונעם אַרבעטער־קלאַס אין רוסלאַנד". פון אָנהייב זיבעציקער יאָרן האָט מאַרקס פריי געלייענט רוסיש; אין זיין ביבליאָטעק זיינען געווען פיל רוסישע ביכער. ער האָט שטודירט די אַגראַר־פראַגע אין רוסלאַנד, כוץ דעם האָט אים רוסלאַנד אינטערעסירט אַלס לאַנד, ווו עס האָט אָנגעהויבן רייפן ווערן אַ רעוואָליוציע; מאַרקס האָט פאָרויסגעזען, אַז דער זיג פון דער רעוואָליוציע אין רוסלאַנד וועט האָבן אַ קאָלאָסאַלע באַדייטונג פאַר דער סאָציאַליסטישער רעוואָליוציע אין אַלע לענדער פון דער וועלט.

מאַרקס, וואָס פלעגט אָפּגעבן אַזויפיל צייט דער פּאַרטייִשער רעוואָליוציאָנערער אַרבעט און דער אַרבעט איבער וויסנשאַפטלעכע ווערק, האָט אויך געפונען צייט צו זיין אין קורס פון די בעסטע ווערק פון דער קינסטלערישער ליטעראַטור. ער האָט געקענט אַלע אייראָפּייִשע שפּראַכן, האָט אויסגעצייכנט געקענט און ליב געהאַט די וועלט־ליטעראַטור.

פאַר די בעסטע ראָמאַניסטן האָט מאַרקס געהאַלטן סערוואַנטעסן און באַלזאַקן. וועגן באַלזאַקס „מענטשלעכער קאָמעדיע" האָט ער זיך געקליבן אָנשרייבן אַ ספּעציעלע אַרבעט.

פון די רוסישע שרייבער האָט מאַרקס געלייענט אין אָריגינאַל און האָט הויך געשעצט די ווערק פון פּושקינען, גאָגאָלן, טשערנישעווסקין און שטשעדרינען. פון די דראַמאַטורגן האָט ער אַמערסטן געהאַלטן פון עסכילן. מיט אַ באַזונדער ליבע האָט זיך די גאַנצע פאַמיליע מאַרקס׳ באַצויגן צו שעקספּירן. פון די דיכטער זיינען בא מאַרקסן באַליבט געווען האָמער, דאַנטע, געטע, היינע.

מיט פולסטן רעכט קאָן מען וועגן מאַרקסן זאָגן, אַז שאַפנדיק זיינע גרויסע לערע, „האָט ער אַלצדינג, וואָס עס האָט געשאַפן די מענטשלעכע געזעלשאַפט, איבערגעאַרבעט קריטיש, ניט האָבנדיק איבערגעלאָזן קיין איין פונקט אָן אופמערקזאַמקייט"[2].

---

1 סטאַלין, פראַגן פון לעניניזם, 10־טע אופלאַגע, 1935, ז. 597.

[2] לענין, ווערק, ב. XXV, ז. 337.

קאפיטל 13.

# די רעוואָליוציע פון 1848 יאָר אין פראַנקרײַך.

די פעווראל־רעוואָליוציע.

די ברייטע שיכטן באַפעלקערונג פון פראַנקרײַך זײַנען אַלץ מער געוואָרן אומצופרידן פונעם „קיניגרײַך פון די באַנקירן". וואָס מער לוי־פיליפ און זײַנע מיניסטאָרן האָבן ניט געוואָלט דערלאָזן קיין רעפאָרמעס, אַלץ מער האָבן זיך פאַרשטאַרקט די אָנהענגער פון רעפאָרמעס, וואָס האָבן זיך גרופּירט אַרום צוויי צײַטונגען. די מעסיקע בורזשואַזיע האָט זיך געהאַלטן בײַ דער ריכטונג פון דער צײַטונג „נאַסיאָנאַל". אין „נאַסיאָנאַל" האָט מיטגעאַרבעט לאַמאַרטין — „א דיכטער, אַן אויסערגעוויינלעך סימפּאַטישער פאַר צאַרטע הערצער" און גלײַכצײַטיק א היסטאָריקער, וואָס האָט געליבט די זשיראָנדיסטן. ביז דער רעוואָליוציע האָט לאַמאַרטין נאָך אַליין ניט געוווסט, וואָס ער וויל: א מאָנאַרכיע צי א רעפּובליק.

די קליינבירגערלעכע דעמאָקראַטן האָבן זיך גרופּירט אַרום דער צײַטונג „רעפאָרם". אין „רעפאָרם" האָט געשפּילט אַן אָנגעזעענע ראָליע דער איבערצײַגטער רעפּובליקאַנער דער אַדוואָקאַט לעדרי־ראָלען, וואָס האָט אַרויסגעגעבן די צײַטונג פאַר זײַנע אייגענע מיטלען.

מיטן מויל איז לעדרי־ראָלען געווען אַן אָנהענגער פון אַנטשיידנדיקע מאָסמיטלען — מאָסמיטלען, וואָס דאַרפן דינען אין די אינטערעסן פון די מאַסן. „דאָס פאָלק איז פאַר אונדז אַלץ, — פלעגט ער זאָגן, — עס איז ווייניק צו געבן אים וואַלרעכט, מע דאַרף אויסוואָרצלען פון אונדזער געזעלשאַפט די נויט, וואָס לויערט נאָך נאָכן פאָלק, און די ניט־גלײַכהײַט, וואָס מאַכט אים צו שאַנד..." אינדערעמעסן האָט ער זיך געוואָלט דערשלאָגן א רעפאָרם פונעם וואַלרעכט צום גונסטן די מער ברייטערע קרײַזן פון דער בורזשואַזיע.

די אָנהענגער פון דער „רעפאָרם" פלעגן דעמאַסקירן די פאַרקויפטקײַט פון לוי־פיליפס מיניסטאָרן, וועלכע זײַנען געווען פאַרמישט אין סקאַנדאַליעזע אַפערעס. ווען לוי־פיליפס מיניסטאָרן פלעגן דורכפאָרן איבער דער גאַס, פלעגט מען ניט זעלטן זיי נאָכשרײַען: „נידער מיט די גאַנאָווים".

מאַכמעס דער אומגערעטעניש אין די יאָרן 1845—1847 און דער קאַרטאָפלקרענק, וואָס האָט זיך געהאַט פאַרשפּרייט איבער גאַנץ אייראָפּע און דערהויפּט אין אירלאַנד און פראַנקרײַך, האָט זיך אין פראַנקרײַך זייער פאַרשאַרפט די פּאָליטישע לאַגע. אין צוזאַמענהאַנג מיטן עקאָנאָמישן קריזיס איז אין 1847 י. די אַלגעמיינע לאַגע געוואָרן נאָך מער אָנגעשטרענגט. פאַרן יאָר האָבן זיך די אָפּעראַציעס פונעם פראַנצויזישן באַנק פאַרקירצט אַף 1 מלרד פראַנק. דער אַרבעטסלוין איז געפאַלן אַף 50—60 פּראָצענט.

די בורזשואַזיע האָט באַשלאָסן אויסצונוצן די קריזיס־לאַגע, קעדיי אַרויסצורײַסן בײַ דער רעגירונג א רעפאָרם פונעם וואַלרעכט און קעדיי צו דערשלאָגן זיך, אַז מע זאָל פאַרקלענערן דעם הויכן וואַל־צענז (200 פראַנק דירעקטן שטײַער).

מיטן אַקטיוון אָנטייל פון די צײַטונגען „נאַסיאָנאַל" און „רעפאָרם" האָט מען גענומען אײַנאָרדענען באַנקעטן, אַף וועלכע עס פלעגן אַרויסטרעטן דעפּוטאַטן און אַנדערע בורזשואַזע טוער און פאָדערן רעפאָרמעס.

א גרויסער באַנקעט איז באַשטימט געוואָרן אַפן 22 פעווראַל 1848 י. מע האָט



פאריזש (23 פעווראל 1848 י. אינ אָוונט). „צום געווער״ — פונ א ליטאָגראפיע פונ זש.-וו. אדאנ.

שוינ אפילע געהאט געמאָלדנ דעמ פלאנ פונ דער פראָצעסיע צום אָרט, ווו דער באנקעט האָט געזאָלט פּאָרקומענ. אינ דער לעצטער מינוט אָבער האָט די רעגירונג דעמ באנקעט פארווערט. די בורזשואזיע, וואָס האָט ווינציקער פונ אלצ געקלערט וועגנ א רעוואָליוציע, האָט באשטימט זיכ אונטערצוווארפנ. די בורזשואזע טוער זײַנענ געבליבנ זיצנ אינ דער היימ. ארומ דער געבײַדע, ווו עס האָט געדארפט פּאָרקומענ דער באנקעט, האָבנ זיכ אָבער פארזאמלט ארבעטער, האנטווערקער אונ סטודענטנ. די רעשטלעכ פונ די אומלעגאלע רעוואָליוציאָנערע געזעלשאפטנ, וועלכע מע האָט געהאט פריער צעגראָמירט, זײַנענ ארויסגעטראָטנ מיט א רופ צו אנ אופשטאנד. ערטערווײַז האָט מענ שוינ אָנגעהויבנ צו בויענ באריקאדנ. די רעגירונג האָט געמאָלדנ א זאמל דער נאציאָנאלער גווארדיע, אָבער די מערהײַט גווארדייער האָט זיכ גענומענ ברידערנ מיט די ארבעטער. עס האָבנ זיכ געטראָגנ אויסגעשרייענ: „נידער מיט גיזאָ!״ „זאָל לעבנ די רעפאָרמ!״ דער קיניג האָט באשלאָסנ, אז גיזאָ זאָל אוועק אינ דעמיסיע, עס איז שוינ אָבער געווענ שפּעט. די מאסע איז ארויס אפ די גאסנ.

אינ דער נאכט אפנ 24 פעווראל, נאָכ דעמ, ווי דאָס רעגירונגס-מיליטער האָט געשאָסנ אפ דער ארבעטער-דעמאָנסטראציע, וואָס איז דורכגעגאנגענ פארבײַ דעמ הויז פונעמ אויסערנ-מיניסטעריומ, ווו ס'האָט געוווינט גיזאָ, האָט דער אופשטאנד אָנגענומענ אנ אלגעמײַנעמ כאראקטער. אינ אָט דער נאכט האָבנ די פאריזשער מאסנ אויסגעבויט בא 2000 באריקאדנ. קעדיי אויסבויענ די באריקאדנ, האָט מענ אפ די גאסנ אויסגעהאקט העכער 4000 ביימער אונ מע האָט ארויסגעריסנ פונעמ ברוק מער פונ א מיליאָנ שטיינער.

דעמ 24 אינדערפרי זײַנענ אלע פאריזשער קאזארמעס אונ געווער-לאגערנ געווענ בא די אופשטענדלער אינ די הענט. לוי-פיליפ האָט זיכ ארויסגעזאנוועט פונעמ

פאלאצ דורכ אנ אונטערערדישנ ארויסגאנג אונ אינ א געדונגענעמ עקיפאזש איז ער אנטלאָפנ צוזאמענ מיט דער פרוי פונ פאריזש.

אינעמ בורבאָנענ-פאלאצ האָט אָפגעהאלטנ אירע זיצונגענ די פאלאטע, וואָס מע האָט נאָכ געהאט אויסגעוויילט בייס דער יול-מאָנארכיע. איצט האָבנ די דע-פוטאטנ פונ דער פאלאטע געפרווט אוועקזעצנ אפנ וואקאנט געוואָרענעמ טראָנ לוי-פיליפס מינדעריאָריק אייניקל, אונ די מוטער זיינע, די אָרלעאנער הערצאָגינ, מאכנ פאר א רעגענטנ. אינ פאלאצ האָבנ זיכ אָבער ארײַנגעריסנ די באוואָפנטע ארבעטער אונ די נאציאָנאלע גווארדייער אונ האָבנ עס ניט דערלאָזט. אגעוו איז שוינ דאנ גאָר קיינ טראָנ ניט געווענ. דאָס פראנצויזישע פאָלק האָט ארויסגעוויזנ זײַנ באציונג צו דער מאָנארכיע דערמיט, וואָס עס האָט פארברענט דעמ טראָנ אפנ פלאצ.

אינ דעמ בורבאָנענ-פאלאצ זײַנענ אראָפגעקומענ די אָנהענגער פונ „נאסיאָ-נאל” אונ „רעפאָרמ” אונ האָבנ געמאָלדנ, אז עס ווערט געשאפנ (ביז מע וועט צונויפרופנ די גרינדונגס-פארזאמלונג) א צײַטווײַליקע רעגירונג פונ די פאָרשטייער פונ די דאָזיקע ביידע בורזשואזע פארטייענ.

לויט דער פאָדערונג פונ די מאסנ זײַנענ אינ דער צײַטווײַליקער רעגירונג אויכ ארײַנגעשלאָסנ געוואָרנ סאָציאליסטנ — דער ארבעטער פונ דער קנעפלעכ-מאנופאקטור אלבער אונ דער קליינבירגערלעכער זשורנאליסט לוי בלאנ. די סאָ-ציאליסטנ האָט מענ אָבער ארײַנגעשלאָסנ אינ דער רעגירונג ניט אלס מיטגלידער, נאָר בלויז אלס סעקרעטארנ. די בורזשואזיע איז געווענ בעסער אָרגאניזירט איי-דער די סאָציאליסטנ, איז זי געוואָרנ באלעבאָס. געשטיצט האָט זי זיכ אפ די באטאליאָנענ פונ דער נאציאָנאלער גווארדיע.

אנ אָנפירנדיקע ראָליע האָט אינ דער רעגירונג געשפילט לאמארטינ, וואָס איז געשטאנענ נאָענט צו „נאציאָנאל”. דער פאָרשטייער פונ „רעפאָרמ” לעדרי-ראָלענ האָט באקומענ דעמ פאראנטוואָרטלעכנ פאָסטנ פונ אינערנ-מיניסטער.

דעמ 25 פעווראל איז פאָרגעקומענ א קאָלאָסאלע ארבעטער-דעמאָנסטראציע אונ נאָכ איר פאָדערונג נאָכ איז פראנקרײַכ פראָקלאמירט געוואָרנ אלס אנ איינ-הײַטלעכע אונ אומגעטיילטע רעפובליק. דאָס האָבנ די פראנצויזישע ארבעטער מיט זייער קאמפ, מיט זייער בלוט דעראָבערט א רעפובליק.

די צײַטווײַליקע רעגירונג האָט אָבער לעטויוועס די ארבעטער גאָרנישט ניט געטאָנ, אונ דער פלאצ בא דער געביידע פונ דער צײַטווײַליקער רעגירונג איז ווידעראמאָל געוואָרנ פול מיטנ באוואָפנטנ פאָלק. מיט געווער אינ דער האנט האָט דער ארבעטער דער מעכאניקער מארש אינ נאָמענ פונעמ פאָלק געפאָדערט בא דער צײַטווײַליקער רעגירונג, זי זאָל אָנערקענענ „דאָס רעכט אפ ארבעט”. די ארבעטער האָבנ געפאָדערט א „סאָציאלע רעפובליק”. זיי האָבנ זיכ ניט פאָר-געשטעלט קלאָר, וויאזוי די דאָזיקע רעפובליק דארפ אויסזענ, אונ מיט די ווער-טער „סאָציאלע רעפובליק” האָבנ זיי פארבונדנ די פראגע וועגנ פארבעסערנ די לאגע פונ די ארבעטנדיקע מאסנ. ניט באנעמענדיק קלאָר, אז די ארבעטער קע-נענ דעראָבערנ דאָס רעכט אפ ארבעט בלויז דאנ, ווענ זיי וועלנ אראָפווארפנ די בורזשואזיע, האָבנ זיי געפאָדערט, אז דאָס דאָזיקע רעכט זאָל אָנערקענענ די בורזשואזיע פאר יעדנ ארבעטער.

די צײַטווײַליקע רעגירונג האָט ארײַנגעשטימט צו אָנערקענענ „דאָס רעכט אפ

ארבעט". זי האָט עס אָבער געטאָנ בלויז צוליב דעמ, קעדיי אָפּצוּווענדנ פונ זיכ די געפאר, וואָס האָט זיכ אפ איר אָנגערוקט. אונטערנ אויסרייד, אז זי פארווירקלעכט „דאָס רעכט אפ ארבעט", האָט די צײַטווײַליקע רעגירונג באשלאָסנ אריבערצוגיינ אינ אנ אָנגריפ קעגנ די ארבעטער.

קלוימערשט צוליב פארווירקלעכנ „דאָס רעכט אפ ארבעט" האָט מענ אָרגאניזירט א קאָמיסיע בעראָש מיט לוי בלאנענ אונ אלבערנ. די דאָזיקע קאָמיסיע האָט מענ אריבערגעפירט אינ ליוקסעמבורגער פאלאצ, אונ לוי בלאנ אונ אלבער זײַנענ אזויארומ פאקטיש פונ דער צײַטווײַליקער רעגירונג ארויסגעפאלנ. אינ באשטאנד פונ דער ליוקסעמבורגער קאָמיסיע זײַנענ ארײַנ די דעלעגאטנ פונ די פאריזשער האנטווערקער-קאָרפּאָראציעס. לוי בלאנ האָט געפּויעלט, אז אינ דער קאָמיסיע זאָל מענ אויכ אײַנשליסנ די פאָרשטייער פונ די באלעבאטימ. ניט קיינ געלט, ניט קיינ אפאראט האָט מענ דער קאָמיסיע ניט געגעבנ.

די ליוקסעמבורגער קאָמיסיע בעראָש מיט לוי בלאנענ האָט געשפּילט זייער א שעדלעכע ראָליע. לוי בלאנ האָט גענארט די ארבעטער, ווענ ער פלעגט מיטיילנ, אז עפּעס טוט מענ אופ פאר זיי, אונ האָט זיי גערופנ ניט צו קעמפנ קעגנ דער צײַטווײַליקער רעגירונג, נאָר צו שטיצנ זי. לוי בלאנ האָט זיכ גענומענ שלעפנ אינ עק בא דער בורזשואזיע, ער האָט פאראטנ די ארבעטער-אינטערעסנ.

די ליוקסעמבורגער קאָמיסיע האָט דאָרטנ אָנ א סאָפ דעבאטירט וועגנ דער „סאָציאַלער פראגע", איז געווענ פארטאָנ אינעמ אײַנרעגולירנ באזונדערע קאָנפליקטנ צווישנ די אונטערנעמער אונ די ארבעטער, אונ די רעגירונג האָט זיכ דערווײַל געטאָנ אירס.

צוליבנ קאמפ קעגנ די ארבעטער האָט די צײַטווײַליקע רעגירונג געשאפנ א מאָבילע (באוועגלעכע) גווארדיע פונ 24 באטאליאָנענ; די דאָזיקע באטאליאָנענ האָט מענ קאָמפּלעקטירט פונעמ אָפּפאל פונ דער פאריזשער באפעלקערונג. די סאָלדאטנ פונ דער מאָבילער גווארדיע האָט מענ געצאָלט אָנדערהאלבנ פראנק א טאָג. די דאָזיקע סאָלדאטנ, דערהויפּט די יונגטלעכע, פלעגט מענ מיט אלע מיטלענ אָנרייצנ אפ די ארבעטער.

די רעגירונג האָט געוואָלט ארונטערײַסנ די אידיי פונ „אָרגאניזירונג פונ ארבעט". צוליב דעמ צוועק האָט זי באופטראָגט דעמ מיניסטער פונ געזעלשאפטלעכע ארבעטנ מארי, ער זאָל אָרגאניזירנ „נאציאָנאלע ווארשטאטנ". יעדנ, ווער עס האָט זיכ פארשריבנ אינ די „ווארשטאטנ", האָט מענ געגעבנ א לאָפּעטע אונ א טאטשקע. אפילע די סאמע קוואליפיצירטע ארבעטער אונ מײַסטערס האָבנ געמוזט גראָבנ די ערד.

אויסהאלטנ די ווארשטאטנ האָט אָפּגעקאָסט פיל געלט, — איבערנ קריזיס אונ דער ארבעטלאָזיקײַט האָבנ זיכ פאר א קורצער צײַט פארשריבנ אינ די ווארשטאטנ מער פונ 100 טויזנט מאנ. דאנ האָט די רעגירונג, געבנדיק להאָטעס דער בורזשואזיע (זי האָט, צומ בײַשפּיל, אויסגעצאָלט פארנ טערמינ די פּראָצענטנ לויט די מעלוכע-האלוואָעס), שטארק געהעכערט די דירעקטע שטײַערנ פונ די פויערימ (אפ 45 פּראָצענט, אָדער אפ 45 סאנטימענ פונ יעדנ פראנק).

די בורזשואזיע האָט פארברעכעריש גענומענ אײַנבילדנ די פויערימ, אז די פאריזשער ארבעטער ווילנ, קלוימערשט, ניט ארבעטנ אונ אז אפ אויסצוהאלטנ די

נאציִאָנאלע ווארשטאטנ קומט אויס צו נעמענ געלט בא די פויערים. אָט די אגיטאציע האָט די בורזשואזיע גענומענ פירנ אינ א באזונדערס ברייטנ פארנעמ, בייס עס זײַנענ געמאָלדנ געוואָרנ די וואלנ צו דער גרינדונגס-פארזאמלונג.

די גרינדונגס-פארזאמלונג.

דעמ 4 מײַ 1848 י. האָט זיכ געעפנט די גרינדונגס-פארזאמלונג. בא א פערטל דעפוטאטנ זײַנענ דאָ געווענ פארבאָרגענע מאָנארכיסטנ. די מערהײַט האָט געהערט צו די מעסיקע רעפובליקאנער — די פאָרשטייער פונ דער אינדוסטריעלער בורזשואזיע. לעדרי-ראָלענ אונ לויִ בלאנ זײַנענ אויכ אויסגעווײלט געוואָרנ, אָבער מיט א גאנצ אומבאדײַטנדיקער צאָל שטימענ.

אָנשטאָט דער צײַטווײַליקער רעגירונג, וואָס האָט אראָפּגענומענ פונ זיכ די פולמאכטנ, האָט מענ אויסגעווײלט אנ אויספיר-קאָמיסיע פונ פינפ מאנ. אינ דער קאָמיסיע איז ארײַנ לאמארטינ, אָבער לויִ בלאנ אונ אלבער זײַנענ ניט ארײַנגעפאלנ. די רעדלפירער זײַנענ געווענ די בורזשואזע רעפובליקאנער פונ „נאסיאָנאל”.

די ליוקסעמבורגער קאָמיסיע האָט מענ טייקעפ פאנאנדערגעלאָזנ. דער פאָרזיצער פונ דער גרינדונגס-פארזאמלונג האָט באקומענ דאָס רעכט ארויסצורופנ, ווענ ס'וועט נייטיק זײַנ, מיליטער. מיט איינ וואָרט, — דער רעזולטאט פונ די וואלנ איז געווענ אזא, אז בלאנקי, וואָס איז אינ אָנהייב פונ דער רעוואָליוציע באפרײַט געוואָרנ פונ דער טפיסע אונ איז אראָפּגעקומענ קיינ פאריזש, האָט געזאָגט: „איצט איז א בירגערקריג אומפארמײַדלעכ”.

א גרויסע אומצופרידנקײַט האָט אויכ ארויסגערופנ די אויסערנ-פאָליטיק פונ דער גרינדונגס-פארזאמלונג. אינ אירע ערשטע דעקלאראציעס האָט די בורזשואזע צײַטווײַליקע רעגירונג געמאָלדנ, אז די פראנצויזישע רעפובליק איז גרייט צו העלפנ די פעלקער, וואָס קעמפנ פאר זייער באפרײַונג. דאָ אָבער האָט זיכ לאמארטינ צונויפגערעדט מיטנ צארישנ געזאנדטנ קיסעליאָוו, אז פראנקרײַכ וועט ניט שטערנ דעמ צארישנ רוסלאנד צו דערשטיקנ די רעוואָליוציִאָנערע באוועגונג פונ די פאָליאקנ. ווענ עס האָט זיכ אָנגעהויבנ נאָכ פראנקרײַכ א רעוואָליוציע אינ די דײַטשישע אונ איטאליענישע מעלוכעס, האָט לאמארטינ דערקלערט, אז פראנקרײַכ בלײַבט טרײַ די פארפליכטונגענ פונעמ ווינער קאָנגרעס, אונ ער האָט ווידעראמאָל פארנומענ א פאָזיציע פונ ניט-ארײַנמישונג.

א צענטער פונ קאמפ קעגנ דער רעאקציִאָנערער גרינדונגס-פארזאמלונג זײַנענ געוואָרנ די דעמאָקראטישע קלובנ. בא 250 אזוינע קלובנ האָבנ זיכ געעפנט אינ דער הויפטשטאָט.

אינ עטלעכע טעג ארומ נאָכ דער עפענונג פונ דער גרינדונגס-פארזאמלונג האָבנ די פאריזשער מאסנ געמאכט א פרווו זי צו צעטרײַבנ. דעמ 15 מײַ 1848 י. האָט זיכ דער האמוינ ארײַנגעריסנ אינ דער געבײַדע פונ דער גרינדונגס-פארזאמלונג אונ האָט געמאָלדנ, אז זי ווערט פאנאנדערגעלאָזנ. עס איז פאָרמירט געוואָרנ א נײַע רעגירונג בעראָש מיט בלאנקי אונ אנדערע רעוואָליוציִאָנערנ. די דאָזיקע רעגירונג האָט געפאָדערט: שטיצנ די פוילישע רעוואָליוציִאָנערנ, ארופלייגנ אפ די רײַכע א שטײַער פונ א מיליארד פראנק, ארויספירנ פונ פאריזש דאָס מיליטער, „אָרגאניזירנ די ארבעט” אונ „פארניכטנ די נויט”.

צו דער געבײַדע פונ דער פארזאמלונג זײַנענ שוינ אָבער געלאָפנ די בורזשואזע באטאליאָנענ פונ דער נאציִאָנאלער גווארדיע אונ די „מאָבילנ”. די

דעמאָנסטראנטנ האָט מענ צעטריבנ. בלאנקי אונ די אנדערע אָנפירער פונ די פּאָלקס-קלובנ האָט מענ ארעסטירט. די רעוואָליוציאָנערע קלובנ האָט מענ פארמאכט.

די יונ=טעג.

איצט האָט די רעגירונג באשלאָסנ צו אָרגאניזירנ א גרויסע בלוט-באָד, א גראנדיעזע שכיטע איבער די ארבעטער. דעם 22 יונ 1848 י. האָט די אויספיר-קאָמיסיע פונ דער גרינדונגס-פארזאמלונג ארויסגעגעבנ א דעקרעט וועגנ פאנאנדערלאָזנ די נאציאָנאלע ווארשטאטנ. 113 טויזנט ארבעטער זײַנענ ארויסגעוואָרפנ געוואָרנ אפ דער גאס. אלס ענטפער דערופ איז געקומענ דער אלגעמיינער אופשטאנד.

גערצענ באשרײַבט אזוי דעם אָנהייב פונעם אופשטאנד: „דעם 23 בינ איכ ארומ 4 אזייגער געגאנגענ מיטנ ברעג סענע צום שטאָטישנ ראטהויז; די קלייטנ האָט מענ געהאלטנ אינ פארשליסנ, קאָלאָנעס נאציאָנאלע גווארדייער, מיט גרויזאמע פּענעמער, זײַנענ געגאנגענ אינ פארשיידענע ריכטונגענ... א שטארקער בליצ האָט א ליכט געטאָנ פונ הינטער די וואָלקנס. עס האָט אָנגעהויבנ נאָכאנאנד צו דונערנ, אונ צווישנ דעמ אלעמ האָט זיכ געלאָזט הערנ דער מעסיקער, צעצויגענער קלונג פונעם שטורעם-גלאָק, וואָס אפנ גלאָקנ-טורעם פונעם הייליקנ סולפּיצי. דאָס האָט ווידעראמאָל דער אָפּגענארטער פּראָלעטאריער גערופנ זײַנע ברידער צום געווער... אפ יענער זײַט טײַכ האָט מענ אינ אלע געסלעכ אונ גאסנ געבויט באריקאדנ... דער שטורעם-גלאָק האָט אלצ געקלונגענ". אויסערגעווײנלעכ גיכ זײַנענ אויסגעוואקסנ מער פונ 400 באריקאדנ — צוערשט האָבנ זיי זיכ באוויזנ אינ די פאָרשטעט פונ פאריז, דערנאָכ האָבנ זיי שוינ פארנומענ א גוטע העלפט פונ דער הויפּטשטאָט גופע.

פאנאנדערגעלאָזנ די אויספיר-קאָמיסיע, האָט די גרינדונגס-פארזאמלונג געגעבנ די מאכט דעמ מיליטערישנ דיקטאטאָר, דעם גענעראל קאוועניאק. דער דאָזיקער גענעראל איז שוינ געווענ בארימט מיט זײַנ אכזאָריעסדיקײַט בײַסנ דערשטיקנ אינ אלזשיר דעמ ווידערשטאנד, וואָס די אראבישע שוואָטימ האָבנ געשטעלט דער פראנצויזישער דעראָבערונג.

אפ די פאריזשער באריקאדנ זײַנענ געווענ ניט בלויז די ארבעטער פונ די נאציאָנאלע ווארשטאטנ. זײַט בא זײַט מיט זיי האָבנ זיכ אויכ געשלאָגנ אנדערע אָטריאדנ פונעם פאריזשער פּראָלעטאריאט — די ארבעטער פונ די מעכאנישע ווארשטאטנ, די אײַזנבאנ-ארבעטער; אינ דער סענ-אנטואנער פאָרשטאָט האָבנ זיכ באזונדערס אויסגעצייכנט אינ שלאכט די סטאָליערס. די פרויענ אונ קינדער האָבנ געהאָלפנ גיסנ קוילנ, איבערבינדנ די פארווונדעטע, זיי פלעגנ אונטערטראָגנ די קריגער וואסער אונ שפּײַז.

בײַסנ אופשטאנד האָבנ די ארבעטער ארויסגעוויזנ אזא אויסערגעווײנלעכנ מוט, וווּנדערבארע אײַנהײַטלעכקײַט אונ קריגס-געניטקײַט, אז דאָס האָט אפילע דעם סוינע דערשטוינט. די ארבעטער פונ די נאציאָנאלע ווארשטאטנ איז צוניצ געקומענ דאָס, וואָס אינ די ווארשטאטנ זײַנענ זיי געווענ אָרגאניזירט אפ א מיליטערישנ שטייגער.

אינ די יונ-טעג האָבנ די ארבעטער קיינ אײַנהײַטלעכע אָנפירונג ניט געהאט, נאָר אינ באזונדערע קווארטאלנ האָבנ מוטיק אונ מײַסטערהאפט מיטנ קאמפ אָנגעפירט ארבעטער, אָנטיילנעמער פונ די געהיימע געזעלשאפטנ, וואָס האָבנ געהאט א דערפארונג פונ באריקאדנ-קאמפ. אפ איינער פונ די גאסנ האָט אָנגע-



23 יונ 1848 י. אינ פאריזש — פונ א ליטאָגראַפיע פונ מארשע.

פירט דער 60-יאָריקער שוסטער וואזאמבער; באוואָפנט איז ער געווענ מיט א גרויסנ שמיד-האמער. אינ אנ אנדער ראיאָנ האָט אָנגעפירט דער מעכאניקער ראקארי, וואָס איז געווענ א מיטגליד פונ א געהיימער קאָמוניסטישער געזעלשאפט אָנהייב פערציקער יאָרנ; שפעטער איז ראקארי אומגעקומענ אפ דער קאטאָרגע. בעראָש פונ די אופשטענדלער זײַנענ אינ א דײ קווארטאלנ געשטאנענ מיט־גלידער פונעמ בלאנקיסטישנ קלוב.

אינעמ פראָצעס פונ קאמפ האָבנ די אופשטענדלער געשטעלט פאר זיכ אלס גרונט-אופגאבע — אײַנעמענ דאָס ראטהויז. אפנ ראטהויז האָט מענ אָנגעגרײַפט פונ פיר זײַטנ. ביז באטאָג פונ 24 יונ איז די איבערוואָג געווענ אפנ צאד פונ די ארבעטער. אייניקע אָטריאדנ האָבנ זיכ שוינ געפונענ אפ א מעהאלעכ פונ 60 טריט פונעמ ראטהויז. אָבער צומ 25 יונ איז שוינ געוואָרנ קלאָר, אז די איבערוואָג איז אפ קאווענייאקס צאד. די מעכטיקע ארטילעריע האָט אומ־ראכמאָנעסדיק כאָרעוו געמאכט גאנצע קווארטאלנ פונ פאריזש.

אפ די ארבעטער האָבנ אָנגעגרײַפט 24 טויזנט „מאָבילנ", וואָס זײַנענ פאר־ווערבירט געוואָרנ פונ צווישנ דעמ פאריזשער אָפפאל, פאָלקנ פונ דער רעגולע־רער ארמיי, באטאליאָנענ פונ דער נאציאָנאלער גווארדיע. דער פראָלעטאריאט איז געבליבנ איינער אליינ, אָנ פארבינדעטע. דאָס פויערטומ האָט דעמ פראָלע־טאריאט ניט געשטיצט. אפילע די מערהײַט פונ דער קליינ-בורזשואזיע איז אינ די יונ־טעג צוגעשטאנענ צו די פײַנט פונ די ארבעטער. די אופשטענדלער האָבנ ניט געהאט קיינ איינהײַטלעכנ צענטער, זיי האָבנ ניט געהאט זייער אייגענע פארטיי. דער פשאָרעמאכער לוי בלאנ האָט פאראטנ די ארבעטער, ער האָט זיי אײַנגערעדט, אז זיי זאָלנ אָפשטעלנ דעמ קאמפ.

„אראָפוואַרפנ די בורזשואזיע", „דיקטאטור פונ פראָלעטאריאט" — אָט דאָס



די יונ־קריגער אינ געפאנגענשאפט — פונעמ זשורנאל „איליוסטראסיאָנ“ פארנ 1848 י.

זײַנענ געווענ, לויט מארקס' כאראקטעריסטיק, די לאָזונגענ פונ די אופ־שטענדלער.

די יונ־טעג זײַנענ געווענ „די ערשטע גרויסע שלאכט צווישנ די ביידע קלאסנ, אפ וועלכע עס צעפאלט זיכ די מאָדערנע געזעלשאפט. דאָס איז געווענ א קאמפ פאר אײַנהיטנ אָדער פארניכטנ די בורזשואזע אָרדענונג“[1]. אי־נעמ דאָזיקנ קאמפ האָט געזיגט די בורזשואזיע. שטעלנדיק א העפטיקנ ווידער־שטאנד, זײַנענ די ארבעטער געצוווּנגענ געווענ אָפצוטרעטנ צו די פאָרשטעט. דעמ 26 יונ האָט זיכ אונטערגעגעבנ די סענ־אנטואנער פאָרשטאָט — דער לעצטער אָנשפאר פונ די אופשטענדלער. מע האָט אָנגעהויבנ צעשיסנ די מענטשנ, וואָס זײַנענ געווענ אָנגעטאָנ אינ ארבעטער־בלוזעס אונ מיט פענעמער, וואָס זײַנענ געווענ שווארצ פונ פולווער. אינ דער שלאכט זײַנענ דערהארגעט געוואָרנ 800 ארבעטער, נאָכ דער שלאכט האָט מענ דערשאָסנ ניט ווינציקער פונ 11 טויזנט. ארעסטירט האָט מענ 25 טויזנט אונ $3\frac{1}{2}$ טויזנט האָט מענ פארשיקט.

אינ די טעג, ווענ עס האָט געווילדעוועט דער ווײַסער טעראָר פונ דער בורזשואזיע, האָט גערצענ אזוי געשריבנ: „אינ די אויערנ הילכט נאָכ די שיסערײַ, די צאָקערײַ פונ דער פליִענדיקער קאוואלעריע, דער שווערער גערדיכטער קלאנג פונ די לאפעט־רעדער איבער די טויטע גאסנ. אינ זיקאָרנ זײַנענ נאָכ פריש עטלעכע דעטאלנ. אפ א טראָג־בעטל האלט זיכ א פארוווּנדעטער מיט אײנ האנט בא דער זײַט... אינ דער האנט עטלעכע טראָפנס בלוט. אָמניבוסנ, פול מיט בארמיגענס, גע־

1 מ א ר ק ס, אויסגעווײלטע ווערק, מ., 1940, ב. II, ז. 176.

פאנגענע מיט געבונדענע הענט. הארמאטנ אפנ באסטיליע־פלאצ אונ א מאָרעשכוירעדיקער אויסגעשריי אינ דער נאכט: „וועכטער, היט זיכ!“

„זיצנ בא זיכ אינ צימער מיט צונויפגעלייגטע הענט, ניט האָבנ קיינ מעגלעכקייט ארויסצוגייג פארנ טויער אונ הערנ לעבנ זיכ, ארומ, פונ דער נאָענט, פונ דער וויַט — שיסעריַיענ, קאָמאנדעס, געשרייענ, א פויקנ־קלאפעריַ אונ וויסנ, אז דערנעבנ גיסט זיכ בלוט, אז מע שניַידט, מע שטעכט, אז דערנעבנ שטארבט מענ, — פונ דעמ קענ מענ שטארבנ, אראָפ פונ זינענ. איכ בינ ניט געשטאָרבנ, נאָר איכ בינ אלט געוואָרנ...“

דער בלוטיקער דערשטיקער פונעמ אופשטאנד גענעראל קאוועניאק האָט זויכע געוועג צו באקומענ א גראטולירונג פונ ניקאָליַ דעמ I־טנ; דער צאר האָט איבערגעגעבנ די גראטולירונג דורכנ געזאנדטנ אינ פאריזש. „דער אימפעראטאָר טוט אופריכטיק גראטולירנ מיטנ זיג“. „דער אימפעראטאָר דריקט הויכ אויס זיַנ באווּליקונג דער אויסגעצייכנטער אופירונג פונעמ גענעראל קאוועניאק“.

נאָכ דער מאפּאָלע פונ די ארבעטער איז די רעאקציע אריבער אינ אנ אָנגריפ ניט בלויז אינ פראנקריַיכ, נאָכ אויכ אינ דיַיטשלאנד אונ איטאליע, ווו די רעוואָליוציע איז געווענ אינ פולנ ברענ, אונ אויכ אינ אנדערע מעלוכעס פונ אייראָפּע.

### די געזעצגעבערישע פארזאמלונג.

די גרינדונגס־פארזאמלונג, וואָס האָט איבערגעלעבט אינ יונ א גרויסע געפאר, האָט איצט אפגיכ גענומענ פארענדיקנ דאָס אויסארבעטנ א קאָנסטיטוציע, קעדיי צו פארפעסטיקנ די שטארקע צענטראליזירטע מאכט. לויט דער ניַיער קאָנסטיטוציע איז די געזעצגעבערישע מאכט געוואָרנ אָנפארטרויט דער „געזעצגעבערישער פארזאמלונג“, וואָס איז באשטאנענ פונ 750 מיטגלידער; צו דער געזעצגעבערישער פארזאמלונג האָבנ געוויילט אלע פראנצויזנ—מאנצבלענ, וואָס זיַינענ אלט געוואָרנ 21 יאָר.

די אויספיר־מאכט איז איבערגעגעבנ געוואָרנ דעמ פרעזידענט פונ דער רעפובליק, וועלכנ מע האָט געוויילט דורכ א פאָלקס־אָפּשטימונג אפ 4 יאָר. דער פרעזידענט האָט געהאט קאָלאָסאלע פולמאכטנ: ער האָט דערקלערט מילכאָמע אונ געשלאָסנ שאָלעמ, געפירט אינעמ נאָמענ פונ דער רעפובליק אונטערהאנדלונגענ מיט די אויסלענדישע מעלוכעס, איז געווענ שעפ פונ די קריגס־קרעפטנ, האָט באשטימט די העכסטע ציווילע אמטנ אונ די גענעראלנ.

אפנ פאָסטנ פונעמ פרעזידענט זיַינענ געווענ צוויי וויכטיקסטע קאנדידאטנ: דער קאנדידאט פונ די רעפובליקאנער, דער בלוטיקער גענעראל קאוועניאק, וואָס האָט דערשטיקט דעמ יונ־אופשטאנד, אונ נאפּאָלעאָנ דעמ I־טנס פלימעניק — לוי־נאפּאָלעאָנ.

לוי־נאפּאָלעאָנ באָנאפארט האָט נאָכ בייס דער יול־מאָנארכיע געפרווּט צוויי מאָל דורכ א פארשווערונג פארכאפנ די מאכט אונ איז דערפאר געזעסנ אינ טפיסע. דערנאָכ איז ער געווענ אינ עמיגראציע, אינ ענגלאנד. „דער קליינער פלימעניק פונעמ גרויסנ פעטער“ איז געווענ א גאָרנישט מיט א נישט. אפ די וואלנ האָט ער אָפּגעהאלטנ א זיג אדאנק דעמ נאָמענ זיַינעמ אונ די פאלשע צוזאָגעכצנ, וואָס ער האָט געגעבנ. פארפירט פונ דער בורזשואזיע אונ פונ די גאלאָכימ, אונטערגעהעצט דורכ די פאלשע בורזשואזע ציַיטונגענ קעגנ די ארבעטער, האָט דאָס אייגנטימערישע פויערטומ אונטערגעהאלטנ דעמ פאָרשטייער פונ באָנאפארטס דינאסטיע. דאָס פויערטומ האָט געהאָפט, אז דער פאָרשטייער פונ באָנאפארטס דינאסטיע וועט עס באשיצנ פונ די ריַיכע לײַט אונ וועט אָפּהיטנ דאָס פויערשע אייגנטומ. די קאָנטררעוואָליוציאָנער געשטימטע בורזשואזיע האָט אונטערגעהאלטנ לוי באָנאפארטנ, וואָס האָט געשטרעבט אופצושטעלנ די מאָנארכיע.

מער ווי אינ א יאָר ארום נאָכ די וואלנ צו דער גרינדונגס-פארזאמלונג, אינ מײַ 1849 י., זײַנענ פאָרגעקומענ די וואלנ צו דער געזעצגעבערישער פארזאמלונג. איצט האָבנ געזיגט די אָפענע מאָנארכיסטנ, די אָנהענגער פונ די אָרלעאנער און פונ דער „לעגיטימישער" בורבאָנענ-דינאסטיע, וואָס האָבנ זיכ פאַרייניקט אינ דער „פארטיי פונ אָרדענונג".

אינ דער געזעצגעבערישער פארזאמלונג איז אָבער אויכ אויסגעווײלט געוואָרנ א באַדײַטנדיקע גרופע קלײנבירגערלעכע דעמאָקראטנ, א נײַער „בארג", ווי די דאָזיקע גרופע (180 מאנ) האָט זיכ אלײנ אָנגערופנ. דער פירער פונ דער דאָזיקער גרופע איז געווענ לעדרי-ראָלענ. דער „בארג" האָט מוירע געהאט, עס זאָל ניט ווידעראמאָל אויפגעשטעלט ווערנ די מאָנארכיע, האָט ער געפרווט צוציענ די ברײטע שיכטנ פונ דער קלײנ-בורזשואזיע און פונ די ארבעטער צום קאמפ קעגנ דער מאָנארכיסטישער מערהײַט אינ דער געזעצגעבערישער פארזאמלונג.

שוינ אינ די ערשטע טעג נאָכ דעם, ווי עס האָט זיכ געעפנט די געזעצגעבערישע פארזאמלונג, איז דער „בארג" ארויסגעטראָטנ מיט א פראָטעסט קעגנ דער פאָליטיק פונעם פרעזידענט לוי באָנאפארט, וואָס האָט אוועקגעשיקט דעם פלאָט און דאָס מיליטער קעגנ רוים; רוים האָט דאנ געהאט ארָאפגעוואָרפנ די פויפסטלעכע מאכט און האָט זיכ פראָקלאמירט אלס רעפובליק. אפ אנ אויפשטאנד האָט זיכ אָבער דער „בארג" ניט אנטשלאָסנ. ער האָט בלויז אָנגעמערקט א פרידלעכע פראָטעסט-דעמאָנסטראציע (13 יונ 1849 י.). לוי באָנאפארטס מיליטער האָט אָנ שום מי צעטריבנ די 30-טויזנטדיקע פרידלעכע דעמאָנסטראציע. אזויארום האָט אינ פראנקרײַכ אָנגעהויבנ הערשנ די מאָנארכיסטישע „פארטיי פונ אָרדענונג" און פאראלעל מיט איר האָט עקזיסטירט די שטארקע מאכט פונעם פרעזידענט.

די מעלוכע-איבערקערעניש פון 1851 י.

די „פארטיי פונ אָרדענונג" האָט אָנגעהויבנ דורכצופירנ רעאקציאָנערע מאָסמיטלענ. זי האָט אָפגעשאפנ דאָס אלגעמײנע וואלרעכט, אײַנפירנדיק, אז פאר די ווײלער איז אָבליגאטאָריש צו וווינענ אינעם ראיאָנ פונ די וואלנ ניט ווינציקער פונ א האלב יאָר; אזויארום האָט זי פארקירצט די צאָל ווײלער פונ 9 ביז 6 מלנ. און באזײַטיקט דערווײַל פונ די וואל-אורנעס פיל ארבעטער. די גאלאָכים האָט מענ דערלויבט צו עפענענ שולנ.

אינגיכנ האָבנ זיכ פארשארפט די באציונגענ צווישנ דער „פארטיי פונ אָרדענונג" און דעם פרעזידענט. אינ 1852 י. האָט געדארפט אויסגײנ דער טערמינ פונעם פרעזידענטס פולמאכטנ און אפנ סמאכ פונ דער קאָנסטיטוציע האָט דער פרעזידענט ניט געטאָרט אויסגעווײלט ווערנ צווײ מאָל נאָכאנאנד. לוי-נאפאָלעאָנ האָט דאפקע באצײַטנס געפרווט זיכ דערשלאָגנ דורכ דער פארזאמלונג, אז מע זאָל ארײַנטראָגנ אינ דער קאָנסטיטוציע אנ ענדערונג, וואָס דערלויבט אויסצוווײלנ נאָכאמאָל דעם פריערדיקנ פרעזידענט, די פארזאמלונג האָט אָבער דעם דאָזיקנ פאָרשלאָג אָפגעוואָרפנ. דאנ האָט נאפאָלעאָנ, קעדיי ארונטערצורײַסנ אינ די אויגנ פונ די מאסנ דעם אוטאָריטעט פונ דער פארזאמלונג, ארײַנגעטראָגנ אינ דער פארזאמלונג א פראָיעקט פונ א געזעצ וועגנ אויפשטעלנ דאָס אלגעמײנע וואלרעכט. די פארזאמלונג האָט אויכ דעם דאָזיקנ געזעצ אָפגעוואָרפנ. אינ דער נאכט אפנ 2 דעקאבער 1851 י. האָט דער פרעזידענט לוי-נאפאָלעאָנ ארעסטירט די רעדלפירער פונ דער „פארטיי פונ אָרדענונג", דערונטער אויכ קאווענײאקנ.

דערנאָך האָט ער פאנאנדערגעלאָזן די געזעצגעבערישע פארזאמלונג און גלייך־צייטיק געמאָלדן, אז עס ווערט אופגעשטעלט דאָס אלגעמיינע וואלרעכט. לוי־נאפאָלעאָן האָט געענדערט די קאָנסטיטוציע, ער האָט פראָלאָנגירט זיינע פולמאכטן ביז 10 יאָר און האָט אף אזא אופן געזיכערט פאר זיך־וועגן די פולע מאכט.

קעגן דער מעלוכע־איבערקערעניש, וואָס עס האָט געמאכט „נאפאָלעאָן דער קליינער", האָבן די רעפובליקאנער אופגעהויבן אן אופשטאנד. אין פאריזש האָט מען אויסגעבויט עטלעכע צענדליק באריקאדן. אין א ריי ערטער אין דער פראָווינץ זיינען קעגן לוי־נאפאָלעאָנען ארויסגעטראָטן די פויערים (באזונדערס אפן דאָרעם). מיטן געזאנג פון דער „מארסעליעזע" האָבן זיי פארנומען די דעפארטאמענט־צענטערס, געברענט די שטייערן־ביכער.

לוי־נאפאָלעאָנס מיליטער האָט אכזאָריעסדיק דערשטיקט דעם אופשטאנד. 26 טויזנט מאן האָט מען איבערגעגעבן צום געריכט, דערונטער 5 טויזנט פויערים־אייגנטימער און 2 טויזנט לאנדווירטשאפטלעכע ארבעטער.

די פראָקלאמירונג פון אן אימפעריע.

אין א טעראָר־אטמאָספער האָט לוי־נאפאָלעאָן דורכגעפירט א פלעביסציט (פאָלקס־אָפשטימונג). דער פלעביסציט האָט באשטעטיקט די קאָנסטיטוציע, וואָס האָט אָפגעגעבן דעם פרעזידענט די מאכט אף 10 יאָר. אין א יאָר ארום, דעם 2 דעקאבער 1852 י., האָט לוי־נאפאָלעאָן, אָנשפארנדיק זיך אף דער מיליטערישער קליקע און אף די באנקירן און ספעקוליאנטן, זיך פראָקלאמירט אלס פראנצויזישער אימפעראטאָר נאפאָלעאָן דער III [1].

אין דער בורזשואזער רעוואָליוציע פון 1848 י. האָבן גענומען אן אקטיוון אָנטייל די פאָלקס־מאסן — די ארבעטער, וואָס האָבן זיך דערשלאָגן צו א רעפובליק און צו דער אָנערקענונג פון רעכט אף ארבעט. אפילע דער יונ־דורכפאל פון די ארבעטער האָט געהאט א קאָלאָסאלע באדייטונג פאר זייער קומענדיקן קאמף. די דאָזיקע רעוואָליוציע האָט זיך אָבער געענדיקט מיט א מאפאָלע, און אין פראנקרייך האָט זיך באדייטנדיק פארשטארקט די בורזשואזע עקספלואטאטאָרישע מעלוכע־מאשין. נאפאָלעאָן דער III איז געקומען צו דער מאכט, ווען דער פראָלעטאריאט און די בורזשואזיע זיינען געווען אָפגעשוואכט פונעם קעגנזייטיקן קאמף, וואָס זיי האָבן געפירט; ער האָט געגעבן די ארבעטער און די פויערים פאלשע צוזאָגן, אינדערעמעסן אָבער האָט ער אויסגעפילט דעם ווילן פון דער בורזשואזיע, דערביי האָט באָנאפארט זיך אָנגעשפארט אף דער מיליטערישער קליקע און האָט זיך ארומגערינגלט מיט פארדעכטיקע בירזשעוויקעס־געשעפטמאכער און אפילע מיט קרימינעלע עלעמענטן.

„דער באָנאפארטיזם, — האָט לענין געשריבן, — דאָס איז די לאווירונג פון דער מאָנארכיע..., וועלכע איז געצוווּנגען צו עקוויליברירן, כדי ניט צו פאלן, — מאכן כיינדלעך, כדי אָנצופירן, — אונטערקויפן, כדי צו געפעלן, — ברידערן זיך מיטן אָפפאל פון דער געזעלשאפט, מיט פאָשעטע גאנאָווים און זשוליקעס, כדי צו האלטן זיך ניט בלויז אפן באגנעט" [2].

[1] נאפאָלעאָן דער II האָט בא די מאָנארכיסטן געהייסן דער רייכשטאדער הערצאָג, דער זון פון נאפאָלעאָנען דעם I־טן און פון מאריע־לויזא; נאפאָלעאָן דער II האָט געלעבט אין עסטרייכישן הויף און איז יונג געשטאָרבן.

[2] לענין, ווערק, ב. XII, ז. 377.

## קאפיטל 14.

# די רעוואָליוציע פונ 1848 יאָר אינ דײַטשלאנד.

*דער צענטער פונ דער רעוואָליוציאָנערער באוועגונג ווערט דײַטשלאנד.*

ערעוו דעם 1848 י. איז דײַטשלאנד געווענ א פיל מער פאָרגעשריטנ לאנד, ווי פראנקרײַכ סאָפ XVIII יה.; אינ דײַטשלאנד, באזונדערס אינעם רײנישנ געביט, האָט שוינ אָנגעהויבנ זיכ באווײַזנ א גרויסע מאשיניזירטע פראָדוקציע.

די וויכטיקסטע פראגע, וואָס איז געשטאנענ פאר דער אָנקומענדיקער רעוואָליוציע אינ דײַטשלאנד, איז געווענ די פראגע וועגנ ווידערפאראייניקונג. דאָס, וואָס דײַטשלאנד איז געווענ צעשפּליטערט אפ דרײַ מיט א האלבנ צענדליק מעלוכעס, איז געווענ די גרעסטע שטערונג פאר דער אנטוויקלונג פונעם קאפּיטאליזם.

די פעאָדאלע איבערבלײַבעכצנ אינ דער לאנדווירטשאפט פונ דײַטשלאנד האָבנ אויכ געשפּילט א גרויסע ראָליע, אָבער אינ א ריי דײַטשישע מעלוכעס אונ געגנטנ האָט זיכ שוינ אנטוויקלט (אונ ערטערווײַז האָט שוינ פרעוואלירט) די קאפּיטאליסטישע לאנדווירטשאפט.

אינעם פאָרגעשריטענעם רײנישנ געביט האָט מענ דאָס לײַבייגנטום אָפּגעשאפנ אינגאנצנ; טײלווײַז האָט מענ עס אָפּגעשאפנ נאָכ אינעם פעריאָד פונ די רעוואָליוציאָנערע מילכאָמעס אונ טײלווײַז בײס דער ערשטער אימפּעריע, ווענ עס האָט דאָרטנ געגילט דער פראנצויזישער ציווילער קאָדעקס.

אינ פרײַסנ האָט מענ אָנגעהויבנ אָפּשאפנ די לײַבייגנטום-פארהעלטענישנ אינ 1807 י., אונ אינ א ריי ראיאָנענ האָט א באדײַטנדיקער טײל פּויערימ, עמעס, טאקע מיט גרויסע מאטערנישנ, אָבער דאָכ געהאט שוינ אויסגעקויפט זייער ערד אונ זייערע פּליכטנ בא די גוטבאזיצער. גלײַכצײַטיק האָט מענ אינ אנדערע מעלוכעס פונ דײַטשלאנד (צומ בײַשפּיל, אינ זאקסנ) די פּויערימ דערלויבט זיכ אויסקויפנ אָנ דער האסקאָמע פונ די גוטבאזיצער ערשט אינ 1845 י., דאָרטנ זײַנענ נאָכ געווענ לײַבייגנטימערישע פארהעלטענישנ.

אינ קעגנזאצ צו דער פראנצויזישער בורזשואזיע פונעם סאָפ XVIII יה. איז די בורזשואזיע אינעם מער פאָרגעשריטענעם דײַטשלאנד ניט געווענ קיינ רעוואָליוציאָנערער קלאס. זי האָט זיכ אויסגעבילדעט דאנ, ווענ דער פּראָלעטאריאט האָט שוינ גופע אינ דײַטשלאנד באוויזנ זײַנ קראפט, מאכנדיק אינ 1844 י. אנ אופשטאנד אינ שלעזיע. כוץ דעם (אונ דאָס האָט געשפּילט נאָכ א גרעסערע ראָליע) האָט די ארבעטער-באוועגונג אינ ענגלאנד אונ פראנקרײַכ באוויזנ דער פרײַסישער בורזשואזיע, אז דער פּראָלעטאריאט איז א געפאר פאר איר אייגענער עקזיסטענצ. הינטערנ רוקנ פונ דער בורזשואזיע איז געשטאנענ דער פּראָלעטאריאט. די דײַטשישע בורזשואזיע איז געווענ ניט-דרייסט, פּאכדאָניש, ניט-אנטשלאָסנ אונ גענייגט צו פאראטנ דעמ פאָלק, איז געווענ גרייט צוזאמענ מיט די גוטבאזיצער צו קעמפנ קעגנ די פאָלקס-מאסנ.

דעריבער איז אויסערגעוויינלעכ געשטיגנ די באדײַטונג פונעם פּראָלעטאריאט אלס רעוואָליוציאָנערער קלאס, וואָס האָט געקאָנט קאָנסעקווענט, אָנ שום וואקלונגענ קעמפנ קעגנ די פעאָדאל-אבסאָליוטיסטישע פאָראָנדקעס אינ דײַטשלאנד

און אינעם דאָזיקן קאַמף זיך קאָנסאָלידירן און פאַרפעסטיקן, קעדיי צו לייזן זײַנע, דעם פּראָלעטאַריאַטס, אייגענע אויפגאַבן. אין צוזאַמענהאַנג מיט דער באַזונדערער ראָליע פונעם פּראָלעטאַריאַט אין דער רײַף-ווערנדיקער בורזשואַזער רעוואָליוציע אין דײַטשלאַנד האָט „...דער צענטער פון דער רעוואָליוציאָנערער באַוועגונג זיך גענומען אַריבערוקן קיין דײַטשלאַנד“ [1].

ניט געקוקט אָבער אַף די פיל סימאָנים, וואָס האָבן איידעס געזאָגט וועגן דעם אָנקומענדיקן רעוואָליוציאָנערן שטורעם, האָבן פונדעסטוועגן דער קיניג און די גוטבאַזיצער די יונקערס, וואָס זײַנען געשטאַנען אין פּרײַסן בא דער מאַכט, אַקשאָנעסדיק זיך געהאַלטן פאַר זייערע פּריווילעגיעס און האָבן ניט געהאַט בעדייע צו גיין אַף א וועלכע-עס-איז האַנאָכעס.

ערעוו דער רעוואָ-ליוציע.

אין 1840 י. איז געשטאָרבן דער אַלטער קיניג פרידריך-ווילהעלם דער III ; די ליבעראַלע בורזשואַזיע האָט גענומען וואַרטן, אַז זײַן זון פרידריך-ווילהעלם דער IV זאָל דורכפירן רעפאָרמעס. די ערשטע צײַט האָט זיך געדוכט, אַז מע וואַרט ניט אומזיסט: דער נײַער קיניג האָט געמאָלדן אַן אַמניסטיע פאַר די פּאָליטישע פאַרמישפּעטע, ער האָט פאַרגרינגערט די לאַגע פון דער פּרעסע. דערמיט אָבער האָט זיך עס געענדיקט. אַף וועלכע-עס-איז רעפאָרמעס, פון א קאָנסטיטוציע שוין אָפּגערעדט, איז דער קיניג ניט אײַנגעגאַנגען. ער האָט גענומען אײַנאָרדענען הויף-פײַערונגען, געמאַכט א פּאָמפּעזע רײַזע איבערן לאַנד, מיט דער ברייטער האַנט צעגעבן געשאַנקען די רויִנירטע הויף-לײַט. מיט די דאָזיקע „אויפטוען“ זײַנע האָט ער אינגאַנצן אויסגעליידיקט די מעלוכע-קאַסע, וואָס איז שוין אַזוי אויך געווען גאַנץ ליידיקלעך.

אין 1845—1846 יי. איז געווען א גרויסע אומגערעטעניש. מאַכמעס דער קאַרטאָפל-קרענק און דער אומגערעטעניש זײַנען געשטיגן די פּרײַזן אַף פּראָדוקטן. די הונגעריקע מאַסן האָבן גענומען זיך אָפּרעכענען מיט די קאַרטאָפל-הענדלער, וואָס האָבן אויסגענוצט דעם הונגער, קעדיי אויפשרויפן די פּרײַזן: מענגעס מענטשן האָבן זיך אַרײַנגעריסן אויך אין די בעקערײַען און מיט געוואַלט צוגענומען דאָס אויסגעבאַקענע ברויט. אַזוי איז געווען אין בערלין, כעמניץ (א גרויסע שטאָט אין זאַקסן) און אין אַנדערע שטעט.

אין 1847 י. איז אָנגעקומען אויך אַן אינדוסטריעלער קריזיס. עס האָבן זיך אָנגעהויבן אָפּשטעלן די פאַבריקן.

די מעלוכע איז געווען ערעוו באַנקראָט, און פרידריך-ווילהעלם דער IV האָט געמוזט צונויפרופן דעם פאַראייניקטן לאַנדטאַג, קעדיי צו קריגן געלט דורך האַלוואָעס און שטײַערן. דער פאַראייניקטער לאַנדטאַג האָט פאָרגעשטעלט מיט זיך א פאַרזאַמלונג פון די דעפּוטאַטן פון די פּראָווינציעלע שטאַנדן-אינסטיטוציעס; אין די דאָזיקע אינסטיטוציעס האָבן פּרעוואַלירט די אַדל-לײַט. אין די בורזשואַזע קרײַזן האָט מען געהאָפט, אַז דאָס צונויפרופן דעם לאַנדטאַג איז אַן אָנזאָג אַף א קאָנסטיטוציע. פרידריך-ווילהעלם דער IV האָט אָבער טיף אַנטוישט די ליבעראַלן. אַף דער עפענונג פונעם פאַראייניקטן לאַנדטאַג האָט ער געזאָגט: „איך גיב אײַך מײַן קיניגלעך וואָרט, אַז כ׳וואָלט אײַך קיינמאָל ניט פאַרזאַמלט, אויב איך וואָלט

[1] ס ט א ל י ן. פראַגן פון לעניניזם, 10-טע אויפלאַגע, ז. 6.

געהאַט אַפילע דעם מינדסטנ כשאַד, אַז אײַכ וועט זיכ פאַרגלוסטנ צו שפּילנ די ראָליע פונ די אַזויגערופענע פאָרשטייער פונעם פאָלק".

די דעפּוטאַטנ פונ דער ליבעראַלער בורזשואַזיע, בעראָש מיט די ריינישע קאַפּיטאַליסטנ האַנזעמאַנ אונ קאַמפּהאַוזענ, האָבנ אופגעווירקט אַפ דער מערהײַט דעפּוטאַטנ, אונ דער לאַנדטאַג האָט זיכ אָפּגעזאָגט צו געבנ דעם קיניג אַ האַלוואָע. דאַנ האָט דער קיניג דעם לאַנדטאַג פאַנאַנדערגעלאָזנ. די געזעלשאַפטלעכע אומצופרידנקײַט האָט זיכ נאָכ מער פאַרשטאַרקט.

די באַוועגונג אינ דאָרעמ-דײַטשלאַנד.

די ידיעה, אַז אינ פראַנקרײַכ האָט זיכ אָנגעהויבנ אַ רעוואָליוציע, איז געווענ דער פונק, וואָס האָט אַרויסגערופנ די רעוואָליוציאָנערע סריפּע אינ די דײַטשישע מעלוכעס. די ערשטע אָפּקלאַנגענ אַפ די געשעענישנ פונ דער פעוראַל-רעוואָליוציע פונ 1848 י. אינ פראַנקרײַכ האָבנ זיכ געלאָזט הערנ אינ די מעלוכעס אונ פּראָווינצנ, וואָס ליגנ בישכיינעס מיט פראַנקרײַכ.

דעמ 3 מאַרט איז אינעמ צענטער פונעמ אינדוסטריעלנ ריינישנ געביט — אינ קעלנ — פאָרגעקומענ אַ גרויסע אַרבעטער-דעמאָנסטראַציע. די דעמאָנסטראַנטנ האָבנ געפאָדערט, מע זאָל „באַשיצנ די אַרבעט". ווענ דאָס מיליטער האָט אָנגעהויבנ פאַנאַנדערטרײַבנ די מאַסע דעמאָנסטראַנטנ, האָבנ זיכ פונ צווישנ דער מאַסע דערהערט דראָונגענ, אַז דאָס פאָלק וועט זיכ פאַרייניקנ צו פראַנקרײַכ.

אינ דאָרעמ-דײַטשלאַנד, אינ באַדענ אונ אַנדערע מעלוכעס האָבנ זיכ אָנגעהויבנ פּויערשע באַוועגונגענ. אינ באַדענ זײַנענ די פּויערימ אָנגעפאַלנ אַפ די שלעסער פונ די אַדל-לײַט אונ געבערנט די פעאָדאַלע דאָקומענטנ אונ ביכער, ווו עס זײַנענ געווענ פאַרשריבנ די רענטעס אונ די כויווס. אינ ווירטעמבערג, פּונקט אינ די זעלבע ראַיאָנענ, ווו עס איז אינ 1525 י. פאָרגעקומענ די פּויערשע מילכאָמע, זײַנענ אינ 1848 י. די פּויערימ ווידעראַמאָל אָנגעפאַלנ אַפ די שלעסער. אַפנ שלאָס ווײַלער זײַנענ אָנגעפאַלנ דרײַ הונדערט פּויערימ. אינעמ פּראַכטפולנ מעבלירטנ שלאָס האָט מענ ניט צוגעגאַנוועט קיינ איינ ווערטפולע זאַכ, דערפאַר האָט מענ דורכויס אַלע דאָקומענטנ פאַרברענט ביז אַ ברעקל. „אָט האָט זיכ ווידעראַמאָל אינדערלופטנ דער האָנ", — האָבנ געשריענ די פּויערימ, ווענ עס האָבנ געגומענ פליִענ פּונקענ אינ אַלע זײַטנ. אינ צוויי טעג אַרומ זײַנענ אַראָפּגעקומענ צוויי מייעס סאָלדאַטנ, אָבער די דאָרפישע באַפעלקערונג איז געווענ אַזוי קריגעריש געשטימט, אַז מע האָט געמוזט אַפילע אַרויסלאָזנ אַפ דער פרײַ די „אונטערהעצער", וואָס מע האָט געהאַט אַרעסטירט.

די באַוועגונג האָט פאַרכאַפּט די שטעט. אינ דער הויפּטשטאָט פונעמ נאַסאַוער הערצאָגטומ — וויסבאַדענ — זײַנענ אַראָפּגעקומענ ביז 30 טויזנט פּויערימ. זיי האָבנ פאַרכאַפּט דאָס געווער אינעמ אַרסענאַל, געפאָדערט אונ זיכ דערשלאָגנ, אַז מע זאָל אָפּשאַפנ די פעאָדאַלע פליכטנ אונ די שטײַערנ.

אינ מאַרט 1848 י. האָט מענ אינ די דאָרעמ-דײַטשישע מעלוכעס אונ אינ אַנדערע קליינע מעלוכעס פונ דײַטשלאַנד, ווו עס האָט זיכ אָנגעהויבנ די פּויערשע באַוועגונג, געשאַפנ מיניסטעריִומס פונ בורזשואַזע ליבעראַלנ.

דער אָנהייב פונ דער רעוואָליוציע אינ עסטרײַכ אונ פּרײַסנ.

אַלס אָנהייב פונ די גרויסע רעוואָליוציאָנערע געשעענישנ אינ דײַטשלאַנד דאַרפ מענ רעכענענ יענע צײַט, ווענ די רעוואָליוציע האָט זיכ אַריבערגעוואָרפנ אינ די גרעסטע מעלוכעס פונעמ דײַטשישנ פאַרבאַנד — אינ דער עסטרײַכישער אימפּעריע אונ אינ פּרײַסנ. פריִער פונ אַלצ האָט זיכ די באַוועגונג אָנגעהויבנ אינ דער פעסטונג פונ מעטערניכס רעזשימ — אינ עסטרײַכ. דעמ 13 מאַרט זײַנענ די ווינער גאַסנ באַדעקט געוואָרנ מיט באַריקאַדנ. עס איז אָרגאַניזירט געוואָרנ אַ בורזשואַזע נאַציאָנאַלע גוואַרדיע. דאָס אופגעשטאַנענע פאָלק האָט אַרומגערינגלט דעם אימפּעראַטאָרישנ פּאַלאַצ. מעטערניכ, וואָס איז העכער

30 יאָר געשטאַנענ אינ דער שפּיצ פונ דער רעאַקציע, איז איצט, לויט דער פאָדערונג פונ פאָלק, באַפרײַט געוואָרנ אינ דעמיסיע. ציטערנדיק פאַר זײַנ גע-פעשל, האָט ער זיכ איבערגעטאָנ אינ ווײַבערשע קליידער אונ איז אַנטלאָפנ. דער אימפּעראַטאָר האָט געשאַפנ אַ מיניסטעריום פונ ליבעראַלע אַמט-לײַט אונ האָט צוגעזאָגט אַ קאָנסטיטוציע.

ווענ די אַרבעטער פונ די ווינער פאָרשטעט האָבנ אײַליק זיכ אַ לאָז גע-טאָנ אינ שטאָט, קעדיי צו שטיצנ די רעוואָליוציע, האָט די ווינער בורזשואַזיע זיכ דערשראָקנ פאַר זיי אונ האָט פאַרמאַכט די שטאָט-טויערנ. די בורזשואַזע נאַציאָנאַלע גוואַרדיע האָט באַגעגנט די אַרבעטער מיט אַ שיסערײַ.

די פילנאַציאָנאַלע עסטרײַכישע אימפּעריע האָט מיט רעכט געטראָגנ דעמ נאָמענ „פעלקער-טורמע", אונ גלײַכ פונעמ אָנהייב פונ דער רעוואָליוציע זײַנענ די אונטערדריקטע נאַציאָנאַליטעטנ אַרײַנגעטראָטנ אינ אַקטיוונ קאַמפּ. ווי נאָר עס איז באַקומענ געוואָרנ די ידיעה וועגנ אופשטאַנד אינ ווינ, האָבנ אינ מילאַנ געמאַכט אַנ אופשטאַנד די איטאַליענער. די מילאַנער באַפעלקערונג, וואָס איז געווענ קימאַט אומבאַוואָפנט, האָט זיכ פינפ טעג נאָכאַנאַנד אַקשאָנעסדיק גע-שלאָגנ קעגנ דעמ גענעראַל ראַדעצקיס רעגולערער עסטרײַכישער אַרמיי. געענדיקט האָט זיכ עס דערמיט, וואָס מע האָט ראַדעצקינ פאַרטריבנ פונ מילאַנ. די עסטרײַכער האָט מענ פאַרטריבנ אויכ פונ פיל אַנדערע ערטער פונעמ לאָמבאַרדיע-ווענעציאַ-נישנ געביט.

פאַר נאַציאָנאַלער אומאָפּהענגיקײַט האָבנ זיכ אויכ געשלאָגנ אינ פּראָג די טשעכנ; אַ ברייטע נאַציאָנאַלע באַוועגונג האָט זיכ אָנגעהויבנ אינ אונגאַרנ.

אינ אַפּרעל האָט די רעגירונג פאַרעפנטלעכט די קאָנסטיטוציע פונ דער עסטרײַכישער אימפּע-ריע. לויט דער דאָזיקער קאָנסטיטוציע זײַנענ אײַנגעפירט געוואָרנ צוויי פּאַלאַטעס — אַנ אַריסטאָקראַ-טישער סענאַט אונ אַ דעפּוטאַטנ-פּאַלאַטע, וואָס האָט זיכ פאָרמירט אויפנ יעסאָד פונ אַלגעמיינעמ וואַלרעכט. אינ דער קאָנסטיטוציע איז געווענ אַ ספּעציעלע באַמערקונג, וואָס האָט בא די אַרבעטער אָפּגענומענ די וואַלרעכט. אינ דער מיט אונ סאָפ מײַ זײַנענ אינ ווינ פאָרגעקומענ אַרויסטרעטונגענ פונ די פאָלקס-מאַסנ בעראָש מיט די אַרבעטער, האַנטווערקער אונ סטודענטנ. אַדאַנק די דאָזיקע פאָלקס-אַרויסטרעטונגענ האָבנ די אַרבעטער באַקומענ וואַלרעכט, די אייבערשטע פּאַלאַטע האָט מענ אָפּגעשאַפנ אונ מע האָט געמאָלדנ, אַז דער רײַכסטאַג (פּאַרלאַמענט) וועט אַליינ באַשטימענ די פּאָ-ליטישע פאָרמ פונ דעמ לאַנד (דה. אַ מאָנאַרכיע אָדער אַ רעפּובליק). דאָס איז געווענ אַ גרויסער זיג פונ פאָלק. אינ די דערפער האָבנ די עסטרײַכישע פּויערימ אומעטומ געמאַכט אופשטאַנדנ אונ אופ-געהערט טראָגנ די פעאָדאַלע פליכטנ.

נאָכ דער רעוואָליוציע אינ דער עסטרײַכישער אימפּעריע איז אינ אַ רעוואָ-ליוציע אַרײַנגעטראָטנ אויכ פּרײַסנ. דעמ 18 מאַרט, ווענ מע האָט באַקומענ אינ בערלינ די ידיעס וועגנ די ווינער געשעענישנ, זײַנענ דאָרטנ פאָרגעקומענ רי-זיקע דעמאָנסטראַציעס. דעמ פּרײַסישנ קיניגס ברודער, דער טראָנ-יורשע פּרינצ ווילהעלמ האָט אָפּגעגעבנ אַ באַפעל צו שיסנ אינ דעמ פאָלק. „עס איז געווענ צוויי אַזייגער באַטאָג, — האָט איינער אַ בײַגעווזענער דערציילט, — גרופּעס מענטשנ זײַנענ דורכגעלאָפנ איבער דער קיניגסשטראַסע. עס האָבנ זיכ באַוויזנ אופגערעגטע, בלאַסע, פאַרסאָפּעטע מענטשנ. זיי האָבנ געשריענ, אַז נאָרוואָס האָט מענ אויפנ פּאַלאַצ-פּלאַצ אָפּ זיי געשאָסנ. אויסגעשרייענ פונ אופגעבראַכטע מענטשנ אונ דראָונגענ האָבנ זיכ געטראָגנ איבער דער גאַנצער שטאָט. איבער דער שטאָט האָט זיכ דורכגעטראָגנ אַ שטורעמ, די ערד האָט זיכ ווי געשפּאַלטנ אונטער די



די רעוואָליוציע פון 18 מאַרט 1848 י. אין בערלין.

פיס. מענטשן האָבן געריסן פלאַסטער־שטיינער פונעם ברוק, האָבן אויסגעליידיקט די געווער־מאַגאַזינען, אַרײַנגעריסן זיך אין די הײַזער און געכאַפּט העק. אין איין אויגנבליק זײַנען אויף דער קיניגסשטראַסע אויסגעוואַקסן 12 פעסטע, מוס־טערהאַפט אויסגעבויטע באַריקאַדן. די באַריקאַדן האָט מען געמאַכט פון דראָזש־קעס, עקיפּאַזשן, אָמניבוסן, פון פּעק סכוירעס, פון איבערגעקערטע בײַדלעך פון וואַסערלייטונג. אויף די דעכער האָבן זיך באַוויזן מענטשן. שטייענדיק אויף א הייך, פון וועלכער עס האָט געשווינדלט אין קאָפּ, האָבן זיי מיט שטיינער אין די הענט געוואַרט אויף די סאָלדאַטן. באַוואָפנט האָט מען זיך מיט וואָס נאָר מע האָט געקאָנט: מיט ווילעס, שווערדן, שפּיזן, פּיסטוילן, שטעקנס. די ייִנגלעך פלעגן זיך אַרײַנרײַסן אין די הײַזער און אַרויפשלעפּן אויף די דעכער גרויסע קערב מיט שטיינער. ווי איין מענטש איז אויפגעשטאַנען די גאַנצע שטאָט".

13—14 שאָ נאָכאַנאַנד האָבן זיך די קריגער געשלאָגן אויף די באַריקאַדן. אין די פאָדערשטע רייען זײַנען געווען די אַרבעטער. זיי זײַנען געווען די הויפּט־קראַפט. 14 טויזנט סאָלדאַטן פונעם רעגולערן מיליטער מיט 36 האַרמאַטן זײַנען געשיקט געוואָרן אײַנצונעמען די באַריקאַדן, זיי זײַנען אָבער געווען מאַכטלאָז קעגן די אַרבעטער, וועלכע עס האָט געשטיצט די באַפעלקערונג.

דער קיניג האָט זיך געווענדט מיט אַן אויפרוף צו די „באַליבטע בערלינער"; ער האָט געבעטן אָפּצושטעלן דעם קאַמף און האָט פאַרזיכערט, אַז די גאַנצע בלוטפאַרגיסונג איז פאָרגעקומען מאַכמעס דעם, וואָס בא צוויי סאָלדאַטן האָבן „די ביקסן אויסגעשאָסן פון זיך אַליין". דער אויפרוף האָט אָבער ניט געמאַכט קיין שום אײַנדרוק, און דער קיניג האָט געמוזט באַפוילן דעם מיליטער אָפּ־טראָגן זיך פון דער הויפּטשטאָט.

ווען מע האָט דורכגעטראָגן די קאָרבאָנעס פון די באַריקאַדן-שלאַכטן פאַר־

בײַ דעם קיניגלעכנ פאלאצ, איז לויט דער פאָדערונג פונעם פאָלק ארויס אפנ באלקאָנ דער שולדיקער פונ די דאָזיקע קאָרבאָנעס — דער קיניג. ער איז געווענ בלאס, צעטומלט אונ איז געווענ געצווונגענ צו אנטבלויזנ דעם קאָפ פאר די ארבעטער, וועלכע עס האָט דערהארגעט דאָס קיניגלעכע מיליטער.

אינ די מארט־שלאכטנ פונ 1848 י. אינ בערלינ האָבנ געזיגט די ארבעטער אונ די האנטווערקער. מאכמעס זיי זײַנענ אָבער ניט געווענ אָרגאניזירט, האָט אינ בערלינ (פונקט ווי אינ פאריזש — אינ פעווראל) דעם זיג פונ די ארבעטער אויסגענוצט די בורזשואזיע. אינ פרײַסנ האָט די בורזשואזיע ניט אראָפגעוואָרפנ די מאָנארכיע, זי האָט זיכ באנוגנט דערמיט, וואָס דער קיניג האָט באשטימט א ליבעראל מיניסטעריום בעראָש מיט די פאבריקאנטנ קאמפהאוזענ אונ האנזעמאנ.

די דײַטשישע בורזשואזיע איז געווענ אָנגעשראָקנ פונ דער מעכטיקײַט, וואָס דער ארבעטער־קלאס האָט ארויסגעוויזנ אינ די מארט־טעג, אונ שוינ פונ סאמע אָנהייב רעוואָליוציע האָט זי געשטיצט די גוטבאזיצער אונ דעם קיניג. דאָס נײַע בורזשואזע מיניסטעריום האָט ניט אראָפגעזעצט קיינ אייניעם פונ די פריערדיקע אמט־לײַט, האָט ניט אָנגערירט די אלטע פרײַסישע פאָליציי, די ארמיי. קאמפהאוזענ אליינ האָט אָנגערופנ זײַנ מיניסטעריום „דער פאנצער פונ דער דינאסטיע“.

אפ דער ריזיקער פארזאמלונג, וואָס איז פאָרגעקומענ דעם 26 מארט, האָבנ די ארבעטער ארויסגעשטעלט א פאָדערונג, מע זאָל אָרגאניזירנ אנ ארבעט־מיניסטעריום מיט ארבעטער־פאָרשטייער אונ מע זאָל אפנ סמאכ פונ אלגעמיינע אונ דירעקטע וואלנ צונויפרופנ דעם לאנדטאג (פארלאמענט). אפ די דאָזיקע ארבעטער־פאָדערונגענ האָט די בורזשואזיע געענטפערט דערמיט, וואָס זי האָט זיכ געווענדט צום קיניג מיט א ביטע, ער זאָל צוריקערנ קיינ בערלינ דאָס מיליטער. דאָס מיליטער איז גלײַכ צוריקגעקערט געוואָרנ.

אינ דער פרײַסישער נאציאָנאלער פארזאמלונג, וואָס האָט זיכ געעפנט אינ בערלינ דעם 22 מײַ 1848 י., איז געווענ 1 ארבעטער אונ 1 האנטווערקער. די איבעריקע דעפוטאטנ זײַנענ געווענ פאָרשטייער פונ דער בורזשואזיע אונ פונ די גוטבאזיצער. זומער 1848 י. האָט זיכ אינ פיל ערטער אינ פרײַסנ אָנגעהויבנ אברייטע פויערשע באוועגונג. די פרײַסישע פארזאמלונג האָט אָבער אָפגעוואָרפנ דעם פראָיעקט וועגנ פארניכטנ די פעאָדאלע פליכטנ פונ די פויערימ אונ האָט דערמיט די פויערימ אָפגעשטויסנ פונ זיכ.

דעם 14 יונ 1848 י. האָבנ די בערלינער ארבעטער שוינ געהאט פארכאפט דעם צייכהאוז (ארסענאל), אָבער מאכמעס זייער אומאָרגאניזירטקײַט האָט די דאָזיקע ארויסטרעטונג ניט געבראכט צו קיינ שום פאָלגנ.

דער פראנקפורטער פארלאמענט.

די בורזשואזיע האָט געפרווט אויסנוצנ די רעוואָליוציע, קעדיי צו ווידערפארייניקנ די דײַטשישע מעלוכעס. זי האָט אָבער מוירע געהאט אָנצורירנ די אינטערעסנ פונעם קיניג אונ פונ די גוטבאזיצער, אונ האָט עס געטאָנ ניט אנטשלאָסנ. אָט די ניט־אנטשלאָסנקײַט האָט שוינ לעכאטכילע באשטימט דעם גוירל פונעם דאָזיקנ פרווו: ער איז דורכגעפאלנ.

דעם 18 מײַ האָט זיכ אינ איינער א קירכ אינ פראנקפורט אמ מײַנ פארזאמלט דער אלדײַטשישער פארלאמענט. מע האָט אימ אויסגעוויילט דורכ אלגע-

מײַנע אָבער צווייסטופּיקע וואלנ. אָנ אנ אופהער האָט מענ אינ פּארלאמענט גענומענ פּלוידערנ וועגנ אנ אלדײַטשישער קאָנ־סטיטוציע. ענגעלס האָט אָנגערופּנ דעמ פראנקפורטער פּארלאמענט „פּארזאמלונג פונ אלטע באבעס". די דאָזיקע „פּארזאמלונג פונ אלטע באבעס" האָט אויסגע־ווײלט אײנעמ פונ די עסטרײַ־כישע פּרינצנ יאָהאנענ אלס הויפּט פונ דער מעלוכע („דײַ־טשישער שטאטהאלטער"). דער קלײנבירגערלעכער פליגל, וואָס איז געווענ אינעמ פראנקפורטער פּלוידערשטיבל, האָט אָנשטאָט צו אָרגאניזירנ די מאסנ צומ קאמפ, אויכ זיכ פארנומענ מיט פוסטע רײד. אינ פּארלאמענט האָט מענ אָנ אנ אופהער דעבאטירט, אונ די פּריצימ אונ די דײַטשישע מאָנארכנ האָבנ דערווײַל געגרײט קרעפטנ צומ קאמפ קעגנ דער רעוואָליו־ציע.



די פּראָצעסיע פונעמ פראנקפורטער פּארלאמענט צומ קלויסטער פונעמ הײליקנ פּאול, דעמ 18 מײַ 1848 י.— פונעמ זשורנאל „אילוסטרירטע צײַטונג" פארנ 1848 י.

## מארקס און ענגעלס אין דײַטשלאַנד.

אינ דער פראגע וועגנ דער ווידערפארײניקונג פונ דײַטש־לאנד אונ אינ אנדערע פראגנ האָבנ א קאָנסעקווענטע רעוואָליוציאָנערע פּאָזיציע פארנומענ מארקס אונ ענגעלס. אינ אפּרעל 1848 י. זײַנענ זײ געקומענ צו פאָרנ קײנ דײַטשלאנד אונ האָבנ זיכ באזעצט אינעמ פאָרגעשריטענעמ אינדוסטריעלנ רײנישנ געביט.

די „נײַע רײנישע צײַטונג", וואָס מארקס אונ ענגעלס האָבנ געגרינדעט אונ וואָס איז דערשינענ אינ קעלנ, איז געוואָרנ דער צענטער, וואָס האָט געזאמלט די ווירקלעכ־רעוואָליוציאָנערע קרעפטנ אינ דײַטשלאנד.

ענגעלס האָט וועגנ איר געשריבנ, אז „קײנ אײנע פונ די דײַטשישע צײַ־טונגענ,— ניט פריִער, ניט שפּעטער,— האָט ניט געהאט אזא קראפט אונ וויר־קונג, האָט ניט געקאָנט אזוי עלעקטריזירנ די פּראָלעטארישע מאסנ, ווי די „נײַע רײנישע צײַטונג"[1].

ווענ מארקס אונ ענגעלס זײַנענ געקומענ צו פאָרנ קײנ דײַטשלאנד, איז דאָרטנ דער פּראָלעטאריאט געווענ צעשפּליטערט, פּאָליטיש ניט דערפארנ.

קעדײ צו האָבנ א מעגלעכקײַט צו ווירקנ אפנ גאנג פונ דער רעוואָליוציע,

[1] מארקס און ענגעלס, ווערק, ב. VI, ז. 10—11.

שטויסן זי פאָרויס, זײַנען מאַרקס און ענגעלס אַרײַן אין באַשטאַנד פון דער בורזשואַזער דעמאָקראַטישער פּאַרטיי, אין איר עקסטרעמען לינקן פליגל, קריטיקירנ־דיק די „האַלבקײַט“ פון זייערע פאַרבינדעטע פון רעכטס און פירנדיק אַ קאַמף פאַר שאַפן אַ רעוואָליוציאָנערע פּראָלעטאַרישע פּאַרטיי.

אין דער פראַגע וועגן ווידערפאַרייניקן דײַטשלאַנד האָט מאַרקס אַרויסגע־שטעלט אַלס גרונט-אויפגאַבע דאָס אָראָפּוואַרפן די דײַטשישע פעאָדאַלע רעגירונ־גען און דאָס אויסבילדן פון אַלע דײַטשישע מעלוכעס אַן איינהײַטלעכע דעמאָ־קראַטישע רעפּובליק. מאַרקס און ענגעלס האָבן געקוקט אויף דער דעמאָקראַטישער רעפּובליק ווי אויף אַ שטאַפּל צום קאַמף פאַרן סאָציאַליזם. אַלס באַדינג פאַר אַ זיגרײַכער דעמאָקראַטישער רעוואָליוציע אין דײַטשלאַנד האָט מאַרקס געהאַלטן דעם רעוואָליוציאָנערן קאַמף קעגן צאַרישן רוסלאַנד, ווײַל ניקאָלײַ דער I האָט שוין גע־האַט צוגערוקט דאָס מיליטער צו די דײַטשישע גרענעצן און האָט נאָר געוואַרט אויף דער געלעגנהײַט זיך אַרײַנצומישן.

דאָס זײַנען געווען די אַלגעמיינע אויפגאַבן פון דער רעוואָליוציע. גופא אין דער אַרבעטער־באַוועגונג האָבן מאַרקס און ענגעלס געפירט אַ קאַמף אויף צוויי פראָנטן. פון איין זײַט האָבן זיי געקעמפט קעגן דער אָפּאָרטוניסטישער טאַקטיק פונעם מיטגליד פון „קאָמוניסטן-פאַרבאַנד“ סטעפאַן באָרן, וואָס האָט אָרגאַני־זירט אין בערלין אַן „אַרבעטער-ברידערשאַפט“. פונקט ווי לוי בלאַן, איז באָרן געווען פאַרכאַפט פון דער אידיי פון פּראָדוציר-אַרטעלן. אויפן צוזאַמענפאָר, וואָס באָרן האָט צונויפגערופן אין בערלין, האָט ער אַרויסגערוקט שמאָל-עקאָנאָמישע אויפגאַבן, געפאָדערט אַפילו, אַז מע זאָל ווידעראַמאָל אויפשטעלן דעם טיטל צעכ־מײַסטער; איינזײַטיק דערמיט האָט ער זיך אָפּגעזאָגט פון פּאָליטישן קאַמף, אים איבערגעלאָזט פאַר דער בורזשואַזיע.

קעמפנדיק קעגן באָרנען, האָבן מאַרקס און ענגעלס, פון דער אַנדערער זײַט, אומבאַרמאָנעסדיק קריטיקירט די שעדלעכסטע אײַנשטעלונגען, וואָס עס האָט גע־געבן דער פּרעזיצער פון דער קעלנישער אַרבעטער-געזעלשאַפט גאָטשאַלק; גאָט־שאַלק האָט אַרויסגערוקט דעם לאָזונג פון אַריבערגיין פונעם פעאָדאַלן דײַטש־לאַנד גלײַך צו אַן „אַרבעטער-רעפּובליק“, ער האָט זיך אָפּגעזאָגט פון געמיינזאַמע אַקציעס מיטן פויערטום און מיט די רעוואָליוציאָנערע עלעמענטן פון דער בור־זשואַזיע קעגן די גוטבאַזיצער. נאָך דעם, ווי מאַרקסן האָט זיך אײַנגעגעבן צו דערווײַזן די קעלנישע אַרבעטער די גאַנצע שעדלעכקײַט פון גאָטשאַלקס טאַקטיק און אַריבערציִען די מערהײַט פון דער קעלנישער אַרבעטער-געזעלשאַפט אויף זײַן צד, איז ער געוואָרן פּרעזיצער פון דער דאָזיקער געזעלשאַפט.

די מאָביליזירונג פון די קרעפטן און דער אָנגריף פון דער קאָנטררעוואָליוציע אין דײַטשלאַנד.

דאָס צעגראָמירן דעם יוני-אויפשטאַנד אין 1848 י. אין פּאַריז האָט אונטערגעגעבן מוט דער קאָנטררעוואָליוציע אין דײַטשלאַנד. די פּרײַסישע יונקערן האָבן זיך גע־ווערטלט: „קעגן די דעמאָקראַטן, — פלעגן זיי זאָגן, — העלפן נאָר די סאָלדאַטן“.

האָבנדיק דיסקאָנטירט, אַז אין ווין וועלן אינגיכן פאָרקומען אַנטשיידנדע שלאַכטן, האָט מאַרקס אין אויגוסט-סעפּטעמבער 1848 י. פאַרבראַכט דאָרט צוויי וואָכן, קעדיי אָנצוקניפּן פאַרבינדונגען מיט די רעוואָליו־ציאָנערן די דעמאָקראַטן און מיט די אַרבעטער-אָרגאַניזאַציעס.

אינ ווינ איז ווירקלעכ פאָרגעקומענ אנ אנטשיידנדיקער צוזאמענשטויס. אינ אָקטיאבער 1848 י. האָט מענ געדארפט פונעמ גארניזאָנ פונ דער הויפטשטאָט שיקנ מיליטער קיינ אונגארנ. דער צוועק פונ דער עקספעדיציע איז געווענ: דערשטיקנ די באוועגונג, וואָס האָט זיכ פארשטארקט אינ אונגארנ נאָכ דעמ, ווי די אימפערישע רעגירונג האָט פאנאנדערגעלאָזנ דעמ אונגארישנ סיימ. דעמ 6 אָקטיאבער 1848 י. האָבנ אינ ווינ די סטודענטנ, די קליינ-בורזשואזיע, די ארבעטער פארנומענ די גאסנ, איבער וועלכע עס האָבנ געדארפט דורכגיינ די סאָלדאטנ פארנ פארלאָזנ די שטאָט, פארצאמט זיי דעמ וועג, גענומענ מיט זיי זיכ ברידערנ. דעמ ארסענאל האָט מענ צעגראַמירט אונ בא 100 טויזנט מאנ האָבנ צענומענ פונ דאָרטנ געווער.

קעגנ ווינ איז ארויסגעשיקט געוואָרנ די אימפעראטאָרישע ארמיי בעראָש מיטנ גענעראל ווינדישגרעצ (א טשעכ). צו דער אימפעראטאָרישער ארמיי האָט מענ צוגעגעבנ דאָס מיליטער פונ די סלאווונ-כאָרוואטנ אונטער יעלאַטשיטשעס קאָמאנדשאפט. דאָס אימפעראטאָרישע מיליטער פונ 70 טויזנט מאנ האָט זיכ א לאָז געטאָנ מיט 200 קאנאָנעס שטורמעווענ ווינ (26—28 אָקטיאבער 1848 י.).

א גרויסנ אָנטייל אינעמ באשיצנ ווינ האָט גענומענ דער פוילישער רעוואָליוציאָנער יאָסיפ בעמ. ער האָט פארבאריקאדירט די ארייַנגענג אינ שטאָט, אופגעשטעלט, אפ וויפל דאָס איז נאָר געווענ מעגלעכ, די אלטע פארפעסטיקונגענ. אונטער א האָגל קוילנ איז ער געזעסנ אפנ מארש-שטול אונ קאלטבלוטיק אָנגעפירט מיט דער שלאכט; ער אליינ האָט אָנגעפירט מיט א באטאריי פונ 5 קאנאָנעס.

נאָכ א פארביטערטנ ווידערשטאנד איז ווינ אייַנגענומענ געוואָרנ. די ארבעטער פונ די ווינער פאָרשטעט האָט מענ צעגראַמירט, פיל הייַזער האָט מענ פארברענט. די אופשטענדלער, וועלכע מע האָט גענומענ אינ געפאנגענשאפט, האָט מענ מאסנווייַז דערשאָסנ. צווישנ די דערשאָסענע איז געווענ דער דעמאָקראט ראָבערט בליומ, וועלכנ עס האָט געהאט צוגעשיקט דער „לינקער" פליגל פונעמ פראנקפורטער פארלאמענט. ראָבערט בליומ איז געשטאָרבנ אלס „...איינער פונ די מארטירער פונ דער דייַטשישער רעוואָליוציע" [1].

אפ צו דערשטיקנ דעמ ווינער אופשטאנד האָט די עסטרייַכישע רעגירונג געשיקט סלאוויש מיליטער. קעדיי פאנאנדערציינדנ די נאציאָנאלע סינע, האָט דאָ די עסטרייַכישע רעגירונג אויסגענוצט דעמ האס פונ די פויערימ די סלאווונ צו זייערע אונטערדריקער — די דייַטשישע גוטבאזיצער. פונקט אזוי האָט די עסטרייַכישע רעגירונג אינ אנדערע פאלנ אָנגעהעצט די פויערימ די סלאווונ קעגנ די אונגארנ.

מארקס אונ ענגעלס האָבנ אינ 1848 י. אָנגעוויזנ אפ דער רעאקציאָנערער ראָליע, וואָס עס האָבנ געשפילט אינ דער דאָזיקער רעוואָליוציע אייניקע סלאווישע פעלקערשאפטנ.

„די פראגע איז באשטאנענ דערינ, — האָבנ מארקס אונ ענגעלס געשריבנ, — וועלכע נאציע וועט נעמענ די רעוואָליוציאָנערע איניציאַטיוו, וועלכע נאציע וועט פאנאנדערוויקלענ א גרעסערע רעוואָליוציאָנערע ענערגיע אונ וועט דערמיט זיכערנ

1 מארקס אונ ענגעלס, ווערק, ב. XI, ט. 2, ז. 614.

איר צוקונפט... די סלאווז זײַנען אַרײַנגעוואָרפן געוואָרן אין די אָרעמס פון דער קאָנטררעוואָליוציע"[1].

די גרונטלייגער פון מאַרקסיזם האָבן אָבער אין דעם זעלבן אַרטיקל געשריבן: „אויב די סלאווז וואָלטן אין אַ וועלכער-עס-איז עפּאָכע פון זייער אונטערדריקונג אָנגעהויבן אַ נײַע רעוואָליוציאָנערע געשיכטע... וואָלט פון דעם זעלבן מאָמענט אָן די רעוואָליוציע געווען פאַראינטערעסירט אין זייער באַפרײַונג, און דער פּרי־וואַטער אינטערעס פון די דײַטשן און מאַדיאַרן וואָלט אָפּגעטראָטן פאַר דעם מער ברייטן אינטערעס פון דער אייראָפּייִשער רעוואָליוציע"[2].

אויב די אַרבעטנדיקע סלאווז וואָלטן אַרײַנגעטראָטן אין רעוואָליוציאָנערן קאַמף, וואָלטן דאַן די נאַציאָנאַלע אינטערעסן פון די דײַטשן און אונגאַרן אָפּ־געטראָטן אויפן צווייטן פּלאַן. אויפן ערשטן אָרט וואָלטן אַרויסגעטראָטן די אַלגע־מיינע רעוואָליוציאָנערע אויפגאַבן.

דאָס אײַנעמען ווין איז געווען אַ שווערע מאַפּאָלע פאַר דער גאַנצער דײַ־טשישער רעוואָליוציע. די קאָנטררעוואָליוציע האָט נאָך העכער אויפגעהויבן דעם קאָפּ. דער רעוואָליוציאָנערער קאַמף איז אָבער ווײַטער געגאַנגען.

די פּרײַסישע פאַרזאַמ־לונג ווערט צעטריבן.

גלײַך נאָך דעם, ווי עס איז געפאַלן ווין, האָט מען פון־נעם פּרײַסישן מיניסטעריום אַרויסגעוואָרפן די מיניסטאָרן די ליבעראַלן. בעראָש פונעם נײַעם מיניסטעריום האָט דער קיניג אוועקגעזעצט זײַן פעטער, דעם פאַרביסענעם רעאַקציאָנער בראַנדענ־בורג. די פאַרזאַמלונג האָט פּראָטעסטירט קעגן דעם, וואָס מע האָט געביטן די רעגירונג. דאַן האָט דער קיניג צעטריבן די פאָלקס־פאָרשטייער. רופן די מאַסן צו אַ רעוואָליוציע האָט זיך די פאַרזאַמלונג ניט אַנטשלאָסן. אָט אַזוי מיִעס האָט דער בורזשואַז־גוטבאַזיצערישער פּרײַסישער לאַנדטאַג פאַרענדיקט זײַן עקזיסטענץ.

אין דעקאַבער 1848 י. האָט מען אין פּרײַסן אײַנגעפירט אַ נײַע קאָנסטיטו־ציע. אינעם פאָלגנדיקן יאָר איז פאַרעפנטלעכט געוואָרן אַ נײַער וואַל־געזעץ, וואָס האָט געזיכערט די גוטבאַזיצער און דער בורזשואַזיע אַ פולשטענדיקע אי־בערוואָג אינעם לאַנדטאַג.

די דײַטשישע רעוואָליוציע פון 1848 י. ווערט פאַרענדיקט מיט צוויי גרויסע געשעענישן: די ערשטע געשעעניש איז געווען דער קאַמף פאַר אַן אימפּערישער קאָנסטיטוציע אין דאָרעם־דײַטשלאַנד; די צווייטע איז געווען דער נײַער אויפשטײַג פון דער רעוואָליוציע אין אונגאַרן און די אַכזאָריעסדיקע צעגראָמירונג פון דער דאָזיקער רעוואָליוציע מיטן אָנטייל פונעם צאַרישן מיליטער.

דער קאַמף פאַר אַן אימפּערישער קאָנסטי־טוציע.

פרילינג־צו פון 1849 י. האָט מען אינעם פראַנקפורטער פלוידער־שטיבל אויסגעאַרבעט אַ קאָנסטיטוציע פון אַן איינהײַטלעכן דײַטשלאַנד. די דײַטשישע בורזשואַזיע האָט ניט געפונען קיין בעסערס, ווי פאָרצולייגן די קרוין פון דער דײַטשישער אימפּעריע דעם פּרײַסישן קיניג. דערמיט האָט זיך די פאַכדאָנישע דײַטשישע בורזשואַזיע אָפּגעגעבן אין די הענט פונעם זיגער, פאַרלאָזנדיק זיך אויף זײַן גנאָד. פרידריך־ווילהעלם דער IV האָט אָבער מיט פאַראַכטונג זיך אָפּגעזאָגט. ער

1 מאַרקס און ענגעלס, ווערק, ב. VII, ז. 215.
2 דאָרטן, ז. 213.

האָט געענטפערט, אז ער וויל ניט „אופהייבן די קרוינ פונ דער בלאָטע". צוזא־מענ דערמיט האָט ער זיכ אָפּגעזאָגט צו אָנערקענענ די קאָנסטיטוציע, וואָס מע האָט אויסגעארבעט אינ פראנקפורט. די עסטרײַכישע רעגירונג אונ די רעגירונגענ פונ אנדערע גרויסע מעלוכעס האָבנ נאָכגעפאָלגט דעמ פרײַסישנ קיניג. דאַנ האָט דער לינקער פליגל פונעמ פראנקפורטער פארלאמענט גערופנ צו אנ אופשטאנד, כדי צו אײַנפירנ די אימפּערישע קאָנסטיטוציע אפּ א רעוואָליוציאָנערנ אופנ. דער פּאָלקס-אופשטאנד האָט זיכ אָנגעהויבנ אינ דער זאקסישער הויפּטשטאָט, דרעז־דענ. גלײַכ נאָכ דעמ דאָזיקנ אופשטאנד, וואָס איז דערשטיקט געוואָרנ בלויז אדאנק דער ארײַנמישונג פונעמ פרײַסישנ מיליטער, האָבנ זיכ די רעוואָליוציאָנערע שלאכטנ אריבערגעוואָרפנ אינ דעמ רייִנישנ געביט.

דעמ 10 מײַ 1849 י. איז ענגעלס אָפּגעפאָרנ פונ קעלנ אינ דעמ גרויסנ אר־בעטער-צענטער פונעמ רייִנישנ געביט — עלבערפעלד. אפנ וועג האָט ער אינ זאָ־לינגענ מיטגענומענ צוויי קאסטנס פּאטראָנעס, וואָס די ארבעטער האָבנ צוגענו־מענ, בײַס זיי האָבנ אטאקירט דעמ צייכהאוז. אינ עלבערפעלד האָט א מיליטע־רישע קאָמיסיע פונעמ „קאָמיטעט פונ געפארלאָזיקײַט", וואָס איז דאָרט געווענ פולער באלעבאָס, באפולמעכטיקט ענגעלסנ אָנצופירנ מיט דער בויונג פונ די פארפעסטיקונגענ אונ האָבנ די אופזיכט איבער אלע באריקאדנ אינ שטאָט. אפּ מאָרגנ, דעמ 12 מײַ, האָט מענ ענגעלסנ אָפּגעגעבנ אינ זײַנ רעשוס אויכ די אר־טילעריע. אינעמ באפעל פונעמ „קאָמיטעט פונ געפארלאָזיקײַט" איז געשטאנענ: „דער בירגער פ. ענגעלס ווערט באפולמעכטיקט אײַנצושטעלנ די קאנאָנענ לויט זײַנ אײַנזענ, ווי אויכ ארויספאָדערנ די האנטווערקער, וואָס זײַנענ דערצו נייטיק". אינ דער אָרגאניזירונג פונ די קריגס-קרעפטנ פונ עלבערפעלד האָט ענגעלס גע־שפּילט אנ אָנפירנדיקע ראָליע. דעמ 14 מײַ איז אָבער צו אימ געקומענ איינער א מיטגליד פונעמ „קאָמיטעט פונ געפארלאָזיקײַט" אונ האָט געמאָלדנ, אז „כאָטש מע קענ קעגנ ענגעלסעס אופירונג ביכלאל גאָרניט ניט האָבנ, איז דאָכ די על־בערפעלדער בורזשואזיע ביז גאָר אָנגעשראָקנ מיט זײַנ אָנוועזנהײַט; זי האָט די גאנצע צײַט מוירע, טאָמער וועט ער פּראָקלאמירנ א רויטע רעפּובליק, אונ איר פארלאנג איז, אז ער זאָל אוועקגיינ"[1].

די באוואָפנטע ארבעטער אונ דעמ וואָלאָנטערנ-קאָרפּוס האָט די דאָזיקע פּאָ־דערונג טיפּ אופגעבראכט. זיי האָבנ געפאָדערט, אז ענגעלס זאָל בלײַבנ, אונ האָבנ צוגעזאָגט „צו באשיצנ אימ מיטנ פרײַז פונ זייער אייגענעמ לעבנ". ענגעלס איז אוועקגעפאָרנ, נאָר ער האָט צוגעזאָגט די עלבערפעלדער ארבעטער, אז ער וועט זיכ טייקעפּ אומקערנ, ווענ עס וועט זיכ אָנהייבנ די נײַע, טויזנט מאָל וויכטי־קערע, באוועגונג, „...אינ וועלכער עס וועט זיכ האנדלענ וועגנ זייערע, די אר־בעטערס, אייגענע אינטערעסנ"[2].

דאָס פרײַסישע מיליטער האָט די באוועגונג אינעמ רייִנישנ געביט דערשטיקט. נאָכ דעמ, ווי דער אופשטאנד איז דערשטיקט געוואָרנ אינ דער רייִנישער פּראָ־ווינצ, איז די „נײַע רייִנישע צײַטונג", מאכמעס די פארפאָלגונגענ פונ דער פרײַ־סישער רעגירונג, געצווונגענ געווענ אופהערנ ארויסגיינ (18 מײַ 1849 י.). אינעמ

1 מארקס אונ ענגעלס, ווערק, ב. VII, ז. 385.
2 דאָרטנ, ז. 386.

לעצטן נומער פון דער „ריינישער צײַטונג“, וואָס איז געווען געדרוקט מיט רויטער פארב, האָט מארקס, אין זײַן ווענדונג צו די קעלנישע ארבעטער, געשריבן: „זעגנענדיק זיך מיט אײַך, דאנקען אײַך די רעדאקטאָרן פון דער „נײַער ריינישער צײַטונג“ פארן מיטגעפיל, וואָס איר האָט זיי אויסגעדריקט. זייער לעצט וואָרט וועט שטענדיק און אומעטום — זײַן: באפרײַונג פונעם ארבעטער-קלאס!“ [1].

דער לעצטער קאמפס-עטאפ פאר אן אימפערישער קאָנסטיטוציע האָט זיך פאנאנדערגעשפילט אין באדען און אין פפאלץ. אהין האָבן זיך געלאָזן מארקס און ענגעלס. זיי האָבן געצייצעט די באדענער אופצוהייבן די שכיינעסדיקע מעלוכעס און רופן צו אן אלדײַטשישן באוואָפנטן אופשטאנד. מארקס און ענגעלס זײַנען אויך באשטאנען, אז מע זאָל אָפשאפן אלע פעאָדאלע פליכטן פון די פויערים. די קלייןבירגערלעכע אָנפירערשאפט מיטן אופשטאנד האָט זיך געוואקלט, האָט געצויגן. די קלייןבורזשואזיע האָט געשטרעבט צו בילדן זעלבשטענדיקע קליינע רעפובליקן און זי האָט זיך אָפגעזאָגט פונעם לאָזונג פון אן אלדײַטשישן אופשטאנד. צו דער מיט יול איז דער אופשטאנד נאָך אקשאָנעסדיקע שלאכטן דערשטיקט געוואָרן. דערשטיקט האָט אים די 110-טויזנטדיקע ארמיי פון פרײַסן און פון אנדערע דײַטשישע מעלוכעס. אין די רעוואָליוציאָנערע שלאכטן האָט אקטיוו אָנטיילגענומען ענגעלס (מארקס איז אין דער צײַט אָפגעפאָרן קיין פאריז, ווו עס האָט זיך, לויט די ידיעס, וואָס זײַנען געווען, געגרייט א נײַע רעוואָליוציאָנערע ארויסטרעטונג). די לינקע דעפוטאטן פון דער פראנקפורטער פארזאמלונג (דאָס רעשטל), וואָס פלעגן אָפהאלטן זייערע זיצונגען אין שטוטגארט, האָט מען צעטריבן.

די אונגארישע רעוואָליוציע.

אלע קאָנטררעוואָליוציאָנערע קרעפטן האָבן זיך איצט ארופגעוואָרפן אפן רעוואָליוציאָנערן אונגארן. פרילינג 1849 י. האָט דאָס אופגעשטאנענע אונגארישע פאָלק ארויסגעטריבן דאָס עסטרײַכישע מיליטער; די פויערים האָבן אָנגעהויבן צו פארכאפן די פריצישע ערד. דער אונגארישער פארלאמענט האָט פראָקלאמירט אונגארן פאר אן אומאָפהענגיקער מעלוכע. בעראָש פון דער רעגירונג, וואָס האָט זיך אויסגעבילדעט אין אונגארן, האָט זיך געשטעלט דער אדוואָקאט קאָשוט. ווען די אונגארישע רעוואָליוציע וואָלט זיך פארפעסטיקט, וואָלט עס געהאט א קאָלאָסאלע באדײַטונג פאר גאנץ אייראָפע. די אונגארן האָבן געקאָנט אָנהייבן אן אָנגריף אפן דער עסטרײַכישער הויפטשטאָט, ווין. דער זיג פון די אונגארן איבער די עסטרײַכער וואָלט באפרײַט די איטאליענער פונעם עסטרײַכישן יאָך. די רעוואָליוציאָנערע קרעפטן פון אלע לענדער פון אייראָפע וואָלטן באקומען א מעכטיקע שטיצע.

איינער אליין האָט דער עסטרײַכישער אימפעראטאָר זיך ניט געקאָנט ספראווען מיט דער רעוואָליוציע און ער האָט זיך געווענדט נאָך הילף צו ניקאָלײַ דעם I-טן. דער דאָזיקער „זשאנדארם פון אייראָפע“ האָט גערן געשיקט קיין אונגארן א הונדערט-טויזנטדיקע ארמיי בעראָש מיטן גענעראל פאסקעוויטש.

„כ'וואָלט זיך ניט ארײַנגעמישט, — האָט ניקאָלײַ דער I געשריבן צו פאסקעוויטשן, — ווען דאָס אייגענע העמד וואָלט ניט געווען נענטער צום לײַב, דה. ווען כ'וואָלט

---

1 דאָרטן, ז. 391.

ניט געזענ אינ ווינ אונ אינ אנדערע שווינדלער אינ אונגארנ ניט בלויז פֿײַנט פֿונ עסטרײַכ, נאָר אויכ פֿײַנט פֿונ דער אלוועלטלעכער אָרדענונג אונ רו... ראָצ־כימ אונ מערדער, וועלכע מע דארפֿ אויסראָטנ טאקע צוליב אונדזער רו״.

די קאָלאָסאלע צארישע ארמיי האָט צוזאמענ מיטנ אימפּעראטאָרישנ עסטרײַכישנ מיליטער דערשטיקט די אונגארישע רעוואָליוציע. די קאָמאנדירנ פֿונ דער אונגארישער ארמיי, וואָס זײַנענ גענומענ געוואָרנ אינ געפֿאנגענשאפֿט, האָט מענ אופּגעהאנגענ. אכזאָריעסדיק האָט מענ זיכ צערעכנט מיט די פּויערימ. אינ די אונגארישע דערפֿער האָבנ געווילדעוועט שטראָפֿ־עקספּעדיציעס אונ קריגס־געריכטנ. דער רעוואָליוציאָנערער רוסישער דעמאָקראט טשערנישעווסקי האָט אינ יענע טעג פֿארשריבנ אינ זײַנ טאָגבוכ: „א פֿרײַנט פֿונ די אונגארנ, ווינטש איכ די רוסישע דאָרטנ א מאפּאָלע אונ צוליב דעמ וואָלט איכ גרייט געווענ מאקריוו זײַנ מיט זיכ״. וועגנ דער באדײַטונג, וואָס עס האָט געהאט דאָס דערשטיקנ די אונגארישע רעוואָליוציע, האָט ענגעלס געשריבנ אזוי:

„אינ די רעוואָליוציע־יאָרנ איז דאָס דערשטיקנ אונגארנ דורכנ רוסישנ מיליטער געווענ אזא אנטשיידנדיקע געשעעניש פֿאר מיזרעכ־ אונ מיטל־אייראָפּע, ווי די יול־שלאכט אינ פּאריז איז געווענ פֿארנ מײַרעוו...״ [1].

**די סיבעס פֿונ דער מאפּאָלע פֿונ דער דײַטשישער רעוואָליוציע.**

די וויכטיקסטע סיבע, פֿארוואָס די רעוואָליוציע אינ דײַטשלאנד האָט געליטנ א מאפּאָלע, איז געווענ דאָס, וואָס די דײַטשישע ליבעראלע בורזשואזיע האָט פֿאראטנ דעמ פֿאָלק. דער פּראָלעטאריאט איז נאָכ געווענ צו שוואכ, ער זאָל קאָנענ אָנפֿירנ מיטנ קאמפּ פֿונ אלע קלאסנ קעגנ די דײַטשישע גוטבאזיצער אונ פֿעאָדאלע דינאסטיעס. סײַ די גרויס־בורזשואזיע סײַ די קליינ־בורזשואזיע זײַנענ געווענ פּאכדאָניש, ניט־אנטשלאָסנ אונ האָבנ פֿאראטנ דער רעוואָליוציע.

ניט די בורזשואזיע, נאָר די פֿאָלקס־מאסנ האָבנ געשפּילט די הויפּט־ראָליע אינ דער ניט־פֿארענדיקטער רעוואָליוציע פֿונ 1848 י. אינ דײַטשלאנד.

די גוטבאזיצער אונ די פֿעאָדאלע דײַטשישע דינאסטיעס האָבנ פֿארביטערט געקעמפֿט פֿאר אײַנהײַטנ זייער מאכט אונ די צעשפּליטערטקײַט פֿונ דײַטשלאנד. געזיגט האָבנ זיי מאכמעס דעמ פֿאראט פֿונ דער בורזשואזיע אונ ווײַל דער פּראָלעטאריאט איז נאָכ ניט געווענ רײַפֿ.

**מארקס אונ ענגעלס וועגנ אנ „אומופּהערלעכער רעוואָליוציע״.**

נאָכ אינעמ „קאָמוניסטישנ מאניפֿעסט״, האָבנ מארקס אונ ענגעלס געשריבנ: „אינ דײַטשלאנד קעמפֿט די קאָמוניסטישע פּארטיי אינאיינעמ מיט דער בורזשואזיע, — אפֿ וויפֿל די בורזשואזיע טרעט ארויס רעוואָליוציאָנער — קעגנ דער אבסאָליוטער מאָנארכיע, קעגנ דעמ פֿעאָדאלנ ערדאייגנטומ אונ קעגנ דעמ רעאקציאָנערנ קליינבירגערטומ״. מארקס אונ ענגעלס האָבנ דערבײַ אונטערגעשטראָכנ, אז די קאָמוניסטישע פּארטיי „...הערט אָבער אפֿ קײנ איינ מאָמענט ניט אופֿ אויסצוארבעטנ בא די ארבעטער א ווי ווײַט נאָר מעגלעכ קלאָרנ באוווסטזײַנ וועגנ דעמ פֿײַנטלעכנ קעגנזאצ צווישנ דער בורזשואזיע אונ דעמ פּראָלעטאריאט... קעדיי נאָכנ אראָפּוואַרפֿנ די רעאקציאָנערע קלאסנ אינ דײַטשלאנד זאָל זיכ טייקעפֿ אָנהייבנ דער קאמפּ קעגנ דער בורזשואזיע גופֿע״ [2].

---

[1] מארקס אונ ענגעלס, ווערק, ב. XV, ז. 221.

[2] מארקס, אויסגעוויילטע ווערק. ב. I, 1940, ז. 167.

מארקס און ענגעלס האָבנ ניט געהאלטנ, אז די רעוואָליוציע אינ דײַטשלאנד איז פארענדיקט. דײַטשלאנד איז געבליבנ צעשפּליטערט. עס איז אויכ ניט גערייזט געוואָרנ די אגראר-פראגע. בא דער מאכט זײַנענ געבליבנ די פעאָדאלע דינאסטיעס. א קאָלאָסאלע באדײַטונג האָבנ מארקס און ענגעלס צוגעגעבנ דער אויסנוצונג פונ דער רעוואָליוציאָנערער ענערגיע פונ די דעמאָקראטישע מאסנ און פריִער פונ אלצ פונעמ פויערטומ אינעמ קאמפּ קעגנ די גוטבאזיצער און די פעאָדאלע דינאסטיעז און צוליב דער ווײַטערדיקער אנטוויקלונג פונ דער רעוואָליוציע.

אינ דער „ווענדונג פונ צ. ק. צומ קאָמוניסטנ-פארבאנד”, וואָס איז אָנגעשריבנ געוואָרנ און מארט 1850 י., האָבנ מארקס און ענגעלס, אָפּשאצנדיק די לעקציעס פונ דער רעוואָליוציע און אָנמערקנדיק די פּערספּעקטיוונ, געשריבנ: „אונדזערע אינטערעסנ און אונדזערע אופגאבנ באשטייענ דערינ, אז מע זאָל מאכנ די רעוואָליוציע פאר אנ אומופהערלעכע אזוי לאנג, ביז אלע מער אָדער ווייניקער פארמעגלעכע קלאסנ וועלנ ניט באזײַטיקט ווערנ פונ דער הערשאפט, ביז דער פּראָלעטאריאט וועט ניט דעראָבערנ די מעלוכע-מאכט”[1].

דערפונ איז צו זענ, אז „מארקס האָט קלאָר ניט פאָרגעלייגט אָ נ צ ו ה י י ב נ די זאכ פונ דער רעוואָליוציע אינ דײַטשלאנד פונ די 50-ער יאָרנ גלײַכ פונ א פּראָלעטארישער מאכט...” „מארקס האָט פאָרגעלייגט בלויז צו באקרוינענ די זאכ פונ דער רעוואָליוציע מיט דער פּראָלעטארישער מעלוכע-מאכט”[2].

לענינ און סטאלינ האָבנ גענִיאַל אנטוויקלט די טעאָריע וועגנ אנ אומופהערלעכער רעוואָליוציע און די לערע וועגנ דער נויטווענדיקײַט צונויפצופאָרנ די רעוואָליוציאָנערע פויערשע באוועגונג מיט דער פּראָלעטארישער רעוואָליוציע. זיי האָבנ געשאפנ די טעאָריע וועגנ דער אריבערוואקסונג פונ דער בורזשואז-דעמאָקראטישער רעוואָליוציע אינ א סאָציאַליסטישער רעוואָליוציע. אונטער דער אָנפירונג פונ לענינענ און סטאלינענ האָט די באָלשעוויסטישע פּארטיי פארווירקלעכט די דאָזיקע גענִיאלע טעאָריע אינ אונדזער לאנד. דאָס פארווירקלעכנ זי האָט געבראכט צומ זיג פונעמ סאָציאַליזמ.

קאפּיטל 15.

# די רעוואָליוציע פונ 1848 יאָר אינ איטאליע.

נאָכנ ווינער קאָנגרעס איז איטאליע, ווי באוווסט, געבליבנ א צעבראָקלט לאנד. דער ערשטער וויכטיקסטער עטאפּ פונ דער ווידערפארייניקונג פונ איטאליע איז געווענ די רעוואָליוציע פונ די יאָרנ 1848—1849.

אינ דער צעשפּליטערטער איטאליע איז פּונקט ווי אינ דײַטשלאנד די גרונט-פראגע פונ דער רעוואָליוציע געווענ די פראגע וועגנ ווידערפאראייניקנ דאָס לאנד. אינ צאָפנ-טייל איטאליע האָבנ באלעבאטעוועט די עסטרײַכער: דאָ האָט מענ די באפעלקערונג מיט געוואלט דײַטשיזירט. מעטערניכ פלעגט זאָגנ, אז די אײַנוווינער פונ דעמ לאָמבארדיע-ווענעציִאנער געביט „דארפנ פארגעסנ, אז זיי זײַנענ איטאליענער”. אינ צענטראלנ טייל איטאליע האָט דער רוימישער פּויפּסט זיכ געהאלטנ בא דער מאכט מיט דער הילפ פונ געדונגענעמ שווייצער מיליטער. אינ דעמ פּויפּסטלעכנ געביט האָבנ באלעבאטעוועט די בישאָפנ און גאלאָכימ, דאָרט האָט נאָכ געווילדעוועט די אינקוויזיציע. אינעמ דאָרעמ-טייל איטאליע, אינ נעאפּאָל און סיציליע, האָבנ דעספּאָטיש רעגירט די בורבאָנענ, וואָס זײַנענ געווענ אָפּהענגיק פונ עסטרײַכ.

בלויז פּיעמאָנט (דאָס סארדינישע קיניגרײַכ) איז געווענ מער זעלבשטענדיק פונ אנדערע איטאליענישע מעלוכעס. פּיעמאָנט, וואָס האָט געגרענעצט מיט

1 מ א ר ק ס, אויסגעוויילטע ווערק, ב. II, 1940, ז. 131.
2 ס ט א ל י נ, פראגנ פונ לעניניזמ, 11-טע אופלאגע, ז. 24.




איטאַליע—פונעם ווינער קאָנגרעס ביז דער רעוואָלוציע פון די יאָרן 1848—1849.

פראנקרײַך און מיט די עסטרײַכישע באַזיצן, האָט אױסגענוצט די װידערשפּרוכן צװישן פראַנקרײַך און עסטרײַך. אין עקאָנאָמישער הינזיכט איז פּיעמאָנט געװען אַן אָפּגעשטאַנענע מעלוכע, דאָך האָבן פיל געהאָפט, אַז אַדאַנק זײַן אומאָפּהענגיקער לאַגע און שטאַרקער אַרמיי װעט זיך פּיעמאָנט שטעלן בעראָש פונעם קאַמף פאַר דער װידערפאַראײניקונג פון איטאַליע.


מאַציני.

די אומגערעטענישן און די הונגער־יאָרן אין דאָרף פאַר דעם 1848 י., װי אױך דער אינדוסטריעלער קריזיס פון 1847 י. האָבן פאַרשטאַרקט די אַלגעמײנע אומצופרידנקײַט אין איטאַליע.

די גרונט־מאַסע פון דער באַפעלקערונג איז באַשטאַנען פון פּויערים, זעלטן אָבער איז אַ פּויער געװען אַן אײגנטימער פון ערד. קימאַט אומעטום האָט די ערד געהערט צו די גוטבאַזיצער, װאָס פלעגן זי אָפּגעבן אין אַרענדע די פּויערים אױף פאַרשקלאַפנדיקע באַדינגונגען. אין פּיעמאָנט האָט נאָך אַפילע עקזיסטירט פּאַנשטשינע און טשינש. איבער די פאַרשקלאַפנדיקע באַדינגונגען פון דער ערד־אַרענדע אינעם קיניגרײַך פון בײדע סיציליעס זײַנען דאָרט די פּויערים דערפירט געװאָרן ביז פולשטענדיקן דאַלעס. כוץ דעם האָט דאָס פּויערטום געליטן פונעם פרעמדלענדישן יאָך, פון דער צעברעקלטקײַט פונעם לאַנד, פונעם װילקיר פון דער אַדמיניסטראַציע און פונעם גיריקן קאַטױלישן קלער.

דעם לאָזונג װעגן װידערפאַראײניקן איטאַליע אױף אַ רעװאָליוציאָנערן אופן האָט אַרױסגערוקט די געהײמע פּאָליטישע געזעלשאַפט „יונגע איטאַליע", װאָס עס האָט געגרינדעט מאַציני. דער רעאַקציאָנער מעטערניך, אָט דער פאַרביסענער סוינע מאַציניס, האָט װעגן אים געהאַט אַזױ געזאָגט: „קײנער און קײנמאָל אין דער װעלט האָט מיר ניט פאַרשאַפט אַזױפיל קאָפּדרײעניש, װי דער דאָזיקער איטאַליענישער רױבער, אַ מענטש אַ דאַרער, אַ בלאַסער, אין הױלע טראַנטעס, אָבער זײַן רײדן איז געװען װי אַ שטורעם, פלינק איז ער געװען װי אַ קאָמעדיאַנט און אומדערמידלעך װי אַ פאַרליבטער".

מאַציני איז געװען אופריכטיק איבערגעגעבן דער אידײ פון אַ דעמאָקראַטישער רעװאָליוציע. דער גרונט־כיסאָרן אָבער פון דעם דאָזיקן פאָרשטײער פון דער רעװאָליוציאָנערער בורזשואַזיע איז געװען דאָס, װאָס ער איז געװען אַן אָנהענגער פון אַן אױפשטאַנד אונטער אַלע אומשטענדן, — ניט דיסקאָנטירנדיק די

קאָנקרעטע לאגע אונ ניט פארשטייענדיק, אז אפריִער דארפ מענ דורכפירנ אנ אייַנגעשפארטע אונ סיסטעמאטישע ארבעט צווישנ די מאסנ. א קלאסנ־אָנשפאר האָט מאציני געזוכט דעריקער צווישנ דער בורזשואזיע אונ דעמ ליבעראלנ אדל אונ אויכ צווישנ די דעמאָקראטישע עלעמענטנ פונ שטאָט — צווישנ די האנטווערקער, דער קליינ-בורזשואזיע, צווישנ די ארבעטער. ער האָט געהאלטנ, אז מע דארפ אייַנהיטנ דאָס בורזשואזע אייגנטומ אונ ער איז געווענ א סוינע פונ מארקס' קאָמוניזמ. זייַנע פרווונ צו מאכנ א פארשוווערונג זייַנענ דורכגעפאלנ.

אינ 1848 י. האָט זיכ די רעוואָליוציע אינ די איטאליענישע מעלוכעס אָנגעהויבנ פונ אנ אופשטאנד אינ סיציליע, אינ יאנוואר 1848 י. דאָס איז געווענ די ערשטע גרויסע באוועגונג אינ אייראָפּע אינעמ אומפארגעסלעכנ 1848 י. דאָס אופגעשטאנענע פאָלק האָט ארויסגעטריבנ פונ סיציליע דאָס מיליטער אונ די טשינאָווניקעס פונעמ אכזאָריעסדיקנ אונ טעמפּנ פערדינאנד דעמ II־טנ. דער קיניג איז געצווונגענ געווענ אייַנצופירנ א קאָנסטיטוציע. באלד נאָכ דעמ האָבנ זיכ די אומרוענ אריבערגעוואָרפנ אויכ אינ אנדערע איטאליענישע שטעט. אינ פיעמאָנט אונ אינ דעמ פויפּסטלעכנ געביט האָט מענ אייַנגעפירט קאָנסטיטוציעס. פלוצלינג האָט זיכ אינ צאָפנ-טייל איטאליע באקומענ די ידיִע וועגנ דעמ, אז אינ ווינ איז פאָרגעקומענ א רעוואָליוציע אונ אז מעטערניכ האָט געמאכט פלייטע. אינ מילאנ אונ ווענעציע זייַנענ אויסגעבראָכנ אופשטאנדנ. די אומבאוואָפנטע באפעלקערונג פונ מילאנ איז דרייסט ארייַנגעטראָטנ אינ שלאכט קעגנ דעמ עסטרייַכישנ גארניזאָנ. זי האָט באוואָרפנ די סאָלדאטנ מיט דאכלקעס, שטיינער, פלעשער, באגאָסנ זיי מיט אָקרעפּ.

די אופשטענדלער האָבנ ערגעץ געקראָגנ עטלעכע הארמאטנ אונ זיי געלאָזט אינ גאנג. די געווער-מאגאזינענ האָט מענ צעגראָמירט, דאָס געווער — צוגענומענ. אינ אייניקע פונקטנ האָט מענ אופגעשטעלט באריקאדעס. נאָכ א פינפטאָגיקנ אומופהערלעכנ העראָישנ קאמפּ האָבנ די מילאנער אָפּגעהאלטנ א זיג איבערנ עסטרייַכישנ מיליטער.

די קימאט אומבאוואָפנטע באפעלקערונג פונעמ צאָפנ-טייל איטאליע האָט געקעמפט העלדיש אונ אומעטומ באזיגט דאָס רעגולערע עסטרייַכישע מיליטער. דאנ האָט דער פיעמאָנטער קיניג קארל־אלבערט דערקלערט עסטרייַכ א מילכאָמע. דער דאָזיקער ניט אנטשלאָסענער „קיניג-פליוגער”, „קיניג-פארעטער” האָט מער מוירע געהאט ניט אזוי פאר די עסטרייַכער, ווי פאר זייַנ אייגנ פאָלק. דעריבער האָט ער די מילכאָמע געפירט ניט אנטשלאָסנ, ווייַל ער האָט מער מוירע געהאט פאר א זיג איידער פאר א מאפּאָלע. אינעמ קאמפּ קעגנ די עסטרייַכער האָט זיכ באטייליקט דער רוימישער פויפּסט אונ דער נעאפּאָליטאנישער קיניג.

צווישנ די פאָלקס-מאסנ איז דאנ געווענ פאָפולער גאריבאלדי, וואָס האָט אָנגעהויבנ שאפנ וואָלאָנטערנ-אָטריאדנ.

גאריבאלדי (1807—1882) איז געבוירנ געוואָרנ אינ ניצע אינ א מישפּאָכע בא א יאמ-מאנ. צענ יאָר אלט, איז ער אָנגעקומענ אלס שיפ-יונג אפ א האנדלס-שיפ אונ פונ דעמלט אָנ האָט ער פיל יאָרנ פארבראכט אפנ יאמ. געפינענדיק זיכ איינמאָל בייס א נעסיִע אינ רוסלאנד, אינ טאגאנראָג, האָט זיכ גאריבאלדי באגעגנט מיט א מיטגליד פונ דער געהיימער געזעלשאפט „יונגע איטאליע”, וועלכע עס האָט געגרינדעט מאציני, אונ איז ארייַנגעטראָטנ אינ דער דאָזיקער געזעל-

שאפט. גאריבאלדי האָט זיך באטייליקט אין א ניט-געלונגענעם אופשטאנד, וועלכן ס'האָט אָרגאניזירט מאציני. נאָך דעם דאָזיקן אופשטאנד האָט גאריבאלדי געמוזט אנטלויפן פון איטאליע. עטלעכע יאָר האָט ער פארבראכט אין דאָרעם-אמעריקע. דאָרט איז ער בארימט געוואָרן מיט זײַנע העלדנטאטן בײַם דער מילכאָמע פון דער קליינער רעפובליק ריאָ-גראנדע פאר איר אומאָפּהענגיקײַט קעגן דער בראזילישער מאָנארכיע און בײַם דער מילכאָמע פאר אומאָפּהענגיקײַט פון א צווייטער קליינער רעפובליק—אורוגווײַ.

אין אמעריקע האָט גאריבאלדי כאסענע געהאט מיט א ברויגער אורוגווײַערן—אניטא. אניטא איז געוואָרן איינער פון די בעסטע קריגער אין גאריבאלדיס אָטריאד, זײַן שטענדיקער אָרדינארעץ. אין די געפערלעכסטע מינוטן פלעגט זי ניט בלויז וואָס שלאָגן זיך געוואגט, נאָר אויך ארויסטרײַבן די פּאכדאָנים, וואָס פלעגן זיך אויסבאהאלטן אין ווארעמע ערטלעך.

ווען גאריבאלדי האָט פאָרגעלייגט זײַן הילף קארל-אלבערטן, האָט „דער קיניג דער פארעטער" זיך אָפּגעזאָגט פון איר און האָט דורך זײַן קריגס-מיניסטער איבערגעגעבן, אז גאריבאלדיס וואָלאָנטערן טראָגן רויטע העמדלעך און ברייטע היט—און דאָס איז א גוט ציל-ברעטל. אונטערן דאָזיקן אויסרייד האָט קארל-אלבערט א לאנגע צײַט זיך אָפּגעזאָגט פון דער הילף פון די וואָלאָנטערן. און ווען ער האָט שוין יאָ מאסקים געווען נעמען צו זיך גאריבאלדין, האָט ער אים אפּ אלערליי אויפאנים געשטערט, ניט געגעבן קיין געווער און ניט באזאָרגט זײַנע וואָלאָנטערן.

דער נעאפּאָליטאנער קיניג און דער רוימישער פּויפּסט, וואָס זײַנען ארײַנגעטראָטן אין דער מילכאָמע, האָבן אינגיכן פאראטן דער נאציאָנאלער זאך און האָבן אָפּגערופן דאָס מיליטער. די עסטרײַכער האָבן צעקלאפּט קארל-אלבערטן. ס'האָט זיך געדוכט, אז זיגן וועט די רעאקציע. אָבער אין דער צײַט איז אין רוים אויסגעבראָכן אן אופשטאנד. באם פּויפּסט האָט מען אָפּגענומען די מאכט. אין רוים האָט זיך פארזאמלט די גרינדונגס-פארזאמלונג, וואָס האָט פּראָקלאמירט א רעפּובליק. די רוימישע רעפּובליק, וואָס בעראָש פון איר האָט זיך געשטעלט מאציני, האָט דורכגעפירט א ריי מאָסמיטלען, די זעלבע, וואָס די פראנצויזישע בורזשואזע רעוואָליוציע פון XVIII יה. דאָס קירך-פארמעגן האָט מען קאָנפיסקירט, די רײַכע לײַט האָט מען באשטײַערט מיט א פּראָגרעסיוון האכנאָסע-שטײַער, — ביז פון זייער האכנאָסע. די געבײַדעס פון דער אינקוויזיציע האָט מען אוועקגעגעבן די אָרעמעלײַט פאר ווינונגען. די קירכלעכע ערד האָט מען איבערגעגעבן די אָרעמע פּויערים. אין מארט 1849 י. האָט די גרינדונגס-פארזאמלונג איבערגעגעבן די פולע מאכט דעם טריומוויראט (דרײַלינג) בעראָש מיט מאציניען. רוים האָט זיך אויך געשטעלט אין פארבינדונג מיט די רעפּובליקן, וואָס האָבן זיך אויסגעבילדעט אין טאָסקאנא און ווענעציע; דערבײַ האָט מאציני גערופן צו שאפן אן אל-איטאליענישע גרינדונגס-פארזאמלונג. דאן האָט דער קיניג דער פארעטער קארל-אלבערט אונטערן דרוק פון די פאָלקס-פאָדערונגען ווידער אָנגעהויבן א מילכאָמע קעגן די עסטרײַכער, אָבער אויך דאָס מאָל האָט ער מער מוירע געהאט, אז דאָס פאָלק זאָל זיגן, איידער פאר א מאפּאָלע. 2|3

אין 4 טעג ארום נאָך דעם, ווי די מילכאָמע האָט זיך אָנגעהויבן, האָט מען קארל-אלבערטן צעקלאפּט בא נאָווארע (24 מארט 1849 י.). אויס מוירע, דאָס פאָלק זאָל זיך מיט אים צערעכענען, איז ער אן איבערגעטאָנענער גלײַך פון

שלאכט-פעלד געלאָפן אין א געדונגענער קאַרעטע קעדיי אויסבאהאלטן זיך אין פּאָרטוגאל. די עסטרייַכער האָבן ווידער פארכאפּט דעם צאָפן-טייל איטאליע כוץ ווענעציע; די רעפּובליק, וואָס האָט זיך דאָרט אויסגעבילדעט, האָט העלדיש פאַר-טיידיקט איר אומאָפּהענגיקייַט.

שוין די לעצטע טעג פון דער ווענעציאַנער רעפּובליק האָט איר אָנפירער מאנין געזאָגט: „עס פעלן אויס מענטשן, קעדיי צו אריבערפירן און באגראָבן די בארמינענס (אין שטאָט איז אויסגעבראָכן א כאָליערע. — אוטאָר). פון די באָמבעס און גראנאטעס מערן זיך סרייפעס פון טאָג צו טאָג, פון שאָ צו שאָ. קוים וואָס עס קלעקט פייַערלעשער אָפּ צו לעשן דאָס אומופהערלעכע פייַער. עס פעלט אויס רוישטאָף אָפּ צו מאכן פולווער. ס'איז ניטאָ קיין שום האָפענונג אָפּ הילף פון אויסן".

לויטן רוף פונעם פויפּסט פּי דעם IX-טן האָט זיך אין דאָרעם-טייל איטאליע אומגע-ריכט אָנגעהויבן אן אינטערווענציע פון די קאטוילישע לענדער: פראנקרייַך, עסט-רייַך און שפּאניע. דער פראנצויזישער פּרעזידענט לוי-נאפּאָלעאָן באָנאפּארט האָט געשיקט קיין איטאליע דעם גענעראל אודינאָ מיט אן ארמיי פון 10 טויזנט מאן.

דורכגעלעכערט די ווענט פון רוים, האָט אודינאָ אָנגעהויבן צו שטורמעווען די שטאָט, וועלכע גאריבאלדי האָט העלדיש פארטיידיקט. ווען די אינטערווענטן האָבן איינגענומען רוים, האָט דער קאָנסול פון די פאראייניקטע שטאטן פאָרגע-לייגט גאריבאלדין זיך אויסבאהאלטן אין אמעריקע, און אים פאָרגעלייגט א שיף אָפּ אריבערצופאָרן אהין. גאריבאלדי האָט זיך אָבער אָפּגעזאָגט. מיט 4 טויזנט סאָלדאטן-וואָלאָנטערן האָט ער זיך געפּרוווט דורכרייַסן אָפּ צאָפן, קעדיי צו העלפן ווענעציע. גאריבאלדיס פרוי, זייַן שטענדיקער געהילף אין די שלאכטן, איז דאן געווען שווער קראנק; מע האָט זי געטראָגן אָפּ די הענט, און זי איז געשטאָרבן אין וועג. גאריבאלדין אליין האָבן די פּיעמאָנטער מאכט-אָרגאנען ארעסטירט. בלויז לויט דער פאָדערונג פון פאָלק האָט אים די רעגירונג פון פּיעמאָנט באפרייַט. גאריבאלדי איז ווידער אוועק אין דער פרעמד.

איצט האָבן אין איטאליע באלעבאטעוועט די עסטרייַכער (וואָס האָבן איינגענו-מען אויך ווענעציע), די פראנצויזן, דער רוימישער פּויפּסט, דער נעאפּאָליטאנער קיניג.

וואָס האָט געבראכט צו דער מאפּאָלע פון דער רעוואָליוציע אין איטאליע? ניט די פּיעמאָנטער בורזשואזיע, ניט מאציני האָבן ניט ארייַנגעצויגן אין קאמף קעגן די עסטרייַכער די פאָלקס-מאסן, האָבן ניט פארוואנדלט די מילכאָמע אין א רעוואָליוציאָנערער פאָלקס-מילכאָמע, וואָס זאָל זייַן געווענדעט ניט נאָר קעגן די עסטרייַכער, נאָר אויך קעגן די איטאליענישע גוטבאזיצער. די פאָלקס-באוועגונגען זייַנען געבליבן סטיכישע, אָן אָנפירונג, — אן אויסנאם זייַנען געווען אייניקע שטאָטישע צענטערס (רוים, ווענעציע).

א גרויסע ראָליע האָט געשפּילט דער פאראט פון דער סארדינישער בורזשוא-זיע, איר מוירע פאר די פאָלקס-מאסן, איר ניט-אנטשלאָסנקייַט אינעם קאמף קעגן די עסטרייַכער.

דעם ענדגילטיקן קלאַפּ דער רעוואָליוציע האָט געגעבן די אינטערווענציע פון די קאטוילישע מעלוכעס, וואָס האָבן לויטן רוף פונעם רוימישן פּויפּסט צוגע-שיקט מיליטער.

### די רעוואָליוציע פון 1848 י. און די רוסישע געזעלשאפטלעכקייט.

די אייראָפּייִשע רעוואָליוציע פון 1848 י. האָט געמאכט א קאָלאָסאלן איינדרוק אף די פּאָרגעשריטענע מענטשן פון רוסלאנד. אָט וואָס עס דערציילט דער באוווסטער שרייבער דער דעמאָקראט סאלטיקאָוו-שטשעדרינ וועגן דעם איינדרוק, וואָס עס האָט געמאכט אף אים און אף די ארומיקע דער אָנהייב פון דער רעוואָליוציע פון 1848 י. אין פראנקרייַך: „מיר האָבן ניט נאָר געהאלטן אין איין אנציקט זייַן, — האָט ער געזאָגט, — נאָר מיר האָבן אפילע איבעריקנס אונדזער היספּייַלעס ניט אויסגעבאהאלטן פון דער וואכנדיקער נאטשאלסטווע".

גערצען, וואָס האָט דאן געלעבט אין פראנקרייַך, האָט מיט צאָרן געשטעמפּלט די בלוטדורשטיקע עקזעקוציע פון דער פראנצויזישער בורזשואזיע איבער די ארבעטער נאָך די יונ-טעג און האָט גלייַכצייַטיק בארעכטיקט דעם רעוואָליוציאָנערן יאקאָבינישן טעראָר.

אן אומפארגעסלעכן איינדרוק האָט געמאכט די רעוואָליוציע פון 1848 י. אף טשערנישעווסקין. אונטער איר איינפלוס איז טשערנישעווסקי געקומען צום געדאנק וועגן דעם, אז ס'איז נייטיק א פויערשע רעוואָליוציע.

דער אָנטיילנעמער פון פּעטראשעווסקיס קרייַז, גריגאָריעוו, האָט אָנגעשריבן א פּראָקלאמאציע „א סאָלדאטישער שמועס" („סאָלדאטסקאיא בעסעדא"), ווו עס האָט זיך גערעדט וועגן דער פראנצויזישער רעוואָליוציע פון 1848 י. אין דער דאָזיקער פּראָקלאמאציע האָט ער גערימט די פראנצויזן, „בא וועלכע ס'איז ניטאָ קיין גראפן און קיין הארן און אלע זייַנען גלייַך". „אָט איז פאראיאָרן, — האָט געשריבן גריגאָריעוו, — האָט דאָס פאָלק זיך א הייב געטאָן, און די סאָלדאטן האָבן פון ברוק-שטיינער געמאכט אין שטאָט פארצוימונגען, און ס'איז אוועק א שלאכט א הייסע, שייַעך צו זאָגן: דער קיניג מיט די הארן האָבן קוים געמאכט פּלייטע. איצט ווילן זיי ניט קיין קייסאָרים און פארוואלטן ווי מיר אין דאָרף — דורך דער געמיינדע, צוזאמען מיט די געווײלטע". און גריגאָריעוו האָט גערופן די סאָלדאטן צו אן אופשטאנד.

די רעוואָליוציאָנערע כוואליע, וואָס האָט זיך אין 1848 י. דורכגעקייַקלט קימאט איבער אלע לענדער פון אייראָפּע, האָט אָבער ניט אָנגערירט רוסלאנד. דאָ איז די רעוואָליוציע נאָך ניט רייַף געוואָרן.

---

## דריטער אָפּטײל

# די 50־60־ער יאָרנ פונעמ נײַנצנטנ יאָרהונדערט

### קאפיטל 16.

## די אײראָפּײִשע רעאקציע. די מיזרעכדיקע מילכאָמע. די אױסבילדונג פונ רומעניע אונ סערביע.

די אײראָפּײִשע רעאקציע פונ די 50=ער יאָרנ.

נאָכ דער מאפּאָלע פונ דער רעװאָליוציע פונ די יאָרנ 1848—1849 האָט אינ אַלע לענדער פונ אײראָפּע געװילדעװעט א מוירעדיקע רעאקציע. אינ דער עסטרײַכישער אימפּעריע איז אָפּגעשאפנ געװאָרנ די קאָנסטיטוציע. אינ עסטרײַכ אונ איטאליע האָבנ שטראָפ-עקספּעדיציעס זיכ אָפּגערעכנט מיט די פּויערימ. אינ די דערפער זײַנענ געשטאנענ טליִעס, די פעלד-קריגס-געריכטנ פלעגנ ארויסטראָגנ טויט-אורטײלנ מאסנװײַז. דער נעאפּאָליטאנער קיניג פערדינאנד דער II האָט אינ 1848 יאָר פונ הארמאטנ איבערגעשאָסנ גאנצע דערפער אונ אַפילע די שטאָט מעסינע. מע האָט אימ א נאָמענ געגעבנ „קיניג-באָמבע".

דאָס צארישע רוסלאנד האָט אינעמ דאָזיקנ פעריִאָד בארעכטיקט זײַנ צונאָמענ „זשאנדארמ פונ אײראָפּע". דאָס צארישע מיליטער האָט דערשטיקט די רעװאָליוציע אינ אונגארנ. ניקאָלײַ דער I האָט געגעבנ דער עסטרײַכישער רעגירונג 6 מיליאָנ רובל גאָלד, כדי צו העלפנ דערשטיקנ די רעװאָליוציאָנערע באװעגונג אינ איטאליע.

אינ די פאָרגעשריטענע קאפּיטאליסטישע לענדער — ענגלאנד אונ פראנקרײַכ — האָט זיכ די רעאקציע אונטערשײדט דערמיט, װאָס די הויפּט-קלעפּ פונ דער רעאקציע זײַנענ דאָרט געפאלנ אפ די ארבעטער. אינ ענגלאנד האָט מענ צעבראָמירט די רעשטלעכ טשארטיסטישע אָרגאניזאציעס, אינ פראנקרײַכ האָט מענ פארמאכט קימאַט אַלע ארבעטערשע אופקלערונגס-געזעלשאפטנ אונ קאָאָפּעראטיװנ.

די פּרײַסישע רעגירונג האָט ארעסטירט אונ ארויסגעשיקט פונ דײַטשלאנד די אָנגעזעענסטע אָנטײלנעמער פונ דער ארבעטער־באװעגונג אינ די יאָרנ 1848—1849. מארקס אונ ענגעלס זײַנענ געצװוּנגענ געװענ אװעקצופאָרנ קײנ ענגלאנד, װוּ זײ האָבנ געלעבט אלס פּאָליטישע עמיגראנטנ. אינ ענגלאנד האָבנ מארקס אונ ענגעלס געפירט א גרויסע פּאָליטישע ארבעט צװישנ די ארבעטער. הארבסט

1850 י. איז שוינ קלאָר געוואָרנ, אז א נײַער אופשטײַג פונ דער רעוואָליוציע איז אינ דער נאָענטסטער צײַט אומעגלעכ. דאָכ האָבנ די מיטגלידער פונעמ „קאָמוניסטנ-פארבאנד" וויליכ אונ שאפער דאנ ניט ריכטיק באהויפט, אז די נײַע רעוואָליוציע וועט פאָרקומענ אומגעזאמט אונ וועט גלײַכ זײַנ א פראָלעטארישע. זיי האָבנ גלײַכצײַטיק זיכ געשטעלט אינ פארבינדונג מיט לוי בלאנענ, לעדרי-ראָלענענ, קאָשוטנ אונ אנדערע בורזשואזע דעמאָקראטנ, וועלכע האָבנ אלע געלעבט אינ עמיגראציע, אונ צוזאמענ מיט זיי זיכ פארנומענ מיט דער שפיל פונ צונויפשטעלנ רעוואָליוציאָנערע רעגירונגענ.

מארקס אונ ענגעלס האָבנ געקעמפט קעגנ וויליכס אונ שאפערס שעדלעכער ליניע. פאר דעזאָרגאניזאטאָרישער טעטיקײַט האָט מענ וויליכנ אונ שאפערנ אויסגעשלאָסנ פונעמ „קאָמוניסטנ-פארבאנד" (1850).

דער קעלנישער פראָצעס.

אינ צוויי יאָר ארומ האָט די פרײַסישע פאָליציי-קליקע אָרגאניזירט א פראָצעס קעגנ דער קעלנישער אָפטיילונג פונעמ „קאָמוניסטנ-פארבאנד".

נאָכ אינ מײַ 1851 י. האָט מענ געהאט פארהאלטנ איינעמ פונ די באפולמעכטיקטע פונעמ „פארבאנד" אונ מע האָט געפונענ בא אימ א דריי דאָקומענטנ. אינ די דאָזיקע דאָקומענטנ איז גאָרניט געווענ אזוינס, וואָס זאָל קענענ דינענ אלס גרונט פאר צוציִענ דעמ „קאָמוניסטנ-פארבאנד" צומ געריכט.

דאנ האָט די פרײַסישע פאָליציי גענומענ פאבריצירנ פעלשונגענ. די פרײַסישע פאָליצייִשע אגענטנ אינ לאָנדאָנ האָבנ גענומענ מאכנ פארשיידענע דאָקו-



„קיניג-באָמבע" — פונ א קאריקאטור פונ אָנאָרע דאָמיע אפ פערדינאנד דעמ II־טנ.



2876—13

מענטנ, אונ באזונדערס געפעלשטע פראָטאָקאָלנ פונעם צענטראַל-קאָמיטעט פונעם „קאָמוניסטנ-פארבאנד". מע האָט פאבריצירט דאָקומענטנ, וועלכע ס'האָט, קלוי-מערשט, אָנגעשריבנ „דאָקטאָר מארקס". מארקסנ איז לײַכט געלונגענ צו דערווײַזנ די געפעלשטקײַט פונ די דאָזיקע דאָקומענטנ. די פעלשונגענ זײַנענ געווענ געניײט מיט ווײַסע פעדעם. פונ די דאָזיקע פעלשונגענ איז, לעמאָשל, געווענ געדרונגענ, אז אפ די זיצונגענ זײַנענ בײַגעווענ פערזאָנענ, וואָס זייערע נעמענ זײַנענ ניט צונויפגעפאלנ מיט זייערע פאמיליעס, אָדער מענטשנ, וואָס האָבנ זיכ צום מאָ-מענט פונ דער זיצונג קלאל ניט געפונענ אינ לאָנדאָנ אדג. אפנ סמאכ פונ די דאָזיקע פעלשונגענ, וואָס מע האָט צוגעגרייט לויטנ באפעל פונ דער פרײַסישער רעגירונג, האָט דער פרײַסישער געריכט פארורטײלט 7 מיטגלידער פונעם „קאָמו-ניסטנ-פארבאנד" צו טפיסע אפ א טערמינ פונ 3 ביז 6 יאָר. בלויז 4 באשול-דיקטע האָט מענ פרײַגעשפראָכנ.

דער דאָזיקער פראָצעס האָט באוויזנ די מעטאָדנ פונ דער פרײַסישער פאָלי-ציי, וועלכע האָט זיכ ניט אָפּגעשטעלט פאר אופברעכנ שלעסער אונ פאבריצירנ פאלשע פאפירנ. מארקס האָט געשטעמפלט דעמ פראָצעס אינ זײַנ גלענצנדיקנ פאמפלעט, וואָס הייסט „דעמאסקירונגענ וועגנ דעמ קעלנישנ פראָצעס איבערנ „קאָמוניסטנ-פארבאנד".

צו יענער צײַט האָט מענ אינ פארשיידענע לענדער ארעסטירט די מערהײַט אקטיווסטע מיטגלידער פונעם „פארבאנד", מארקס' אונ ענגעלסעס אָנהענגער. דער-צו האָבנ זיכ אינ „פארבאנד" געהאט פארשטארקט די אָפּאָרטוניסטנ, אונ אײַנהײטנ ווײַטער די דאָזיקע אָרגאניזאציע איז געוואָרנ ניט צוועקמעסיק.

אינ נאָיאבער 1852 י., גלײַכ נאָכנ אורטייל איבער די אָנטײלנעמער פונעם קעלנישנ קאָמוניסטנ-פראָצעס, האָט זיכ דער „קאָמוניסטנ-פארבאנד" לויט מארקס' אונ ענגעלסעס פאָרשלאָג דערקלערט פאר פאנאנדערגעלאָזט.

די מיזרעכ-פראגע.

איבערגעשראָקנ פונ די רעוואָליוציאָנערע ארויסטרעטונגענ פונ די מאסנ, האָבנ די אייראָפּייִשע רעגירונגענ (בא-זונדערס די ענגלישע אונ פראנצויזישע) נאָכ דער אייראָפּייִשער רעוואָליוציע פונ 1848—1849 יי. מיט האָפענונג ארויסגעקוקט אפנ „אייראָפּייִשנ זשאנדארמ" — ניקאָלײַ דעם I-טנ.

די באציִונגענ צווישנ די רעגירנדיקע קרײַזנ פונ רוסלאנד אונ פונ די צוויי גרעסטע מײַרעוו-מעלוכעס — ענגלאנד אונ פראנקרײַכ, האָבנ זיכ אָבער אינ 1853 י. פארשארפט איבער דער אזויגערופענער „מיזרעכ-פראגע", ד. ה. איבער דעמ, ווער עס זאָל האָבנ די אויבערהאנט אינ טערקײַ; טערקײַ האָט צו יענער צײַט גע-הערשט איבער די וויכטיקסטע וועגנ צום מיזרעכ. די דאָזיקע פראגע איז געווענ זייער א וויכטיקע, ווײַל האָבנ די אויבערהאנט אפנ מיזרעכ האָט באטײַט אויכ אומ-געהייער זיכ פארשטארקנ אינ אייראָפּע.

די בורזשואזע אונ גוטבאזיצערישע מעלוכעס האָבנ געפרווט לייזנ די „מיז-רעכ-פראגע" דורכ אונטערטעניקנ אָדער צעטײלנ טערקײַ; מארקס אונ ענגעלס האָבנ אָבער געהאלטנ, אז בלויז א רעוואָליוציע קאָנ אפאנעמעסנ לייזנ די „מיז-רעכ-פראגע".

דער צוזאמענשטויס צווישנ די מעלוכעס איבער דער „מיזרעכ-פראגע" איז פאָרגעקומענ אפ אזא אופנ: דער קאמפּ פאר צעטײלנ טערקײַ האָט זיכ אָנגע-

הויבנ נאָכ סאָפ XVIII יה. און איז אָנגעגאנגענ אויכ אינ פארלויפ פונ דער ערשטער העלפט XIX יה. באלד נאָכ זײַנ קומענ צו דער מאכט האָט נאפּאָלעאָנ דער III פארנומענ אינ דער „מיזרעכ-פראגע“ אנ אגרעסיווע פּאָזיציע. ער האָט געפאָדערט ספעציעלע פריווילעגיעס פארנ פראנצויזישנ קלער אינ פאלעסטינע. אינ דער זעלבער צײַט האָט ניקאָלײַ דער I אויסגענוצט דעמ פאקט, וואָס רוסלאנד האָט זיכ אינ פעריאָד פונ רעאקציע פארשטארקט, און האָט געפרווווט לייזנ די „מיזרעכ-פראגע“ אינ די אינטערעסנ פונ רוסלאנד. אפ איינעמ א הויפ-באל, וואָס איז פאָרגעקומענ יאנוואר 1853 י., און אינ א ריי שמועסנ נאָכנ דאָזיקנ באל האָט ער פאָרגעלייגט דעמ ענגלישנ געזאנדטנ אינ פעטערבורג האמילטאָנ סיימור, מע זאָל טערקײַ צעטיילנ צווישנ רוסלאנד און ענגלאנד. „אויב נאָר מיר וועלנ קומענ צו א פארשטענדיקונג, — האָט געזאָגט דער צאר, — איז אייגנטלעכ אלציינס, וואָס עס דענקענ און טוענ אנדערע. מיר האָבנ צו טאָנ, פארשטייט איר מיכ, מיט א קראנקנ מענטשנ, מיט זייער א קראנקנ מענטשנ. איכ זאָג אײַכ אָפנ: עס וואָלט געווענ א גרויסער אומגליק, ווענ ער זאָל שטארבנ, באזונדערס פאר דער צײַט, איידער עס וועלנ געמאכט ווערנ אלע נייטיקע צוגרייטונגענ“.

ניקאָלײַ דער I האָט פאָרגעלייגט, מע זאָל טערקיי צעטיילנ. ער האָט אויכ געמאָלדנ, אז רוסלאנד וועט „צײַטווײַליק“ פארנעמענ קאָנסטאנטינאָפּאָל. מיט צוויי טעג פארנ דאָזיקנ שמועס האָט זיכ איינ רוסישער ארמיי-קאָרפּוס שוינ געהאט א לאָז געטאָנ צו דער טערקישער גרענעצ, און דעמ צווייטנ קאָרפּוס האָט מענ באפוילנ זיכ גרייטנ צומ קריגס-מארש.

דעמ 8 מארט 1853 י. האָט זיכ אינעמ סולטאנישנ פאלאצ אינ קאָנסטאנטינאָפּאָל געמאָלדנ דער אויסעראָרדנטלעכער געזאנדטער פונעמ צאר, דער אדמיראל פירשט מענשיקאָוו (אנ אור-אייניקל פונ פּיאָטר דעמ I-טנס מעקורעוו — אלעקסאנדר מענשיקאָוו). אָנגעטאָנ אינ א וועג-קאָסטיומ, אינ שטיוול באדעקטע מיט שטויב, איז ער ארײַנגעקומענ אינ פאלאצ, זיכ ניט געגריסט מיטנ אויסערנ-מיניסטער פואד פאשא, וואָס איז אינ מונדיר, מיט אלע אָרדענס אפ דער ברוסט, געשטאנענ אויסגעצויגנ פארנ רוסישנ אויסעראָרדנטלעכנ געזאנדטנ. מענשיקאָוו איז גלײַכ ארײַנגעקומענ צומ סולטאנ און האָט אינ א באליידיקנדיקער פאָרמ געפאָדערט, מע זאָל אָנערקענענ דעמ פּראָטעקטאָראט (באשיצונג) פונעמ רוסישנ צאר איבער דער קריסטלעכער פראוואָסלאווער באפעלקערונג אינ טערקײַ. כוצ דעמ איז מענשיקאָוו באשטאנענ דערופ, אז דער סולטאנ זאָל צוריקציִענ יענע פריווילעגיעס, וואָס ער האָט לויט נאפּאָלעאָנ דעמ III-טנס פאָדערונג געגעבנ דעמ קאטוילישנ קלער אינ פאלעסטינע. ער איז אויכ באשטאנענ דערופ, אז די גאנצע באלעבאטימ איבער די „הייליקע ערטער“ אינ פאלעסטינע, וואָס גיבנ גרויס רעוועכ דעמ קלער, זאָלנ ווערנ די פראוואָסלאווע גאלאָכימ און מאָנאכנ.

די טערקישע רעגירונג האָט געהאָפט צו באקומענ הילפ פונ ענגלאנד און פראנקרײַכ און האָט אָפּגעוואָרפנ מענשיקאָווס פאָדערונג. אָנהייב יונ איז א גרויסע ענגליש-פראנצויזישע עסקאדרע צוגעשווומענ צומ ארײַנגאנג אינ די דארדאנעלנ. דאנ איז דאָס רוסישע מיליטער, וואָס איז באשטאנענ פונ 80 טויזנט מאנ, איבערגעגאנגענ דעמ טײַכ פּרוט און האָט זיכ ארײַנגעריסנ אינ די דונײַישע פירשטנטומס — מאָלדאוויע און וואלאכיע, וועלכע זײַנענ געווענ אָפּהענגיק פונעמ סולטאנ.

ווענ מע האָט זיכ וועגנ דעמ דערוווּסט אינ טערקייַ, האָט מענ דערקלערט אנ אלגעמיינע מאָביליזאציע. עגיפּטע אונ טוניס — מעלוכעס, וואָס זייַנענ געווענ אינ וואסאלישער אָפּהענגיקייַט פונ טערקייַ — האָבנ איר צוגעשיקט הילפ. דער סולטאנ האָט דערקלערט, אז אויב רוסלאנד וועט ניט ארויספירנ דאָס מיליטער פונ די דונייַישע פירשטנטומס, וועט די „אָטאָמאנישע פּאָרטא" (טערקייַ) אָנהייבנ א מיל-כאָמע.

די צארישע רעגירונג האָט אפילע ניט געקלערט אוועקצוגיינ פונ די פירשטנ-טומס, אונ האָט געהאָפט, אז טערקייַ וועט אינ לעצטנ מאָמענט נאָכגעבנ. א קאָ-לאָסאלע באדייַטונג פארנ ארויסגאנג פונעמ דאָזיקנ קאָנפליקט האָט געהאט די פּאָ-זיציע פונ די מייַרעוו-מעלוכעס.

די פראגע וועגנ דער מילכאָמע אינ ענגלאנד.

אינ ענגלאנד האָט מענ ניט גאָר אנטשלאָסנ פּראָטעס-טירט קעגנ די רוסישע אקציעס, ווייַל מע האָט געזענ אינעמ צארישנ רוסלאנד אנ אָנשפּאר צוליבנ קאמפ קעגנ די רעוואָליוציאָנערע באוועגונגענ. דאָכ האָבנ די גרונט-גרופּעס פונ דער ענגלישער אינדוסטריעלער בורזשואזיע געהאלטנ, אז מע דארפ מילכאָמע האלטנ. „ענגלאנד קאָנ ניט מאסקימ זייַנ, אז רוסלאנד זאָל פארכאפּנ די דארדאנעלנ אונ דעמ באָס-פּאָר. די דאָזיקע געשעעניש וואָלט דערלאנגט דער בריטישער מעכטיקייַט א קאָ-לאָסאלנ קלאפּ, אויב ניט קיינ טויט-קלאפּ, סייַ אינ דער האנדלס-הינזיכט, סייַ אינ דער פּאָליטישער הינזיכט"[1], — אזוי האָט געשריבנ מארקס וועגנ ענגלאנדס באציונג צו דער מיזרעכ-פראגע.

מארקס האָט זיכ בייס דער קרימער מילכאָמע געפונענ אינ ענגלאנד. אינ זייַנע ארויסטרעטונגענ האָט ער געשטעלט פארנ ארבעטער-קלאס די אויפגאבע צו פירנ א רעוואָליוציאָנערע מילכאָמע קעגנ דעמ רוסישנ צאריזמ, וואָס איז געווענ דער אָנשפּאר פונ דער אייראָפּעיִשער רעאקציע; אינ דער זעלבער צייַט האָט ער געשטעלט די אויפגאבע צו קעמפנ קעגנ דער ענגלישער בורזשואזיע. אינעמ אר-טיקל וועגנ עבערדינס אונ פּאלמערסטאָנס רעגירונג (20 סענטיאבער 1853 י.) האָט מארקס געשריבנ: „...די בירזשעוויקעס אונ די בורזשואזיע, וואָס האנדלט מיט שאָלעמ, זיי, וואָס זייַנענ פּאָרגעשטעלט אינ דער רעגירונג דורכ דער אָליגארכיע, גיבנ ארויס אייראָפּע צו רוסלאנד, אונ קעדיי, הייסט עס, צו געבנ אנ אָפּשטויס דעמ צארס פארמעסטונגענ, דארפ מענ פריִער פאר אלצ אראָפּשלייַדערנ די רומ-לאָזע הערשאפט פונ די דאָזיקע געמיינע שקלאפיש פויזנדיקע אונ נידערטרעכטיקע פארערער פונעמ veau d'or (גאָלדענעמ קאלב)"[2].

אינ ענגלאנד האָט געזיגט די ריכטונג פונ די אָנהענגער פונ א מילכאָמע.

די פּאָזיציע פונ פראנקרייַכ.

דאָס, וואָס רוסלאנד האָט געהאט בעדייע צו צעטיילנ טערקייַ אונ דערבייַ אָנ פראנקרייַכס אָנטייל, האָט באַ-זונדערס אָנגערירט די פראנצויזישע בורזשואזיע. אינ XIX יה. איז טערקייַ געווענ אָפּהענגיק פונ די פראנצויזישע האלוואָעס, פונ דער פראנצויזישער אינדוסטריע אונ פונ דער פראנצויזישער קריגס-הילפ.

---

1 מארקס אונ ענגעלס, ווערק, ב. IX, ז. 382.
2 דאָרטנ, ז. 474.

ווען נאַפּאָלעאָן דער III האָט זיך דערוווּסט, אַז דאָס רוסישע מיליטער מאַר־שירט צו די דונײַישע פירשטנטומס, האָט ער געמאָלדן, אַז אויב דאָס רוסישע מיליטער וועט פאַרנעמען די פירשטנטומס, וועט עס שטויסן פראַנקרײַך צו אַ מילכאָמע.

די פּאָזיציע פון די מעלוכעס פונעם דײַטשישן פאַרבאַנד.

אין 1849 י., בײַסן דערשטיקן די אונגאַרישע רעוואָליו־ציע, האָט די האַבסבורגער מאָנאַרכיע געהאַט צו דאַנ־קען פאַר איר רעטונג רוסלאַנד. דעריבער איז מען אין רוסלאַנד געווען זיכער, אַז עסטרײַך וועט פולשטענדיק שטיצן רוסלאַנד. עסטרײַך אָבער, וואָס איז געווען פאַרינטערעסירט אינעם אײַנ־פלוס אַף די באַלקאַנישע לענדער, האָט ניט געוואָלט דערלאָזן, אַז רוסלאַנד זאָל פאַרנעמען די דונײַישע פירשטנטומס און קאָנסטאַנטינאָפּאָל.

נאָך דעם, ווי דאָס רוסישע מיליטער איז אַרײַנגעטראָטן אין מאָלדאַוויע און וואַלאַכיע, האָט עסטרײַך אַ דרוק געטאָן צום דונײַ אַ גרויסן „באַאָבאַכטונגס־קאָר־פּוס”, וואָס האָט פאַרנומען אַ דראָענדיקע פּאָזיציע אינעם הינטערלאַנד פונעם רוסישן מיליטער.

פּונקט ווי עסטרײַך, האָט אויך פּרײַסן זיך געמאָלדן אַלס נייטראַל לאַנד.

אָט אַזוי איז רוסלאַנד מאַכמעס אַ דיפּלאָמאַטישן טאָעס געבליבן אָן פאַר־בינדעטע ערעוו דער מילכאָמע קעגן דער מעכטיקסטער קאָאַליציע פון ענגלאַנד, פראַנקרײַך און טערקײַ.

## די מיזרעכדיקע, אָדער די קרימער, מילכאָמע.

דער ערשטער גרויסער קריגס־צוזאַמענשטויס צווישן רוסלאַנד און טערקײַ איז פאָרגעקומען בײַ סינאָפּ, אַפן דאָרעמדיקן ברעגלאַנד פונעם שוואַרצן ים. דעם 30 נאָיאַבער 1853 י. האָט דעם אַדמיראַל נאַכימאָווס עסקאַדרע געמאַכט פּלוּ־צעם אַן אָנפאַל אין האַפן אַף דער טערקישער עסקאַדרע און האָט זי פאַרניכטעט. דער צאַרישער פלאָט האָט פאַרברענט און דערטרונקען זיבן טערקישע פרעגאַטן מיט 5 טויזנט מאַטראָסן.

אין דעקאַבער 1853 י. האָבן ענגלאַנד און פראַנקרײַך געשיקט זייערע עס־קאַדרעס אין שוואַרצן ים צו הילף דעם טערקישן פלאָט, און מאַרט 1854 י. האָבן די דאָזיקע מעלוכעס דערקלערט רוסלאַנד מילכאָמע.

אין סענטיאַבער האָבן די פאַרבינדעטע אַרויסגעזעצט אַפן דאָרעמדיקן ברעג־לאַנד פון קרים אַ דעסאַנט פון 55 טויזנט מאַן. נאָך עלף כאָדאָשים באַלאַ־גערונג האָבן זיי אײַנגענומען סעוואַסטאָפּאָל, וואָס האָט זיך העלדיש פאַרטיידיקט. נאָך פריִער האָט דאָס רוסישע מיליטער געליטן גרויסע פאַרלוסטן סײַ אין די שלאַכטן, סײַ פון קרענק. די צאַרישע רעגירונג האָט געמוזט אײַנגיין אַף די פאָ־דערונגען פון עסטרײַך און פּרײַסן און איז געצוווּנגען געווען אָפּצורייניקן די דונײַישע פירשטנטומס. אייניקע דערפאָלגן האָט דאָס רוסישע מיליטער געהאַט בלויז אַף דער קאַווקאַזער גרענעץ פון טערקײַ, דאָרט האָט עס אײַנגענומען די שטאַרקע פעסטונג קאַרס. אין דער מאַפּאָלע פון די טערקן האָט אויך געהאַט צו זאָגן דאָס, וואָס די פאַרבינדעטע האָבן זיי ניט דערלויבט צו שיקן פריש מיליטער אַף דער קאַווקאַזישער גרענעץ. די טערקישע סאָלדאַטן האָט מען געצוווּנגען צו

שלעפּנ וואסער אונ האקנ האָלצ פאַרנ מיליטער פּונ די פאַרבינדעטע אינ קרימ.

אינ יאנוואַר 1855 י. איז צו די פאַרבינדעטע צוגעשטאנענ דאָס סארדינישע קיניגרײַכ. איר ערשטער מיניסטער קאַוור האָט גערעכנט, אז אלס באַלוינונג פאַר זײַנ אָנטייל אינ דער מילכאָמע וועלנ פראַנקרײַכ אונ ענגלאנד מאסקימ זײַנ אפּ דער ווידערפאַרײניקונג פונ איטאַליע אונטער דער הערשאפט פונעמ סארדינישנ קיניג.

די קרימער מילכאָמע אלס צוזאמענשטויס צווישנ דער בורזשוא= זער אונ לײַבײגנטימע= רישער סיסטעמענ.

אינ אָנהייב פונ דער קרימער מילכאָמע האָט זיכ ארויס- געוויזנ, אז ביידע צדאָדימ — סײַ די פאַרבינדעטע סײַ רוסלאנד — זײַנענ צו דער מילכאָמע ניט צוגעגרייט. אי- נעמ ענגלישנ לאַגער אונטער סעוואסטאָפּאָל זײַנענ די סאָלדאטנ געשלאָפנ אפ דער פײַכטער ערד אונ האָבנ ניט געהאט אפילע קיינ ברעטער אפ אונטערצולייגנ. גע- לעבט האָבנ זיי אינ קימאט אָפענע בײַדלעכ; אינ לאַגער האָבנ געווילדעוועט די- זענטעריע אונ טיפוס. פונ די 60 טויזנט ענגלישע סאָלדאטנ, וואָס מע האָט גע- שיקט קיינ קרימ, זײַנענ בלויז פאַרנ יאָר 1854 אומגעקומענ פונ קרענק 35 טויזנט, דערהארגעט געוואָרנ 7 טויזנט. כאָטש פראָוויאנט איז געווענ, האָבנ דאָכ די סאָל- דאטנ געהונגערט, ווײַל לויט די קאָנסערוואטיווע קלאָלימ פונ דער ענגלישער ארמיי האָט מענ אָנ א פאַראָרדענונג פונ לאָנדאָנ ניט געהאט קיינ רעכט ארויס- צוגעבנ דערנערונג.

אָנהייב 1855 י. קומט אָבער פאָר אינעמ מיליטער פונ די פאַרבינדעטע אַנ איבערבראָכ: מע פאַרבעסערט די אָרגאניזאציע פונ דער ארמיי, מע הייבט זי אָנ בעסער באַזאָרגנ, די קריגס-אָפּעראציעס פונעמ דעסאנט זײַנענ אוועק מיט מער דערפאָלג. אינ דער רוסישער ארמיי אָבער איז ביזנ סאָפ מילכאָמע פאַרבליבנ די זעלבע צעפאַלונג, וואָס האָט דאָרט געהערשט אינ אָנהייב מילכאָמע.

די אדל-לײַט, די קאָמאנדירנ פונ די פּאָלקנ אונ „דרוזשינעס" האָבנ געהאלטנ די מילכאָמע פאַר א גלעגנהײַט אָנצולעבנ זיכ אפנ כעזשבנ פונ קאזיאָנע אונ סאָלדאטישע געלטער. נאָכ דער שלאכט לעבנ באַלאַקלאַווע (1854) האָט מענ פאַר די פאַרוווּנדעטע ניט פאַרגרייט ניט קיינ וועש, ניט קיינ וועגענער; 6 טויזנט פאַרוווּנדעטע האָט מענ „ווי די הינט איבערגעלאָזט אפ דער ערד". „א גאנצע וואָכ האָט מענ זיי ניט איבערגעבונדנ די ווונדנ אונ מע האָט זיי אפילע ניט גע- געבנ קיינ עסנ", — האָט אנ אופגעבראכטער געשריבנ פונ סעוואסטאָפּאָל דער באַוווּסטער דאָקטער, דער כירורג פיראָגאָוו, צו זײַנ מישפּאָכע.

עס האָט זיכ אויכ ארויסגעוויזנ, אז די רוסישע קריגס-טעכניק איז אָפּגע- שטאנענ. אינ דער צײַט, ווענ די מערהײַט סאָלדאטנ פונ די פאַרבינדעטע זײַנענ געווענ באַוואָפנט מיט געקארבטע ביקסנ, זײַנענ פיל טיילנ אינ דער ארמיי פונעמ לײַבײגנטימערישנ רוסלאנד נאָכ געווענ באַוואָפנט מיט קיזלשטיינ-ביקסנ. די סאָל- דאטנ פונ די פאַרבינדעטע זײַנענ געגאנגענ אינ אטאקע קייטנווײַז, צופּאסנדיק זיכ צומ געגעבענעמ אָרט; די רוסישע פּאָלקנ זײַנענ געגאנגענ אינ צונויפגעשלאָ- סענע רייענ, „ליניעסווײַז", ווײַל נאטשאלסטווע האָט מוירע געהאט ארויסצולאָזנ די לײַבײגנטימערישע סאָלדאטנ פונ אויג אונ האָט זיכ דעריקער פאַרלאָזט אפ באַג- נעטנ-אטאקעס אונ ניט אפנ פײַער פונ די ביקסנ.

די רוסישע אָבאָזנ פלעגנ פאַרזונקענ ווערנ אינ די זומפּיקע וועגנ פונ קרימ

און דורכגיין דורכשניטלעך ניט מער פון 4 קילאָמעטער א מעסלעס; די פאַר־בינדעטע האָבן אין קרים שנעל אויסגעבויט אן אײַזנבאַן.

דער פּלאַן פון די פאַרבינדעטע איז דאָסראָוו באשטאנען פון שרויפן־דאַמ־פערס; די רוסישע זעגל־שיפן און די דאַמפערס מיט רודער־רעדער איז אויס־געקומען צו דערטרינקען באַם אַרײַנגאנג אין סעוואַסטאָפּאָלער האַפן, ווײַל זיי האָבן ניט ריזיקירט צו באַגעגענען זיך אפן יאַם מיטן פלאָט פונעם סוינע, וואָס איז געגאנגען שנעלער און האָט בעסער מאַנעווירט.

ענדלעך, האָבן די ענגלענדער, פראַנצויזן און איטאַליענער, ווי נאָר זיי זײַנען געקומען אין קרים, פאַרפאַסט פּינקטלעכע קאַרטעס און פּלענער פונעם קאַנט. און בא די רוסישע איז אפילע קיין קאַרטע פונעם קרימער קריגס־טעאַטער ניט געווען. ווען מע האָט געשיקט קיין פּעטערבורג א קוריער נאָך דער קאַרטע, האָט דער קריגס־מיניסטער געענטפערט, אז די קאַרטע איז פאַראַן אין איין־און־איינ־ציקן עקזעמפּליאַר, און ווײַל ער איז דער איין־און־איינציקער, קאָן מען אים ניט אַרויסגעבן. ביזוואַנען מע האָט געפירט די קאָרעספּאָנדענץ וועגן דער קאַרטע, האָט די רוסישע אַרמיי דערווײַל פאַרשפּילט די שלאַכט בא אינקערמאַן: דאָס מילי־טער האָט מען אַוועקגעפירט אין שלאַכט לויט עפּעס א שטיקל פּלאַן — א צייכענונג, וואָס מע האָט געמאַכט אפגיך, ווו אַלע רויען און בערגלעך זײַנען געווען איבערגעפּלאָנטערט.

אינעם גאַנצן מעלוכע־מעכאַניזם פונעם לײַבאייגנטימערישן רוסלאַנד האָט גע־הערשט אומזיניקע רוטינע. טעכניש איז דאָס לאַנד געווען אָפּגעשטאַנען. דאָס אַלץ האָט דערפירט דאָס לאַנד צו א מאַפּאָלע.

די מאַפּאָלע פון רוסלאַנד איז געווען א שטויס צו די רעפאָרמעס פון די 60־ער יאָרן; די דאָזיקע רעפאָרמעס זײַנען אַוועקגעשטעלט געוואָרן אין טאָג־אָרדענונג דורך דער אינערלעכער אַנטוויקלונג פונעם לאַנד.

די רוסישע רעוואָליוציאָנערע דעמאָקראַטן פון די 50—60־ער יאָרן און זייער קאַמף קעגן צאַריזם.

די קאָנסעקווענטע דעמאָקראַטן טשערנישעווסקי און דאָבראָליובאָוו, וועלכע זײַנען אַרויסגעטראָטן אין רוסלאַנד קעגן די לײַבאייגנטימערישע פּאָראָנדקעס און קעגן צאַ־ריזם, האָבן גערופן אַראָפּצונעמען זיך א מוסטער פון די פראַנצויזישע יאַקאָבינער און קעמפן פונקט אַזוי אַנטשלאָסן ווי זיי. טשערנישעווסקי און דאָבראָליובאָוו זײַנען גוט געווען באַקענט מיט די ווערק פון די אוטאָפּישע סאָציאַליסטן. בא די אוטאָפּישע סאָציאַליסטן האָבן זיי איבערגענומען די קריטיק פון דער קאַפּיטאַליס־טישער עקספּלואַטאַציע; זיי זײַנען אָבער געווען נאָר קעמפערישע דעמאָקראַטן און ניט קיין מאַרקסיסטן, לעריבער האָבן זיי זיך ניט דערהויבן ביזן פאַרשטיין די היסטאָרישע ראָליע פונעם פּראָלעטאַריאַט. אַלע זייערע האָפענונגען האָבן זיי געלייגט אפ א פּויערשער רעוואָליוציע.

אין די 50־ער יאָרן האָט הערצען געלעבט אין אויסלאַנד; ער איז געווען פאַרבונדן מיט די רעוואָליוציאָנערע קרײַזן פון די מײַרעוו־אייראָפּייִשע מעלוכעס, פּלעגט געהיים טראַנספּאָרטירן קיין רוסלאַנד זײַן רעוואָליוציאָנערן זשורנאַל „קאָ־לאָקאָל”, וואָס האָט געהאַט א גרויסן אײַנפלוס אפ די פאָרגעשריטענע קרײַזן פון דער רוסישער געזעלשאַפט.




צענטראַל-אייראָפּע פונעם




קאָנגרעס ביז 1871 י.



פּאַריזשער קאָנגרעס פונ 1856 י.

**פּאַריזשער שאָלעמ (1856).**

נאָכ ניקאָלײַ דעמ I-טנס טויט (18 פעוורואַל 1855) האָט זײַנ זונ אַלעקסאַנדער דער II צונויפגערופנ די מיניס-טאָרנ. „אויב מיר קענענ ניט מילכאָמע האַלטנ, דאַרפ מענ שליסנ שאָלעמ”, — האָט געזאָגט אײנער פונעמ צאַרס הויכ-באַאַמטע.

אינ 1856 י. האָט מענ אינ פּאַריזש אונטערגעשריבנ שאָלעמ. לויטנ דאָזיקנ אָפּמאַכ האָט רוסלאַנד ניט בלויז באַדאַרפט זיכ אָפּזאָגנ פונ אירע פּרעטענזיעס אַפ קאָנסטאַנטינאָפּאָל אונ אַפ די דונײַישע פירשטנטומס, נאָר מע האָט בא איר אויכ אָפּגענומענ א טייל בעסאַראַביע אונ דאָס רעכט צו האַלטנ אַפנ שוואַרצנ יאַמ א קריגס-פלאָט; רוסלאַנד האָט אויכ געדאַרפט אָנערקענענ, אַז אַלע מעלוכעס האָבנ דאָס רעכט פונ פרײַענ שיפגאַנג איבערנ דונײַ. בײס דער דאָזיקער מילכאָמע האָט זיכ אַרויסגעוויזנ, ווי אָפּגעשטאַנענ רוסלאַנד איז, ווי שוואַכ עס איז אינ מילי-טערישער הינזיכט אינ די נײַע באַדינגונגענ אונ בא דער נײַער מילכאָמע-טעכניק. נאָכ דער קרימער מילכאָמע איז דער אײַנפלוס פונעמ צאַרישנ רוסלאַנד אַפ די אייראָפּיישע איניאָנימ אָפּגעשוואַכט געוואָרנ, דאָס הייסט, אַז אויכ די ראָליע פונעמ צאַריזמ אַלס „זשאַנדאַרמ פונ אייראָפּע” איז באַדײַטנדיק אָפּגעשוואַכט געוואָרנ.

וואָס שײַעכ טערקײַ, איז זי אינ רעזולטאַט פונעמ פּאַריזשער שאָלעמ געוואָרנ נאָכ מער אָפּהענגיק פונ פראַנקרײַכ אונ ענגלאַנד.

שטאַרק איז אויסגעוואַקסנ אינ אייראָפּע דער אײַנפלוס פונ פראַנקרײַכ אונ פונ נאַפּאָלעאָנ דעמ III-טנ. פונ דער מילכאָמע האָט פיל געווונענ ענגלאַנד. נאָכ דעמ, ווי מע האָט צעקלאַפּט רוסלאַנד, האָט זיכ ענגלאַנד אַפ א לאַנגער צײַט באַפרײַט פונ אירנ א געפערלעכנ קאָנקורענט אַפנ מיזרעכ.

**די אויסבילדונג פונ רומעניע.**

אינ צוזאַמענהאַנג דערמיט, וואָס טערקײַ איז אָפּגעשוואַכט געוואָרנ אונ ס'איז אויכ געפאַלנ דער רוסישער אײַנ-פלוס אַפנ נאָענטנ מיזרעכ, האָט זיכ נאָכ דער קרימער מילכאָמע אויסגעבילדעט א נײַע מעלוכע — רומעניע. די דונײַישע פירשטנטומס

דונײַישע פירשטנטומס אונטער דער אױבער-מאַכט פֿון טערקײַ

טעריטאָריע, װאָס איז אָפּגע-גאַנגען פֿון רוסלאַנד צו מאָלדאָװיע אין 1856 י.

טעריטאָריע, װאָס איז אָפּגע-גאַנגען פֿון רוסלאַנד צו טערקײַ אין 1856 י.

פֿון גרינװיטש | 24 — 28 — 32 — 36 — 40

רוסישע אימפּעריע

עסטרײַכישע אימפּעריע

מאָלדאָװיע

װאַלאַכיע

בוקאַרעשט

יאַסי

אָדעס

סילִיסטריע

שומלאַ

װאַרנאַ

אַדריאַנאָפּאָל

קאָנסטאַנטינאָפּאָל

טערקישע אימפּעריע

שװאַרצער ים

אַזאָװער ים

קרים

סעװאַסטאָפּאָל

באַלאַקלאַװאַ

אַנאַפּאַ

טאַגאַנראָג

סינאָפּ

באַטום

פּאָטי

טיפֿליס

קאַרס

ערזערום

טראַפּעזונד

ערִיװאַן

מאַסשטאַב

75 0 75 150 225 קמ

רוסלאַנד און טערקײַ נאָך דעם פּאַריזשער שלום פֿון 1856 י.

מאָלדאוויע אונ וואלאכיע האָבנ זיכ געפונען אונטערנ פּראָטעקטאָראט פונעמ טער-קישנ סולטאנ. אָבער זינט דאָס רוסישע מיליטער האָט פארנומענ מאָלדאוויע אונ וואלאכיע (1829 י.), איז דער פאקטישער באלעבאָס אינ די דאָזיקע פירשטנטומס געווענ די רוסישע רעגירונג.

נאָכ דעמ, ווי מע האָט צעגראָמירט רוסלאנד אינ דער קרימער מילכאָמע, האָבנ די דונײַיִשע פירשטנטומס זיכ פארייניקט, אָנשפּארנדיק זיכ אפ פראנקרײַכ. זיי האָבנ אויסגעוויילט איינ געמיינזאמענ פירשט („גאָספּאָדאר") — דעמ וואלאכישנ אדלמאנ, פּאָלקאָווניק קוזא. אינ 1861 י. האָבנ די דאָזיקע צוויי פירשטנטומס (אונ א טייל בעסאראביע) דעקלארירט זייער אומאָפּהענגיקײַט פונ טערקײַ אונ האָבנ געבילדעט די רומענישע מעלוכע מיט אריסטאָקראטישע פארטרעטונגס-אינסטי-טוציעס. די הויפּטשטאָט פונ דער נײַער מעלוכע איז געוואָרנ בוקארעשט. אינ 1864 י. האָט מענ אינ רומעניע אָפּגעשאפנ לײַבייגנטומ. א טייל באָיארישע ערד האָבנ די פּויערימ געקראָגנ דאָס רעכט אויסצוקויפנ; דאָס האָבנ אינ דער ערשטער ריי אויסגענוצט די דאָרפישע רײַכע לײַט, ווײַל די צאָל ערד, וואָס מע האָט גע-קאָנט אויסקויפנ, איז געווענ אָפּהענגיק פונ דער צאָל פּי, וואָס דער פּויער האָט פארמאָגט. דערנאָכ זײַנענ געקומענ אנדערע רעפאָרמעס: די געריכט-רעפאָרמ, די שול-רעפאָרמ, די רעפאָרמ פונ מיליטערישער דינסט א. אנד. מע האָט אויכ קאָנ-פיסקירט די מאָנאסטירישע ערד.

אינ 1866 י. האָט די באָיארישע פארטיי אראָפּגעוואָרפנ דעמ פירשט קוזא. דעמ קאָנסטיטוציאָנעלנ רעזשימ האָט מענ סיסטעמאטיש געבראָכנ. די אויסבילדונג פונ רומעניע האָט מיטגעווירקט דערצו, עס זאָל אָפּגעשוואכט ווערנ דער רוסישער אײַנפלוס אונ עס זאָל פארשטארקט ווערנ פראנקרײַכס אײַנפלוס אינעמ מיזרעכ-טייל-אייראָפּע.

די אויסבילדונג פונ דער אומאָפּהענגיקער סערביע.

אינ די 60־ער יאָרנ האָט זיכ סערביע באפרײַט פונ דער טערקישער אָפּהענגיקײַט. נאָכ אינ XIV יה., ווענ די כאיאָלעס פונ די אָטאָמאנישע טערקנ האָבנ אָנגעגרײַפט אפ אייראָפּע פונ מיזרעכ-זײַט, האָבנ די טערקנ פארכאפּט אונ אונטערטעניקט סערביע. דאָס סערבישע פאָלק האָט ארויסגעוויזנ א ווידער-שטאנד די טערקנ אונ האָט זיכ אָפּגעזאָגט אָנעמענ דעמ איסלאמ. ווענ די טערקנ האָבנ דעראָבערט סערביע, האָבנ זיי א טייל פונ די סערבישע גוטבאזיצער אויס-געשאָכטנ, א טייל האָבנ זיי פארטריבנ פונ לאנד. אָנשטאָט די סערבישע גוטבא-זיצער זײַנענ געקומענ די טערקישע פעאָדאלנ די גוטבאזיצער (ספּאכיער) אונ די טשינאָווניקעס — די שטײַערנ-זאמלער.

צומ אָנהייב XIX יה. האָט זיכ פונ צווישנ די סערבישע פּויערימ אויסגעטיילט אנ אײַנפלוסרײַכער שיכט רײַכע פּיצכטלער, וואָס פלעגנ אינ די געדיכטע דעמ-בענע וועלדער האָדעווענ כאזיירימ צומ פארקויפנ. פונ צווישנ די דאָזיקע פּיצכט-לער איז ארויסגעקומענ קארא־געאָרגי — דער פירער פונעמ פּויערשנ אופשטאנד (1804 י.) קעגנ די טערקישע פעאָדאלנ. נאָכ א ריי העלדישע אופשטאנדנ פונעמ סערבישנ פאָלק האָט מענ אינ סערביע אינ 1833 י. דורכגעפירט אנ אגראר־רע-פאָרמ. די פּויערימ האָבנ באקומענ ערד אָנ אויסקויפ-געלט. די ספּאכיער האָט מענ איבערגעלאָזט בלויז די הײַזער, די פּרוכט־סעדער אונ די בײַהויפּישע ערד. איצט האָבנ שוינ די פּויערימ די סערבנ באדארפט צאָלנ געלט-שטײַערנ אונ ציניש

די טערקן. אין דער פאַרוואַלטונג מיטן לאַנד האָט זיך באַטייליקט די „סקופּ־שטשינע“ — דער ראַט באַם פירשט, וואָס איז באַשטאַנען פון פאָרשטייער פון די אַמערסטן אײַנפלוסרײַכע פאַמיליעס. אַדאַנק דעם, וואָס טערקײַ איז אָפּגעשוואַכט געוואָרן נאָך דער קרימער מילכאָמע, האָט זיך פאַרשטאַרקט די באַוועגונג פון די סערבן פאַר אומאָפּהענגיקײַט. אין 1862 י. איז אויסגעבראָכן אַן אופשטאַנד, די אופּ־שטענדלער האָבן פון דער סערבישער הויפּטשטאָט בעלגראַד פאַרטריבן די טערקישע טשינאָווניקעס.

אין פינף יאָר אַרום, אין 1867 י., האָט די טערקישע רעגירונג אַרויסגע־פירט פון סערביע די לעצטע גאַרניזאָנען. די מאַכט אין סערביע איז אַריבער צו די פירשטן אָברענאָוויטשעס (גרויסע כאַזיירים־הענדלער), וואָס האָבן דאָרט רע־גירט. די סערבישע „סקופּשטשינע“ איז געוואָרן אַ געוויינלעכער צענזן־פּאַרלאַ־מענט.

פון 1867 י. אָן איז דאָס איינציקע, וואָס האָט דערמאָנט, אַז סערביע איז אָפּהענגיק פון טערקײַ, געווען — די גלײַכבאַרעכטיקונג פון ביידע פלאַגן — פונעם סערבישן און פונעם טערקישן. פון טערקײַ איז סערביע געוואָרן אומאָפּהענגיק, זי איז אָבער אַרונטערגעפאַלן אונטער רוסלאַנדס אײַנפלוס.

קאַפּיטל 17.

# ענגלאַנד און זײַנע קאָלאָניעס אין די 50—60־ער יאָרן פון XIX יאָרהונדערט.

ענגלאַנד — אַ „וועלט־וואַרשטאַט“.

אין די 50-ער יאָרן, אין פּעריאָד פון דער פּאָליטישער רעאַקציע, איז אין אַלע מעלוכעס פון אייראָפּע געגאַנגען אַ שטורמישער עקאָנאָמישער אופשטײַג. כאָטש די רע־וואָליוציע פון 1848 י. האָט זיך פאַרענדיקט מיט אַ מאַפּאָלע, דאָך האָט זי פאַר־ניכטעט פיל שטערונגען, וואָס האָבן ניט געלאָזט דעם קאַפּיטאַליזם אַנטוויקלען זיך. עס זײַנען געבויט געוואָרן פאַבריקן, אײַזנבאַנען, געגרינדעט געוואָרן אַקציאָ־נערע געזעלשאַפטן, עס האָט זיך צעבליט די בירזשע־ספּעקוליאַציע. די אַנטדעקונג פון גאָלד אין קאַליפאָרניע (פאַרייניקטע שטאַטן פון אַמעריקע) און אין אויסט־ראַליע האָט נאָך מער באַלעבט דעם האַנדל און די אינדוסטריע. דער עקאָנאָמי־שער אופשטײַג האָט געדויערט ביז 1857 י.; דאָס יאָר איז אויסגעבראָכן אַ שטאַרקער קריזיס. צום ערשטן מאָל אין דער געשיכטע האָט זיך דער דאָזיקער קריזיס מיט אַ באַזונדערער קראַפט אַנטפּלעקט ניט אינעם האַנדל, נאָר אין דער אינדוסטריע; באַזונדערס שטאַרק האָבן געליטן די פאַבריק־ראַיאָנען.

אין דער מיט XIX יה. האָט דאָס ערשטע אָרט צווישן די אינדוסטריעלע לענדער אין דער וועלט נאָך אַלץ פאַרנומען ענגלאַנד. יענע צײַט איז דאָרט אין דער באַוול־אינדוסטריע געווען 30 מיליאָן מעכאַנישע וועבשטולן — 6 מאָל אַזויפיל איידער אין פראַנקרײַך אָדער אין די פאַרייניקטע שטאַטן און 20 מאָל אַזויפיל איידער אין פּרײַסן. די שטאָטישע באַפעלקערונג פון ענגלאַנד האָט אין 1870 י. באַטראָפן 66 פּראָצענט פון דער גאַנצער באַפעלקערונג. דאָס דעמלטיקע ענגלאַנד

האָט מענ גערופנ „וועלט-ווארשטאט". ענגלאנדס סכוירעס זיינענ אריינגעדרונגענ אינ די וויטסטע לענדער, אינ די פארוואָרפנסטע ווינקעלעכ פונ דער וועלט.

אינ ענגלאנד איז אָנגעגאנגענ א שנעלע אייזנבאנ-בויונג. מיט די ערשטע אייזנבאנענ פלעגט מענ צופירנ שטיינקוילנ פונ די שאכטעס צומ יאמ. שפעטער האָט מענ אויסגעבויט אייזנבאנענ, וואָס האָבנ פארבונדנ די גרעסערע צענטערס מיטנ יאמ און דעמ צאָפנ-טייל ענגלאנד מיטנ דאָרעמ-טייל.

אינ דער מיט XIX יה. שטעלט זיכ די ענגלישע רעגירונג אנטשיידנ אפנ וועג פונ פריטרעדעריי, דאָס הייסט, אז די מעלוכע מישט זיכ ניט אריינ אינ די האנדל-איניאָנימ און אינ דער אינדוסטריעלער טעטיקייט.

אינ 1846 י. האָט זיכ אינ צוזאמענהאנג מיט דער „קארטאָפל-קרענק" און מיטנ הונגער אינ אירלאנד און ענגלאנד פארשטארקט דער קאמפ קעגנ די „טוווע-געזעצנ". די אינדוסטריעלער זיינענ געווענ פארינטערעסירט, מע זאָל די דאָזיקע געזעצנ אָפשאפנ, — וואָלטנ זיי געקאָנט אראָפזעצנ די ארבעטער דעמ ארבעטסלוינ. דעריבער האָט די בורזשואזיע אינ דער פרעסע און אפ מיטינגענ פראָטעסטירט קעגנ די „טוווע-געזעצנ". די ארבעטער, וואָס פלעגנ איבערצאָלנ אפנ ברויט, האָבנ קאטעגאָריש געפאָדערט, מע זאָל די געזעצנ אָפשאפנ. אינ 1846 י. האָט מענ די „טוווע-געזעצנ" אָפגעשאפנ. אצינד האָט מענ שוינ געקאָנט אריינפירנ טוווע אָנ גרענעצ-אָפצאָל. דערנאָכ האָט מענ אויכ אָפגעשאפנ די „נאוויגאציע-אקטנ", וואָס זיינענ געווענ גילטיק גאנצע 200 יאָר. מע האָט דערלויבט ארויספירנ מאשינעס פונ ענגלאנד, מע האָט אָפגעשאפנ קימאט אלע גרענעצ-אָפצאָלנ אפ אינדוסטריעלע סכוירעס. די רעגירונג שפירט דערביי אופמערקזאמ נאָכ, אז די לענדער, מיט וועלכע ענגלאנד פירט א האנדל, זאָלנ אויכ אראָפזעצנ די טאריפנ. באוציצנדיק די סאמע מעכאניזירטע אינדוסטריע אינ דער וועלט, האָבנ די ענגלענדער געהאט די מעגלעכקייט אפילע אָנ גרענעצ-אָפצאָלנ צו פראָדוצירנ ביליקערע סכוירעס און קאָנקורירנ מיט אנדערע לענדער.

האָט זיכ א וועלכע-ניט-איז מעלוכע אָפגעזאָגט צו דערלאָזנ ענגלישע סכוירעס אפ גינסטיקע באדינגונגענ, פלעגנ דאנ די פריטרעדערס, די אָנהענגער פונ ניט-אריינמישונג אָנווענדנ אנ עקאָנאָמישנ דרוק אָדער שיקנ דעמ קריגס-פלאָט און אזויארומ זיכ דערשלאָגנ, מע זאָל דעמ האנדל דערלאָזנ. ווי ס'איז צו זענ, האָט די ענגלישע פריטרעדעריי (ניט-אריינמישונג) געהאט א גאנצ אגרעסיווע אָנגרייפערישנ כאראקטער.

די פּאָליטישע אָרדע-נונג און די פּאַרטייען.

אָפיציעל האָט אינ ענגלאנד רעגירט פונ 1837 י. אָנ ביז איר טויט (אינ 1901 י.) די קיניגנ וויקטאָריע. די ענגלישע מיניסטאָרנ זיינענ אָבער ניט געווענ גענייגט צו רעכענענ זיכ מיט דער קיניגנ און האָבנ אינ פיל פאלנ געפירט אנ אנדער פאָליטיק, ווי זי האָט געוואָלט.

פונ סאָפ XVII יה. האָט די פּאָליטישע מאכט אינ ענגלאנד פאקטיש געהערט ניט דעמ קיניג, נאָר דעמ פארלאמענט. אינ XIX יה. איז די מאכט אריבערגעגאנגענ פונעמ פארלאמענט צומ קאבינעט, דה. צומ מיניסטעריומ. דעמ קאבינעט פלעגט בילדנ די פארטיי, וואָס האָט געהערשט אינ פארלאמענט. עמעס, דעמ ערשטנ מיניסטער פלעגט באשטימענ די קיניגנ, אָבער די קאנדידאטור פונעמ דאָזיקנ מיניסטער פלעגט ארויסגעשטעלט ווערנ ווידער טאקע דורכ דער פארטיי,

וואָס האָט געהערשט אין פּאַרלאַמענט. בא דער קיניגן איז פאַרבליבן דאָס רעכט צו באַשטימען פּערזאָנען אפן די העכסטע פּאָסטנס אין דער מעלוכע, אָבער באַשטימען האָט זי געקאָנט בלויז יענע פּערזאָנען, וועלכע עס האָט פאָרגע־לייגט דער מיניסטער. אָן דער אונטערשריפט פונעם אַנטשפּרעכיקן מיניסטער זיינען בּיכלאַל אַלע פאַראָרדענונגען פון דער קיניגן געווען ניט גילטיק.

א געוויסן איינפלוס אפן גאַנג פון די מעלוכע־איניאָנים האָט אָבער די קיניגן וויקטאָ־ריע יאָ געקאָנט האָבן, אויסנוצנדיק דערצו אירע פאַרבינדונגען מיט דער אַריסטאָקראַטיע, באַזונדערס מיטן אויבער־קעפּל פון דער טאָ־ריער־פּאַרטיי (די פּאַרטיי פון די גרויסע ערד־באַזיצער).



פּאַלמערסטאָן.

דאָס אָפּשאַפן די „טוווע־געזעצן" האָט געגעבן א קלאַפּ די לאָרדן און דזשענטרי, וואָס האָבן געבילדעט דעם הויפּט־קערן פון דער טאָריער־פּאַרטיי [1]. דאָס האָט אָפּגעשוואַכט די טאָריער־פּאַרטיי; אין פאַרלויף קימאַט פון 20 יאָר צייט (פון 1848 ביז 1865) זיינען די גאַנצע צייט, מיט ניט קיין גרויסע איבעררייסן, געשטאַנען בא דער מאַכט די וויגן. שפּעטער האָבן זיי געהייסן ליבעראַלע פּאַרטיי. דאָס איז געווען די פּאַרטיי פו־נעם בלאָק צווישן די רייכע ערדבאַזיצער מיט דער פינאַנסיעלער בורזשואַזיע און מיטן אויבער־קעפּל פון דער אינדוסטריעלער בורזשואַזיע.

די צענטראַלע פיגור אינעם קאַבינעט פון די וויגן איז געווען דער גרויסער אירלענדישער ערדבאַזיצער לאָרד פּאַלמערסטאָן (1784—1865).

אין זיין אינערלעכער פּאָליטיק איז פּאַלמערסטאָן געווען א קעגנער פון יעט־ווידע רעפאָרמעס. ווען מע האָט פּאַלמערסטאָנען געשטעלט א פראַגע, וואָס פאַר א מיינונג איז ער מיקויעך די רעפאָרמעס, וועלכע מע האָט פּראָיעקטירט, האָט ער, רייבנדיק די הענט, זעלבסטצופרידן געענטפערט: „כ'לעבן, אין טאָג גערעדט איז דאָ ניטאָ וואָס צו טאָן. מיר קענען דאָך ניט אָן א סאָף אריינשרייבן אין געזעצן־קאָדעקס אַלץ נייע אַרטיקלען".

נאָך דער מאַפּאָלע פון דער טשאַרטיסטישער באַוועגונג איז אין געביט פון דער סאָציאַלער געזעצגעבונג אָנגעקומען א דויערנדיקער שטילשטאַנד.

אין דער זעלבער צייט האָט זיך פּאַלמערסטאָן אַקטיוו באַטייליקט אין די פראַגן פון דער אויסערן־פּאָליטיק. ער האָט מיטגעווירקט, אז ענגלאַנד זאָל פאַר־שטאַרקן איר קאָלאָניאַלע מעכטיקייט און האָט אַכזאָריעסדיק דערשטיקט די אויפ־שטאַנדן אין אינדיע (לעמאָשל, דעם אויפשטאַנד פון די סיפּייען אין אינדיע אין די יאָרן 1857—1859), אין ניי־זעלאַנד און אַנדערע קאָלאָניעס.

---

[1] שפּעטער האָט מען די דאָזיקע פּאַרטיי אָנגעהויבן רופן קאָנסערוואַטיווע.

פּאַלמערסטאָן האָט פיל מאָל געשטיצט דעם צאַריזם — דעם אָנשפּאַר פון דער אייראָפּיייִשער רעאַקציע. בײַסן דערשטיקן דעם אונגאַרישן אופשטאַנד אין 1849 י. האָט רוסלאַנד באַקומען פון ענגלאַנד א האַלוואָע.

נאָכן 1848 י. גייט ענגלאַנד אַריבער צו דער „פּאָליטיק פון פרײַע הענט". זי האָט זיך געהאַלטן איזאָלירט, האָט זיך ניט געבונדן די הענט מיט קיין פאַרשטענדיקונגען און בלאָקן און האָט דעריבער אין דעם אַנטשיידנדעם מאָמענט געקענט שטיצן דאָס אָדער יענץ לאַנד, באַקומענדיק דערבײַ היפּשע נוצן פאַר זיך און פאַרשווענדנדיק א מינימום קויכעס.

אָנהייב 50־ער יאָרן האָט זיך אָרגאַניזירט א זעלבשטענדיקע פּאַרלאַמענטאַרישע פּאַרטיי פון דער אינדוסטריעלער בורזשואַזיע — די פּאַרטיי פון די ראַדיקאַלן די פריטרעדער בעראָש מיט קאָבדענען. די דאָזיקע פּאַרטיי האָט געהאַט אין פּאַרלאַמענט ניט קיין סאַך ערטער און איז זיך איינגיכן צעפאַלן; די ענגלישע בורזשואַזיע האָט אויס מוירע פאַר דער אַרבעטער־באַוועגונג זיך אָפּגעזאָגט צו קעמפן קעגן די טאָריער און די וויגן. זי האָט שאָלעם געמאַכט מיט דער הערשאַפט פון דער ערדבאַזיצערישער און סאָכרישער אַריסטאָקראַטיע און האָט ווי ביז אַהער געטאָן איר זאַך דורך די וויגן און טאָריער. אין ענגלאַנד האָט די בורזשואַזיע רעגירט דורך דער פאַרמיטלונג פון דער אַריסטאָקראַטיע.

**די ענגלישע קאָלאָניעס.**

א קאָלאָסאַלע באַדײַטונג האָבן פאַר ענגלאַנד געהאַט זײַנע קאָלאָניעס. עס זײַנען געווען צוויי טיפּן קאָלאָניעס: אייניקע פון זיי, ווי למשל, אינדיע, האָבן נאָך ביזן קומען פון די ענגלענדער געהאַט א גרויסע אָרטגעבוירטיקע באַפעלקערונג. אין אינדיע האָט געהערשט די פעאָדאַלע אָרדענונג. דאָס לאַנד איז געווען צעשפּליטערט אויף אינדישע פירשטנטומס, וואָס זײַנען געווען אונטערגעאָרדנט צו די ענגלענדער, נאָר זײַנען רעגירט געוואָרן פון אייגענע פירשטן, און אין בריטישע פּראָווינצן, ווו די גאַנצע מאַכט האָט געהערט דירעקט די ענגלענדער. די ענגלענדער פלעגן באַקומען פון אינדיע קאָלאָסאַלע געלטער פון באַראַבעווען די פויערים דורך שטײַערן. אין דאָרף איז נאָך פאַרבליבן די דאָרפישע געמיינדע, וואָס אירע מיטגלידער פלעגן זיך פאַרנעמען אי מיט ערדאַרבעט, אי מיט מעלאָכע. אין XIX יה. ווערט אינדיע פאַרפלייצט מיט ביליקע געוועב־שטאָפן פון די ענגלישע פאַבריקן. די רעזולטאַטן פון אָט דער פאַרפלייצונג זײַנען געווען שרעקלעך: מיליאָנען וועבער, וואָס האָבן ניט אויסגעהאַלטן די קאָנקורענץ מיט די ענגלישע פאַבריקן, זײַנען געשטאָרבן פון הונגער. דער בליִענדיקער ראַיאָן פון האַנטווערקערײַ — בענגאַל — איז וויסט געוואָרן.

„די פלײַנען פון אינדיע זײַנען ווײַס פון די ביינער פון די בוימוואָל־וועבער", — האָט געשריבן וועגן אינדיע פון יענער צײַט דער ענגלישער גענעראַל־גובערנאַטאָר. די ענגלענדער האָבן אונטערדריקט די פויערים דורך שטײַערן, זיי האָבן אָבער ניט געזאָרגט וועגן האַלטן אין אָרדענונג די באַוואַסערונג־אײַנריכטונגען, וואָס אָן זיי איז אין דער מערהײַט ערטער פון אינדיע אוממעגלעך צו פירן די ערדאַרבעט. דעריבער זײַנען די הונגערן אין אינדיע געוואָרן אן אָפטע דערשײַנונג. מיליאָנען פויערים זײַנען אויסגעשטאָרבן פון הונגער, כאָליערע און פּעסט.

אין אַנדערע קאָלאָניעס, ווי למשל, אין אַוסטראַליע און קאַנאַדע, וואָס זײַנען פאַרהעלטענישמעסיק ווייניק באַפעלקערט, האָבן די ענגלענדער די קאָלאָניזאַטאָרן שנעל אויסגעראָטן די אָרטגעבוירטיקע באַפעלקערונג. די פאַרבליבענע רעשטלעך פון דער אָרטיקער באַפעלקערונג האָט מען פאַרטריבן אין די אינער־

לעבע ראיאָנען. אָנגעשלאָסן די קאָלאָניעס צו דער בריטישער אימפּעריע, האָבן די ענגלענדער גלײַך דערקלערט, אַז די גאַנצע ערד געהערט צו דער ענגלישער רעגירונג. אין טאַסמאַניע (אַ גרויסער אינדזל לעבן אויסטראַליע) האָט מען אין 1850 י. אַרויסגעזעצט אַף די שכײניש אינדזלען די לעצטע הונדערטער אָרטגעבירטיקע אײַנוווינער, וואָס זײַנען געבליבן לעבן. ניט מער, ווי אין צען יאָר אַרום איז אַף די דאָזיקע אינדזלען געשטאָרבן דער לעצטער מאַנצבל פון דער אָרטגעבירטיקער באַפעלקערונג, אין אַ יאָר אַרום איז געשטאָרבן די לעצטע פרוי.

אין נײַ-זעלאַנד האָט די אָרטיקע באַפעלקערונג (מאַאָרי) געפּרוווט שטעלן אַ ווידערשטאַנד, ווען מע האָט געוואָלט בײַ איר אָפּנעמען די ערד. דאַן האָבן די ענגלענדער אַהין געשיקט אַן אַרמײ פון 20 טויזנט מאַן, וואָס האָט דרײַ יאָר דורכאַנאַנד געהאַלטן אין אויסראָטן די מאַאָרי. אין אַ קורץ שטיקל צײַט האָט זיך די צאָל מאַאָרי פאַרקלענערט פון 80 ביז 30 טויזנט מאַן.

אין יענע קאָלאָניעס, ווו דער פּראָצעס פון אויסראָטן די אָרטיקע באַפעלקערונג איז געגאַנגען שנעל, האָבן זיך אַ לאָז געטאָן מענטשן איבערוואַנדערער פון ענגלאַנד. אין די דאָזיקע קאָלאָניעס איז שנעל געוואַקסן די ווײַסע באַפעלקערונג. אַזוינע קאָלאָניעס האָבן אײַנגעשלונגען פיל מער ענגלישע סכוירעס, איידער, לעמאָשל, אינדיע.

די קאָלאָניעס מיט אַ ווײַסער באַפעלקערונג — קאַנאַדע, דערנאָך אויך די אויסטראַלישע קאָלאָניעס — האָבן באַקומען פון די ענגלענדער אַ היפּשע זעלבשטענדיקייט, מע האָט זיי דערלויבט אײַנצופירן אַ זעלבסטפאַרוואַלטונג. דאָרט האָט גענומען זיך שנעל אויסבילדן אַ קאַפּיטאַליסטישע לאַנדווירטשאַפט. אַזוי, לעמאָשל, האָבן אין אויסטראַליע פאַרכאַפּט די ערד גרויסע שאָפּציכטלער, וואָס האָבן געפּיטערט צענדליקער טויזנטער שאָף. אין קאַנאַדע, ווו עס זײַנען געווען פיל וועלדער, האָבן די אונטערנעמער געדונגען אַרבעטער און געהאַקט וואַלד צום פאַרקויפן. דאָרט זײַנען אויך אויפגעקומען גרויסע טוווע-ווירטשאַפטן. באַנאַנד מיט דער קאַפּיטאַליסטישער לאַנדווירטשאַפט האָט גענומען זיך אַנטוויקלען אויך די גרויסע קאַפּיטאַליסטישע אינדוסטריע.

די קאָלאָניעס, ווו עס האָט געהערשט די פעאָדאַלע אָרדענונג און עס האָט געלעבט אַ געדיכטע „קאָלירטע" באַפעלקערונג, זײַנען געווען אינגאַנצן אָפּהענגיק פון לאָנדאָן. די אַנטוויקלונג פון די דאָזיקע באַראַבעוועטע און דערשלאָגענע קאָלאָניעס האָט זיך פאַרהאַלטן.

**דער אופשטאַנד פון די סיפּײַען אין אינדיע.**

אויסשליסלעכע רעכט צו האַנדלען מיט אינדיע האָט געהאַט די אַלטע אָסט-אינדישע קאָמפּאַניע, וואָס איז געגרינדעט געוואָרן נאָך אין 1600 י. די דאָזיקע קאָמפּאַניע האָט אָנגעפירט מיט אינדיע און האָט דאָ אופגעהאַלטן איר אייגן מיליטער. די מאָנאָפּאָליע פון דער אָסט-אינדישער קאָמפּאַניע האָט ניט געלוינט דער וואַקסנדיקער ענגלישער אינדוסטריעלער בורזשואַזיע; דעריבער איז דאָס אויסשליסלעכע רעכט פון דער אָסט-אינדישער קאָמפּאַניע צו האַנדלען מיט אינדיע אָפּגעשאַפט געוואָרן אין 1813 י. פון יענער צײַט אָן ווערט אינדיע פאַרפלייצט מיט ענגלישע סכוירעס, און פון אינדיע פאַרשטאַרקט זיך דער עקספּאָרט פון רוי-שטאָף. אין 1857 י. האָבן די ענגלענדער אויסגעבויט אין אינדיע די ערשטע אײַזנבאַן און דורכגעפירט צו יענער צײַט 4 טויזנט מײַל טעלעגראַף-ליניעס.

פון 1846 י. אָן שליסן די ענגלענדער אָן צו זייערע באַזיצן אין אינדיע די קאָלאָסאַלע צענטראַלע און צאָפן-געביטן, וואָס זײַנען פריִער געווען אונטערגעאָרדנט צו די פעאָדאַלע קיי-



2876—14




דער אופשטאנד פון די סיפײַען אין אינדיע.

סארימלעכ. די ערד אין די דאזיקע געביטנ איז דערקלערט געווארנ אלס אייגנטום פונ נײַע פריצימ, זעמינדארנ, די אגענטנ פונ ענגלאנד. געווארנ אייגנטימער, זײַנענ די זעמינדארנ מעכויעוו געוועג א גרויסנ טייל פונ זייערע ערד־האכנאָסעס אפגעבנ דער אסט־אינדישער קאמפאניע. דער דרוק אפ די פויערימ האט זיכ נאכ מער פארשטארקט. אינ 1857 י. האט זיכ ניט ווײַט פונ דער אוראל־טער הויפטשטאט פונ אינדיע — דעלי — אנגעהויבנ אנ אופשטאנד פונ די סיפײַענ (דאסווארט „סיפײַ" באטײַט סאלדאט, קריגער). סיפײַענ האבנ געהייסנ די קריגער פונ ארטגעבירטיקנ מיליטער פונ דער אסט־אינדישער קאמפאניע, וועלכעס האט זיכ געפונענ אונטער דער קאמאנדשאפט פונ ענגלישע אפיצערנ. זיי האבנ געהאט הארמאטנ אונ נײַע ביקסנ. אופגעשטאנענ זײַנענ מיטאמאל 50 טויזנט סיפײַענ. עס האבנ זיי געשטיצט די פויערימ אונ האנטווערקער. דער אופשטאנד האט ארומגעכאפט קימאט גאנצ צאפנ־אינדיע אונ א טייל פונ די צענטראלע געגנטנ. די לאגע פונ די ענגלענדער איז געווארנ א געפערלעכע. ארטגעבירטיק מיליטער מיט ענגלישע אפיצערנ איז

געווענ צענ מאָל מער איידער ענגליש מיליטער. אייניקע פונ די אינדישע פירשטלעכ, וואָס האָבנ א שטיקל צייַט פריִער פארלאָרנ זייער ערד אונ די טראָנענ, זייַנענ אויכ צוגעשטאנענ צום אופשטאנד.

נאָכ צוויי יאָר קאמפ האָבנ די ענגלענדער דעמ אופשטאנד דערשטיקט. בייַס דער באלאגערונג פונעמ הויפּט־צענטער פונעמ אופשטאנד — דעלי, — האָבנ די שטאָטישע אָרעמשאפט אונ די האנטווערקער אקשאָנעסדיק פארטיידיקט יעדע באריקאדע, יעדע גאס, יעדעס הויז. די ענגלענדער האָבנ אָבער אפּ העלפאנדנ אריבערגעוואָרפנ א פילצאָליקע ארטילעריע צו דעלי, אונ דאָס האָט געלייזט דעמ אויסגאנג פונעמ קאמפ. נאָר מער פונ אלצ האָט געהאָלפנ די ענגלענדער דאָס, וואָס צווישנ די אופשטענדלער איז ניט געווענ קיינ איינהייַט. די פעאָדאלנ אונ די פירשטלעכ האָבנ ניט געוואָלט אונ ניט געקאָנט אָנפירנ מיטנ פאָלקס־קאמפ קעגנ די אויסלענדישע אונטערדריקער אונ האָבנ סאָפּקאָלסאָפּ פאראטנ דעמ פאָלק — פיל פירשטנ האָבנ נאָכ אינ אָנהייב אופשטאנד געהאָלפנ די ענגלענדער. די ענגלענדער האָבנ פאנאנדערגעצונדנ רעליגיעזע אונ נאציאָנאלע רייַסערייַ צווישנ די אופשטענדלער. די ענגלענדער זייַנענ געווענ שטארקער מיט זייער טעכניק אונ האָבנ געהאט אנ איינהייַטלעכע קאָמאנדשאפט.

בייַסנ דערשטיקנ דעמ אופשטאנד, פלעגנ די ענגלענדער צובינדנ די ארעסטירטע צו די רערנ פונ הארמאטנ, אונ אויסשיסנדיק, צערייַסנ זיי אפ שטיקלעכ. דערשטיקט דעמ אופשטאנד, האָבנ די ענגלענדער ליקווידירט די אָסט־אינדישע קאָמפּאניע אונ האָבנ אונטערגעוואָרפנ אינדיע אונטער א רעגירונגס־אדמיניסטראציע. אויס מוירע פאר א נייַעמ אופשטאנד האָבנ די ענגלענדער אינגיכנ דערקלערט, אז אפ ווייַטער וועלנ זיי בא די פעאָדאלנ אונ פירשטנ ניט אָפּנעמענ די באזיצנ. פונ איצט אָנ זייַנענ די פירשטנ געוואָרנ אנ אָנשפאר פונ די ענגלענדער. וואָס שייַעכ די פויערימ, פלעגנ זיי ווי פריִער עקספּלואטירט ווערנ דורכ די פירשטנ, פריצימ אונ דורכ די אויסלענדישע אונטערדריקער — די ענגלענדער.

וועגנ דער שווערער לאגע פונ די פויערימ אינ אינדיע אונטער דער הערשאפט פונ די ענגלענדער אונ ראדזשעס זאָגנ איידעס די שרעקלעכע הונגערנ, וועלכע פלעגנ זיכ קעסיידער איבערכאזערנ אונ אומברענגענ מיליאָנענ מענטשנ.



די ענגלענדער צעשיסנ די סיפּייַענ פונ הארמאטנ.

**די קאַפּיטאַליסטישע מעלוכעס פאַרשקלאַפן כינע.**

נאָכ אינ XVIII יה. האָבנ די קריגערישע מאַנטשזשורנ דעראָבערט כינע אונ זי פאַרמאַכט פארנ אויסערנ־האַנדל. פונ יענער צײַט אָנ איז דער אויסערלעכער יאַמ־האַנדל מיט די אייראָפּייער געגאַנגענ בלויז דורכ איינ דעראָמדיקנ פּאָרט — קאַנטאָנ. פאַר יעדער פּאַרטיע סכוירעס, וואָס מע פלעגט אַרײַנפירנ קיינ כינע, האָט מענ געצאָלט גרענעצ־אָפּצאָל דעמ אימפּעראַטאָר פונ דער מאַנטשזשורישער דינאַסטיע. אינ 1839 יאָר האָבנ די ענגלענדער געשיקט קיינ כינע א פלאָט אונ מיליטער אונ געפאָדערט, מע זאָל עפענענ דאָס לאַנד פאַרנ אויסערנ־האַנדל. די כינעזער האָבנ באַשלאָסנ צו פאַרטיידיקנ זיכ. דרײַ יאָר האָט זיכ געצויגנ די מילכאָמע. די ענגלישע סאָלדאַטנ האָבנ פאַרניכטעט באַמ ברעג יאַמ גאַנצע שטעט, אויסגעהאַרגעט פרויענ, געהויבנ קליינע קינדער אַפ באַגנעטנ. אינ 1842 י. האָבנ די ענגלענדער פאַרנומענ שאַנכײַ אונ נאַנקינ אונ האָבנ געצוווּנגענ די מאַנטשזשורישע דינאַסטיע צו שליסנ אַנ אומגלײַכנ אָפּמאַכ. לויטנ דאָזיקנ אָפּמאַכ האָבנ זיכ די כינעזער פאַרפליכטעט צו נעמענ גרענעצ־אָפּצאָל פונ די אימפּאָרטירטע סכוירעס ניט מער ווי 5 פּראָצענט פונ זייער באַטרעפ אונ עפענענ פארנ האַנדל קאַנטאָנ אונ נאָכ פיר פּאָרטנ. אַזוי האָבנ די קאַפּיטאַליסטנ אָנגעהויבנ צו פאַרשקלאַפנ כינע. צומ אונטערשייד פונ אינדיע איז כינע אָבער געווענ פאַרשקלאַפט ניט בלויז דורכ ענגלאַנד, נאָר דורכ עטלעכע קאַפּיטאַליסטישע לענדער מיטאַמאָל. אינ 1844 י. האָבנ פראַנקרײַכ אונ די פאַרייניקטע שטאַטנ פונ אַמעריקע געפאָדערט, אַז כינע זאָל אויכ מיט זיי אונטערשרײַבנ פּונקט אַזעלכע אָפּמאַכנ. באַלד האָבנ אַנדערע קאַפּיטאַליסטישע מעלוכעס גענומענ פאָדערנ פונ כינע, זי זאָל מיט זיי אויכ שליסנ ענלעכע אומגלײַכבאַרעכטיקטע אָפּמאַכנ.

כאָטש כינע האָט זיכ אַלצ נאָכ גערעכנט פאַר א זעלבשטענדיקער מעלוכע, האָט זי אָבער פאַקטיש פונ דער מיט XIX יה. אָנגעהויבנ פאַרוואַנדלט צו ווערנ אינ אַנ אָפּהענגיק לאַנד. שפּעטער, צומ סאָפ XIX יה. איז כינע געוואָרנ א געמיינזאַמע האַלב־קאָלאָניע פונ די גרעסטע אייראָפּייִשע רויבער אונ פונ די פאַרייניקטע שטאַטנ פונ אַמעריקע.

דער אופשטאַנד פונ די טײַפּינענ.

זינט די אייראָפּייער האָבנ זיכ באַוויזנ אינ כינע, האָט זיכ דער דרוק אַפנ כינעזישנ פויערטומ נאָכ מער פאַרשטאַרקט. אינ 1850 י. האָבנ זיכ באַזונדערע אופשטאַנדנ פונעמ כינעזישנ פויערטומ צונויפגעגאָסנ אינ א מעכטיקער פויערשער באַוועגונג. דער צענטער פונ דער דאָזיקער באַוועגונג איז געוואָרנ דער ראַיאָנ, וואָס ליגט פאַזע דעמ הויפּט־טײַכ פונ כינע — יאַנצזי. צו די פויערימ האָבנ אָנגעהויבנ צושטיינ די שטאָטישע אָרעמשאַפט, האַנטווערקער, טרעגערס, קולי, שיפלער, האַלב־לײַבייגענע באַרג־אַרבעטער. די אופגעשטאַנענע פויערימ — די טײַפּינענ[1] האָבנ פאַרנומענ נאַנקינ. די

1 די כינעזישע ווערטער „טײַ־פינ־טיאַנ־גאָ“ באַטײַטנ: „דאָס הימלישע קיניגרײַכ פונ אייביקנ ווילזײַנ“.

טײַפּינגעס האָבן געפּרוּווט לייזן די ערד־פּראַגע. אין 1853 י. האָבן זיי אַרויסגעגעבן אַ געזעץ, אַז „די גאַנצע ערד ווערט צעטיילט לויט דער צאָל נפשות אומאָפּהענגיק פון געשלעכט". „אַלע פעל־דער פונעם אונטערהימלשן לאַנד [1] ווערן אינעם אונטערהימלשן לאַנד באַאַרבעט דורך אַלעמען" (דה., אַז יעדער האָט דאָס רעכט צו באַקומען ערד). „איז פאַראַן ערד, באַאַרבעט מען זי געמיינ־זאַם; איז פאַראַן שפּײַז, עסט מען עס געמיינזאַם; איז פאַראַן אַ געטראַנק, טרינקט מען עס גע־מיינזאַם; איז פאַראַן געלט, גיט מען עס אויס געמיינזאַם. אומעטום דאַרף זײַן גלײַכהייט, און עס דאַרף ניט זײַן קיין מענטש, וואָס זאָל ניט זײַן זאַט, און עס זאָל אים ניט זײַן וואַרעם".

די טײַפּינגעס האָבן אָבער געשאַפן אַ נײַע מאָנאַרכיע: זיי האָבן אויסגעוויילט אַן אימפּעראַטאָר (סיו־ציוּאַן, אין 1851 י.). אין 1856 י. האָבן זיך צווישן די טײַפּינגעס אָנגעהויבן רײַסערײַען. דער אָנפירער פונעם רעוואָלוציאָנערן טייל טײַפּינגעס, דער הויפּט־קאָמאַנדיר זייערער, אַ זון פון אַ קוילנגרעבער, דער לוין־אַרבעטער יאַן־סיוּציִן איז דערהאַרגעט געוואָרן צוזאַמען מיט עטלעכע טויזנט אָנהענגער זײַנע. די מעלוכע פון די טײַפּינגעס איז זיך צעפאַלן אויף אַ ריי געגנטן, וואָס האָבן גע־לעבט צווישן זיך ניט בעשאָלעם. די טײַפּינגעס אַליין האָבן אָנגעהויבן צו שיקן שטראָף־אָטריאַדן קעגן די פּויערים, וואָס פלעגן פאַרכאַפּן פּריצישע ערד. אין 1856—1858 יי. און אין 1860 י. האָבן די ענגלענדער צוזאַמען מיט די פראַנצויזן געפירט רויבערישע מילכאָמעס מיטן צוועק צו אונטער־טעניקן די כינעזישע אימפּעראַטאָרישע רעגירונג. נאָך דעם, ווי זיי האָבן זיך דערשלאָגן זייערס און אַרויסגעריסן פאַר זיך באַם כינעזישן באָגדיכאַן אַ ריי פּריווילעגיעס, האָבן די ענגלענדער און פראַנצויזן זיך פאַראייניקט מיטן באָגדיכאַן און מיט די כינעזישע פעאָדאַלן, כּדי אויפן אַכזאָריעס־דיקסטן אויפן צו דערשטיקן דעם אויפשטאַנד פון די טײַפּינגעס. כינע האָט אָנגעהויבן פאַרוואַנדלט ווערן אין אַן אָפּהענגיק לאַנד.

**ענגלאַנד און אירלאַנד.**

**כוץ די ניט־אייראָפּעיִשע קאָלאָניעס און האַלב־קאָלאָניעס האָט די ענגלישע בורזשואַזיע אונטערדריקט אויך איר־לאַנד, וואָס ליגט בישכיינעס מיט ענגלאַנד. אירלאַנד איז דאַן אויך געווען אין דער לאַגע פון אַ קאָלאָניע.**

**אירלאַנד (דער דאָזיקער נאָמען באַטײַט „גרינער אינדזל") האָט פון 1801 י. אָן אָנגעוווירן דאָס לעצטע רעשטל פון זײַן זעלבשטענדיקייט — זײַן פּאַרלאַמענט, און איז אָנגעשלאָסן געוואָרן צו ענגלאַנד. אין ענגלאַנד איז, ווי באַוווּסט, צום אָנהייב XIX יה. דאָס קליינפּויערטום קימאַט אינגאַנצן פאַרניכטעט געוואָרן; אין אירלאַנד אָבער איז אין קעגנזאַץ צו ענגלאַנד דאָס קליינפּויערטום פאַרבליבן ביז דער מיט XIX יה. דערבײַ איז דאָס ראָוו פּויערים געווען ניט קיין אייגנטימער, נאָר אַרענדאַטאָרן. קימאַט די גאַנצע ערד אין אירלאַנד האָבן פאַרכאַפּט און צע־טיילט צווישן זיך די ענגלישע אַריסטאָקראַטן די לאָרדן. נאָר בײַס מע האָט דער־שטיקט דעם אויפשטאַנד פון די אירלענדער אין XVII יה., האָבן די אירלענדער די פּראָטעסטאַנטן פאַרכאַפּט דעם צאָפן־טייל אירלאַנד און זיך דאָרט באַזעצט; אין דעם איבעריקן טייל אירלאַנד איז געבליבן די אָרטגעבוירטיקע קאַטוילישע באַפעלקערונג.**

**די אירלענדישע פּויערים האָבן זיך געפונען אין אַ שווידערלעכער לאַגע. די אָרעמקייט זייערע איז וואָס ווײַטער געוואַקסן אַלץ שטאַרקער, מאַכמעס די ערד־באַצירקן זײַנען וואָס ווײַטער אַלץ קלענער און קלענער געוואָרן.**

**און קלענער זײַנען זיי געוואָרן, ווײַל מע פלעגט זיי נאָך באַם פּערמערס לעבן צעטיילן צווישן זין.**

---

2 אזוי האָט געהייסן כינע.

די לענדלאָרדנ האָבנ געברעקלט די באצירקנ אפּ קליינע כאלאָקימ אומישנע, ווײַל זיי האָבנ גערעכנט אזויארומ צו באקומענ א גרעסערנ ארענדע-אָפּצאָל. דער ארענדאטאָר אָבער האָט קוימ געקאָנט ציִענ כעיונע פונ אזוינע קליינע ערד-באצירקנ אונ האָט שוינ ניט געהאט מיט וואָס צו באצאָלנ פאר דער ארענדע. די לענדלאָרדנ פלעגנ אָנראכמאָנעסדיק פארטרײַבנ פונ דער ערד די ניט פּינקטלעכע ארענדאטאָרנ. א קאָלאָסאלע צאָל אירלענדער איז אויסגעשטאָרבנ פונ הונגער אָדער האָט עמיגרירט פונ אירלאנד. אינ 1841 י. האָט די באפעלקערונג פונ אירלאנד באטראָפנ 8 מיליאָנ מיט 200 טויזנט מאנ, אונ אינ 20 יאָר ארומ — בלויז $5^1/_2$ מיליאָנ. אינ אירלאנד זײַנענ אפילע געווענ צוויי נעמענ פאר צוויי מינימ הונגערנ: „א לאנגזאמ הונגערנ" אונ „א שנעל הונגערנ". „א לאנגזאמ הונגערנ" — דאָס איז געווענ דער געוויינלעכער צושטאנד פונעמ אירלענדער; „א שנעל הונגערנ" — דאָס איז געווענ א רעזולטאט פונ אנ אומגערעטעניש.

די פויערשע אָרעמשאפט אונ די באטראקעס פלעגנ אָפט מאכנ אופשטאנדנ קעגנ די לענדלאָרדנ. פויערשע אָטריאדנ, וואָס האָבנ געהייסנ „ווײַסע פיס" (דה. באָרוועסע) א. אנד., פלעגנ אָנפאלנ אפּ פריצישע גיטער אונ דערהארגענענ די פריצימ אָדער די גוט-פארוואלטער. די ענגלישע רעגירונג פלעגט אכזאָריעסדיק דערשטיקנ די דאָזיקע באוועגונגענ.

נאָכ אינ 1846 י., ווענ די „טוווע-געזעצנ" זײַנענ אָפּגעשאפנ געוואָרנ, מע האָט אָנגעהויבנ ארײַנפירנ ביליקע טוווע פונ אייראָפּע, די אינדוסטריע האָט זיכ גענומענ שנעל אנטוויקלענ אונ די שטעט זײַנענ געוואקסנ, האָט שוינ די לאָרדנ מער ניט געלוינט אָפּצוגעבנ די ערד אינ ארענדע די אירלענדישע פויערימ; זיי האָט מער געלוינט אלייננ פירנ די ווירטשאפט אונ פארקויפנ אינ שטאָט פי אונ מילכ-פּראָדוקטנ. האָבנ זיי טאקע גענומענ אראָפּטרײַבנ מאסנווײַז די פויערימ פונ דער ערד. אונ קעדיי זיי זאָלנ זיכ צוריק ניט אומקערנ, פלעגט מענ זייערע נעבעכדיקע הײַזקעס כאָרעוו מאכנ.

מענגעס הונגעריקע מענטשנ האָבנ ארומגעבלאָנקעט איבער די גרויסע וועגנ אָנ א ציל, אָנ א האָפענונג. זיי פלעגנ אונטערקלײַבנ אינ וועג, וואָס נאָר עס האָט זיכ געמאכט — וואָרצלענ פונ פארשיידענע געוויקסנ, פלייש פונ געפייגערטע הינט, פערד, אייזלענ. אָפט פלעגט מענ אפּ די וועגנ געפינענ טויטע מענטשנ מיט פולע מאָגנס מיט גראָז.

אינ די 60-ער יאָרנ האָט זיכ אינ אירלאנד אָנגעהויבנ א שטארקע באוועגונג פאר אָפּטיילנ זיכ פונ ענגלאנד אונ שאפנ א רעפּובליק. ס'האָט זיכ אויסגעבילדעט די פארטיי פונ „די פעניער" (פעני — א לעגענדארער העלד פונ די אירלענדישע פאָלקס-מײַסעס). די פעניער זײַנענ געווענ אירלענדישע בורזשואזע נאציאָנאליסטנ. די געהיימע פעניער-אָטריאדנ האָבנ אָנגענומענ די גרינע פאָנ, די פאָנ פונ אומאָפּהענגיקײַט פונ אירלאנד. מיט דער דאָזיקער באוועגונג האָבנ אָבער אָנגעפירט קאטוילישע גאלאָכימ אונ אדוואָקאטנ, וואָס האָבנ געשטאמט פונ דער אירלענדישער בורזשואזיע. די באוועגונג האָט געטראָגנ א פארשווערונגס-כאראקטער אונ איז אוועק אפנ שעדלעכנ וועג פונ טעראָריסטישע אקטנ. מארקס האָט טיפ מיטגעפילט דעמ קאמפ פונעמ אירלענדישנ פאָלק, ער האָט אָבער שארפ פארורטיילט די טעראָריסטישע פּאָליטיק פונ דער אָנפירערשאפט פונ די פעניער, א פּאָליטיק, וואָס האָט געבראכט קאָלאָסאלנ שאָדנ דעמ אירלענדישנ פאָלק. די בא-

ווענונג פון די פעניער איז אוועק אַפ ניט קיין ריכטיקן וועג און האָט געליטן אַ מאַפּאָלע. אירע רעדלפירער האָט מען געקעפּט.

דאָס אירלענדישע פּויערטום האָט ניט אויפגעהערט אויסצושטאַרבן.

### מאַרקס און ענגעלס אין עמיגראַציע.

אינעם פּעריאָד פון רעאַקציע, וואָס איז געקומען נאָך דער רעוואָליוציע פון 1848 י., זיינען מאַרקס און ענגעלס אַרויסגעטריבן געוואָרן פון די לענדער פון אייראָפּייִשן קאָנטינענט און זיי האָבן געלעבט: מאַרקס — אין לאָנדאָן, ענגעלס — אין מאַנטשעסטער. מאַרקס און ענגעלס זיינען געווען ענג פאַרבונדן מיט דער מאַסן-באַוועגונג פון די ענגלישע אַרבעטער און האָבן געשטעלט פאַר די אַרבעטער די אויפגאַבע צו פירן אַ פּאָליטישן קאַמף. גלייכצייטיק האָבן זיי דורכגעמאַכט אַ קאָלאָסאַלע טעאָרעטישע אַרבעט, באַוואָפענענדיק די אַרבעטער מיט דער רעוואָליוציאָנערער טעאָריע.

ווייניק איז געווען אַזעלכע עמיגראַנטן, וואָס זאָלן האָבן מער געליטן, ווי מאַרקס און זיין מישפּאָכע. עס זיינען געווען טעג, ווען מאַרקס האָט ניט געקענט גיין אַרבעטן אין בריטישן מוזיי (איינס פון די גרעסטע אין דער וועלט זאַמל-ערטער פון ביכער און מאַנוסקריפּטן), ווייל זיין איינציקער יאָמטעוודיקער אָנצוג איז געווען פאַרזעצט אין לאָמבאַרד.' דעם „קאַפּיטאַל” האָט מאַרקס אָנגעשריבן באַם עסטיש, ווייל קיין שרייב-טיש האָט ער ניט פאַרמאָגט. די נויט זיינע איז אין 1861 י. דערגאַנגען אַזוי ווייט, אַז ער האָט אַפילע געפּרוּווט אָנקומען אַפ אַרבעט אין דער פאַרוואַלטונג פון איינער אַן אייזנבאַן, מע האָט אים אָבער ניט צוגענומען „מאַכמעס זיין שלעכטער האַנטשריפט”.



Das Kapital.

Kritik der politischen Oekonomie.

Karl Marx

Erster Band

Hamburg

Verlag von Otto Meissner

דאָס שאַר-בלעטל פון דער ערשטער אויפלאַגע פון ק. מאַרקס' „קאַפּיטאַל” אַפ דייטש.

מיט גרויס מי איז מאַרקסן געלונגען צו קריגן ליטעראַרישע אַרבעט, אַי דאָס האָט ער געקאָנט דרוקן זיינע אַרבעטן דעריקער אין די פאַרייניקטע שטאַטן פון אַמעריקע. ענגעלס איז צו יענער צייט אַליין געווען אין אַ שווערער מאַטעריעלער לאַגע, דאָך פלעגט ער העלפן מאַרקסן. פיל געהאָלפן האָט אים ענגעלס אויך אין דער טעאָרעטישער און ליטעראַרישער אַרבעט. ניט געקוקט אַפ דער אומגעהויערער נויט, האָט זי מאַרקס דאָך מוטיק איבערגעטראָגן און געפונען קויכעס און צייט, קעדיי אַקטיוו צו באַ-

טייליקן זיך אין דער ארבעטער-באוועגונג און אָנפירן מיט איר; דערבײַ איז די הויפּט-אויפגאבע זײַנע געווען — צוגעבן דער דאָזיקער באוועגונג א פּאָליטישן כאראקטער.

**די ענגלישע ארבעטער-באוועגונג. די רעפאָרם פון 1867 י.**

נאָך דער מאפּאָלע פונעם טשארטיזם, אינעם פעריאָד פונעם אינדוסטריעלן אויפשטײַג, האָט די ענגלישע ארבעטער-באוועגונג אָנגענומען א שמאָל-עקאָנאָמישן כאראקטער; אין דער ארבעטער-באוועגונג האָט צײַטווײַליק געזיגט דער אָפּאָרטוניזם. פיל פריַערדיקע אָנטיילנעמער פון דער טשארטיסטישער באוועגונג האָבן אצינד אָפּגעווײַכט פון פּאָליטיק. אייניקע פון זיי האָבן געקראָגן גוט באלוינטע פּאָסטנס אין מעלוכישע אָדער פריוואטע אונטערנעמונגען. אנדערע זײַנען געוואָרן אָנגעשטעלטע פון פראָפעסיאָנעלע פאריינען.

די גרונט-פאָרם פון דער ארבעטער-באוועגונג זײַנען געוואָרן די טרעד-יוניאָנען, וואָס האָבן פאראייניקט בלויז דעם קוואליפיצירטן אויבערשיכט פון די ארבעטער. די ארבעטער פון איטלעכער פראָפעסיע (לעמאָשל, מאשיניסטן, קעסלהייצער אדג.) זײַנען געווען פאראייניקט אין זייערע באזונדערע פראָפעסיאָנעלע אָרגאניזאציעס (טרעד-יוניאָנען).

אין די 50-ער יאָרן איז אין ענגלאנד געווען 1600 טרעד-יוניאָנען. צומאָל איז אין איין שטאָט געווען עטלעכע טרעד-יוניאָנען, וואָס האָבן פאראייניקט ארבעטער פון איינער און דער זעלבער פראָפעסיע.

דער קריזיס פון די יאָרן 1857—1859 האָט מיטגעווירקט דערצו, אז די טרעד-יוניאָנען זאָלן זיך באהעפטן צווישן זיך. אין 1860 י. האָט אין לאָנדאָן זיך געשאפן א ראט, וואָס האָט פאראייניקט אלע טרעד-יוניאָנען פון דער הויפּטשטאָט פון ענגלאנד.

מארקס איז געווען פארבונדן מיט די אָנפירער פונעם לאָנדאָנער ראט. אונטער מארקס' אײַנפלוס איז דער לאָנדאָנער ראט געוואָרן א וויכטיקער פּאָליטישער צענטער פון דער אלענגלישער ארבעטער-באוועגונג און האָט אָנגעהויבן פירן א קאמף פאר דער רעפאָרם פונעם וואלרעכט. אין דעם דאָזיקן קאמף האָט גענומען א גרויסן אָנטייל דער I אינטערנאציאָנאל, מיט וועלכן עס האָבן אָנגעפירט מארקס און ענגעלס.

אין 1867 י. האָט מען דורכגעפירט די פארלאמענט-רעפאָרם. דעם וואל-צענז האָט מען פארקלענערט. די צאָל וויילער האָט זיך קימאט פארטאָפּלט. אָבער די גרונט-מאסע ארבעטער (אלע יענע ארבעטער, וואָס פארנעמען ניט קיין באזונדערע קווארטיר) און די קליינע ארענדאטאָרן אין דאָרף האָבן קיין וואלרעכט ניט באקומען.

**דער רעאליזם אין דער ענגלישער ליטעראטור.**

די גרויסע ענדערונגען, וואָס זײַנען פארגעקומען אין ענגלאנד, האָבן זיך אָפּגעשפיגלט אין דער ליטעראטור, אין די ווערק פונעם גרויסן רעאליסט טשארלז דיקענס (1812—1870). ווען דיקענס איז נאָך געווען א קינד, האָט זײַן פאָטער באנקראָטירט און איז אריַנגעפאלן אין דער כויוועס-טורמע. דאָס יִנגל האָט געמוזט אָנקומען אין א פאבריק און זיך פארנעמען מיט פאקעווען פושקעלעך שוואקס. פון זײַן אייגענער דערפארונג האָט זיך דיקענס גוט באקאנט דערמיט, וואָס הייסט נויט און עקספּלואטאציע אף די פאבריקן. ווען ער איז אויסגעוואקסן, איז אים געלונגען צו ווערן א רעפּאָרטער. ער האָט געארבעט אין צײַטונג און גלײַכצײַטיק געשריבן די גרויסע דערציילונג „נאָטיצן פון פיקוויקער קלוב", א



טשארלז דיקענס.

בוך, וואָס האָט אים גלײַך געשאפן רום. אינעם דאָזיקן בוך האָט דיקענס מיט א ראפינירטן הומאָר געשילדערט דאָס דאָרפישע ענגלאנד, וואָס גייט אָפּ אין דער פארגאנגענהײַט, דעם שטייגער פון די קליינע שטעטלעך. איינער פון די הויפּט־העלדן פון דער דאָזיקער דערציילונג, וועלכן דיקענס האָט באשריבן מיט ווארעמער סימפּאטיע — איז א מענטש פון פאָלק, פּיקוויקס דינער, סאמועל אועלער. אועלערס דערפינדערישקײַט און אײַנגעבוירענער סייכל רופן ארויס באַם לייענער די גרעסטע סימפּאטיע.

כאָטש דיקענס איז שוין געוואָרן בארימט, נאָר צוליב פארדינסט וועגן האָט ער געמוזט אונטערשרײַבן פארשקלאפנדיקע אָפּמאכן מיט די פארלאגן און ווי א באלמעלאָכע שרײַבן פאר זיי איין ווערק נאָכן אנדערן.

אין דער צײַט פון דער רעאקציע, וואָס איז אָנגעקומען אין אייראָפּע אין די 50־ער יאָרן, שילדערט דיקענס אלץ מער די פינצטערע זײַטן פונעם ענגלישן לעבן, די שוידערלעכע זיטן פון דער ענגלישער שול („דאוויד קאָפּערפילד", „ניקאָלײַ ניקלבי"). אלץ אָפטער באשרײַבט ער מאָראלישע קריפּלס, קאליקעס („דאָס קאלטע הויז"). וואָס ווײַטער, אלץ מער ווערט ער אָן דעם ווייכן הומאָר, מיט וועלכן ער פלעגט אויסלאכן דאָס בייז, האָפנדיק אזוי־ארום דאָס צו באזיגן.

### קאפיטל 18.

# דער בירגערקריג אין צאָפן־אמעריקע.

אין דער ערשטער העלפט XIX יה. איז אין די צאָפן־שטאטן שנעל געוואקסן די פאבריק־אינדוסטריע און פריִער פון אלץ די באוול־אינדוסטריע. אויב אין 1805 י. איז אין די באוול־פאבריקן געווען 4500 שפּינדלעך, איז אין 1815 י. שוין געווען 130 טויזנט און אין 1860 י. 5 מיליאָן מיט 200 טויזנט שפּינדלעך.

גרויסע פאָרשריטן מאכן די פאראייניקטע שטאטן אין דער מאשין־בויונג. מאק־קאָרמיקס סטאנדארטע שנײַד־מאשינעס און אנדערע לאנדווירטשאפטלעכע מאשינעס (אין די 30־ער — 40־ער יאָרן), די נײ־מאשין אא. האָבן באקומען א שעם אין דער גאנצער וועלט.

אין 1860 י. איז אין דער אינדוסטריע פון צאָפן־אמעריקע געווען באשעפטיקט 1 מיליאָן 300 טויזנט ארבעטער. אין 1850 י. זײַנען די פאראייניקטע שטאטן ארויס אפן ערשטן אָרט אין דער וועלט לויט דער לענג פון דער נעץ אײַזנבאנען: דאָרט איז שוין געווען 15 טויזנט קילאָמעטער אײַזנבאן־וועגן. מאכמעס דער שווערער עקספּלואטאציע אין דער אמעריקאנישער אינדוסטריע האָבן פיל ארבעטער איבערגעוואנדערט אפן מײַרעוו. פיל ארבעטער און פויערים, פארקערט, האָבן פון אייראָפּע איבערגעוואנדערט קיין אמעריקע.

אין היניכט פון אינדוסטריעלער אנטוויקלונג זײַנען פאָרויס פון אלע לענדער געגאנגען די צאָפן־מיזרעכדיקע שטאטן, ווו ס'איז ניט געווען קיין שקלאפערײַ. אין די דאָזיקע שטאטן איז אפן איין ארבעטער אין דער אינדוסטריע אויסגעפאלן 8 ארבעטלײַט, וואָס זײַנען געווען באשעפטיקט אין דער לאנדווירט־

שאפט; אין די צאָפן-מיַירעוודיקע שטאטן, וואָס זיַינען שנעל באפעלקערט געוואָרן, איז אָפּ איין אינדוסטריעלן ארבעטער אויסגעפאלן 48 לאנדווירטשאפטלעכע ארבע-טער, און אין די אָפּגעשטאנענע דאָרעם-שטאטן, ווו ס'איז פארבליבן שקלאפע-ריַי — 82 לאנדווירטשאפטלעכע ארבעטער.

די לאגע פון די אר-בעטער.

די אמעריקאנער ארבעטער האָבן געהאט אויסצושטיין א שווידערלעכע עקספלואטאציע. דער ארבעטסטאָג האָט גע-דויערט 13—14 שאָ.

אָנהייב XIX יה. האָבן די ארבעטערנס פון די טעקסטיל-ראיאָנען אינעם צאָפן-מיזרעכדיקן טייל פון לאנד געלעבט אין ספעציעלע קאזארמעס אונטער א שטרענ-גער אויפזיכט. אין די 20-ער—30-ער יאָרן פלעגט מען אין אייניקע פאבריקן נע-מען אָפּ ארבעט בלויז אזעלכע ארבעטער, וואָס האָבן פארמאָגט ניט ווייניקער פון 6 קינדער; אויב אן ארבעטער האָט אָפּגענומען זיַין קינד פון דער פאבריק און אים אוועקגעגעבן אין שול — פלעגט מען דעם ארבעטער גליַיך באפריַיען פון דער ארבעט.

באזונדערס שווער איז געווען די לאגע פון פיל עמיגראנטן פון אייראָפּע, וואָס האָבן ניט געהאט קיין דאך איבערן קאָפּ און קיין ארבעט, און האָבן אָפט ניט געקענט די שפראך. אין דער זעלבער שווערער לאגע זיַינען געווען די וויי-ניקע ארבעטער נעגערס. דאָך האָבן זיך די ארבעטער אין צאָפן-אמעריקע געפונען אין עטוואָס א בעסערער לאגע, איידער אין אייראָפּע; דאָס טאקע האָט צוגעצויגן קיין אמעריקע עמיגראנטן.

די עמיגראציע קיין אמעריקע.

דער גרויסער עמיגראציע-דראנג פון אייראָפּע קיין אמע-ריקע דערקלערט זיך אויך דערמיט, וואָס דאָ אין אמע-ריקע האָט מען זיך געקאָנט באזעצן אָפּ „פריַיער ערד“. פון 1787 י. אָן ביזן פעריאָד פונעם בירגערקריג האָבן עמיגרירט פון אייראָפּע קיין אמעריקע 5 מיליאָן מענטשן (פונעם 1787 י. ביזן 1914 י. — אן ערעך 35 מיליאָן).

די קאָלאָניזאציע פונעם מיַירעוו האָט געשאפן א קאָלאָסאלן מארק פאר דער אינדוסטריע און דערמיט פארשנעלערט די אנטוויקלונג פונעם קאפיטאליזם. פון די 40-ער יאָרן אָן הייבט מען אָן אָנווענדן אין דער לאנדווירטשאפט שניַיד-מא-שינעס, הייאשניט-מאשינעס און אנדערע מאשינעס. וואָס וויַיטער האָט מען אלץ מער גענומען אָנווענדן אין דער לאנדווירטשאפט לוין-ארבעט. שוין אין 1860 י. האָבן בא 1400 טויזנט פערמערס אייגנטימער אין די פארייניקטע שטאטן פון אמע-ריקע געארבעט 800 טויזנט באטראקעס.

דער וווּקס פון דער פלאנטאציע-ווירט-שאפט אין דער ערש-טער העלפט XIX יה.

אין צוזאמענהאנג מיט דער אנטוויקלונג פון דער מא-שיניזירטער טעקסטיל-אינדוסטריע איז אין דער ערשטער העלפט XIX יה. אין אייראָפּע און אין די צאָפן-שטאטן פון אמעריקע אלץ מער געוואקסן דער נאָכפרעג אָפּ בוימ-וואָל. די פריַיזן אָפּ בוימוואָל זיַינען געשטאנען הויכע, קולטיווירן בוימוואָל האָט געלוינט.

אין די דאָרעם-שטאטן איז געווען פיל פרוכטבארע ערד און אהין, אין די בוימוואָל-פלאנטאציעס, האָט מער געלוינט צו אינוועסטירן קאפיטאל, וויַיל דאָרט האָבן געארבעט נעגערס שקלאפן. די פאבריק-אינדוסטריע האָט זיך דאָ קימאט

**ניט אנטוויקלט. די בוימוואָל-פלאנטאציעס, אפ וועלכע עס האָבנ שווער געהאָרע־וועט די נעגערס די שקלאפנ, האָבנ זיכ קעסיידער פארברייטערט און פארנומענ אלצ מער אונ מער ערד אינ די מײַרעוו-שטאטנ.**

האָט א פלאנטאטאָר באדארפט האָבנ נײַע נעגערס, האָט ער זיי געקאָנט קויפנ אזוי ווי פי אָדער ווי א באליביקע זאכ. די צײַטונגענ זײַנענ פול געווענ מיט מעלדונגענ, אז עס ווערנ פאר־קויפט שקלאפנ. אָט איז, לעמאָשל, אזא מעלדונג: „עס ווערנ פארקויפט אויסגעצייכנטע נעגערס: א יונגע פרוי, וואָס קאָנ קאָכנ, וואשנ, פרעסנ, אונ אירע 4 קינדער: א ייִנגל פונ 12 יאָר, א ייִנגל פונ 9 יאָר, א מיידעלע פונ 5 יאָר, וואָס קאָנ נייענ, אונ א מיידעלע פונ 4 יאָר".

ברענגענ צו פירנ נײַע שקלאפנ פונ אפריקע איז געווענ פארבאָטנ. דאָכ פלעגנ די סאָכרימ די קאָנטראבאנדיסטנ ברענגענ צו פירנ פיל נײַע שקלאפנ, האלטנדיק זיי אינ די געהיימע באהעלטע־נישנ צווישנ די טאָפלטע ווענטלעכ פונ דער שיפ אונ צווישנ די דאָפלטע דעקנ. אָפט פלעגנ דאָרט די שקלאפנ דערשטיקט ווערנ אונ שטארבנ. הײַנע האָט באשריבנ, ווי מע פירט אריבער די שקלאפנ פונ אפריקע, אינ זײַנ ליד „די שקלאפנ-שיפ":

זעקס הונדערט נעגערס שפּאָטביליק געקויפט
האָב איכ אינעמ לאנד סענעגאלער,
דאָס פלייש בא זיי — הארט, אונ די ציינער — פעסט,
ווי אײַזנ — די מוסקלענ בא אלע.

כ'האָב גלעזערנע פערל געגעבנ פאר זיי,
אונ בראנפנ מיט מעסערס געגעבנ,
אפ זיי כ'וועל פארדינענ אכט הונדערט פראָצענט,
אויב א העלפט וועט נאָר בלײַבנ לעבנ.

**די שקלאפנבאזיצער זײַנענ זיכ זייער אכזאָריעסדיק באגאנגענ מיט די שקלאפנ. מע האָט זיי געהאלטנ געשמידט אינ קייטנ, מע פלעגט זיי באשטראָפנ מיט ריטער. געוויינלעכ נאָכ 8—10 יאָר ארבעט אפ דער פלאנטאציע פלעגט דער שקלאפ שטארבנ.**



אאוקציאָנ פונ נעגערס שקלאפנ.

ניט איין מאָל האָבן די שקלאַפֿן געמאַכט אופֿשטאַנדן. באַזונדערס באַדײַטנדיק איז געווען נאַט טאַרנערס אופֿשטאַנד אין ווירגיניע אין 1831 י. די נעגערס זײַנען אָבער ניט געווען אָרגאַניזירט, האָבן ניט געהאַט קיין פּראָגראַם פֿון אַקציעס, און דעריבער האָבן זיי קעסיידער געליטן אַ מאַפּאָלע. נאַט טאַרנערן צוזאַמען מיט 21 אַנדערע שקלאַפֿן האָט מען געקעפּט.



נאַט טאַרנער.

פֿון די 40-ער יאָרן אָן פֿון XIX יה. האָבן די אַבאָליציאָניסטן, דה. די אָנהענגער פֿון פֿאַרניכטן די שקלאַפֿערײַ (פֿערמערס, אַרבעטער, די פֿאַרגעשריטענע בורזשואַזיע) גענומען פֿירן אַ שטאַרקע פּראָפּאַגאַנדע קעגן שקלאַפֿערײַ און געהאָלפֿן די נעגערס צו אַנטלויפֿן פֿון די פּלאַנטאַטאָרן. די אַבאָליציאָניסטן האָבן אָרגאַניזירט די אַזוי-גערופֿענע „אונטערערדישע אײַזנבאַן", דה. אַ קייט געהיימע אַגענטן (דערהויפּט פֿון פֿערמערס), וואָס פֿלעגן געבן די אַנטלאָפֿענע שקלאַפֿן אַן אָרט, וווּ זיך צו אויסבאַהאַלטן, און זיי באַגלייטן פֿון איין „סטאַנציע" ביז דער אַנדערער, צו דער קאַנאַדער גרענעץ. ווי אין אַנדערע ענגלישע קאָלאָניעס, איז אויך אין קאַנאַדע פֿון 1834 י. אָן די שקלאַפֿערײַ אָפֿיציעל געווען אָפּגעשאַפֿן.

אין 1852 י. איז דערשינען דאָס בוך „אָנקל טאָמס שטיבל", אָנגעשריבן פֿון האַריעט ביטשער-סטאָו פֿונעם שטאַט האָײַאָ, וואָס געפֿינט זיך אין דירעקטער שכנות מיטן שקלאַפֿנבאַזיצערישן דאָרעם. סטאָו האָט אויסגענוצט די דערציילונגען פֿון לעבעדיקע איידעס, ווי אויך מאַטעריאַלן פֿון צײַטונגס-אַרטיקלען, און האָט מיט דערשיטערנדיקער וואָרהאַפֿטיקײַט באַשריבן שוידערלעכע פּײַניקונגען, וועלכע דער העלד פֿון איר ווערק, דער נעגער „אָנקל טאָם", האָט געהאַט אויסצושטיין פֿון די אַכזאָריעסדיקע באַלעבאַטים די שקלאַפֿנבאַזיצער. אין דעם זעלבן בוך האָט סטאָו לאַקרעץ-זיס געשילדערט די „גוטע" גאָטספּאָרכטיקע פּלאַנטאַטאָרן, וואָס באַ זיי האָבן נעגערס, קלוימערשט, געלעבט גוט. שוין דאָס ערשטע יאָר איז סטאָוס בוך זיך פֿאַנאַנדערגעגאַנגען אין 300 טויזנט עקזעמפּלאַרן און האָט געשפּילט אַ באַדײַטנדיקע ראָליע אין דער פּראָפּאַגאַנדע קעגן שקלאַפֿערײַ.

דאָס באַזעצן דעם דאָרעם.

אין XIX יה. האָט דער אַמעריקאַנישער קאָנטינענט אָנגעהויבן שנעל באַזעצט ווערן. אין מיט XIX יה. האָבן די פֿאַראייניקטע שטאַטן טיילווײַז דורך מילכאָמעס, טיילווײַז פֿאַר געלט — דערוואָרבן די גאַנצע טעריטאָריע, וואָס ציט זיך פֿון די ערשטע 13 מיזרעכדיקע קאָלאָניעס ביזן ברעג פֿונעם שטילן אָקעאַן.

די פּלאַנטאַטאָרן פלעגן איבערוואַנדערן אַפ מײַרעוו אין איבערגעדעקטע פורגאָנעס (בוידן), אין װעלכע עס זײַנען געװען אײַנגעשפּאַנט אָקסן. „אַפּרײַניקן די װעלדער אין דעם דאָזיקן לאַנד איז ניט אַזוי לײַכט, — האָט געשריבן אײנער אַ רײַזנדער, װאָס איז מיטגעפאָרן מיט פּלאַנטאַטאָרן שקלאַפנבאַזיצער אַפ דאָרעם, — די געדיכטע קוסטעס און װילד־געװיקסן בילדן דאָ אַ לעבעדיקע, קימאַט ניט דורכדרינגלעכע פאַרצױמונג... דערצו דאַרף מען נאָך צוגעבן די שלענג, די זומפּ־מאָסקיטן, די אַליגאַטאָרן. אָט די לעצטע... פאַרשאַפן פיל קלאָפּאָט".

צװײ שטראָמען קאָלאָניסטן האָבן זיך געלאָזט אַפ דאָרעם — די רײַכע פּלאַנטאַטאָרן מיט זײערע שקלאַפן און די אָרעמשאַפט, װאָס האָט געטרױמט צו קריגן אַ שטיקל ערד און אײַנפירן אַן אײגענע װירטשאַפט. אָט װי עס װערט באַשריבן אײנע אַזאַ איבערװאַנדערונג פון דער אָרעמשאַפט אַפ דאָרעם: „דער מאַנצבל האָט אַריבערגעװאָרפן דעם רימען איבער דער פּלײצע און געשלעפּט די פור פאַר די האָלאָבליעס, דער זון האָט דעם פאָטער צוגעהאָלפן. דאָס װײַב איז געזעסן אַפ דער פור, און אַן אַלטיטשקע פרױ איז נאָכגעגאַנגען, געטראָגן אַ ביקס און געפירט נאָך זיך די קו".

די אָרעמשאַפט, װאָס האָט ניט געהאַט קײן געלט אַפ צו קױפן ערד, פלעגט פּאַשעט אַלײן פאַרכאַפּן ערד־באַצירקן. אַפ דאָרעם זײַנען אױפגעקומען גאַנצע יִשוּװים פון סקוואַטערס, דה. ערד־פאַרכאַפּער. די סקוואַטערס פלעגן זיך פאַראײניקן אין גרופּעס און מיט געװער אין די הענט פאַרטײדיקן די ערד, װאָס זײ האָבן פאַרכאַפּט בײַ דער מעלוכע.

אַפ דאָרעם פלעגן די ערד פאַרכאַפּן באַװאָפנטע באַנדעס פּלאַנטאַטאָרן, װאָס האָבן ניט דערלױבט די פּערמערס אײַנצושאַפן זיך ערד־באַצירקן.

די אַנטדעקונג פון גאָלד אין קאַליפאָרניע (1848) און דער װוּקס פון די פרײַזן אַפ ברױט אין צוזאַמענהאַנג מיט דער קרימער מילכאָמע (1853—1856 יי.) האָט מיטגעװירקט דערצו, עס זאָל זיך פאַרשטאַרקן די קאָלאָניזירונג פונעם מײַרעװ. אױב, אַשטײגער, אין 1850 י. האָט מען פאַרקױפט אַפ מײַרעװ 1,4 מיליאָן אַקר (אײן אַקר — 0,39 העקטאַר) ערד, האָט מען שױן אין 1855 י. פאַרקױפט 15 מיליאָן אַקר. כון די 50־ער יאָרן אָן פלעגן יערלעך עמיגרירן פון אײראָפּע קײן אַמעריקע העכער 400 טױזנט מענטשן.

צו דער מיט XIX יה. זײַנען נאָר אין סאַמע צענטער לאַנד געבליבן באַזעצט בלױז מיט אינדיאַנער די קאָלאָסאַלע געגנטן — קאַנזאַס און נעבראַסקאַ. אין 1854 י. האָט דער קאָנגרעס דערלױבט צו באַזעצן אױך די דאָזיקע געגנטן מיט אַמעריקאַנער בירגער.

באַלד נאָכדעם האָבן טױזנטער סקוואַטערס (ערד־פאַרכאַפּער) פאַרנומען די גאַנצע טעריטאָריע פון קאַנזאַס.

אין אַ קאָרעספּאָנדענץ, װאָס איז געװען געדרוקט אין דער צײַטונג „ניו־יאָרק טריבון" האָט מען אַזױ געשריבן: „דער דראַנג פון קאָלאָניסטן קײן קאַליפאָרניע איז גאָרניש אין פאַרגלײַך מיטן דראַנג פון איבערװאַנדערער, װאָס האָבן אַ שטראָם געטאָן קײן קאַנזאַס".

די פּלאַנטאַטאָרן האָבן געװאָלט מאַכן קאַנזאַס פאַר אַ שקלאַפנבאַזיצערישן שטאַט. אָבער די אַרבעטער, די פּערמער און די בורזשואַזיע האָבן געפאָדערט, מע זאָל דאָ פאַרבאָטן שקלאַפערײַ. נאָך דעם, װי ס'איז אַרױס דער געזעץ, װאָס דערלױבט צו באַזעצן קאַנזאַס, האָט זיך דאָרט אָנגעהױבן אַ באַװאָפנטער קאַמף צװישן די שקלאַפנבאַזיצער און די פּערמערס — די „אָנהענגער פון אַ פרײַען שטאַט". עס האָבן זיך געשאַפן צװײ אָרטיקע רעגירונגען, צװײ געזעצגעבערישע פאַרזאַמלונגען, װאָס האָבן פאָרגעשטעלט אָט די צװײ ריכטונגען. קײן קאַנזאַס האָבן זיך אַ לאָז געטאָן באַװאָפנטע באַנדעס שקלאַפנבאַזיצער פונעם שכײנעסדיקן שקלאַפנבאַזיצערישן שטאַט מיסורי, װי אױך פון די אַלע שקלאַפנבאַזיצערישע שטאַטן פונעם „אַלטן דאָרעם". גלײַכצײַטיק איז אַפ צאָפן געגאַנגען אַ מאָבילזאַציע צװישן די קעגנער פון שקלאַפערײַ — די אַבאָליציאָניסטן.

130 פון גרינוויטש 120 110 100 90 80 70

ק א נ א ד ע

ש ט י ל ע ר א ק ע א ן

טעריטאָריע, ביזנט 1846 שטרייטבאַרע צווישן פשא און ענגלאַנד אין 1846 אָפּ צו פשא

געקויפט בא פראַנקרייך אין 1803 (געוו. לואיזיאַנא)

געקויפט בא מעקסיקע אין 1848

סאַן־פראַנציסקאָ

מיסורי

נעבראַסקא

קאַנזאַס

מיסיסיפי

קענטוקי

אַנעקסירט אין 1845

ט ע כ א ס

1853

ניו־יאָרק

פילאַדעלפיע

האַרפּערס פערי

טשיקאַגאָ

וואַשינגטאָן

ווירגיניע

דזשאָרדזשיע

ניי־אָרלעאַן

געקויפט בא שפּאַניע אין 1819 פלאָרידע

מעקסיקאַנישער איינגוס

אַטלאַנטישער אָקעאַן

מ ע ק ס י ק ע

40 30

די פאַרייניקטע שטאַטן אין 1783

געקויפט בא מעקסיקע אין 1853 יאָר

1 מערילענד 3 ד. קאַראָלינע

2 אָהייאָ 4 מיסיסיפי

300 0 300 קמ.

100 90

דער טעריטאָריעלער וווּקס פון די פאַרייניקטע שטאַטן פון אַמעריקע פונעם אָנהייב XIX יה. ביז דעם בירגערקריג פון 1861—1865 יי.



דזשאָן בראַון.

אזוי, לעמאָשל, האָט דער גובערנאַטאָר פֿונעם שטאַט פּענסילוואַניע, דער אַבאָליציאָניסט טשייז פֿאָרגעלייגט, מע זאָל אָרגאַניזירן אַפֿ די קאָסטן פֿונעם שטאַט 5 פּאָלקן און מע זאָל זיי אַוועקשיקן אַפֿ אַ האַלב יאָר צײַט אין קאַנזאַס צו קעמפֿן קעגן די שקלאַפֿנבאַזיצער. אַפֿן צאַד פֿון די שקלאַפֿנבאַזיצער פֿון קאַנזאַס האָט זיך דאַן געשטעלט די צענטראַלע רעגירונג, וועלכע איז געווען אין די הענט בא די פּלאַנטאַטאָרן די שקלאַפֿנבאַזיצער. דער פּרעזידענט פּירס, אַליין אַ גרויסער שקלאַפֿנבאַזיצער, האָט פֿאַרבאָטן צו שיקן געווער און אָטריאַדן קיין קאַנזאַס און האָט אַהין געשיקט רעגולער מיליטער מיט אַרטילעריע. אין איינער אַ צײַטונגס-קאָרעספּאָנדענץ איז די זאַך באַשריבן געוואָרן אַזוי: „אין קאַנזאַס פֿלעגן אומבאַקאַנטע מענטשן צוגיין נאָענט איינער צום צווייטן בלויז מיט פּיסטוילן אין די הענט: גריסן זיך פֿלעגט מען מיט איין סטאַנדאַרטער פֿראַגע: „פֿאַר אַ פֿרײַען שטאַט צי פֿאַר שקלאַפֿערײַ?", און אָפֿט פֿלעגט נאָכן ענטפֿער קומען אַ שאָס".

נאָך אַ לאַנגדויערנדיקער און פֿאַרביטערטער פּאַרטיזאַנישער מילכאָמע זײַנען די פֿערמער פֿון קאַנזאַס געצוווּנגען געווען זיך אונטערגעבן די שקלאַפֿנבאַזיצער, ווען די צענטראַלע רעגירונג האָט מיט איר פּולער מאַכט געשטיצט.

דזשאָן בראַונס אופשטאַנד.

אין 1859 י. האָט זיך דער באַוואָפֿנטער קאַמף אַריבערגעטראָגן קיין ווירגיניע. דאָ האָט דער פֿערמער דזשאָן בראַון געפּרוּווט אופֿהייבן אַן אופשטאַנד פֿון די שקלאַפֿן. בראַון האָט פֿאָרגעלייגט צו פֿאַרפֿעסטיקן זיך אין די אַלעגאַנער בערג און פֿונדאַנען פֿאַרשפּרייטן דעם אופשטאַנד פֿון די נעגערס.

אין אַ רעגנדיקן, פֿינצטערן אָוונט איז בראַונען געלונגען צו פֿאַרכאַפּן דעם רעגירונגס-אַרסענאַל אין דעם שטעטל האַרפּערס-פֿערי (אַפֿ דער גרענעץ צווישן די שטאַטן ווירגיניע און מערילענד). בראַונס גאַנצער אָטריאַד איז באַשטאַנען פֿון 23 מאַן, אײַנגעשלאָסן אים אַליין, זײַנע 3 זין (2 זין האָט ער פֿאַרלאָרן בײַסן פּאַרטיזאַנישן קריג אין קאַנזאַס) און צוויי איידעמס. אין אָטריאַד זײַנען געווען 5 נעגערס. בראַון האָט באַלד געשיקט די מענטשן פֿון זײַן אָטריאַד, זיי זאָלן באַפֿרײַען די שקלאַפֿן פֿון די שכײנעסדיקע פּלאַנטאַציעס און פֿאַרכאַפּן די שקלאַפֿנבאַזיצערס אַלס אָרוועסניקעס.

אופֿהייבן אַן אַלגעמיינעם אופשטאַנד איז אָבער בראַונען ניט געלונגען. אַפֿ מאָרגן צו אָוונט-צו איז פֿון דער הויפּטשטאָט (וואַשינגטאָן) אָנגעקומען מיליטער, און בראַונס אָטריאַד איז קימאַט אינגאַנצן אויסגעהאַרגעט געוואָרן. בראַונען אַליין, אַ שווער פֿאַרוווּנדעטן, האָט מען אַרעסטירט, אַפֿ אַ טראָג-בעטל האָט מען אים געבראַכט אין געריכט. דער אַמעריקאַנישער „דעמאָקראַטישער" געריכט האָט אים פֿאַרמישפּעט צום הענגען.

„איך, דזשאָן בראַון, בין איצט פֿולקום זיכער, אַז נאָר בלוט וועט אָפּוואַשן

דעם גרויסן פאַרברעכן פונעם דאָזיקן זינדיקן לאַנד", — אַזוי האָט געשריבן וועגן דער שקלאַפֿערײַ דער מוטיקער בראַון ערעוו דער קעפּונג.

בראַונס בײַשפּיל האָט אַרויסגערופֿן אַ רײ שקלאַפֿן-אופֿשטאַנדן אין אַנדערע קאַנטן. מיקויעך די דאָזיקע אופֿשטאַנדן האָט מאַרקס געשריבן: „די גרעסטע געשעענישן אין דער וועלט הײַנט צו טאָג זײַנען, לויט מײַן מיינונג, פֿון איין זײַט, די אַמעריקאַנישע שקלאַפֿן-באַוועגונג, וואָס האָט זיך אָנגעהויבן נאָך [דזשאָן] בראַונס טויט, און פֿון דער צווייטער זײַט — די שקלאַפֿן-באַוועגונג אין רוסלאַנד" [1].

**די אויסבילדונג פֿון דער רעפּובליקאַנישער פּאַרטיי.**

מאַרקס האָט אָנגעוויזן, אַז דער „געשלעג" אין קאַנזאַס איז געווען דער אָנהייב פֿונעם בירגערקריג אין די פֿאַראייניקטע שטאַטן. צו יענער צײַט, ווען אין קאַנזאַס איז פֿאָרגעקומען דער קאַמף, אין 1854 י., האָט זיך אויסגעבילדעט אַ נײַע רעפּובליקאַנישע פּאַרטיי. דאָס איז געווען די פּאַרטיי פֿונעם בלאָק (בונד) צווישן דער אינדוסטריעלער בורזשואַזיע און דעם פֿערמערטום. צו דער דאָזיקער פּאַרטיי זײַנען צוגעשטאַנען אויך די אַרבעטער.

די אָנפֿירנדיקע לאַגע אין דער דאָזיקער פּאַרטיי האָט פֿאַרנומען די בורזשואַזיע. די פּראָגרעסיטיטענע קרײַזן פֿון דער בורזשואַזיע זײַנען געווען קעגן שקלאַפֿערײַ, ווײַל דער שקלאַפֿנבאַזיצערישער דאָרעם האָט קימאַט ניט געברויכט קיין אינדוסטריעלע סכוירעס; און וואָלט מען ווײַטער האָבן אײַנגעהיט שקלאַפֿערײַ, וואָלט דאָס געדראָעט דעם לאַנד, עס זאָל אָפּשטיין אין פֿאַרגלײַך מיט אַנדערע קאַפּיטאַליסטישע לענדער. צווישן דער בורזשואַזיע זײַנען אָבער געווען אויך אַזעלכע שיכטן, ווי, לעמאָשל, די טעקסטיל-פֿאַבריקאַנטן פֿונעם צאָפֿן, וואָס האָבן מוירע געהאַט אײַנצוריײַסן מיטן דאָרעם. דאָס וואָלט געבראַכט דערצו, אַז די פֿאַבריקן זאָלן בלײַבן שטיין, ווײַל עס וואָלט זיך אָפּגעשטעלט דער צופֿיר פֿון דאָרעמדיקן בוימוואָל. כוץ דעם, זײַנען די פּלאַנטאַטאָרן די שקלאַפֿנבאַזיצער שולדיק געווען פֿיל געלט די האַנדלס-אינדוסטריעלע פֿירמעס פֿונעם צאָפֿן, און אין פֿאַל פֿון אַ מילכאָמע האָט די בורזשואַזיע פֿונעם צאָפֿן מוירע געהאַט, אַז זי וועט אָנווערן דאָס דאָזיקע געלט.

די רעפּובליקאַנישע פּאַרטיי האָט געפֿאָדערט, מע זאָל געבן די פֿערמערס די מעגלעכקײַט צו באַזעצן זיך אָן געצאָלטס אַף דער ערד איבערן גאַנצן דאָרעם. זי האָט אויך געפֿאָדערט, מע זאָל באַגרענעצן און דערנאָך אָפּשאַפֿן שקלאַפֿערײַ. אין 1855 י. האָט די רעפּובליקאַנישע פּאַרטיי באַקומען אַ מערהײַט אין דער פֿאָרשטייער-פּאַלאַטע. אַן אָנגעזעענער טוער פֿון דער דאָזיקער פּאַרטיי איז געווען אַווראַם לינקאָלן.

**אַווראַם לינקאָלן.**

אַווראַם לינקאָלן (1809—1865) איז געבוירן געוואָרן אין אַן אָרעמער פֿערמער-מישפּאָכע, וואָס האָט איבערגעוואַנדערט קיין קענטוקי. זײַן פֿאָטער האָט אַפֿילע ניט געקענט לייענען.

דער רײַכער שכן זייערער, אַ פּלאַנטאַטאָר אַ שקלאַפֿנבאַזיצער, האָט ניט ליב געקראָגן די מישפּאָכע לינקאָלן דערפֿאַר, ווײַל זי האָט זיך געפֿרײַנדעט מיט נעגערס, און ער האָט זי אָנגעהויבן פֿאַרפֿאָלגן. לינקאָלנס פֿאָטער האָט געמוזט פֿאַרקויפֿן די פֿערמע און זיך אַוועקלאָזן אַף מײַרעוו, אין נײַע קאַנטן. דער יונגער אַווראַם

---

1 מאַרקס און ענגעלס, ווערק, ב. XXII, ז. 474.



אווראַם לינקאָלנ.

איז געווענ א שטענדיקער געהילפ באַם פאָטער, אנ אויסגעצייכנטער ארבעטער אונ דערצו נאָכ האָט ער געשעמט אלס א באָכער א גוואר. אינעם גאנצנ קרייַז איז ניט געווענ קיינ איינ מענטש, וואָס זאָל קענענ ארייַנזעצנ די האק אינ בוים אזוי טיפ, ווי אווראַם.

אינ דער יוגנט האָט לינקאָלנ איבערגעביטנ פיל פראָפעסיעס. ער האָט געארבעט אלס פריקאשטשיק אינ א קלייט אונ אלס פליטנ-טרייַבער אפנ טייַכ מיסיסיפי.

לינקאָלנ האָט געהאט גרויס אווטאָריטעט אינ קרייַז, מע האָט אימ אויסגעוויילט אלס פאָסטמייסטער. זייַנ נייַעמ אמט האָט ער אויסגענוצט אפ צוגרייטנ זיכ צומ אָפגעבנ עקזאמענ אפ אדוואָקאט. אינ 1848 י. האָט מענ אימ אויסגעוויילט אלס קאָנגרעס-מיטגליד. אינ 1856 י. האָט דאָס גאנצע לאנד אויפמערקזאמ נאָכגעפאָלגט נאָכ לינקאָלנס גלענצנדיקע רעדעס קעגנ דוגלאסנ, דעמ אָנהענגער פונ שקלאפערייַ.

דער בונט פונעמ שקלאפנבאזיצערישנ דאָרעמ.

אינ 1860 י. איז די רעפובליקאנישע פארטיי ארויסגעטראָטנ צו די פרעזידענט-וואלנ. דער קאנדידאט פונ דער רעפובליקאנישער פארטיי לינקאָלנ איז אויסגעוויילט געוואָרנ פאר פרעזידענט. אינ דער פאָרשטייער-פאלאטע האָבנ די רעפובליקאנער געקראָגנ א מערהייַט נאָכ אינ 1855 י., בייס דעמ קאמפ אינ קאנזאס. אצינד האָט די מערהייַט אינ קאָנגרעס געהערט ניט די שקלאפנבאזיצער, נאָר דער בורזשואזיע. אלס ענטפער דערופ, וואָס לינקאָלנ איז אויסגעוויילט געוואָרנ אלס פרעזידענט, האָבנ די שקלאפנבאזיצער פונעמ דאָרעמ געמאכט אנ אופשטאנד.

דעמ 20 דעקאבער 1860 י. האָט דער שטאט דאָרעמדיקע קאראָלינא געמאָלדנ, אז ער טיילט זיכ אָפ פונעמ פארבאנד; צומ 4 פעווראל 1861 י. זייַנענ פונעמ פארבאנד ארויסגעטראָטנ נאָכ פינפ דאָרעמדיקע שקלאפנבאזיצערישע שטאטנ. אינ דעמ טאָג האָבנ די שקלאפנבאזיצער זיכ פארזאמלט אפ א קאָנגרעס אינ מאָנטגאָמערי, האָבנ געשאפנ זייער רעגירונג אונ אויסגעוויילט אלס פרעזידענט דעמ גרויסנ פלאנטאטאָר פונ שטאט מיסיסיפי, דעמ פאָלקאָווניק דעוויס.

„דער פונדאמענט פונ אונדזער נייַער רעגירונג, — האָט דערקלערט דער וויצע-פרעזידענט פונ דער קאָנפעדעראציע (אזוי האָט מענ גערופנ דעמ פארבאנד פונ די שטאטנ, וואָס האָבנ זיכ אָפגעטיילט) אפנ קאָנגרעס פונ די בונטאָווטשיקעס, וואָס האָט זיכ געעפנט אינ פעווראל 1861 י., — איז די גרויסע איבערצייַגונג דערינ, אז דער נעגער איז ניט קיינ גלייַכנ צומ ווייַסנ מענטשנ, אז שקלאפערייַ



2876—15

די טעריטאָריע פונעם פאַרבאַנד און פון דער קאָנפעדעראַציע צום אָנהייב מילכאָמע.

די טעריטאָריע פונעם פאַרבאַנד און פון דער קאָנפעדעראַציע אין 1863 י.

און אונטערטעניקייט פון די נעגערס צו דער העכערער ראסע איז פאר די נע-
גערס א געזעלשאפטלעכע און א נאָרמאלע לאגע".

איצט זיינען אין צאָפן-אמעריקע געווען צוויי פרעזידענטן, צוויי „ווייסע הייז-
זער", צוויי קאָנגרעסן און צוויי ארמייען, ווייל דער קאָנגרעס פון די דאָרעמ-
שטאטן האָט אלס איינס פון זיינע ערשטע מאָסמיטלען באשלאָסן צו שאפן אן
ארמיי פון 100 טויזנט מאן. עס האָט זיך אָנגעהויבן א מילכאָמע.

אין די צאָפן-שטאטן איז געווען אן אנטוויקלטע אינדוסטריע, א געדיכטע
נעץ אייזנבאן-וועגן, דאָרט האָבן געלעבט 22 מיליאָן באפעלקערונג. אפן דאָרעם
איז געווען א באפעלקערונג פון 9 מיליאָן, דערונטער — $3^1/_2$ מיליאָן שקלאפן.
די אינדוסטריע איז דאָ געווען אויסערסט שוואך. די דאָרעמדיקע שקלאפנבאזיצער
האָבן פארשטאנען, אז אויב דער קאמפ וועט זיין א דויערנדיקער, וועלן זיי ניט
קאָנען באזיגן די צאָפנדיקע שטאטן. זיי האָבן אינגאנצן אויסגעשטעלט דערויף,
זיי זאָלן דורך א קורצן קלאפ פארכאפן די הויפטשטאָט פון צאָפן — וואשינגטאָן
און זיך דערשלאָגן שטיצע פון די אויסלענדישע אינטערווענטן — ענגלאנד און
פראנקרייך. ענגלאנד און פראנקרייך וואָלטן גערן געווען צעגראָמירן זייער קאָנ-
קורענט — די אינדוסטריעלע שטאטן פונעם צאָפן און פארוואנדלען אמעריקע אין
זייער א קאָלאָניע. די ענגלישע רעגירונג איז גרייט געווען אָנצוהייבן אן אינ-
טערווענציע (זי האָט שוין אפילע געהאט געשיקט מיליטער קיין קאנאדע, וואָס
ליגט בישכיינעס מיט די פאראייניקטע שטאטן). נאָר די ענגלישע ארבעטער האָבן
(לויט מארקס' איניציאטיוו) אָרגאניזירט א ריי פראָטעסט-מיטינגען און האָבן אראָפּ-




די טעריטאָריע פונעם פארבאנד און פון דער קאָנפעדעראציע אין 1865 י.



גענעראל שערמאנ.

געריסנ די אינטערווענציע. פראנקרײַכ, וואָס איז געבליבנ אלײנ, האָט בא זיכ ניט געקענט פויעלנ ארויסצוטרעטנ.

די דאָרעמ-שטאטנ האָבנ צוויי מאָל שיר ניט פארכאפּט די הויפּטשטאָט, נאָר די צאָפנ-שטאטנ איז געלונגענ אָפּצושלאָגנ דעמ אָנגריפ. זיי האָבנ אָנגענומענ א פלאנ, ווי ארומצורינגלענ די דאָרעמ-שטאטנ. מארקס און ענגעלס האָבנ אָנגעוויזנ אינ זייערע ארטיקלענ, אז דער דאָזיקער פלאנ איז ניט קײנ געלונגענער, אז קעדײַ צו זיגנ דארפ מענ זיכ ארײַנרײַסנ אינ טיפנ הינטערלאנד פונעמ קעגנער און איבערשנײַדנ אלע אײַזנבאנ-מאגיסטראלנ אינעמ שטאט געאָרגיע. מארקס און ענגעלס האָבנ געהאלטנ, אז קעדײַ צו זיגנ דארפנ די צאָפנ-שטאטנ אריבערגײנ צו רעוואָליוציאָנערע מאָסמיטלענ און פריִער פונ אלצ פארניכטנ די שקלאפערײַ. דער גאנג פונ דער מילכאָמע האָט געצווונגענ די צאָפנ-שטאטנ צו אָננעמענ דעמ פלאנ, וואָס מארקס און ענגעלס האָבנ ארויסגערוקט פונ סאמע אָנהייב.

דער צאָפנ האָט געזיגט אינעמ בירגערקריג אדאנק דעמ רעוואָליוציאָנערנ, פאָלקישנ כאראקטער, וועלכנ עס האָט אָנגענומענ דער בירגערקריג פונעמ צאָפנ קעגנ דעמ דאָרעמ.

דאָס אריבערגײנ צומ פירנ די מילכאָמע אפ א רעוואָליוציאָנערנ אויפנ.

אנ איבערבראָכ אינ דער מילכאָמע איז פאָרגעקומענ דאנ, ווענ די רעגירונג פונעמ צאָפנ איז אריבערגעגאנגענ צו רעוואָליוציאָנערע מאָסמיטלענ. אונטערנ דרוק פונ די מאסנ האָט דער פּרעזידענט אווראמ לינקאָלנ ארויסגעגעבנ א געזעצ וועגנ די האָמסטעדנ, דה. וועגנ צעגעבנ אָנ געצאָלטס ערד-כאלאָקימ פונעמ קאָלאָסאלנ ערד-פאָנד, וואָס איז נאָכ ניט געווענ פארנומענ אפ מײַרעוו, אלעמענ, וואָס ווילנ זי באארבעטנ[1]. שקלאפערײַ האָט מענ אָפּגעשאפנ. 186 טויזנט נעגערס, נעכטיקע שקלאפנ, האָבנ זיכ ארײַנגעגאָסנ אינ דער ארמיי און פלאָט. קעגנ די קאָנטררעוואָליוציאָנערנ האָט מענ אָנגענומענ אנטשײדענע מיטלענ. די ארמיי האָט מענ אָנגעהויבנ אָפּצורײניקנ פונ קאָנטררעוואָליוציאָנערע און צווייפלהאפטע עלעמענטנ. די ארבעטער האָבנ אָרגאניזירט באזונדערע פאָלקנ און ראָטעס פונ אינדוסטריעלע ארבעטער (דרוקער, בוי-ארבעטער). באזונדערע פאָלקנ האָבנ אָרגאניזירט (לויט די נאציאָנאליטעטנ) די ארבעטער די עמיגראנטנ. די ארבעטער-פאָלקנ האָבנ אלײנ אויסגעוויילט קאָמאנדירנ, צווישנ

---

1 האָמסטעד — אנ ערד-כײלעק, וואָס יעדער בירגער פונ פשא, וועלכער האָט זיכ ניט באטייליקט אינעמ בונט קעגנ דעמ פארבאנד, האָט פונ 1862 י. געקאָנט באקומענ. קעדײַ צו קריגנ א האָמסטעד האָט מענ געדארפט באצאָלנ 10 דאָלער פאר רעגיסטרירנ דעמ אקט. אינ 5 יאָר ארומ איז דער האָמסטעד געוואָרנ דאָס פולשטענדיקע אײגנטומ פונעמ באזיצער.

וועלכע עס זײַנען געווען ניט ווייניק סאָציאַליסטן. צווישן די קאָמאַנדירן איז, לעמאָשל, געווען דער דײַטשישער קאָמוניסט ווײדעמײַער, מארקס׳ א פרײַנט. דעם גענעראַל גראַנטס און באַזונדערס גענעראַל שערמאַנס ארבעטער-פּאָלקן זײַנען גע-ווען די בעסטע פּאָלקן און האָבן אָפּגעהאַלטן פֿאַרשיידענע זיגן אויף די פראָנטן. דאָס מיליטער פֿון די צפֿון-שטאַטן האָט זיך אָנגעהויבן שלאָגן מיט ענטוזיאַזם און האָט געזיגט. דערצו האָט זיך אין גאַנג פֿון דער מילכאָמע געלאָזט פֿילן דער קאָלאָסאַלער אינדוסטריעלער איבערגעוויכט פֿון די צפֿון-שטאַטן. אין 1864 י. האָט דער גענעראַל שערמאַן, פאַרניכטנדיק אַלץ אויף זײַן וועג, זיך אַרײַנגע-ריסן אין הינטערלאַנד פֿונעם קעגנער, פאַרנומען דעם שטאַט געאָרגיע און פאַר-כאַפּט די אײַזנבאַן-מאַגיסטראַלן.

שערמאַנס סאָלדאַטן האָבן מאַרשירט מיט דער ליד „דזשאָן בראַונס גײַסט פירט אונדז פאָרויס". די אַרמיי האָט זיך באַוועגט אין פֿיר פּאַראַלעלע קאָלאָנעס איבער פֿיר וועגן, פאַרניכטנדיק אַלץ אויף איר וועג. זי האָט אויסגעהאַקט די טע-לעגראַף-סלופּן, רויִנירט די אײַזנבאַנען, פאַרברענט די בריקן. אומעטום האָט שער-מאַן אומראַכמאָנעסדיק זיך צערעכנט מיט די פּלאַנטאַטאָרס און מיט דער באַפּעל-קערונג, וואָס האָט זיי געשטיצט, און האָט באַפרײַט די שקלאַפֿן. דערבײַ איז אין שערמאַנס מיליטער געווען די שטרענגסטע דיסציפּלין. „איך האָב קיינמאָל ניט געהערט וועגן קיין אײן פֿאַל פֿון מאָרד אָדער רויב" — האָט שערמאַן דערקלערט.

אָנגעהויבן דעם מאַרש דעם 16 נאָיאַבער, האָט שערמאַן דעם 21 דעקאַבער טעלעגראַפירט פֿון סאַוואַנאַ לינקאָלנען, אַז ער שפּאַרט שוין אָן באַם אָקעאַן; צו



גענעראַל לי גיט זיך אונטער גראַנטן לעבן אַפּאָמאַטאָקס.

מאַרט 1865 י. האָט שערמאַן פאַרנומען קימאַט גאַנץ דאָרעם־קאַראָלינאַ און זיך געלאָזט אַפּ צאָפּן.

דער זיג פון די צאָפּן־שטאַטן (פרילינג 1865 י.).

בייס שערמאַנס האָט זיך אַריינגעריסן אין טיפן הינטערלאַנד פונעם קעגנער, האָט גראַנט באַלאַגערט די הויפּט־שטאָט פון דער קאָנפעדעראַציע — ריטשמאָנד. דעם 3 אַפּרעל 1865 י. האָט מען ריטשמאָנד איינגענומען, און אין 6 טעג אַרום האָט לעבן אַפּאָמאַטאָקס דער הויפּט־קאָמאַנדיר פון די דאָרעם-שטאַטן גענעראַל לי מיט אַן אַרמיי פון 28 טויזנט מאַן זיך אונטערגעגעבן דעם גענעראַל גראַנט. גראַנט האָט זיך באַצויגן צו לי אויסערסט גרויסמוטיק, ער האָט אים אַי־בערגעלאָזט דאָס געווער און האָט דערלויבט ליס סאָלדאַטן צונעמען זיך די פערד און האָט זיי אַפילע געגעבן פּראָוויאַנט אין וועג אַפּ 5 טעג.

דאָס דערמאָרדן לינקאָלנען (14 אַפּרעל 1865 י.).

איבערן גאַנצן צאָפן האָבן זיך אָנגעהויבן גרויסע פייערונגען לעקאָוועד דעם זיג. מע האָט פאַרגעסן וועגן יעטווידער פּאָזיציטיקייט בענעגייע דעם באַזיגטן סוינע. דעם 14 אַפּרעל, אין 5 טעג אַרום נאָך דעם, ווי לי האָט זיך אונטערגעגעבן, און פונקט אין 4 יאָר אַרום נאָך דעם, ווי ס'האָט זיך אָנגעהויבן דער בירגערקריג, האָט מען בייס אַ פייערלעכער פאָרשטעלונג אין וואַ־שינגטאָן דערמאָרדעט לינקאָלנען אין זיין לאָזשע.

דערהאַרגעט האָט אים דער אַקטיאָר בוס, וועלכן עס האָבן אונטערגעקויפט די שקלאַפנבאַזיצער פון די דאָרעם-שטאַטן און די גרויס־בורזשואַזיע פון די צאָפן-שטאַטן. דעם זעלבן אָוונט האָבן די מערדער שווער פאַרוווּנדעט לינ־קאָלנס נאָענסטן געהילף — סיואַרדן, וואָס איז געלעגן אַ קראַנקער אין דער היים.

נאָך לינקאָלנס טויט האָט זיך אָנגעהויבן אַ קאַמף פאַר דער מאַכט. געזיגט האָט די גרויס-בורזשואַזיע, זי האָט איינגעשטעלט איר דיקטאַטור.

די באַדייטונג פונעם בירגערקריג אין צאָפּן־אַמעריקע.

נאָכן זיג פון די צאָפן-שטאַטן אינעם בירגערקריג האָט מען צום אַלעמערשטן אופגעשטעלט דעם פאַרבאַנד; אין דעם פאַרבאַנד האָבן שוין אָבער נישט די פּלאַנטאַטאָרן די שקלאַפנבאַזיצער געהאַט דעם פּאָליטישן איבערגע־וויכט, נאָר די גרויס-בורזשואַזיע פון די צאָפן- און מייַרעוו-שטאַטן.

די נעגערס פון די דאָרעם־שטאַטן האָט דער בירגערקריג ניט געבראַכט קיין ווירקלעכע באַפרייַונג. באַפרייַט פון שקלאַפערייַ, נאָר ניט באַקומען קיין ערד, זיינען די נעגערס געצוווּנגען געווען צו אַרבעטן בא זייערע געוועזענע באַלעבאַ־טים אַפּ די פעלדער אַלס באַטראַקעס אָדער אַרענדאַטאָרס. די פריערדיקע קנעכט־שאַפט איז פאַרביטן געוואָרן אַפּ אַ נייַער, אַ קאַפּיטאַליסטישער קנעכטשאַפט פּליוס די רעשטלעך פון דער פריערדיקער שקלאַפערייַ. די פריערדיקע פּלאַנטאַ־ציע-סיסטעם פון שקלאַפערייַ איז שוין אָבער געווען פאַרניכטעט.

דער זיג פון די צאָפן-שטאַטן האָט געהאַט אַ באַדייטונג אויך פאַר דער אַרבעטער־באַוועגונג. אין גאַנג פונעם בירגערקריג האָבן זיך שנעל גענומען שאַפן פּראָפעסיאָנעלע אָרגאַניזאַציעס; ווען די מילכאָמע האָט זיך פאַרענדיקט, האָבן די אַרבעטער אין באַזונדערע שטאַטן אויסגעקעמפט פאַר זיך די ערשטע געזעצן וועגן אַן 8־שאָעדיקן אַרבעטס־טאָג. אין 1866 י. איז אָרגאַניזירט געוואָרן דער „נאַציאָ־



אַ שווערער הארמאַט פונ די צאָפנ־שטאַטנ.

באלער ארבעטער-פארבאנד" בעראָש מיט וו. סילוויסנ, וואָס האָט קאָרעספּאָנדירט מיט מארקסנ.

די פערמערס האָט דער בירגערקריג געגעבנ דעמ געזעצ וועגנ די האָמסטעדנ. די געפאר, אז די שקלאפנבאזיצער זאָלנ פארכאפּנ די ערד אינ די מײַרעוו־שטאטנ איז געוואָרנ אויס געפאר. גלײַכצײַטיק פארשטארקט זיכ אָבער נאָכנ בירגערקריג די דיפערענצירונג פונעמ פערמערטומ; פונ איינ זײַט, טיילט זיכ אויס א באלע-גופנטומ, אונ פונ דער צווייטער זײַט ווערט רויִנירט די גרונט־מאסע פערמערס אונ עס פארגרעסערט זיכ די צאָל באטראקעס. די גרונט-מאסע פערמערס האָט גע-האט אויסצושטיינ די שרעקלעכסטע אומגליקנ פונ דער קאפּיטאליסטישער עקס־פּלואטאציע.

נאָכ דעמ, ווי דער בירגערקריג האָט זיכ פארענדיקט, די שקלאפערײַ איז פארניכטעט געוואָרנ אונ די ערד אפ מײַרעוו האָט מענ גענומענ פאנאנדערטיילנ אָנ געצאָלטס, נעמט דער קאפּיטאליזמ אינ די פאראייניקטע שטאטנ זיכ אנטוויקלענ שנעלער, איידער אינ א וועלכנ-ניט-איז אנדער לאנד. אינ 30—40 יאָר ארומ נאָכ דעמ, ווי ס'האָט זיכ פארענדיקט דער בירגערקריג, האָבנ די פאראייניקטע שטאטנ אריבערגעיאָגט ענגלאנד אונ זײַנענ געוואָרנ דאָס ערשטע אינדוסטריִעלע לאנד אינ דער וועלט.

**דער בירגערקריג אין פשא און די רעוואָליוציאָנערע דעמאָקראטן אין רוסלאנד.**

די פאָרגעשריטענע דעמאָקראטנ פונ די 60-ער יאָרנ אינ רוסלאנד האָבנ אופמערקזאמ נאָכגעשפּירט נאָכ דעמ, ווי עס איז געגאנגענ דער בירגערקריג אינ די פאראייניקטע שטאטנ, נאָכ דעמ, ווי עס איז געגאנגענ די באפרײַונג פונ די נעגערס פונ שקלאפערײַ. אינעמ זשורנאל „סאָוור־רעמעניק", אינ וועלכנ עס האָט מיטגעארבעט טשערנישעווסקי, אונ אינ אנדערע זשורנאלנ זײַנענ געווענ געדרוקט פיל ארטיקלענ וועגנ אמעריקע, דערבײַ האָט מענ קלומערשט בלויז באהאנדלט די פראגנ וועגנ דעמ בירגערקריג אינ אמעריקע, אָבער אינ א פארשטעלטער פאָרמ האָט מענ גערופנ אינ די דאָזיקע ארטיקלענ צו א רעוואָליוציע אינ רוסלאנד.

אָט איז, לעמאָשל, איינע א ליד פונעמ אמעריקאנישנ דיכטער לאָנגפעלאָ, פונעמ ציקל „לידער וועגנ די נעגערס", וואָס איז געווענ אָפּגעדרוקט (אינ אנ איבערזעצונג) אינ „סאָוורעמעניק" פארנ 1861 י.:

א שימשנ[1], א פארשקלאפטער אונ א בלינדער,
איז דאָ בא אונדז אינ לאנד. זײַנ קייט איז שווער,
אונ ער איז שוואכ, נאָר שלעכט וועט זײַנ, אויב ער
וועט אופהייבנ אינ ווילדנ צאאר אצינדער,
פארשילטנדיק די קנעכטשאפט, זײַנע הענט,
אונ וועט א טרייסל טאָנ די זײַלנ אונ די ווענט,
אונ ס'וועלנ, פונקט ווי הרודעס שטיינ, א פאל טאָנ
די זײַלנ, וואָס דעמ שטאָלצנ פרײַהײַטס-טעמפל האלטנ.

---

[1] שימשנ — לעגענדארער העלד פונ די אוראלטע יידנ.

קאפיטל 19.

# די רעוואָליוציע און די מייִדזי־רעפאָרמעס אין יאפּאַניע.

יאפּאַניע אין די צייטן פונעם טאָקוגאַווא־רעזשים.

„דאָס לאנד פון דער אופגייענדיקער זון“ (דאָס לאנד, וואָס ליגט אפ מיזרעך), יאפּאַניע, האָבן די אייראָפּייער אַנגעהויבן באַזוכן אינעם פעריִאָד פון די גרויסע געאָגראַפישע אנטדעקונגען.

אין XVI יה. האָבן די פּאָרטוגעזער און שפּאַניער געמאַכט א פּרווו צו פאַרכאפּן יאפּאַניע. יאפּאַניע האָט אָבער די אויסלענדער פאַרטריבן (אין 1637 י.) און איז פאַרבליבן א זעלבשטענדיק לאנד. אין יאפּאַניע האָבן רעגירט די סעגונען פונעם שטאַם טאָקוגאַווא — הויפּט-קאָמאנדירן, בא וועלכע די הויפּט-קאָמאנדירונג איז געווען א יערושע-איניען, פון פאָטער צו זון. זיי זײַנען געווען די גרעסטע פעאָדאלן, וואָס זיי איז געלונגען אָפּצונעמען די מאכט באַם אימפּעראַטאָר (מיקאדאָ).

דער מיקאדאָ האָט זינט יענער צײַט געלעבט אלס געפאַנגענער פונעם סעגון אין קיאָטאָ. די פעאָדאלן די גוטבאַזיצער האָט מען פאַרבאָטן קומען צום אימפּעראַטאָרס הויף. נאָך דעם, ווי מע האָט ארויסגעטריבן די אייראָפּייער, איז יאפּאַניע אין מעשעך פון העכער צוויי הונדערט יאָר — ביז דער העלפט XIX יה., געווען קימאַט אָפּגעשניטן פון דער אויסערלעכער וועלט. דעם האנדל מיט אייראָפּע האָט מען געפירט בלויז דורך איין האָלענדישער האנדלס-קאָמפּאניע, וועלכער ס'איז דערלויבט געווען צו פאַרבלײַבן אפ א קליינעם אינדזל, ניט ווײַט פון נאַגאסאקי. בלויז איין מאָל אין יאָר האָבן די האָלענדישע סאָכרים געקאָנט פאַרלאָזן דעם אינדזל, קעדיי קומען צום סעגון מיט גראַטולירונגען און מאַטאָנעס.

אין יאפּאַניע זײַנען די פעאָדאלע פאַראָנדקעס פאַרבליבן ניט גערירט. די פויערים האָבן געטראָגן אפ זיך פיל פליכטן און זײַנען געווען רעכטלאָז. כוץ דעם גרונט-שטײַער פון דער ערד האָט מען בא די פויערים גענומען אויך צוגאָב-שטײַערן אפ אויסצוהאלטן די טשינאָווניקעס פונעם סעגון און אפ אריבערפירן רײַז אין די מעלוכישע סקלאדן. כוץ דעם, וואָס די פויערים האָבן געצאָלט טשינש די שטײַערן-זאמלער, האָבן זיי נאָך באַדאַרפט בויען וועגן, פאַריכטן בריקן, האלטן אין אָרדענונג די טײַכ-האפנס, די דאַמבעס און אויך עטלעכע מאָל אין יאָר צאָלן טשינש און ברענגען מאַטאָנעס דעם רעגירנדיקן פירשט און די סאַמורײַען. אין עטוואָס א בעסערער לאגע האָט זיך געפונען דער פאַרמעגלעכער אויבערשיכט פון די פויערים. אין דאָרף זײַנען געווען פיל אָרעמפּויערים — קליינע ארענדאַטאָרן, ערדלאָזע פויערים.

א גאנצע היפּשע גרופּע — אן ערעך א מיליאָן מענטשן — האָבן ניט געהערט צו קיין שום שטאנד — זיי זײַנען געווען די סאַמע רעכטלאָזע. מע האָט זיי גערופן „פאַרשטויסענע“. פון די „פאַרשטויסענע“ פלעגן ארויסקומען בעטלער, שינדער, טאַליאָנים אדג.

ניט איין מאָל פלעגן די פויערים און די שטאָטישע אָרעמשאפט מאכן אופשטאנדן קעגן די גוטבאַזיצער און די סאָכרים; די דאָזיקע אופשטאנדן האָט מען אָבער אכזאָריעסדיק דערשטיקט. די פעאָדאלע אריסטאָקראַטיע און די קליינע

ערדבאַזיצער די אדל-לײַט — די סאַמורײַען האָבן ניט אופגעהערט צו אונטער-דריקן די פּויערים. די יאַפּאַנישע שטעט זײַנען געווען ניט מער ווי האַנטווערקער- און האַנדלס-ייִשובֿים בא די שלעסער פון די פעאָדאַלן. בלויז אין די דאָרעם-דאַיאָנען קומען אוף די ערשטע מאַנופאַקטורן, עס אַנטשטייט די צוקער-פּראָדוקציע און די שפּינערײַ-אינדוסטריע.

פויערשע אופשטאַנדן. פאַר דער צײַט פונעם טאָקוגאַווא-רעזשים זײַנען אין יאַפּאַניע פאָרגעקומען אָפטע אופשטאַנדן פונעם פּויערטום, צומאָל אונטערן לאָזונג: „קיין איין סאַמורײַ זאָל ניט געדאַכט זײַן אין קרײַז".

אין די 50—60-ער יאָרן קײַקלט זיך איבער גאַנץ יאַפּאַניע דורך א גאַנצע כוואַליע פּויערשע אופשטאַנדן. די פּויערים גראַמירן די פעאָדאַלע גיטער, האַרגע-נען אויס די גוטבאַזיצער און טשינאָווניקעס, פאָדערן דאָס רעכט אויסצווויילן דאָרפישע סטאַראָסטעס, אָנשטאָט די סטאַראָסטעס, וועלכע עס פלעגן געוויינלעך באַשטימען די פעאָדאַלן פון צווישן די דאָרפישע רײַכע לײַט.

די צווייטע אינוואַזיע פון די אייראָפּייער אין יאַפּאַניע. די מילכאָמע צווישן ענגלאַנד און כינע אין די יאָרן 1839—1842 האָט געבראַכט דערצו, אז די אייראָפּייִשע סאָכרים האָבן שוין געקאָנט פרײַ אַרײַנדרינגען אין כינע. אופן טאָג-אָרדענונג האָט זיך געשטעלט די פראַגע וועגן עפענען פאַרן אויסערן-האַנדל אויך יאַפּאַניע.

אין די 50 — 60-ער יאָרן פון XIX יה. האָבן אָנגעהויבן צו באַדראָען די אומאָפּ-העַנגיקײַט פון יאַפּאַניע די פאַראייניקטע שטאַטן פון אַמעריקע. צו יענער צײַט האָט שוין דער שטראָם אַמעריקאַנישע איבערוואַנדערער זיך דערקײַקלט ביז די שטיל-אָקעאַנישע שטאַטן. די דאָזיקע שטאַטן האָבן אָנגעהויבן שנעל באַזעצט ווערן, באַזונדערס נאָך דעם, ווי מע האָט אין 1848 י. אַנטדעקט אין קאַליפאָרניע גאָלד.

אין יול 1853 י. איז אין פּאָרט אוראַגא (ניט ווײַט פון דער הויפּטשטאָט פון די סעגונען — עדאָ) אָנגעקומען אַן אַמעריקאַנישע עסקאַדרע אונטער דער אָנ-פירונג פונעם אַדמיראַל פּערי. פּערי האָט געבראַכט מיט זיך א בריוו פונעם אַמערי-קאַנישן פּרעזידענט צום יאַפּאַנישן אימפּעראַטאָר. אינעם דאָזיקן בריוו האָט די רעגירונג פון די פשא פאָרגעלייגט יאַפּאַניע אײַנצושטעלן „פרײַנטשאַפט, האַנדלס-באַציִונגען און ביידע צדאָדים זאָלן קעגנזײַטיק עפענען די פּאָרטן".

קימאַט גלײַכצײַטיק מיט פּערין איז צו די יאַפּאַנישע ברעגן צוגעקומען אַן עסקאַדרע פונעם רוסישן אַדמיראַל פּוטיאַטין; ער האָט געפאָדערט פון יאַפּאַניע, זי זאָל שליסן מיט רוסלאַנד א האַנדלס-אָפּמאַך און זאָל אַרײַנלאָזן אין לאַנד רוסישע סאָכרים.

אונטערן דרוק פון א גרויסער אַמעריקאַנישער עסקאַדרע, וואָס איז געקומען א צווייט מאָל, האָט דער סעגון אין מאַרט 1854 י. געמוזט אונטערשרײַבן אַן אָפּמאַך, וואָס האָט געגעבן די אַמעריקאַנישע סאָכרים דאָס רעכט פרײַ צו האַנדלען אין יאַפּאַניע. אין 1858 י. האָט יאַפּאַניע געשלאָסן אָפּמאַכן מיט ענגלאַנד, רוס-לאַנד, האָלאַנד און דערנאָך אויך מיט אַנדערע לענדער.

די דאָזיקע אָפּמאַכן זײַנען געווען ניט קיין גלײַכבאַרעכטיקטע: די אויסלענ-דער איז געגעבן געוואָרן דאָס רעכט פון עקסטעריטאָריעלקײַט, דה, אז אפ זיי זײַנען ניט כאַל די יאַפּאַנישע געזעצן און דער יאַפּאַנישער געריכט. אַן אויסלענ-דער האָט מען געהאַט דאָס רעכט צו מישפּטן בלויז פאַר ברעכן די געזעצן פון

זײַנע אייגענע לאַנד, דערבײַ זײַנען ריכטער געווען די קאָנסולן פֿונעם געגעבענעם לאַנד אין יאַפּאַניע. באַ יאַפּאַניע האָט מען אָפּגענומען דאָס רעכט אײַנצושטעלן הויכע טאַמאָזשנע-טאַריפֿן אויף אויסלענדישע סכוירעס.

די אויסלענדער האָבן אָנגעהויבן אַרײַנפֿירן פֿאַבריק-סכוירעס; דאָס האָט אַרונטערגעריסן און רויִנירט די יאַפּאַנישע מאַנופֿאַקטור און האַנטווערקערײַ. אין יאַפּאַניע האָט זילבער געקאָסט 5 מאָל ביליקער איידער גאָלד, בעת אין אייראָפּע און אַמעריקע איז גאָלד געווען 15 מאָל טײַערער איידער זילבער. די אויסלענדער האָבן אָנגעהויבן בײַטן זילבער, וואָס זיי פֿלעגן ברענגען צו פֿירן פֿון אייראָפּע, אויף ביליקן יאַפּאַנישן גאָלד און אַרויספֿירן פֿון יאַפּאַניע פֿיל סכוירעס. די פּרײַזן אויף די סכוירעס זײַנען געוואַלדיק געשטיגן. דער יאָקרעס האָט שטאַרק אַ קלאַפּ געטאָן איבער דער באַפֿעלקערונג.

**די באַוועגונג קעגן די אויסלענדער.**

אַלס ענטפֿער קעגן דעם באַלעבאַטעווען פֿון די אויסלענדער האָבן די אָנגעזעענע פֿעאָדאַלן פֿון די דאָרעמדיקע קלאַנען טעסיו, סאַצומאַ און אַנדערע דערקלערט אַ פּראָטעסט קעגן דעם, וואָס מע האָט אונטערגעשריבן די אָפּמאַכן מיט די אויסלענדער, און האָבן באַזוכט דעם געפֿאַנגענעם אימפּעראַטאָר אין קיאָטאָ. דער מיקאַדאָ האָט דערקלערט, אַז ער איז ניט מסכים מיט די אונטערגעשריבענע אָפּמאַכן. די פֿאָלקס-מאַסן האָבן געפֿאָדערט, מע זאָל די אויסלענדער אַרויסטרײַבן.

דערמוטיקט דורך דעם מיקאַדאָס שטיצע, האָבן באַזונדערע אָנגעזעענע פֿעאָדאַלן אָנגעהויבן אין פֿיל ערטער זעלבשטענדיק אַרויסצוטרעטן קעגן די אייראָפּייער. אין 1861 י. זײַנען די דאָזיקע פֿעאָדאַלן אָנגעפֿאַלן אויף דער ענגלישער געזאַנדשאַפֿט און האָבן פֿאַרוווּנדעט צוויי מיטאַרבעטער אירע. אין 1863 י. האָט מען אונטערגעצונדן די ענגלישע און אַמעריקאַנישע געזאַנדשאַפֿטן. אין דעם זעלבן יאָר האָבן די סאַמורײַען פֿון טעסיו, וואָס האָבן פֿאַרמאָגט קאָלאָסאַלע באַזיצן אויפֿן צאָפֿן־ברעג פֿון סימאָנאָסעקער דורכגוס, אויסגעבויט דאָרט באַטאַרייעס. נאָכן אימפּעראַטאָרישן מאַניפֿעסט „וועגן ניט אַרײַנלאָזן אייראָפּייער קיין יאַפּאַניע" האָבן די סאַמורײַען אָנגעהויבן באַשיסן די סאָכרישע שיפֿן, וואָס זײַנען אָנגעקומען אין סימאָנאָסעקער האַפֿן. אויף די אַמעריקאַנישע, פֿראַנצויזישע און האָלענדישע שיפֿן זײַנען עטלעכע מאָל דערהאַרגעט געוואָרן. אין דער דאָזיקער באַוועגונג קעגן די אויסלענדער האָבן זיך באַטייליקט אויך די ברייטע שיכטן באַפֿעלקערונג פֿון יאַפּאַניע — די שטאָטישע אָרעמשאַפֿט, דאָס פּויערטום.

אַלס ענטפֿער אויף דער דאָזיקער אַרויסטרעטונג האָבן די אַמעריקאַנישע, פֿראַנצויזישע, האָלענדישע און ענגלישע עסקאַדרעס אָרגאַניזירט אַ פֿאַראייניקטע שטראָף-עקספּעדיציע פֿון 18 קריגס־שיפֿן. די עסקאַדרע האָט באַשאָסן פֿון האַרמאַטן און פֿאַרניכטעט די באַטאַרייען פֿונעם פֿירשטנטום טעסיו און די שטאָט סימאָנאָסעקי. דערנאָך האָבן די פֿאָרשטייער פֿון די לענדער, וואָס האָבן געפֿירט די קריגס-אַקציעס, געפֿאָדערט פֿונעם סעגון אַ קאָנטריבוציע פֿון 3 מיליאָן דאָלער; אין קעגנפֿאַל האָבן זיי געדראָאָט צו פֿאַרנעמען די דאָרעם-געגנטן פֿון יאַפּאַניע. דער סעגון איז געצווונגען געווען אײַנגיין אויף די דאָזיקע פֿאָדערונגען.

נאָכן קומען פֿון די אויסלענדער איז אין לאַנד געוואָרן אַ יאָקרעס, די לאַגע פֿונעם פֿאָלק האָט זיך פֿאַרערגערט; און די אומצופֿרידנקייט פֿון די פֿאָלקס-מאַסן האָט זיך אָנגעצונדן פֿאַרשפּרייט אויך אויפֿן סעגון, אַלעמײַ ער האָט קאַפּיטולירט פֿאַר די אויסלענדער.

יאפּאָניע אינ 1868 י.

**די פארניכטונג פונעם סעגונאט, מאסנ= באוועגונגען.**

פונ אָקטיאבער 1862 י. אָנ האָבנ די פעאָדאלנ אָנגע- הויבנ צו פארלאָזנ די הויפּטשטאָט פונעם סעגונ עדאָ. פרילינג 1863 י. זײַנעג שוינ 62 אָנגעזעענע פעאָדאלנ געקומענ מיט זייער מיליטער אינ קיאָטאָ, ווו עס האָט געלעבט דער אימפּערא- טאָר. קיאָטאָ איז געווענ פארפלייצט מיט מיליטער — מיט דעם סעגונס פאָלקנ,

מיטן מיליטער פון די פירשטנטומס סאצומא, טעסיו א. אנד. דאָס מיליטער איז געווען באוואָפנט מיט שפיזן און אלעבארדעס, מיט פײַל-און-בויגנס, מיט ביקסן פון אלטע און נײַע מוסטערן. צוגלײַך מיטן מיליטער פון די פירשטן זײַנען אָבער אויך געקומען אָטריאַדן, וואָס האָבן זיך אליין אָרגאַניזירט. די אָטריאַדן זײַנען באשטאַנען פון פאַראָרעמטע סאַמורײַען, פויערים און האַנטווערקער.

די דאָזיקע אָטריאַדן פלעגן האַרגענען רײַכע לײַט און פּאָליציי-אַגענטן. די קעפּ פון די דערהארגעטע פלעגן זיי ארויסשטעלן אפּ באַמבוק-פּיקעס. צו דער ברוסט פון די דערהארגעטע פלעגן זיי אָנהענגען צעטלעך, ווו ס'איז געווען אָנגעוויזן זייער שולד. די פויערים און די האַנטווערקער האָבן זיך צערעכנט מיט די סאָחרים, וואָס פלעגן אופשרויפן די פרײַזן. זיי האָבן אײַנגעשטעלט א טאַקסע און האָבן געפאָדערט, מע זאָל זי אויספילן; עס זײַנען געווען פאַלן, ווען מע האָט צעגראַמירט שפּײַז-קראָמען.

באַנאַכט איז אין קיאָטאָ געווען אומרויִק. דורך די נעכט האָבן דאָ געברענט שײַטערס, בא וועלכע עס האָבן דעזשורירט די קריגער פון די פעאָדאַלן, ריכטנ-דיק זיך יעדע ווײַלע אפּ אַן אָנפאַל.

אינעם קאַמף קעגן דעם סעגונ און קעגן די אויסלענדער האָבן א גרויסע ראָליע געשפּילט די רעגירנדיקע פירשטן פון די דאָרעם-קלאַנען און די שטאָטישע בורזשואַזיע — די סאָחרים און די אינדוסטריעלער, אייגנטימער פון זײַד- און צו־קער-מאַנופאַקטורן און פון אַנדערע מאַנופאַקטורן. קעדיי צוציִען דאָס פויערטום אפּ זייער צאַד, האָבן די פירשטן פאַרשפּרייט לאָזונגען: „אַלע פיר שטאַנדן זײַ-נען גלײַך" (דאָס הייסט, די קריגער די פעאָדאַלן, די פויערים, די האַנטווערקער און די הענדלער), „דיסקאָנטירן די גזעלשאַפטלעכע מיינונג באַם לייזן מעלוכישע איניאָנים", „ברידערלעכקײַט פון אַלע פעלקער פון די פיר יאַמען" (דאָס הייסט, פון דער גאַנצער וועלט). אין פיל ערטער איז די שטאָטישע אָרעמשאַפט אויך ארויסגעטראָטן קעגן דעם סעגונ. „דער מיזרעך און דער מײַרעוו פון יאַפּאָניע זײַנען אופגעשטאַנען איינער קעגן אַנדערן, די אינערלעכע רײַסערײַען צעפלאַקערן זיך אַלץ מער און מער", — ווערט געשריבן אין א בריוו, וואָס א גרופּע אָנגע-זעענע פעאָדאַלן האָט געשיקט אין 1867 י. צום סעגונ, ווען זיי האָבן פאָרגע־לייגט זיך אָפּזאָגן פון דער מאַכט. אין יאַפּאָניע איז זיך צעוואַקסן די רעוואָליו-ציאָנערע באַוועגונג פון די מאַסן.

אָנשפּאַרנדיק זיך אפּ דער מאַסן־באַוועגונג קעגן דעם סעגונ, האָט דער מי־קאַדאָ אין דעם זעלבן 1867 י. דערקלערט דעם סעגונ פאַר אראָפּגעזעצט.

נאָך א ניט געלונגענעם פּרווו צו שטעלן א באוואָפנטן ווידערשטאַנד איז דער סעגונ פאַרשיקט געוואָרן, און די גאַנצע מאַכט איז אריבער צום אימפּעראַ־טאָר מוצוכיטאָ, ווען רעגירן האָט באַקומען דעם נאָמען מיידזי-צײַט (די צײַט פון אופקלערונג).

די פאָלקס־מאַסן האָבן ווייניק־וואָס געוווּנען פון דער דאָזיקער ענדערונג. נאָך דעם, ווי מע האָט אראָפּגעשלײַדערט דעם סעגונאַט, האָט זיך די פאָלקס-באַוועגונג ניט אָפּגעשטעלט. עס האָבן זיך אָנגעהויבן מאַסן-אַרויסטרעטונגען פון די פויערים, וועלכע האָבן געפאָדערט, מע זאָל פאַרניכטן די פּריווילעגיעס פון די פעאָדאַלן און פאַרקלענערן די שטײַערן. פאַר דעם איינעם יאָרצענדליק נאָכן 1868 י. איז פאָרגעקומען מער פון 100 פויערשע אופשטאַנדן קעגן דער נײַער מיידזי-רעגירונג,



מוצוכיטאָ פאָרט אַרײַן אין טאָקיאָ (עדאָ) אין 1868 י. — פון א יאפּאָנישער ליטאָגראַפיע.

דערבײַ האָבן זיך אין אייניקע פון די דאָזיקע אופשטאנדן באטייליקט ביז 300 טויזנט פויערים.

לויט אָפיציעלע מיטיילונגען האָט מען בלויז אין 4 אויעזדן פון איינער א פרעפעקטור (גובערניע) „באשטראָפט" 28 טויזנט פויערים, און אין א צווייטער פרעפעקטור — 30 טויזנט אאזוו. די בורזשואזיע האָט פאראטן דער פאָלקס-באוועגונג און האָט געהאָלפן די סאמורײַען צו דערשטיקן דעם אופשטאנד פון די פויערים און פון דער שטאָטישער אָרעמשאפט.

די „מייִדזי"-רעפאָרמעס".

אין רעזולטאט דערפון, וואָס מע האָט דערשטיקט די מאסן-באוועגונג, האָט זיך אין יאפּאָניע פארשטארקט די אבסאָליוטע מאָנארכיע; די דאָזיקע מאָנארכיע האָט פאָרגעשטעלט די אינטערעסן פון די פעאָדאלן און פון דער בורזשואזיע, וועלכע האָט פון זיך אויסגעבילדעט א נײַע אריסטאָקראטיע. די אבסאָליוטע מאָנארכיע איז געצווונגען געווען צו רע־כענען זיך מיט די אינטערעסן פון דער האנדלס-אינדוסטריעלער בורזשואזיע און האָט דורכגעפירט „פון אויבן" א ריי בורזשואזע רעפאָרמעס: מע האָט אָפּגעשאפן אייניקע פעאָדאלע פאָראָנדקעס, וואָס האָבן געשטערט דער אנטוויקלונג פונעם קאפּיטאליזם אין יאפּאָניע.

אין 1869 י. איז די רעגירונג רעאָרגאניזירט געוואָרן לויטן מוסטער פון די אייראָפּעיִשע רעגירונגען; די הויפּטשטאָט האָט מען אריבערגעטראָגן אין עדאָ, וועלכער מע האָט א נאָמען געגעבן טאָקיאָ. לויטן דעקרעט פון 1869 י. זײַנען אלע יאפּאָנער דערקלערט געוואָרן אלס אונטערטאנען פונעם מיקאדאָ. לויטן אימ־פעראטאָרישן אוקאז פון 1871 י. האָט מען בא די פירשטן אָפּגענומען זייערע פעאָדאלע רעכט און באשטימט זיי א פענסיע 10 פּראָצענט די גרייס פון זייערע

פּריוּרדיקע האַכנאָסעס (טשינש און פּאַנשטשינע). מאַכמעס פיל פּויערים און פּעאָ־דאַלן זײַנען געווען באַלעכויוועס, איז זייער ערד איבערגעגאַנגען צו די קרעדי־טאָרן.

יאַפּאָניע האָט אויסגעמיטן דעם גוירל פון אַן אָפּהענגיק לאַנד, זי האָט אָנ־געהויבן איבערנעמען די אייראָפּייִשע טעכניק און איז אַוועק מיטן וועג פון איי־ראָפּייִזירן (אָפּט בלויז אויסערלעך) די מעלוכע-אָרדענונג און דעם שטייגער.

דער כאַראַקטער פון די „מיידזי-רעפאָרמעס".

די „מיידזי-רעפאָרמעס" האָט מען גענומען שנעל אַרײַנפירן מאַכמעס דעם, וואָס אין יאַפּאָניע האָבן זיך אַרײַנגעריסן די אויסלענדער און מע האָט באַדאַרפט פירן אַ קאַמף קעגן זיי; די דאָזיקע רעפאָרמעס האָט מען דורכגעפירט אין אַ לאַנד, ווו די קאַפּיטאַליסטישע עלעמענטן זײַנען געווען שוואַך אַנטוויקלט. בײַ דער מאַכט זײַנען געבליבן די סאַמורײַען, די טשינאָווניקעס און די מיליטערישע קליקע (צו זיי איז צוגעשטאַנען אויך די גרויס-בורזשואַזיע), ווײַל די מאַסן-באַוועגונג האָט געליטן אַ מאַפּאָלע; די רעזולטאַטן דערפון האָבן דער מיקאַדאָ און די פעאָדאַלן, ווי אויך די גרויס-בורזשואַזיע אויסגענוצט אין זייערע אינטערעסן. די „מיידזי-רעפאָרמעס" האָבן געטראָגן אַ האַלביקן, ניט פאַרענדיקטן כאַראַקטער. אין יאַפּאָניע האָט מען ניט פאַרניכטעט, נאָר צוגעפּאַסט די פעאָדאַלע עקספּלואַ־טאַציע צו די זיך אַנטוויקלענדיקע קאַפּיטאַליסטישע פאַרהעלטענישן. די פּויערים און אַרבעטער פון יאַפּאָניע האָבן געליטן פון אַ צווייענדיקן יאָך — פון די פעאָ־דאַלע איבערבלײַבעכצן און פון דער קאַפּיטאַליסטישער עקספּלואַטאַציע.

די קאַפּיטאַליסטישע מעלוכעס און די „מיידזי-רעפאָרמעס".

די היסטאָרישע אומשטענדן האָבן מיטגעווירקט, אַז יאַ־פּאָניע זאָל זיך באַפרײַען פון אונטער דער אַפּעטראָפּסעס פון די אַמעריקאַנער און אייראָפּייער. אָנהייב 60־ער יאָרן, ווען אין יאַפּאָניע האָט זיך אָנגעהויבן די מאַסן־באַוועגונג קעגן די אויסלענדער, איז אין די פאַראייניקטע שטאַטן פון אַמעריקע אָנגעגאַנגען אַ הייסער בירגערקריג; דעריבער טאַקע האָבן זיי ניט געהאַט קיין מעגלעכקייט אַקטיוו זיך אַרײַנצומישן אין די יאַפּאָנישע ענייאָנים.

אויך רוסלאַנד האָט זיך דאַן ניט געקענט אַרײַנמישן אין די יאַפּאָנישע ענ־יאָנים. די געשעענישן אין יאַפּאָניע האָבן זיך אָנגעהויבן באַלד נאָך דעם, ווי רוסלאַנד האָט געליטן אַ מאַפּאָלע אין דער קרימער מילכאָמע. גראָד דאַן איז אויך אויסגעבראָכן דער אופשטאַנד אין פּוילן; כוץ דעם איז מען געווען פאַר־נומען מיט דער פּויערשער רעפאָרם.

אין אייראָפּע זײַנען אינעם זעלבן יאָרצענדליק פאָרגעקומען פיר נאַציאָנאַלע פאַראייניקונגס-מילכאָמעס, אין וועלכע עס זײַנען געווען אַרײַנגעצויגן פראַנקרײַך, איטאַליע און דער דײַטשישער פאַרבאַנד. ענגלאַנד האָט באַדאַרפט זײַן גרייט אַפּן פאַל, אויב עס וואָלט זיך געווען געדאַרפט אַרײַנמישן אין די דאָזיקע מילכאָמעס. אין דער זעלבער צײַט האָט דער אופשטאַנד פון די טײַפּינגען אין כינע (1850—1864) און דער אָנטייל פון ענגלאַנד און פראַנקרײַך אינעם דערשטיקן דעם דאָ־זיקן אופשטאַנד אָפּגעצויגן זייערע קרעפטן פונעם קאַמף קעגן יאַפּאָניע.

דאָס אַלץ האָט מיטגעווירקט דערצו, אַז יאַפּאָניע זאָל ניט ווערן קיין קאָלאָניע אָדער האַלב-קאָלאָניע פון דער אייראָפּייִשער און אַמעריקאַנישער בורזשואַזיע. עס

זײַנע פאַריבער עטלעכע יאָרצענדליק, איז יאַפּאַניע אַלײן געוואָרנ אַנ אימפּעריאַ-ליסטישער רויבער, וואָס אונטערדריקט די קאָרייער, די כינעזער אונ אַנדערע פעלקער פונעמ ווײַטנ מיזרעכ.

## קאַפּיטל 20.

# די ווידערפאַרייניקונג פונ איטאַליע.

די פאַרייניקונגס-באַוועגונג אינ די 50-ער יאָרנ.

סאָפ 50-ער יאָרנ, אינעמ פעריאָד פונעמ עקאָנאָמישנ אופשטײַג, ווענ די דעמאָקראַטישע מאַסנ האָבנ אָנגעהויבנ קומענ צו זיכ נאָכ דער מאַפּאָלע פונ דער רעוואָליוציע אינ די יאָרנ 1848—1849, האָט זיכ אינ איטאַליע ווידער פאַרשטאַרקט די באַוועגונג פאַר דער ווידערפאַרייניקונג. דער ראַדיקאַלער „פאַר-באַנד פונ טאַט" בעראָש מיט מאַצינינ האָט געהאָפט צו דערשלאָגנ זיכ די פאַ-רייניקונג דורכ שאַפנ א דעמאָקראַטישע רעפּובליק. צווישנ מאַציניס פּלאַנ אונ מאַרקס' פּלאַנ איז געווענ א וועזנטלעכער כילעק.

מאַרקס אונ ענגעלס האָבנ געהאַלטנ, אַז איטאַליע קאָנ מענ ווידערפאַרייניקנ דורכ א פאָלקס-רעוואָליוציע אונ זיי האָבנ אַרויסגערוקט אַזוינע לאָזונגענ, וואָס זאָלנ אופהייבנ צומ קאַמפ די פאָלקס-מאַסנ, צומ בײַשפּיל, דעמ לאָזונג וועגנ געבנ די פויערימ ערד אָפּנ כעזשבנ פונ די גוטבאַזיצער. מאַציני אָבער האָט זיכ גע-פּרווט ווידערפאַרייניקנ איטאַליע דורכ א פאַרשווערונג אונ דורכ אופשטאַנדנ, ער האָט זיכ אָנגעשפּאַרט אַפ דער בורזשואַזיע, אַפ די פאָרגעשריטענע גוטבאַזיצער אונ אַפ דער שטאָטישער דעמאָקראַטיע.

קאַוווּר.

אַנ אַנדער וועג צו ווידערפאַרייניקנ איטאַליע האָט אָנ-געמערקט דער פּאָליטישער אָנפירער פונעמ סאַרדינישנ קיניגרײַכ גראַפ קאַוווּר (1810—1861).

קאַוווּר האָט געשטאַמט פונ א רײַכער גוטבאַזיצערישער מישפּאָכע אונ האָט יונגערהייט געדינט באַמ סאַרדינישנ קיניגלעכנ הויפ. קאַוווּר האָט אינ זײַנ גוט אָנגעווענדט נײַע מעטאָדנ פונ פירנ די לאַנדווירטשאַפט, האָט זיכ באַשעפטיקט מיט טוווע-האַנדל, ער האָט אויסגעבויט א פאַבריק פונ קינסטלעכע באַמיסטיקונגענ אונ איז געווענ אַנ אָנגעזעענער אָנטיילנעמער פונעמ טורינער באַנק. א לעבעדיקער, א באַוועגלעכער, א גלענצנדיקער רעדנער, האָט זיכ קאַוווּר שנעל אַרויסגערוקט אינעמ סאַרדינישנ פּאַרלאַמענט, ווו ער האָט פאַרטיידיקט די פרײַהײַט פונעמ האַנדל, די אַנטוויקלונג פונ דער אינדוסטריע אונ האָט מיטגעהאָלפנ צו פאַרברייטערנ דעמ גענועער פּאָרט, ווי אויכ צו בויענ אײַזנבאַנענ. פונ 1852 י. אָנ ביזנ סאַמע טויט (1861) איז קאַוווּר קימאַט אָנ איבעררײַס געווענ פּרעמיער-מיניסטער פונעמ סאַרדי-נישנ קיניגרײַכ.

קאַוווּר איז געווענ א מעסיקער ליבעראַל. ער האָט געהאַלטנ, אַז עס איז בעסער צו געבנ א קאָנסטיטוציע לויטנ ענגלישנ מוסטער, „קאָלזמאַנ עס איז ניט שפּעט", דה., קאָלזמאַנ באַמ פאָלק פּלאַצט ניט דאָס געדולד אונ עס נעמט ניט אַלײנ אַראָפּשלײַדערנ די מאָנאַרכיע. קאַוווּר איז געווענ א קעגנער פונ א רעפּובליק. זײַנ פּאָליטישע גרונט-אידיי איז געווענ — פאַרייניקנ איטאַליע אונטער דער אוי-



קאוואור — פון א ליטאָגראפיע.

בערהאנט פון דער סארדינישער מאָנארכיע, דערבײַ זאָל דאָס געטאָן ווערן בא דער מיטהילף פון איינער פון די גרעסטע אייראָפּייִשע מעלוכעס.

קאוואור האָט געווענדט זײַנע בליקן באַזונדערס אַף פראנקרײַך. ווען ס'האָט זיך אָנגעהויבן די קרימער מילכאָמע, איז פיעמאָנט[1] ארײַנגעטראָטן אין דער דאָזיקער מילכאָמע; דערפאר האָט ער באקומען פון נאפּאָלעאָן דעם III-טן א צוזאָג, אז ער וועט אים מיטהעלפן ווידערפאַרייניקן איטאליע אונטער דער אויבערהאנט פון דער סאוואָיער דינאסטיע.

נאפּאָלעאָן דער III איז מאסקים געווען צו העלפן פיעמאָנט, ער האָט אָבער געהאט דערבײַ זײַנע פּלענער. פאר דער הילף האָט ער געפאָדערט, אז פראנקרײַך זאָל קריגן סאוואָיע, ווו דאָס ראָוו באפעלקערונג זײַנען געווען פראנצויזן, און אויך ניצע — א געגנט מיט א ריין-איטאליענישער באפעלקערונג.

אין 1858 י. האָט קאוואור געהיים זיך געזען אפן פראנצויזישן קוראָרט פּלאָמביער מיט נאפּאָלעאָן דעם III-טן, און דאן איז געלייזט געוואָרן די פראגע וועגן א מילכאָמע מיט עסטרײַך.

די מילכאָמע פון די פראנצויזן און איטאליענער קעגן די עסטרײַכער.

אין אפּרעל 1859 י. האָט זיך די מילכאָמע אָנגעהויבן. אינגיכן האָבן די פאראייניקטע ארמייען פון פראנקרײַך און סארדיניע אָפּגעהאלטן אנטשיידענע זיגן לעבן מאדזשענטא (4 יונ) און סאָלפערינאָ (24 יונ). אין דער קאמפּאניע פון 1859 י. אין צאָפן-איטאליע האָט זיך אויך באטייליקט מיט זײַנע פרײַוויליקע סאָלדאטן גאריבאלדי; גאריבאלדין האָט קאוואור אײַנגעלאדן, קעדיי די מילכאָמע זאָל זײַן מער פּאָפּולער.

די זיגן איבער די עסטרײַכער לעבן מאדזשענטאָ און סאָלפערינאָ זײַנען געווען א סיגנאל צו דעם אופשטאנד אין די הערצאָגטומס פּארמא און מאָדענא, וואָס האָבן זיך געפונען אונטערן עסטרײַכישן יאָך. גלײַך נאָך דעם פירשטנטום טאָסקאנע זײַנען די אופגעשטאנענע הערצאָגטומס צוגעשטאנען צו פיעמאָנט. די רעגירערס זייערע, וואָס האָבן זיך געהאלטן מיט דער הילף פון די עסטרײַכישע באגנעטן, זײַנען אנטלאָפן.

די מילכאָמע האָט אָנגעהויבן אָננעמען א רעוואָליוציאָנערן כאראקטער און

[1] פיעמאָנט איז געווען דער וויכטיקסטער באשטאנד-טייל פונעם סארדינישן קיניגרײַך. לויטן נאָמען פון דער דאָזיקער געגנט האָט מען אָפט דאָס גאנצע סארדינישע קיניגרײַך גערופן פיעמאָנט. אינעם סארדינישן קיניגרײַך, אָדער פיעמאָנט, האָט רעגירט די סאוואָיער דינאסטיע.

דאָס האָט דערשראָקן נאַפּאָלעאָן דעם III-טן. ער איז אײַנגעגאַנגען אױף א געהײמער באַגעגעניש מיטן עסטרײַכישן אימפּעראַטאָר פֿראַנץ-יאָסעף אין װילאַ-פֿראַנקאַ (11 יולי 1859 י.). פֿאַראַטן זײַנע איטאַליענישע פֿאַרבינדעטע, האָט ער געשלאָסן א סעפּאַראַטן (באַזונדערן) שאָלעם מיט עסטרײַך. לױטן שאָלעם-אָפּמאַך פֿון 1859 י. איז א טײל פֿון לאָמבאַרדיע מיט מילאַן אָפּ צום סאַרדינישן קיניגרײַך, װענעציע, װידער, איז געבליבן בא עסטרײַך. פֿראַנקרײַך איז אַרױס פֿון דער מילכאָמע און האָט ניט אױסגעפֿילט ביזן סאָף איר פֿאַרפּליכטונג צו באַפֿרײַען אַלע איטאַליענישע געגנטן פֿון אונטער דעם עסטרײַכישן יאָך. דאָס האָט אָבער געשטערט פֿראַנקרײַך צו באַקומען סאַװאָיע און ניצע „אַלס געצאָלטס“ פֿאַר זײַן אָנטײל אין דער מילכאָמע.

בײַס דער מילכאָמע פֿון 1859 י. האָבן מאַרקס און ענגעלס אָפּגעדרוקט אין די צײַטונגען פֿון אײראָפּע און פֿון די פֿאַרײניקטע שטאַטן א רײ אַרטיקלען, אין װעלכע זײ האָבן פֿון סאַמע אָנהײב אָן דעמאַסקירט די פֿאַרעטערישע ראָליע פֿון נאַפּאָלעאָן דעם III-טן.

אָפּשאַצנדיק די לאַגע, װאָס האָט זיך געשאַפֿן אין איטאַליע נאָך דער פֿראַנצױזיש-עסטרײַכישע מילכאָמע פֿון 1859 י., האָבן מאַרקס און ענגעלס געהאַלטן, אַז עס איז אומפֿאַרמײַדלעך א נײַער אופֿשטײַג פֿון דער באַװעגונג פֿאַר פֿאַרײניקן דאָס לאַנד. „אין דעם איניען קאָן זיך אַרײַנמישן די איטאַליענישע רעװאָלוציע“ [1],— האָט געשריבן מאַרקס. די נאָענטסטע צוקונפֿט האָט באַװיזן, אַז מאַרקס איז דאָ געװען פֿולשטענדיק גערעכט.

דער אופשטאַנד פֿון 1860 י. אין דאָרעמ־טײל איטאַליע.

אין אַפּרעל 1860 י. איז אין סיציליע אױסגעבראָכן א פּױערשער אופֿשטאַנד. די פּױערים זײַנען דאָ געװען פּערזענלעך פֿרײַ, זײ זײַנען אָבער ניט געװען קײן ערד-אײגנטימער, זײ האָבן אַרענדירט ערד-באַצירקן בא די גרױסע ערדבאַזיצער (באַראָנען). די פּױערים האָבן דאָ קולטיװירט די באַרימטע סיצילישע װײץ, פֿײַנסטע מאַראַנצן און אַנדערע פּרוכטן; אַלײן אָבער האָבן זײ זיך א קײַלעכיק יאָר גענערט אױסשליסלעך מיט באָב, װײַל זײ זײַנען געװען געצװוּנגען די גאַנצע האכנאָסע זײערע אָפּצוגעבן די באַראָנען, די ערד-אײגנטימער און די קיניגלעכע שטײַערן־אופֿמאָנער. װען גאַריבאַלדי האָט זיך דערװוּסט װעגן דער באַװעגונג אין סיציליע, האָט ער אָנגעהױבן פֿאָרמירן אן אָטריאַד, קעדײ צו העלפֿן דעם דאָרעם.

גאַריבאַלדיס „טױזנט“.

גאַריבאַלדי האָט צונױפֿגעזאַמלט ניט קײן גרױסע אַרמײ, סאַכאַקל עטװאָס מער פֿון טױזנט װאָלאָנטערן (די דאָזיקע װאָלאָנטערן האָבן געטראָגן רױטע העמדלעך, דערפֿון שטאַמט דער נאָמען „טױזנט רױטהעמדלדיקע“) און האָט בעסאָד-סױדעס זיך אָװעקגעלאָזט מיט זײַן עקספּעדיציע פֿון גענוע אױף צװײ שיפֿן. מיט דער דאָזיקער עקספּעדיציע האָט ער זיך דעם 11 מײַ 1860 י. אַרױסגעזעצט אױפֿן עקסטן דאָרעם-פּונקט פֿון סיציליע, אינעם האַפֿן מאַרסאַלאַ. דאָרט האָבן די פֿאָלקס-מאַסן באַגעגנט גאַריבאַלדין אַלס דעם אױסלײזער פֿונעם פֿאָלק פֿון אונטער דער טיראַניע פֿון די בורבאָנען. פֿון אַלע זײַטן האָבן געשטראָמט אַהער װאָלאָנטערן און זיך געשטעלט אונטער זײַן פֿאָן.

[1] מאַרקס און ענגעלס, װערק, ב. XI, ט. II, ז. 230.

פון גרינוויטש 8 12 16

עסטרייכישע אימפעריע
שווייץ
זשענעווער אז.
דראווא
פראנקרייך
טריענט
מאדזשענטא
מילאן
טוריז
ווילאפראנקא
סאלפערינא
ווענעציע
טריעסט
סאווא
קראאטיע
באסניע
טערקישע אימפעריע
דאלמאציע
פארמא
מאדענא
פא
גענוע
ניצא
2
1
44
פלארענציע
טאסקאנא
ליגורישער ים
א-ל
עלבא
א-ל קארסיקא
(פראנצ.)
א-ל
קאפרערא
מענטאבא
רים
פויפסטלעכע געגנט
גאעטא
נעאפאל
קיניגרייך
ברינדיזי
פון ביידע סיציליעס
40
א-ל סארדיניע
טירענישער ים
"טויזנט" גאריבאלדיס
דער וועג פון
פאלערמא
מעסינא
רעדזשיא
קאלאטאפימי
מארסאלא
סיציליע
א-ל סיציליע
א-ל מאלטא
(בריט.)
36
מיטעלענדישער ים
אדריאטישער ים
44

פיעמאנט (סארדינישע קיניגרייך) און סאוואיע און ניצע

לאמבארדיע, וואס איז ווידער פאראייניקט געווארן מיט פיעמאנט אין 1859 י.

די טעריטאריע, וואס איז ווידער פאראייניקט געווארן מיט פיעמאנט אין 1860 י. אין דעם איטאליענישן קיניגרייך

1, 2 — 1. סאוואיע און 2. ניצע, וואס זיינען אפגעגאנגען פונעם סארדינישן קיניגרייך צו פראנקרייך אין 1860 י.

ווענעציאנער געביט, וואס איז געווען פאראייניקט צו עסטרייך פון 1815 י. ביז 1866 י.

מאסשטאב
100 0 100 200 קמ
12

איטאליע פון 1859 י. ביזן 1866 י.

אינ צוויי טעג ארומ האָבנ צו גאַריבאַלדיס אָטריאַד זיכ שוינ געהאַט פאַרייניקט 4 טויזנט אָרטיקע פויערימ. גאַריבאַלדי האָט זיכ באַוועגט פאָרויס מיט זײַנ אָט־ריאַד דורכ די בערג צו צאָפּנ־צו, אינ דער ריכטונג צו דער שטאָט קאַ־לאַטאַפימי. דאָ האָט גאַריבאַלדי באַגעגנט דאָס מיליטער פונעמ נעאַפּאָליטאַנישנ קיניג פראַנציסק דעמ II־טנ, וועלכער איז אַרופ אפנ טראָנ אינ 1859 י. נאָכנ טויט פונ זײַנ פאָטער — „דעמ קיניג די באָמבע", פערדינאַנד דעמ II־טנ.

אונטער א האָגל־פײַער האָבנ גאַריבאַלדיס וואָלאָנטערנ געקלעטערט אפנ שטײַלנ בארג־רוקנ, וואָס ליגט נאָענט צו קאַלאַטאַפימי.

וועגנ דער רומפולער שלאַכט, וואָס איז דאָ פאָרגעקומענ, האָט גאַריבאַלדי אַלײנ געשריבנ אינ זײַנע דערינערונגענ: „קאַלאַטאַפימי! ווענ איכ, א מענטש, וואָס האָט איבערגעלעבט הונדערט שלאַכטנ, וועל ליגנ אפנ טויט־בעט, וועל איכ דיכ דערמאָנענ מיט א שטאָלצנ שמייכל, ווײַל איכ ווייס ניט קיינ אנדער שלאַכט, וואָס זאָל זײַנ רומפולער פונ דיר. דער „טויזנט"־אָטריאַד, דער עכטער באַשי־צער פונעמ פאָלק, האָט מיט העלדישער פאַראַכטונג צומ טויט זיכ געוואָרפנ פונ איינ פּאָזיציע צו דער צווייטער קעגנ די געדונגענע סאָלדאַטנ פונ דער טיראַניע, וואָס האָבנ געשײַנט מיט זייער בונ־טער אוניפאָרמ אונ מיט די אַקסלבאַנטנ, אונ האָט זיי געצוווּנגענ צו מאַכנ די פּלייטע. ווי קאָנ איכ גאָר פאַרגעסנ אָט דאָס הײַפל יונגעלײַט, וועלכע האָבנ אויס מוירע, אז מע וועט מיכ פאַרוווּנדנ, מיכ אַרומגערינגלט, זיכ טוליענדיק איינער צומ צווייטנ, אונ געשאַפנ א ניט־דורכדרינגלעכע וואַנט".

באַלד נאָכ גאַריבאַלדיס זיג לעבנ קאַלאַטאַפימי איז אויסגעבראָכנ אנ אופ־שטאַנד פונ דער באַפעלקערונג קעגנ דעמ אָפּטרעטנדיקנ סוינע. אומעטומ האָבנ זיכ צונויפגעזאַמלט באַוואָפנטע אָטריאַדנ, וואָס פלעגנ צושטיינ צו גאַריבאַלדיס „טויזנט". אינ אויגוסט איז גאַריבאַלדי שוינ געשטאַנענ בעראָש פונ 25 טויזנט אופשטענדלער אונ מיט דעמ דאָזיקנ מיליטער האָט ער צעקלאַפּט די אַרמיי פונ די נעאַפּאָליטאַנער בורבאָנענ, אנ אַרמיי פונ 150 טויזנט מאַנ. גאַריבאַלדיס נאָמענ איז געוואָרנ אזוי פּאָפּולער צווישנ די פאָלקס־מאַסנ פונ דאָרעמ־איטאַליע, אז גאַנצע פאָלקנ פונעמ קיניגלעכנ מיליטער האָבנ באַמ באַגעגענענ זיכ מיט דעמ „טויזנט" געשריִענ: „וויוואַ גאַריבאַלדי" (זאָל לעבנ גאַריבאַלדי!) אונ זײַנענ אַריבערגעגאַנ־גענ אפנ צאַד פונ דער פאָלקס־רעוואָליוציע.

גאַריבאַלדיס זיג אינ דאָרעמ־טײל איטאַליע.

גאַריבאַלדי האָט צעקלאַפּט דאָס מיליטער פונ פראַנציסק דעמ II־טנ אונ איז אַרײַנגעפאָרנ אינ נעאַפּאָל. די מאַסנ האָבנ אימ באַגריסט. געשטאַנענ בעראָש פונ דער זיגרײַ־כער פאָלקס־רעוואָליוציע, האָט גאַריבאַלדי זיכ אויסגעצייכנט אַלס מוטיקער טאַ־לאַנטפולער קריגס־פירער. גאַריבאַלדיס דערפאָלגנ האָט ענגעלס דערקלערט מיט דער דרייסטער רעוואָליוציאָנערער טאַקטיק אונ אויכ דערמיט, וואָס ער איז גע־ווענ פאַרבונדנ מיט די אופגעשטאַנענע מאַסנ. גאַריבאַלדי האָט באַוויזנ, אז ער קאָנ אָנפירנ מיט קאָמפּליצירטע אונ שווערע קריגס־אָפּעראַציעס.

פאַקטיש זײַנענ די גרונט־געגנטנ פונ איטאַליע אַצינד געווענ פאַרייניקט דורכ דער פאָלקס־רעוואָליוציע, „פונ אונטנ". די רעוואָליוציאָנערע ווידערפאַרייניקונג פונ איטאַליע האָט מענ אָבער ניט דערפירט ביזנ סאָפ, כאָטש דאָס איז מעגלעכ געווענ.

פאַרנומענ נעאַפּאָל, איז גאַריבאַלדי געוואָרנ דיקטאַטאָר פונעמ דאָרעמ־טײל פונעמ לאַנד. ער האָט דאָ אײַנגעשטעלט אונ פאַרפעסטיקט די רעוואָליוציאָנער־דעמאָקראַטישע דיקטאַטור אונ האָט אזויאַרומ געהאַט די מעגלעכקײַט אַריבערצו־

וואַרפֿן דאָס מיליטער אין אַנדערע געגנטן פֿון איטאַליע, קעדיי צו פֿאַר־ענדיקן די פֿאַרייניקונג פֿון לאַנד אָפּ אַ רעוואָליוציאָנערן אופֿן. אָבער דער קליינבירגערלעכער רעוואָליוציאָנער גאַריבאַלדי האָט ניט באַוויזן אַרײַנצוציִען אין דער באַוועגונג די ברייטע מאַסן פֿויערטום און זיך שטעלן בעראָש פֿונעם קאַמף קעגן די גוטבאַזיצער. אין דער זעלבער צײַט האָט קאַוור געפּאָדערט, אַז נעאַפּאָל זאָל אָנערקענען די מאַכט פֿונעם סאַרדינישן קיניג וויקטאָר־עמאַנויִל. אין אָט דעם פּאַראַנטוואָרטלעכן מאָמענט האָט גאַריבאַלדי ניט אַרויסגעוויזן קיין ווײַטזיכטיקייט און אַנטשלאָסנקייט. ער האָט צוגעשטימט דערצו, אַז דאָס סאַרדינישע מיליטער זאָל פֿאַרנעמען נעאַפּאָל. דעם 21 אָקטיאַבער 1860 י. האָט די פּיעמאָנטער רעגירונג דורכגעפֿירט אַ פֿאָלקס־אָפּשטימונג; נאָך דער דאָזיקער אָפּשטימונג, וואָס איז דורכגעמאַכט געוואָרן אונטערן שטאַרקן דרוק פֿון דער רעגירונג, איז דאָרעם־איטאַליע אָנגעשלאָסן געוואָרן צו פּיעמאָנט.



גאַריבאַלדי — פֿון אַ פֿאָטאָגראַפֿיע פֿון 1864 י.

גאַריבאַלדי האָט אַליין זיך אָפּגעזאָגט פֿון זײַנע דיקטאַטאָרישע פֿולמאַכטן און האָט איבערגעגעבן די מאַכט וויקטאָר־עמאַנויִלן, ווען ער האָט באַגלייט בייסן פֿײַערלעכן אַרײַנפֿאָר אין נעאַפּאָל (דעם 6 נאָיאַבער 1860 י.). גאַריבאַלדי איז געפֿאָרן אָפּן פֿערד זײַט בײַ זײַט מיט וויקטאָר־עמאַנויִלן און געשריִען: „זאָל לעבן דער קיניג!"

נאָך דעם, ווי נעאַפּאָל און סיציליע זײַנען אָנגעשלאָסן געוואָרן צו פּיעמאָנט, זײַנען אין דאָרעם־איטאַליע אויסגעבראָכן פֿויערשע מאַסן־אופֿשטאַנדן קעגן די גוטבאַזיצער. דאָס פּיעמאָנטער מיליטער האָט אכזאָריעסדיק דערשטיקט די דאָזיקע אופֿשטאַנדן, אונטערצינדנדיק דערבײַ גאַנצע דערפֿער. אַלע פֿויערים, וואָס מע האָט געכאַפּט מיטן געווער אין די הענט, האָט מען דערשאָסן. אין איינעם פֿון זײַנע באַפֿעלן האָט דער גענעראַל פֿינעלי אַפֿילע דערקלערט: „אַרויסווײַזן גנאָד צו אַזאַ סוינע הייסט באַגיין אַ פֿאַרברעכן. מיט פֿײַער און שווערד וועלן מיר כאָרעוו מאַכן די דאָזיקע געגנטן".

אָט אַזוי האָט די איטאַליענישע בורזשואַזיע „באַדאַנקט" די פֿויערים, וועלכע האָבן איר מיטגעהאָלפֿן ווידערפֿאַרייניקן דאָס לאַנד.

פון גרינוויטש
8
12
16
עסטרייך - אונגארן
שווייץ
פראנקרייך
דראווא
סלאוואניע
טריענט
טריעסט
ווענעציע
קראאטיע
סאווא
באסניע
טערקישע אימפעריע
טורין
פא
44
פלארענציע
ליגורישער ים
אדריאטישער ים
אל עלבא
אל קארסיקא (פר.)
אל קאפרערא
טיבר
רוים
מענטאנא
נעאפאל
40
אל סארדיניע
טירענישער ים
בערג אספראמאנטע
אל סיציליע
36
אל מאלטא (בריט.)
מיטללענדישער ים

קיניגרייך איטאליע אין 1861 - 1865 יי.

ווענעציאנער געב ט., וואס איז פאראייניקט געווארן צו איטאליע אין 1866 י.

פויפסטלעכע באזיצן, וואס זיינען פאראייניקט געווארן צו איטאליע אין 1870 י.

מאסשטאב

100 0 100 200 קמ.

איטאליע פון 1866 י. ביזן 1870 י.

אין 1861 י. איז פּיעמאָנט מיט די אָנגעשלאָסענע צו אים געגנטן פּראָקלאַמירט געוואָרן (אין טורין) אלס איטאַליעניש קיניגרײַך. פריִער האָט פּיעמאָנט פאַרמאָגט א באַפעלקערונג פון 5 מיליאָן מענטשן; איצט האָט דער קיניג וויקטאָר־עמאַנויִל דער II רעגירט איבער א קיניגרײַך מיט א באַפעלקערונג פון 22 מיליאָן. אין 3 כאַדאָשים אַרום נאָכן טורינער פּאַרלאַמענט איז קאַוור פון א צופעליקער פאַרקילונג געשטאָרבן און האָט אַזויאַרום ניט דערלעבט ביזן סאָף פון דער ווידערפאַראייניקונג פונעם לאַנד. אָבער נאָך ניט גאַנצ איטאַליע איז געווען פאַראייניקט.

די אויסבילדונג פונעם איטאַליענישן קיניגרײַך (1861 י.).

ווענעציע איז געבליבן אונטער עסטרײַכס יאָך, און אין דער פּויפּסטלעכער געגנט, וואָס געפינט זיך בישכיינעס מיט ווענעציע, איז פאַרבליבן די מאַכט פונעם פּויפּסט; עמעס, דער פּויפּסט האָט פאַרלאָרן צוויי דריטל פון זײַנע פריִערדיקע באַזיצן. דאָס, וואָס איז אים פאַרבליבן, און, דעריקער, רוים, האָט דער פּויפּסט געהאַלטן אין זײַנע הענט, אָנשפּאַרנדיק זיך אויף פראַנצויזישן מיליטער, וואָס נאַפּאָלעאָן דער III האָט אים צוגעשיקט.

אין 1862 י. האָט גאַריבאַלדי געמאַכט א פּרוּוו אײַנצונעמען רוים. קיין שטיצע פון וויקטאָר־עמאַנויִלן האָט ער ניט באַקומען, האָט ער אויף זײַן אייגענער ריזיקע צונויפגעזאַמלט צוויי טויזנט פרײַוויליקע סאָלדאַטן, זיך אַרויסגעזעצט מיטן אָטריאַד אין קאַלאַבריע און אונטערן לאָזונג „רוים אָדער טויט" זיך א לאָז געטאָן מיט זיי אויף דער אַלטער הויפּטשטאָט פון איטאַליע. אויפן וועג, באַם באַרג אַספּראָמאָנטע, האָט אים אָפּגעשטעלט וויקטאָר־עמאַנויִלס מיליטער. אינעם צוזאַמענשטויס מיטן קיניגלעכן מיליטער האָט מען גאַריבאַלדין פאַרוווּנדעט. א פאַרוווּנדעטן האָט מען אים פאַרשיקט אויפן קליינעם אינדזל קאַפּרערא.

גאַריבאַלדי און רוים.

אין 1866 י. איז פּרײַסן אָנגעפאַלן אויף עסטרײַך; די איטאַליענישע רעגירונג איז אין דער דאָזיקער מילכאָמע צוגעשטאַנען צו פּרײַסן. גאַריבאַלדיס קריגס־טאַלאַנט און רעוואָליוציאָנערער ענטוזיאַזם האָט מען ווידער אויסגענוצט. גאַריבאַלדי האָט פאַרגעסן אָן די אַלטע באַליידיקונגען, האָט צונויפגעזאַמלט א קאָרפּוס וואָלאָנטערן און האָט זיך מיט דערפאָלג געשלאָגן קעגן די עסטרײַכער. כאָטש דאָס רעגולערע מיליטער האָט אין דער דאָזיקער מילכאָמע געליטן איין מאַפּאָלע נאָך דער צווייטער, אָבער דעם אויסגאַנג פון דער מילכאָמע האָט געלייזט דאָס, וואָס דאָס פּרײַסישע מיליטער האָט צעגראַמירט עסטרײַך, און צווישן אַנדערע שאָלעמבאַדינגונגען האָט עסטרײַך זיך געמוזט אָפּזאָגן פון ווענעציע. ווענעציע האָט מען איצט אָנגעשלאָסן צו איטאַליע (1866 י.). ניט אָנגעשלאָסן איז פאַרבליבן די פּויפּסטלעכע געגנט.

אין אָקטיאַבער 1867 י. איז דער אומדערמידלעכער גאַריבאַלדי מיט אן אָטריאַד וואָלאָנטערן ווידער אַריבערגעגאַנגען די גרענעצ פון דער פּויפּסטלעכער געגנט. דעם 3 נאָיאַבער האָט גאַריבאַלדי באַם דאָרף מענטאַנע זיך באַגעגנט מיטן פראַנצויזישן מיליטער און מיטן שווייצישן געדונגענעם מיליטער, וועלכע האָבן פאַרטיידיקט דעם פּויפּסט. גאַריבאַלדיס אָטריאַד איז צעקלאַפּט געוואָרן אין דער אָנוועזנהײַט פונעם איטאַליענישן קיניגלעכן מיליטער, וואָס האָט זיך אין דער שלאַכט ניט באַטייליקט.

„אין נאָמען פון דער פראנצויזישער רעגירונג דערקלערן מיר: איטאליע וועט קיינמאָל ניט האָבן צו הערשן איבער רוים, — האָט גלייך נאָך דער שלאכט בא מענטאנע געזאָגט דער אָנפירער פון דער פראנצויזישער רעגירונג רוע, — אויב איטאליע וועט גיין אפ רוים, וועט זי אפ איר וועג זיך באגעגענען מיט פראנקרייך".



דער פויפסט פי דער IX — פון א פאָטאָגראפיע.

> די ווידערפאראייניקונג פון איטאליע ווערט פארענדיקט.

נאָך דעם, ווי ס'איז צעגראָמירט געוואָרן עסטרייך — דער ערשטער דוירעס-לאנגער סוינע פון דער נאציאָנאלער איינהייט פון איטאליע, זיינען פאַריבער סאכאקל דריי יאָר, און ס'איז צעגראָמירט געוואָרן אויך דער צווייטער סוינע פון איטאליע — פראנקרייך. דאָס האָט אויסגענוצט וויקטאָר-עמאנויל, און דעם 20 סענטיאבער 1870 י. האָט דאָס קיניגלעכע מיליטער נאָך א קליינעם צוזאמענשטויס פארנומען רוים. דער פויפסט פי דער IX איז אוועק צו זיך אין וואטיקאן (א קווארטאל אין רוים מיט א באפעלקערונג פון עטלעכע הונדערט מאן, דאָרט געפינט זיך דער פאלאץ פונעם פויפסט); בא אים איז פארבליבן די פאָליטישע מאכט בלויז איבער די גייסטלעכע פונעם וואטיקאן.

אלס פראָטעסט קעגן דעם, וואָס מע האָט בא אים אָפגענומען אלע פריער-דיקע באזיצן, האָט דער פויפסט דערקלערט, אז ער און זיינע נאָכפאָלגער וועלן קיינמאָל ניט ארויסגיין אויסער די גרענעצן פונעם וואטיקאן. אופגעבראכט פון אזא מין באליידיקן דעם „הייליקן פאָטער", האָבן די קאטוילן אָנגעהויבן רופן דעם פויפסט „וואטיקאנער געפאנגענער".

„מיר זיינען געקומען קיין רוים און וועלן דאָרט בלייבן", — האָט דערקלערט וויקטאָר-עמאנויל. רוים איז געוואָרן די הויפטשטאָט פונעם איטאליענישן קיניגרייך.

אזוי האָט זיך פארענדיקט די ווידערפאראייניקונג פון איטאליע. אָנגעהויבן האָט זי זיך, די ווידערפאראייניקונג, „פון אונטן", אפ א רעוואָליוציאָנערן אופן. אָבער די פרוכטן פון גאריבאלדיס ניצחוינעס האָבן די סארדינישע בורזשואזיע און די סאוואָיער דינאסטיע אויסגענוצט אפ צו פארענדיקן די ווידערפאראייניקונג „פון אויבן".

די ווידערפאראייניקונג פון איטאליע אונטער דער אָנפירונג פון די גוטבאזי-צער און דער בורזשואזיע איז געווען ניט קיין פולע. די שטעט טריעסט און טריענט מיט די געגנטן, וואָס ליגן ארום זיי, זיינען פארבליבן אין עסטרייכס רעשוס.

פארבליבן אונטער דער מאכט פון די גוטבאזיצער, האָט איטאליע זיך אנט-וויקלט לאנגזאם; אין א באזונדערס שווערער לאגע זיינען געווען די ארבעטער און די פויערים.

# די ווידערפאַרייניקונג פון דײַטשלאַנד.

## די באַוועגונג פאַר ווידערפאַרייניקונג אין די 50־ער און אָנהייב 60־ער יאָרן.

די מעלוכע=אָרדענונג פון פּרײַסן נאָך דער רעוואָליוציע פון 1848 י.

„אין 1848 י., — ווי ס׳האָט זיך איינמאָל אַליין מוידע געווען דער פּרײַסישער קיניג פרידריך-ווילהעלם דער IV, — האָט מען אונדז שיר ניט געצוווּנגען זיך שטעלן אַף די קני״. אין די 50-ער יאָרן איז די לאַגע געווען אַנדערש. די רעאַקציע האָט געזיגט, די מאַכט איז פאַרבליבן בא די פּרײַסישע גוטבאַזיצער. דער קיניג האָט אָבער מוירע געהאַט, עס זאָל זיך ניט איבערכאַזערן אַ נײַע רעוואָליוציע, האָט ער דעריבער אײַנגעהיט אין פּרײַסן די קאָנסטיטוציע.

דער נײַער וואַל-געזעץ פון 1849 י. (ער איז אין גרונט געווען גילטיק ביזן 1918 י. אײַנגעשלאָסן) האָט אײַנגעפירט, אַז די וואַלן אין דער פאַרטרעטער-פּאַלאַטע זײַנען אָפענע און צווייסטופּיקע. אַלע ווײלער זײַנען פאַרטײלט געוואָרן אין 3 גרופּעס (אָדער „קלאַסן״), אָפּהענגיק פון די שטײַערן, וואָס זיי צאָלן. צום ערשטן קלאַס האָבן געהערט 153 טויזנט ווײלער — די גרעסערע שטײַערן-צאָלער, צום צווייטן — 409 טויזנט מיטעלע שטײַערן-צאָלער און צום דריטן — 2651 טויזנט קליינע שטײַערן-צאָלער. יעדע פון די דאָזיקע גרופּעס האָט אָנגעמערקט אַ גלײַכע צאָל ווײלער, וועלכע האָבן געוויילט דעפּוטאַטן. ס׳איז פאַרשטענדלעך, אַז בא אַזאַ וואַל-סיסטעם האָבן די פאָרשטייער פון די ערשטע צוויי „קלאַסן״, וואָס האָבן געהאַט צוויי מאָל אַזויפיל שטימען, איידער די פאָרשטייער פונעם דריטן „קלאַס״, געקאָנט אויסוויילן פון צווישן זיך ניט ווייניקער פון צוויי דריטל דעפּוטאַטן פון דער אונטערשטער פּאַלאַטע.

די „אויבערשטע פּאַלאַטע״ אָדער די „הערן-פּאַלאַטע״ איז לויטן געזעץ פון 1854 י. באַשטאַנען פון קיניגלעכע פּרינצן און פון פאָרשטייער פון די אַריסטאָקראַטישע אַדל-מישפּאָכעס, — די דאָזיקע פאָרשטייער האָט באַשטימט דער קיניג.

אין 1850 י. האָט פּרײַסן געמאַכט אַ פּרווו צו פאַרייניקן די מעלוכעס פון צאָפן־דײַטשלאַנד און האָט זיך געשטעלט אין שפּיץ פונעם פאַרבאַנד פון 21 מעלוכעס. עסטרײַך איז אַרויסגעטראָטן קעגן דעם און האָט מיט ניקאָלײַ דעם I-טנס הילף זיך דערשלאָגן, אַז עס זאָל אָפּגעשטעלט ווערן דער דײַטשישער פאַרבאַנד, וואָס האָט געהאַט אויפגעהערט צו עקזיסטירן בײַם דער רעוואָליוציע.

די פּויערשע רעפאָרם פון 1850 י. די אַנטוויקלונג פונעם קאַפּיטאַליזם אין דער לאַנדווירטשאַפט.

אַ וויכטיקע פראַגע, וואָס איז געבליבן ניט געלייזט דורך דער רעוואָליוציע — איז געווען די פּויערשע פראַגע. לויטן געזעץ פון 2 מאַרט 1850 י. וועגן רעגולירן די באַציִונגען צווישן די גוטבאַזיצער און די פּויערים, זײַנען אָפּגעשאַפן געוואָרן אָן שום קאָמפּענסאַציע צוויי צענדליק צווייטראַנגיקע פּויערשע פליכטן, וואָס זײַנען נאָך ערגעצווו פאַרבליבן. אַלע וויפל-ניט-איז האַכנאָסעדיקע פעאָדאַלע פליכטן, דערונטער אַלע מינים פאַנשטשינע, האָבן אָבער די פּויערים געמוזט אויסקויפן.

אָפּן סמאַך פון אָט דעם געזעץ פון 1850 י. האָבן בלויז די פּויערים, וואָס

האָבנ געלעבט מיזרעכ-צו פונעם טײַכ עלבע, באצאָלט די יונקערס אינ פארלויפ פונ 50 יאָר בא א מיליארד מארק.

דער „רעגלאמענט וועגנ די באטראקעס", וואָס איז ארויס אינ 1854 י., האָט פעסטגעשטעלט, אז די באטראקעס, וועלכע פרוּוונ זיכ מאכנ א שטרײַק, ווערנ באשטראָפט מיט טפיסע. די פרײַסישע יונקערס האָבנ געהאט זייער אייגענע פאָליציי און האָבנ לויטנ אייגענעם ווילקיר געקענט ארײַנזעצנ דעם פויער אינ טורמע.

נאָכ דער מאפאָלע פונ דער רעוואָליוציע פונ 1848 י. האָט דאָס דײַטשישע יונקערטום באקומענ באדײַטנדיקע געלט-מיטלענ פונ די פויערימ, וועלכע האָבנ אויסגעקויפט זייערע פליכטנ און די ערד. אינ צוזאמענהאנג מיטנ שנעלנ וווּקס פונ דער אינדוסטריע און פונ די שטעט זײַנענ געשטיגנ די פרײַזנ אפ טוווע. דאָס האָט פארלײַכטערט די פרײַסישע גוטבאזיצער דעם אריבערגאנג צו דער קאפיטאליסטישער ווירטשאפט און דאָס אָנווענדנ לוינ-ארבעט און מאשינעס. אפנ אלגעמיינעם פאָנ פונ לאנגזאמער און פײַנלעכער רוינירונג פונ דעם פאראָרעמטנ פויערטום, אפנ פאָנ פונ דער רעכטלאָזיקײַט פונ די באטראקעס האָט זיכ גענומענ אויסבילדנ א שיכט „גראָסבאוערנ"—באלעגופימ.

די גרונט-מאסנ פונעם פרײַסישנ פויערטום זײַנענ לאנגזאמ רויִנירט געוואָרנ, זײַנענ פארורטיילט געוואָרנ אפ צענדליקער יאָרנ פײַנפולער עקספלואטאציע און קנעכטשאפט.

די אנטוויקלונג פונ דער אינדוסטריע.

נאָכנ 1848 י. הייבט זיכ אָנ אינ פרײַסנ און אינ אנדערע דײַטשישע מעלוכעס שנעל צו אנטוויקלענ די גרויס-אינדוסטריע. דעם טאמאָזשנע-פארבאנד האָט מענ אופגעשטעלט און פארברייטערט.

אינ די דײַטשישע מעלוכעס, דעריקער אינ פרײַסנ און זאקסנ, הייבט זיכ די אינדוסטריעלע איבערקערעניש אָנ ערשט נאָכ דער רעוואָליוציע פונ 1848 י. די צײַט פונ 1849 ביזנ 1859 י. איז פאר דײַטשלאנד געווענ א פעריאָד פונ באדײַטנדיקנ עקאָנאָמישנ אופשטײַג. אינ פארלויפ פונ אָט דער צײַט האָט זיכ דײַטשלאנד, ווי מארקס האָט געשריבנ, „...אזוי צו זאָגנ, פארוואנדלט פונ אנ אגראר-לאנד אינ אנ אינדוסטריעל לאנד"[1].

ביזנ 1848 י. איז דער וואָל-ארויספיר פונ דײַטשלאנד קיינ ענגלאנד, פראנקרײַכ און אנדערע לענדער געווענ איינער פונ די וויכטיקסטע ארטיקלענ פונעם דײַטשישנ עקספּאָרט. אינ 1859 י. האָט שוינ דײַטשישע וואָל קוימ געקלעקט פאר די אייגענע פאבריקנ. וועגנ דעמ שנעלנ וווּקס פונ די שטעט זאָגט איידעס אפילע דער פאקט, וואָס פאר די דאָזיקע 10 יאָר האָט זיכ די צאָל ארבעטער אינ דײַטשלאנד פארגרעסערט פונ 50 טויזנט ביז 180 טויזנט.

איצט איז נאָכ מער, איידער אינ 1848 י., די הויפט-שטערונג פאר דער ווײַטערדיקער אנטוויקלונג פונעם קאפיטאליזמ אינ דײַטשלאנד געווענ די פאָליטישע צעברעקלטקײַט פונעם לאנד.

„...די נאציאָנאלע פראגע פונ דער פ ו ל ש ט ע נ ד י ק זיכ באפעסטיקטער בורזשואזער אנטוויקלונג פונ דײַטשלאנד איז געווענ די פארייניקונג אדג. אָבער ניט די אגראר-פראגע..."[2] — האָט געשריבנ

---

[1] מ א ר ק ס און ע נ ג ע ל ס, ווערק, ב. XI, ט. II, ז. 175.

[2] ל ע נ י נ, ווערק, ב. XIV, ז. 214.

לעניג. „אפ דער ריי איז געשטאנענ די פראגע וועגנ פאראייניקנ דײַטשלאנד. די דאָזיקע פאראייניקונג האָט געקענט בא דער דעמלטיקער קלאסנ־פארהעלטעניש פאָרקומענ אפ א צווייערלייִיקנ אופנ: אָדער דורכ א רעוואָליוציע, מיט וועלכער עס פירט אָנ דער פראָלעטאריאט אונ וועלכע שאפט אנ אלדײַטשישע רעפובליק, אָדער דורכ די דינאסטישע מילכאָמעס פונ פרײַסנ, וואָס פארפעסטיקנ אינעם פאראייניקטנ דײַטשלאנד די העגעמאָניע פונ די פרײַסישע גוטבאזיצער"[1].

**דער קאָנסטיטוציאָנעלער קאָנפליקט.**

די לעצטע יאָרנ פונ זײַנ לעבנ איז דער קיניג פרידריכ־ווילהעלם דער IV געוואָרנ כאָסערדייע; אינ 1861 י. איז ער געשטאָרבנ. דער טראָנ איז אריבער צו זײַנ ברודער ווילהעלם דעם I־טנ.

ווילהעלם דער I האָט פארגרעסערט די ארמיי אונ האָט זי אָנגעהויבנ איבערצובאוואָפענענ. די פארטרעטער־פאלאטע איז געווענ אומצופרידנ פונ דער דאָזיקער רעפאָרם, מאכמעס דאָס האָט פארשטארקט די ארמיי, וועלכע איז געווענ א געצײַג אינ די הענט פונ דער פעאָדאלער קליקע; באזונדערס אומצופרידנ איז זי געווענ דערמיט, וואָס רעאָרגאניזירנ די ארמיי האָט מענ באופטראָגט דעם עקסטרעמענ רעאקציאָנער פאָנ־ראָאָנ. דעריבער האָט די פארטרעטער־פאלאטע זיכ אָפגעזאָגט צו געבנ קרעדיטנ אפ דער רעפאָרם. דאנ האָט ווילהעלם דער I באשטימט צו רעגירנ, ניט רעכענענדיק זיכ מיטנ פארלאמענט, אונ האָט גערופנ צו דער מאכט ביסמארקנ.

ביסמארק האָט געשפּילט א גרויסע ראָליע אינעם פּאָליטישנ לעבנ פונ דײַטשלאנד אונ האָט אינ א צײַט ארום באקומענ דעם טיטל גראפ אונ פירשט.

אָטאָ פאָנ־ביסמארק (1815—1898) איז געווענ א גרויסער פּאָליטישער טוער, גאָר אנ אָנגעזעענער דיפלאָמאט, אנ אקטיווער פארטיידיקער פונ די אינטערעסנ פונ די פרײַסישע גוטבאזיצער די יונקערס אונ א פארביסענער סוינע פונ די ארבעטער אונ פויערים. געשטאמט האָט ער פונ אנ אלטער אדל־מישפּאָכע. די קינדהײַט האָט ער פארבראכט אינעם שלאָס שענהאוזענ (באם טײַכ עלבע), אינעם גוט פונ זײַנ פאָטער. דאָרט האָט ער אויכ פארענדיקט די גימנאזיע אונ דעם אוניווערסיטעט, ווו ער האָט געהאט 27 דועלנ מיט די בורשנ[2].

נאָכנ פארענדיקנ דעם אוניווערסיטעט האָט ביסמארק פארוואלטעט מיט זײַנע גיטער. ער איז געווענ א מענטש פונ ריזנ־וווקס, מיט א ניט־געצוימטנ אקשאָנעסדיקנ כאראקטער, האָט פארמאָגט א פראקטישנ סייכל, פלעגט זיכ ברוטאל באגײַנ מיט די פויערים אונ האָט זיכ ניט אָפגעשטעלט פאר קיינ שום מיטל אפ צו דערגרייכנ זײַנ ציל. בײַס די געשעענישנ אינ מארט 1848 י. האָט ביסמארק געמאכט א פרווו צו באוואָפענענ די פויערים, קעדיי צו גײַנ מיט זיי קיינ בערלינ „ארויסהעלפנ דעם קיניג".

אינ די יאָרנ 1848—1849 איז ביסמארק געווענ א פארביסענער קאָנסערוואטאָר אונ האָט זיכ מאמעש איזדיעקעוועט איבער דער ליבעראלער פּלאפּלערײַ פונעם פראנקפורטער פארלאמענט. דער קיניג האָט געווענדט זײַנ אופמערקזאמקײַט אפ ביסמארקנ, וואָס איז געווענ איינער פונ די רעדלפירער פונ דער פעאָדאלער פארטיי. צוערשט האָט ער אימ באשטימט אלס פאָרשטייער פונ פרײַסנ אינ פראנק־

[1] לעני נ, ווערק, ב. XVI, ז. 547.

[2] בורש — א סטודענט פונ עלטערנ קורס, א מיטגליד פונ דער סטודענטישער קאָרפּאָראציע.

פורטער אימפעריִשן סיים, דערנאָך אַלס געזאַנדטן אין רוסלאַנד, ווו ער (ביס־מאַרק) איז געוואָרן דעם צאַר אַלעקסאַנדער דעם II-טנס פערזענלעכער פריַינט.

פאַר דער וויכטיקסטער אויפגאַבע האָט ביסמאַרק געהאַלטן דאָס ווידערפאַריי־ניקן דיַיטשלאַנד אונטער דער אויבערהאַנט פון פּריַיסן. דערביַי האָט ביסמאַרק גע־רעכנט, אַז דורך אַ מילכאָמע מיט עסטריַיך און פראַנקריַיך דאַרף מען פאַרניכטן זייער ווידערשטאַנד, מע דאַרף דערשטיקן די דעמאָקראַטישע באַוועגונג, וואָס האָט זינט די יאָרן 1848—1849 נאָך אַלץ געשטרעבט צו ווידערפאַרייניקן דיַיטשלאַנד אַפּ אַ רעוואָליוציאָנערן אופן.

„גרויסע פראַגן פון דער עפּאָכע ווערן געלייזט ניט דורך רעדעס און ניט דורך קיין אָפּשטימונג פון דער מערהייַט, — האָט ביסמאַרק דערקלערט אינעם לאַנד־טאַג אין 1862 י., — נאָר מיט אייַזן און בלוט. ניט אַפּ פּריַיסנס ליבעראַליזם קוקט דיַיטשלאַנד, נאָר אַפּ זיַין באַוואָפענונג".

נאָך ביסמאַרקס קומען צו דער מאַכט איז וויַיטער אָנגעגאַנגען דער קאָנפליקט צווישן דער קיניגלעכער רעגירונג, וועלכע עס האָט פאָרגעשטעלט ביסמאַרק, און דער פּאַלאַטע. אַלס ענטפער אַפּ די קאַטעגאָרישע פאָדערונגען פון דער פאַרטרע־טער-פּאַלאַטע, ער זאָל אַרויס אין דעמיסיע, האָט ביסמאַרק געקלאַפּט מיט דעם פויסט איבערן טיש און געשריִען: „באַ אונדז איז ניט ענגלאַנד, און מיר, מי־ניסטאָרן, זיַינען די דינער פונעם קיניג, ניט פונעם פאָלק, ניט אייַערע דינער!" און ער האָט פאָרגעזעצט זיַין פּאָליטיק — די מיליטערישע און דיפּלאָמאַטישע צו־גרייטונג צום ווידערפאַרייניקן דיַיטשלאַנד אונטער דער אויבערהאַנט פון פּריַיסן. אין זיַין וויַיטערדיקער פּאָליטישער טעטיקייַט האָט זיך ביסמאַרק אָנגעשפּאַרט אַפּן בלאָק פון די יונקערס און פונעם גרויס-קאַפּיטאַל.

## דער אַרבעטער־קלאַס פון דיַיטשלאַנד אינעם פעריאָד פון ווידערפאַרייניקונג.

צום אָנהייב פון די 60-ער יאָרן האָבן די אַרבעטער-אָרגאַניזאַציעס פון דיַיטש־לאַנד זיך געפונען אונטער דער אָנפירונג פון דער פּראָגרעסיווער בורזשואַזיע אָדער פונעם קלער (פונעם ליטעראַנישן אָדער קאַטוילישן).

אין צוזאַמענהאַנג מיט דער פאַרייניקונגס-באַוועגונג אין איטאַליע, איז אין 1860 י. אויך אין דיַיטשלאַנד געוואָרן צו באַמערקן אַן אַלגעמיינעם אופשטייַג פו־נעם פּאָליטישן לעבן. אין דעם דאָזיקן פעריאָד האָט זיך אויך פאַרשטאַרקט די טעטיקייַט פון די אַרבעטערישע אופקלערונגס-געזעלשאַפטן, ווו מע פלעגט אָפט באַהאַנדלען פּאָליטישע פראַגן.

אין 1861 י. איז אין לייַפּציג געגרינדעט געוואָרן דער אופקלערערישער אַר־בעטער-פאַרבאַנד, וואָס איז הויפּטזאַכלעך באַשטאַנען פון האַנטווערקער. אַפּ די זיצונגען פונעם פאַרבאַנד פלעגט בייַזיַין דער יונגער געזעל בעבעל, וואָס האָט שפּעטער געשפּילט אַן אָנגעזעענסטע ראָליע אין דער דיַיטשישער אַרבעטער-באַוועגונג.

א. בעבעל.

אווגוסט בעבעל (1840—1913) איז געווען אַ זון פון אַ פּריַיסישן סאָלדאַט. זיַינע עלטערן זיַינען געשטאָרבן, ווען ער איז נאָך געווען אַ קינד. געלערנט האָט ער זיך אין אַ שול פאַר אָרעמע קינדער. צו 14 יאָר איז ער אָנגעקומען פאַר אַ לערנייִנגל צו אַ האַנטווערקער


אווגוסט בעבעל.

א טאָקער. דער יונגער בעבעל האָט פאַרמאָגט א ווייסנדורשטיקן און פלינקן קאָפּ, ער האָט זיך באַמיט ווײַטער לערנען, נאָר דאָס איז אים שווער אָנגעקומען, ווײַל ער פלעגט באַקומען באַם באַלעבאָס נאָר דערנערונג, א דאַך איבערן קאָפּ און עטלעכע קאָפּיקעס א וואָך. דער יונגער בעבעל האָט פאָרגענומען א רײַזע איבער דאָרעם-דײַטשלאַנד, עסטרײַך און דער שווייץ. דאַן איז דאָס געווען א געוויינלעכע זאַך פאַר די האַנטווערקער-שילער. בײַס ער האָט געמאַכט די רײַזע (1858—1860), איז גראָד פאָרגעקומען דער איטאַליעניש-פראַנצויזיש-עסטרײַכישער קריג, די פאַרייניקונגס-באַוועגונג אין איטאַליע און דער אופשטײַג פון דער נאַציאָנאַל-געזעלשאַפטלעכער באַוועגונג אין דײַטשלאַנד.

די רײַזע האָט בעבעלן מיטגעהאָלפן צו פאַרברייטערן זײַן אינטעלעקטועלן האָריזאָנט און האָט דערוועקט בא אים אן אינטערעס צו פּאָליטישע פראַגן.

אומגעקערט זיך פון דער רײַזע, האָט דער יונגער בעבעל זיך גענומען באַטייליקן אין די אַרבעטערישע אופקלערונגס-אָרגאַניזאַציעס. די דאָזיקע געזעלשאַפטן האָט אָרגאַניזירט די ליבעראַלע בורזשואַזיע, קעדיי צו אַרונטערנעמען זיי אונטער איר אײַנפלוס און פאַרהאַלטן די אויסבילדונג פון זעלבשטענדיקע אַרבעטער-אָרגאַניזאַציעס.

דער „זאַקסישער פאַרבאַנד פון די אַרבעטער-געזעלשאַפטן“. וו. ליבקנעכט.

אין די יאָרן 1864—1867 ווערט בעבעל אן אָנגעזעענער טוער פונעם „זאַקסישן פאַרבאַנד פון די אַרבעטער-געזעלשאַפטן“, וואָס האָט פאַראייניקט 5 טויזנט מיטגלידער; גלײַכצײַטיק איז ער געווען מיטגליד פון דער קליינבירגערלעכער „פאָלקס-פּאַרטיי“, וועלכע האָט אָנגעפירט מיטן „זאַקסישן אַרבעטער-פאַרבאַנד“. אין דעם דאָזיקן פאַרבאַנד האָט געשפּילט אן אָנפירנדיקע ראָליע ווילהעלם ליבקנעכט (1826—1900), קאַרל ליבקנעכטס פאָטער.

וו. ליבקנעכט האָט זיך באַטייליקט אין דער רעוואָליוציע פון די יאָרן 1848—1849, באַזונדערס אינעם באַוואָפנטן אופשטאַנד אין באַדען אין 1849 י., בײַסן קאַמף פאַר דער אימפּערישער קאָנסטיטוציע. נאָכן אַרעסט אין דײַטשלאַנד איז ליבקנעכט געצוווּנגען געווען צו עמיגרירן אין דער שווייץ; דאָרט האָט ער געמאַכט א פּרווו צונויפצורופן א קאָנגרעס פון די אַרבעטער-פאַרבאַנדן, און דערפאַר האָט מען אים אַרויסגעשיקט. דאַן איז ער אַריבערגעפאָרן קיין לאָנדאָן, וווּ ער האָט זיך באַפרײַנדעט מיט מאַרקסן און ענגעלסן. נאָך דער אַמניסטיע אין 1862 י. האָט זיך ליבקנעכט אומגעקערט קיין דײַטשלאַנד. ער האָט געהאַלטן פאַרבינדונג מיט מאַרקסן און ענגעלסן, געפירט א פּאָליטישע אַרבעט צווישן די דײַטשישע אַרבעטער און איז, ווי בעבעל, גלײַכצײַטיק געווען א מיטגליד פון דער קליינבירגערלעכער „פאָלקס-פּאַרטיי“.

בעבעל האָט זײַנ לערער אונ נאָענטסטנ כאווער לויט דער פּארטיי־ארבעט — ווילהעלמ ליבקנעכטנ כאראקטעריזירט אזוי: „דעמ טעמפּעראמענט פונ א קעמפער האָט ליבקנעכט צונויפגעפּאָרט נאָכ מיט יענעמ ניט־געוואקלטנ אָפּטימיזמ, וואָס אָנ אימ איז אומעגלעכ דערשלאָגנ זיכ צו א וועלכנ־ניט־איז גרויסנ ציל. ער האָט זיכ קיינמאָל ניט פארלאָרנ אונ האָט שטענדיק געפונענ אנ אויסוועג. אינ קאמפ קעגנ קעגנער האָט ער פּראָקלאמירט דעמ לאָזונג: „אפ יעטווידער זידלערײַ דארפ מענ ענטפערנ מיט צוויי". א שטרענגער אונ אומראכמאָנעסדיקער צו די קעגנער, איז ער גלײַכצײַטיק געווענ א גלענצנ־דיקער פרײַנט אונ כאווער. דאָס איז געווענ א מענטש מיט אנ אײַזערנעמ ווילנ אונ מיט א קינ־דערשער נעשאָמע".



ווילהעלמ ליבקנעכט.

אינ דער פראגע וועגנ ווידערפא־רייניקנ דײַטשלאנד זײַנענ ליבקנעכט אונ בעבעל ארויסגעטראָטנ קעגנ ביסמארקנ אונ זײַנ פּלאנ צו שאפנ א דײַטשישע אימפּעריע אונטער דער אויבערהאנט פונ פּרײַסנ. גלײַכצײַטיק זײַנענ זיי אויכ ארויסגעטראָטנ קעגנ דער פּאָליטיק פונ לאסאלנ, וואָס האָט געשטיצט דעמ ביסמארקישנ פּלאנ צו פאריייניקנ די דײַטשי־שע מעלוכעס „פונ אויבנ".

בעבעל אונ ליבקנעכט זײַנענ אָבער אינ דער פראגע וועגנ ווידערפאריייניקנ דײַטשלאנד ניט געשטאנענ פולשטענדיק אפ מארקס' אונ ענגעלסעס פּאָזיציעס. דעמ פּלאנ פונ ווידערפאריייניקנ דײַטשלאנד האָבנ מארקס אונ ענגעלס פאָרמולירט אינ דער פּראָקלאמאציע פונעמ „קאָמוניסטנ־פארבאנד" (ארויסגעגעבנ אינ פּאריזש) נאָכ אינ 1848 י., פאר דעמ, ווי זיי האָבנ זיכ געלאָזט קיינ קעלנ. לויט דעמ דאָזיקנ פּלאנ האָט דײַטשלאנד פריִער פונ אלצ געזאָלט ווערנ אנ איינהײַטלעכע רעפּובליק. אלע פעאָדאלע דינאסטיעס האָבנ געזאָלט פארניכטעט ווערנ. אינ פאל פונ א זיג פונ דער רעוואָליוציע האָבנ אלע מעלוכעס, אײַנגעשלאָסנ עסטרײַכ, געזאָלט ארײַנגיינ אינ באשטאנד פונ דער דעמאָקראטישער דײַטשישער רעפּובליק. פאר פארווירקלעכנ דעמ דאָזיקנ פּלאנ האָבנ מארקס אונ ענגעלס געקעמפּט סײַ אינ די 50־ער, סײַ אינ די 60־ער יאָרנ.

אינ קעגנזאצ צו מארקסנ אונ ענגעלסנ האָבנ בעבעל אונ ליבקנעכט געהאלטנ, אז מע קאָנ פאריייניקנ דײַטשלאנד אָנ עסטרײַכ. דערבײַ האָבנ זיי מוירע געהאט, אז פּרײַסנ אָדער עסטרײַכ זאָלנ ניט אײַנשלינגענ זאקסנ אונ די אנדערע קליינע דײַטשישע מעלוכעס.

אויכ אינ דער פראגע וועגנ אויסבילדנ א זעלבשטענדיקע ארבעטער־פּארטיי האָט סײַ בעבעל, סײַ ליבקנעכט פארנומענ ניט קיינ ריכטיקע פּאָזיציע. טראָצ מארקס' אָנווײַזונגענ, האָבנ זיי א לאנגע צײַט ניט געוואָלט אײַנרײַסנ מיט דער „פאָלקס־פּארטיי" אונ אָרגאניזירנ א זעלבשטענדיקע ארבעטער־פּארטיי. זיי האָבנ

ווייַטער געשאַפנ ארבעטערישע אופקלערונגס-געזעלשאפטנ בא דער קלייַנבירגער-לעכער „פאָלקס-פּאַרטיי“, אונטער איר פּאָליטישער אָנפירונג.

א זעלבשטענדיקע פּאָליטישע ארבעטער-אָרגאַניזאציע איז אנטשטאַנענ אינ 1863 י., אָנ בעבעלס אונ ליבקנעכטס אָנטייל, אונטער פ. לאסאלס אָנפירונג (די דאָזיקע אָרגאַניזאציע איז ניט געווענ די ערשטע ארבעטער-פּאַרטיי אינ דייַטשלאַנד. די ערשטע ארבעטער-פּאַרטיי אינ דייַטשלאנד איז געווענ די קאָמוניסטישע אָרגאַניזאציע, וועלכע עס האָט געשאַפנ דער „קאָמוניסטנ-פארבאנד“ אינ 1848 י.). לאסאל האָט מיטגעווירקט, אז די ארבעטער זאָלנ זיכ אָפּזונדערנ פונ די בורזשואזע פּאַרטייענ אינ די 60-ער יאָרנ. גלייַכצייַטיק איז ער געווענ דער שטאַם-פאָטער פונעמ אָפּאָרטוניזמ אינ דער דייַטשישער סאָציאַל-דעמאָקראַטישער באַוועגונג.

פ. לאסאל.

פערדינאַנד לאסאל (1825—1864) האָט געשטאַמט פונ א רייַכער יידישער סאָכרישער מישפּאָכע אונ האָט אַלייַנ פאַרמאָגט היפשע מיטלענ. לויט דער פּראָפעסיע איז ער געווענ אנ אדוואָקאַט, נאָר פאַרנומענ האָט ער זיכ הויפּטזאַכלעכ ניט מיט פּראַקטיק, נאָר מיט ליטעראַרישער טעטיקייַט. ער האָט פאַרמאָגט גלענצנדיקע פייַיקייַטנ אונ גרויסע ערנגייַציקייַט. ער האָט געשטרעבט צו פאַרנעמענ אנ אָנגעזעענע לאַגע; די רעכטלאָזיקייַט אונ די דערשלאָגנקייַט פונ די יידנ אינעמ יונקערישנ דייַטשלאַנד האָבנ אָבער פאַרמאַכט פאַר אימ אַלע טירנ. אינ זייַנ יוגנטלעכנ טאָגבוך האָט לאסאל פאַרשריבנ: „ווענ איכ זאָל געבאָרנ ווערנ א פּרינצ, אָדער א פירשט, וואָלט איכ געווענ אנ אריסטאָקראַט מיטנ גופ אונ מיט דער נעשאָמע, נאָר ווייַל איכ בינ פּאָשעט א סויכערס א זונ, וועל איכ זייַנערצייַט זייַנ א דעמאָקראַט“.

לאסאל האָט פאַראַכטעט די פּאַכדאָנישע פּרייַסישע ליבעראַלנ, וואָס זייַנענ געקראָכנ אפ אַלע פיר פאַר די יונקערס, אונ ער האָט באַשלאָסנ ארויסצוטרעטנ אינ דער פּאָליטיק, אָנשפּאַרנדיק זיכ אפנ יונגנ ארבעטער-קלאַס פונ דייַטשלאַנד.

„דער אַלגעמייַנער דייַטשישער ארבעטער-פאַרבאַנד“.

אינ 1862 י. איז אינעמ פּרעזידיום פונעמ לייַפּציגער ארבעטער-קאָמיטעט אופגעקומענ אנ אידיי צו שאַפנ א זעלבשטענדיקע פּאָליטישע ארבעטער-פּאַרטיי. דער קאָמיטעט האָט זיכ דאַנ געווענדט צו לאַסאַלנ מיט א ביטע צו פאָרמולירנ די אַלגעמייַנע אופגאַבנ פונעמ ארבעטער-קלאַס. אינ זייַנ „עפנטלעכנ ענטפער דעמ לייַפּציגער קאָמיטעט“ האָט לאסאל רעקאָמענדירט: „אָרגאַניזירט זיכ אינ אנ „אַלגעמייַנעמ דייַטשישנ פאַרבאַנד“, קעדיי צו פירנ א געזעצלעכע אונ פרידלעכע, נאָר אנ אומדערמידלעכע אונ שרעקלאָזע אגיטאַציע פאַר אַלגעמייַנעמ וואַלרעכט“. לאסאל האָט געהאַלטנ פונ „פרידלעכע“ פּאַרלאַמענטאַרישע מעטאָדנ. פונ דער יונקערישער מעלוכע פונ זייַנ צייַט האָט לאסאל דערוואַרט, אז זי וועט העלפנ די ארבעטערישע פּראָדוציר-געזעלשאַפטנ.

לאסאל האָט אַלע האָפענונגענ געלייגט אפנ אַלגעמייַנעמ וואַלרעכט אונ האָט דעריבער אָפּגעוואָרפנ דעמ טאָגטעגלעכנ קאַמפ פונ די ארבעטער פאַר פאַרבעסערנ זייער לאַגע. ער האָט געהאַלטנ, אז בא דער בורזשואזער אָרדענונג קאָנ דער ארבעטער ניט פאַרגרעסערנ זייַנ פאַרדינסט העכער פונ דעמ מינימומ, וואָס איז נייטיק אפ אונטערצוהאַלטנ זייַנ פיזישע עקזיסטענצ. לויט לאַסאַלס מייַנונג, הערשט אינ דער קאַפּיטאַליסטישער געזעלשאַפט דער „אייַזערנער געזעצ“ פונ ארבעטסלוינ.

די דאָזיקע האנאָכע איז געווען ניט קיין ריכטיקע און א שעדלעכע, ווייל קיין שום „אייזערנער" ניוואָ פונעם ארבעטסלוין פון די ארבעטער עקזיסטירט ניט. די גרייס פונעם ארבעטערס פארדינסט איז געווענדט ניט בלויז פון דעם ווערט פון די דערנערונג-פראָדוקטן, קליידונג אדג., וואָס דער ארבעטער דארף האָבן אפ אונטערצוהאלטן זיין לעבן, נאָר אויך פונעם קולטורעלן און פּאָליטישן ניוואָ פון די ארבעטער, פון זייערע באדערפענישן, פון זייער אָרגאניזירטקייט, פון זייער פייִקייט צו שטעלן א ווידערשטאנד די קאפּיטאליסטן. די פאלשע טעאָריע וועגן „אייזערנעם געזעץ" האָט טאָרמאָזירט די אנטוויקלונג פונעם עקאָנאָמישן און פּאָליטישן קאמף פונעם ארבעטער-קלאס.

לאסאל האָט פארנומען אן אויסערסט שעדלעכע פּאָזיציע אויך אין באצוג צום פויערטום: ער האָט געהאלטן, אז דאָס פויערטום איז א „רעאקציאָנערע מאסע". אָפּאָרטוניסטיש איז געווען לאסאלס מיינונג אויך אין דער גרונטלעכער פּאָליטישער פראגע פון יענער צייט — וועגן דעם, אף וואָס פאר אן אופן דארף מען ווידעראפאריייניקן דייטשלאנד. לאסאל, וואָס האָט אין די יאָרן 1859—1861 באגריסט נאפּאָלעאָן דעם III-טן אלס דעם פאראייניקער פון איטאליע, האָט אויך גע-שטיצט די ווידערפאראייניקונג פון דייטשלאנד אונטער דער מאכט פון די האָהענ-צאָלערנס. אין 1863 י. האָט ער אפילע אָנגעהויבן פירן אונטערהאנדלונגען מיט ביסמארקן און האָט צוגעזאָגט אים צו שטיצן, אויב ביסמארק וועט איינפירן אל-געמיין וואלרעכט. לאסאל האָט ניט געגלייבט אין די קויכעס פונעם ארבעטער-קלאס און פון די דעמאָקראטישע מאסן און האָט מער געהאָפט אף די יונקערס און אף ביסמארקן.

אין מיי 1863 י. האָבן פאָרשטייער פון די ארבעטער-אָרגאניזאציעס פון 11 שטעט געשאפן דעם „אלגעמיינעם דייטשישן ארבעטער-פארבאנד". אלס פּאָרזיצער פון דעם דאָזיקן פארבאנד איז אויסגעוויילט געוואָרן לאסאל. דערביי האָט מען אים געגעבן דיקטאטאָרישע פולמאכטן. לאסאלן איז ניט געלונגען צו פארוואנדלען זיין פארבאנד אין א מאסן-אָרגאניזאציע — אין א יאָר ארום האָט דער פארבאנד אָנגעציילט ניט מער פון 5000 מיטגלידער. זומער 1864 איז לאסאל אף א דועל דערהארגעט געוואָרן.

ענגעלס האָט בא איינער א געלעגנהייט געזאָגט וועגן לאסאלן, אז דאָס איז געווען „אין דער קעגנווארט גאָר ניט קיין זיכערער פריינט, אין דער צוקונפט — א גאנץ זיכערער פיינט"[1]... ווי באוווסט, האָט לאסאל געפירט פערזענלעכע אונטער-האנדלונגען און קאָרעספּאָנדירט מיט ביסמארקן און האָט אָרגאניזירט א דעלעגא-ציע ארבעטער צום פּרייסישן קיניג ווילהעלם דעם I-טן; מארקס און ענגעלס האָבן טאקע דערפאר א נאָמען געגעבן לאסאלן „קיניגלעך-פּרייסישער דעמאָקראט".

## די אויסבילדונג פונעם צאָפן-דייטשישן פארבאנד.

אין 1864 י. האָט ביסמארק אָנגעהויבן צו פארווירקלעכן זיין פּלאן פון פא-רייניקן דייטשלאנד דורך „אייזן און בלוט". פּרייסן צוזאמען מיט עסטרייך זיינען אָנגעפאלן אף דענעמארק, קעדיי אָפּצונעמען צוויי דענעמארקער הערצאָגטומס:

[1] מארקס און ענגעלס, ווערק, ב. XXIII, ז. 199.

שלעזוויג און האָלשטיין; צווישן דער באַפעלקערונג איז דאָרט געווען א היפּשע צאָל דייטשן. דענעמארק איז באַזיגט געוואָרן. די הערצאָגטומס שלעזוויג און האָלשטיין זיינען צעטיילט געוואָרן צווישן עסטרייך און פּרייסן. אין צוויי יאָר אַרום האָט ביסמארק דערקלערט, אַז די דאָזיקע ביידע הערצאָגטומס געהערן צו פּרייסן און האָט אָנגעהויבן א מילכאָמע קעגן עסטרייך. אין עטלעכע טעג האָט די בעסער באַוואָפנטע פּרייסישע אַרמיי צעגראָמירט דאָס עסטרייכישע מיליטער. אין דער שלאַכט לעבן דאָרף סאַדאָווא, אין בעמען (באָהעמיע), האָבן די עסטרייכישע פּאָלקן זיך אָנגעשטויסן אָפּ א קרייץ-פייער. די אָפיצערן און סאָלדאַטן, די אַרטילעריסטן מיט זייערע האַרמאַטן האָבן זיך א לאָז געטאָן צו די בריקן אַפן טייך עלבע. אין ענגשאַפט זיינען מענטשן אומגעקומען אונטער די רעדער פון די האַרמאַטן, אונטער די קלעפּ פון די פערד-קאָפּיטעס. די עסטרייכער האָבן פאַרלאָרן 20 טויזנט מאַן דערהאַרגעטע (צוויי מאָל אַזויפיל איידער די פּרייסישע אַרמיי), 20 טויזנט געפאַנגענע און 160 האַרמאַטן.

נאָכן זיג האָט ווילהעלם דער I געוואָלט אָוועקשטעלן עסטרייך אַפּ די קני און אַריינפאָרן רייטנדיק בעראָש פון זיין מיליטער אין ווין. ביסמארק אָבער האָט אים דעריין געשטערט. גרייטנדיק זיך צו א צווייטער מילכאָמע — קעגן פראַנקרייך, איז ביסמארק באַשטאַנען, מע זאָל שליסן שאָלעם מיט עסטרייך אַפּ פאַרהעלטניס־מעסיק לייכטע באַדינגונגען. עסטרייך האָט אָנגעווירן ווענעציע לעטויוועס איטאַליע און באַצאָלט פּרייסן א גאַנצ באַשיידענע קאָנטריבוציע.

איצט איז דער פריערדיקער דייטשישער פאַרבאַנד זיך צעפאַלן. פון די מעלוכעס פון צאָפן-דייטשלאַנד האָט זיך אויסגעבילדעט דער צאָפן-דייטשישער פאַרבאַנד בעראָש מיט פּרייסן. די מעלוכעס, וואָס ליגן דאָרעם-צו פונעם טייך מיין (בייערן און אַנדערע) האָבן זיך ניט געקאָנט אָנשליסן צום צאָפן-דייטשישן פאַרבאַנד, ווייל די פראַנצויזישע רעגירונג האָט אין דעם פאַל געדראָעט מיט א מילכאָמע. דאָך האָבן די רעגירער פון די דאָרעם-דייטשישע מעלוכעס געשלאָסן מיט פּרייסן א געהיימען קריגס-בונד. לויט דער דאָזיקער פאַרשטענדיקונג האָט דער פּרייסישער קיניג אין פאַל פון א מילכאָמע מיט פראַנקרייך געזאָלט זיין דער הויפּט-קאָמאַנדיר פון אַלע אַרמייען פון די דייטשישע מעלוכעס (כוץ עסטרייך).

ביסמאַרקס אינערן־פּאָ־
ליטיק.

צעגראָמירט עסטרייך און געזיכערט עסטרייכס נייטראַליטעט אין פאַל פון א מילכאָמע מיט פראַנקרייך דורך פאַרהעלטניסמעסיק לייכטע שאָלעם-באַדינגונגען, האָט ביסמאַרק באַשלאָסן דורכצופירן אינווייניק אין דייטשלאַנד די נייטיקע פּאָליטישע צוגרייטונג צו דער מילכאָמע.

מאַכמעס דער פריערדיקער דייטשישער פאַרבאַנד איז זיך צעפאַלן, איז אַנטשטאַנען די פראַגע וועגן דער פּאָליטישער סטרוקטור פונעם צאָפן-דייטשישן פאַרבאַנד. ביסמאַרק, וואָס איז פריער געווען א פאַרביסענער סוינע פון דער קאָנסטיטוציע, האָט פאָרגעלייגט, מע זאָל דורך אַן אַלגעמיינער אָפּשטימונג אויסוויילן א גרינדונגס-רייכסטאַג (פּאַרלאַמענט). דורך איינפירן אַלגעמיינע וואַלרעכט האָט ביסמאַרק געמיינט צו באַקומען געזעלשאַפטלעכע שטיצע אין דער מילכאָמע, וואָס ער האָט פאַרטראַכט קעגן פראַנקרייך; ער האָט נאָך דאַן ניט פאַרויסגעזען, אַז וואָס מער עס וועט וואַקסן די אַרבעטער-באַוועגונג, אַלץ מער וועט דאָס אַלגעמיינע וואַלרעכט אים פאַרשאַפן שוועריקייטן.



„ביסמארק דרעסירט דעם צאָפנ-דײַטשישנ רײַכסטאג“ — קאריקאטור.

אדאנק דער זיגרײַכער מילכאָמע פונ 1866 י. אונ דער ווידערפאריייניקונג פונ א גרויסנ טייל דײַטשלאנד איז אינ פרײַסנ ליקווידירט געוואָרנ דער קאָנסטיטוציאָנעלער קאָנפליקט, אונ די מערהײַט פונ דער אָפּאָזיציאָנעלער בורזשואזיע האָט שאָלעם געמאכט מיט ביסמארקנ.

די קאָנסטיטוציע פונעמ צאָפנ-דײַטשישנ פארבאנד.

דעמ 17 אפרעל 1867 י. האָט דער גרינדונגס-רײַכסטאג באשטעטיקט די אלגעמײַנ-פארבאנדישע קאָנסטיטוציע אונ איז זיכ פאנאנדערגעגאנגענ. דער פרײַסישער קיניג איז פראָקלאמירט געוואָרנ אלס פרעזידענט פונעמ צאָפנ-דײַטשישנ פארבאנד. ער טאקע איז אויכ געוואָרנ קאָמאנדיר פונ אלע מיליטער-קרעפטנ פונעמ פארבאנד.

אינעמ צאָפנ-דײַטשישנ פארבאנד האָט דער פרײַסישער קיניג באקומענ אזוינע פולמאכטנ, אז אינ דער ווירקלעכקײַט האָבנ די אנדערע דײַטשישע מעלוכעס אָנגעווירנ יעטווידנ סימענ פונ זעלבשטענדיקײַט.

דער צאָפנ-דײַטשישער פארבאנד איז געווענ בלויז אנ איבערגאנג-סטאדיע צו דער אײנהײַטלעכער מעלוכע. אינ פרײַסנ גופע איז פארבליבנ די פריערדיקע „דרײַקלאסנ“-סיסטעמ פונ די וואלנ.

ביסמארק האָט דורכגעפירט דורכנ צאָפנ-דײַטשישנ רײַכסטאג א רײ מאָסמיטלענ אינ די אינטערעסנ פונ דער בורזשואזיע. עס איז אײַנגעפירט געוואָרנ אנ אײנהײַטלעכע סיסטעמ פונ מאָס אונ וואָג, די צעכנ האָבנ אָנגעווירנ זײערע לעצטע פריווילעגיעס. אקציאָנערע געזעלשאפטנ האָבנ זיכ איצט געקאָנט אָרגאניזירנ לײַכטער ווי פריער, מע האָט אָפּגעשאפנ די מיטלאלטערלעכע באגרענעצונג פונ די פראָצענטנ אפ הלוואָעס.

דער אופשטײַג פונ דער ארבעטער=באוועגונג אינ די יאָרנ 1863—1866.

עס ווערט פארענדיקט די פאראייניקונג פונ דײַטשלאנד.

אינעם פעריאָד פונ די יאָרנ 1863—1866 איז אינ דײַטשלאנד געווענ מעגלעכ, ס'זאָל אויסברעכנ א רעוואָליוציע. די ארבעטער, ווי בעבעל האָט געשריבנ אינ זײַנע דערינערונגענ, האָבנ אלצ מער אונ מער דערפילט די אומדערטרעגלעכקײַט פונ דער פּאָליטישער לאגע אינ פּרײַסנ אינ די 60-ער יאָרנ; דאָס האָט זיכ נאטירלעכ אָפּגערופנ אפ זייערע שטימונגענ.

בעבעל האָט געשריבנ: „אלע האָבנ געפאָדערט ענדערונגענ. נאָר ווײַל עס זײַנענ נישט געווענ קיינ אָנפירנדיקע עלעמענטנ, פולקומ באוווּסטזיניקע, אזוינע, וואָס זאָלנ קלאָר זעענ דעמ ציל, צו וועלכנ מע דארפ שטרעבנ, אונ וואָס מע האָט צו זיי צוטרוי, ווײַל עס איז ניט געווענ קיינ פעסטע אָרגאניזאציע, וואָס זאָל באהעפטנ די קויכעס, איז די שטימונג פארלאָרנ געגאנגענ... קיינמאָל נאָכ האָט זיכ א באוועגונג, אזא גרויסארטיקע לויט איר טאָכ... ניט געענדיקט אזוי רעזולטאטלאָז".

אונ די באוועגונג האָט ווירקלעכ אָנגענומענ א גרויסנ פארנעמ. אלע פארזאמלונגענ זײַנענ געווענ איבערפולט, אונ די סאמע שארפע ארויסטרעטונגענ האָבנ באגעגנט די גרעסטע באווּליקונג. אפ א פינפטויזנטקעפּיקער פארזאמלונג אינ לײַפּציג (8 מײַ 1866 י.) האָט מענ איינשטימיק אָנגענומענ ליבקנעכטס אונ בעבעלס רעזאָליוציע, וואָס האָט געפאָדערט, מע זאָל שאפנ א רעפּובליק, צונויפרופנ א פּארלאמענט אפנ גרונט פונ אלגעמיינער, דירעקטער, גלײַכער אונ געהיימער אָפּשטימונג, באוואָפּענענ דאָס גאנצע פּאָלק. וואָס זשע האָט געפעלט דעמ דײַטשישנ ארבעטער-קלאס, קעדיי ער זאָל זיגנ? א רעוואָליוציאָנערע שטימונג איז געווענ, רעוואָליוציאָנערע לאָזונגענ האָט מענ ארויסגערוקט. געפעלט האָבנ, ווי לענינ שרײַבט, „...גענוג באוווּסטזיניקע אָנפירנדיקע עלעמענטנ, וואָס זאָלנ פארשטיינ די רעוואָליוציאָנערע אופגאבנ (דאָס הייסט, ס'האָט געפעלט א רעוואָליוציאָנערע סאָציאל-דעמאָקראטישע פּארטיי, וואָס פארשטייט די אופגאבנ פונ העגעמאָניע)..."[1].

די לאסאליאנער זײַנענ געווענ קעגנ רעוואָליוציאָנערע טאטנ אונ האָבנ געשטיצט ביסמארקנ. נאָכ מער, זיי זײַנענ דערגאנגענ דערצו, אז זיי האָבנ געשלאָסנ א בונד מיט דער דײַטשישער פּאָליציי. אָט וואָס מארקס האָט געשריבנ וועגנ די סעקטאנטנ די לאסאליאנער:

„די סעקטעס, וואָס בא זייער אנטשטיינ האָבנ זיי געדינט אלס הייבערס פונ דער באוועגונג, הייבנ איר אָנ צו שטערנ, ווי נאָר די באוועגונג וואקסט זיי אריבער. דאנ ווערנ זיי רעאקציאָנער. וועגנ דעמ זאָגנ איידעס די סעקטעס אינ פראנקרײַכ אונ אינ ענגלאנד, אונ די לעצטע צײַט די לאסאליאנער אינ דײַטשלאנד, וואָס האָבנ אינ פארלויפ פונ א ריי יאָרנ געשטערט צו אָרגאניזירנ דעמ פּראָלעטאריאט אונ האָבנ פארענדיקט דערמיט, וואָס זיי זײַנענ פּראָסט אונ פּאָשעט געוואָרנ א געצײַג אינ די הענט פונ דער פּאָליציי"[2].

די ברייטע קרײַזנ פונ דער דײַטשישער בורזשואזיע האָבנ פארגעסנ די נעכטיקע קריגערײַ מיט ווילהעלמ דעמ I-טנ אונ מיט ביסמארקנ אונ האָבנ היספּײַלעס-

1 לענינ, ווערק, ב. XV, ז. 213—214.

2 מארקס, די קלוימערשטדיקע שפּאלטונגענ אינעמ אינטערנאציאָנאל, זשורנאל „פּראָלעטארסקאיא רעוואָליוציא", 1938, נומ. 9, ז. 156.

דיק באַגריסט דעם קאַנצלערס דעראָבערונגס-פּאָליטיק. ביסמארק האָט געענטפערט אפן וווקס פון דער ארבעטער-באַוועגונג מיט רעפּרעסיעס. צו יענער צײַט איז נאָך ניט געווען קיין רעוואָליוציאָנערע פּראָלעטארישע פּארטיי, וועלכע זאָל זיך קענען שטעלן בעראָש פון דער באַוועגונג פונעם ארבעטער-קלאַס און פון די ברייטע דעמאָקראַטישע מאַסן. דאָס האָט געגעבן א מעגלעכקײַט די דײַטשישע יונקערס און דער פּאַכדאָנישער בורזשואַזיע, וואָס האָט זיי געשטיצט, צו פאריי-ניקן דײַטשלאַנד „פון אויבן". אָנשטאָט די ראַדיקאַלע דעמאָקראַטישע רעפאָרמעס, וועלכע עס וואָלט מיט זיך געבראַכט די זיגרײַכע רעוואָליוציע, ווערן אין דײַטש-לאַנד דורכגעפירט האַלביקע בורזשואַזע רעפאָרמעס, וועלכע „באַגאַנווענען די רע-וואָליוציע".

אין די יאָרן 1866—1867 איז די ווידערפאַרייניקונג פון דײַטשלאַנד נאָך ניט געווען פאַרענדיקט. די דאָרעם-דײַטשישע מעלוכעס זײַנען נאָך פאַרבליבן אויסער דעם פאַרבאַנד, ווײַל נאַפּאָלעאָן דער III האָט זיך אנטשיידן קעגנגעשטעלט קעגן דעם, זיי זאָלן זיך אָנשליסן צום פאַרבאַנד. עס האָבן געדאַרפט פאָריבער נאָך עטלעכע יאָר, קעדיי עס זאָל פאָרקומען דער לעצטער אַקט פון דער ווידערפאַ-רייניקונג פון דײַטשלאַנד.

די דײַטשישע אימפּעריע איז געשאַפן געוואָרן אין 1871 יאָר נאָך דעם, ווי פראַנקרײַך איז אין קריג צעגראָמירט געוואָרן. בעראָש פון דער אימפּעריע האָט זיך געשטעלט דער פּרײַסישער קיניג ווילהעלם דער I.

**ריכאַרד וואַגנער.** אינעם פּעריאָד, ווען עס איז פאָרגעקומען די ווידערפאַרייניקונג פון דײַטשלאַנד, האָט זיך אין דער מוזיק באַוויזן א טאַלאַנט פון קאָלאָ-סאַלער קראַפט, איינער פון די אָנגעזעעענסטע קאָמפּאָזיטאָרן, דער אוטאָר פון א ריי אָפּערעס, רי-כאַרד וואַגנער (1813—1883). וואַגנער האָט אין 1849 יאָר זיך באַטייליקט אינעם דרעזדענער אופ-שטאַנד, נאָכדעם איז ער געווען געצווונגען צו עמיגרירן אין דער שווייץ. אין 1864 יאָר האָט ער זיך אומגעקערט קיין בײַערן, האָט זיך אָפּגעזאָגט פון זײַנע פריערדיקע פּאָליטישע אָנשויונגען און האָט געלעבט פון דער פּענסיע, וואָס ער האָט באַקומען פונעם בײַערישן קיניג.

וואַגנער האָט אַליין געשריבן די ליברעטאָ פון אַלע זײַנע אָפּערעס און די מוזיק צו זיי. אַלס סוזשעטן האָט ער געוויינלעך אויסגעקליבן אַלט-דײַטשישע פאָלקס-לעגענדעס, און די דאָזיקע לעגענ-דעס האָט ער פאַנאַנדערגעאַרבעט אין גײַסט פון די נאַציאָנאַליסטישע שטרעבונגען פון דער דײַטשי-שער בורזשואַזיע. וואַגנערס באַזונדערס באַוווסטע אָפּערעס זײַנען די פיר ווערק מיט איין אַלגעמיינעם נאָמען „דער ניבעלונגען-רינג" און אויך די „נירנבערגער מייסטערזינגער". אין איינער פון זײַנע לעצטע אָפּערעס — „פּאַרסיפאַל" — לאָזן זיך שטאַרק פילן מיסטישע עלעמענטן.

קאַפּיטל 22.

# די צווייטע אימפּעריע אין פראַנקרײַך.

נאָכן 1848 י. איז, פונקט ווי אין אַנדערע פאָרגעשריטענע לענדער פון איי-ראָפּע, אויך אין פראַנקרײַך פאָרגעקומען א שנעלער עקאָנאָמישער אופשטײַג.

עס זײַנען אנטשטאַנען גרויסע זאַוואָדן, עס האָבן זיך געעפנט קאָלאָסאַלע אוניווערסאַלע מאַגאַזינען מיט טויזנטער אָנגעשטעלטע, עס זײַנען געגרינדעט גע-וואָרן אָקעאַנישע שיפ-קאָמפּאַניעס. פראַנקרײַך איז באַדעקט געוואָרן מיט א נעץ אײַזנבאַנען. צום אונטערשייד אָבער פון ענגלאַנד, ווו די האַנטווערקערײַ און די קליין-אינדוסטריע זײַנען קימאַט אינגאַנצן פאַרניכטעט געוואָרן דורך דער גרוי-סער מאַשין-פּראָדוקציע, איז אין פראַנקרײַך באַנאַנד מיט דער גרויסער פּראָדוק-

ציע פאַרבליבן די קלײנע האַנט-פּראָדוקציע. דאָ איז געווען אויסערסט לעבנספעיִק די האַנטווערקערײַ — קלײנע וואַרשטאַטן מיט 1—2 אַרבעטער. אין דאָרף זײַנען 75 פּראָצענט פון אַלע פּויערשע ווירטשאַפטן געווען קלײנע ווירטשאַפטן, 19 פּראָצענט — מיטעלע, און די איבעריקע — באַלעגופישע. דערבײַ איז אין פראַנצויזישן דאָרף געווען דרײַ מיליאָן טאָג־אַרבעטער און באַטראַקעס.

די פּויערים די אײגנטימער פון פּאַרצעלעס (פּאַרצעלע — אַ קלײנער ערד-באַציִרק) האָבן שטאַרק געליטן דערפון, וואָס זײ האָבן פאַרמאָגט ווייניק ערד, האָבן זיך געפּלאָגט אונטער דער לאַסט פון די כויוועס און שטײַערן. ווען נאַפּאָלעאָן דער III איז געקומען צו דער מאַכט, — און געקומען איז ער צו איר אַדאַנק די שטימען פון די פּויערים, וועלכע ער האָט אָפּגענאַרט, — האָט ער פאַרזײערטוועגן גאָרנישט ניט געטאָן. אין די 50-ער — 60־ער יאָרן איז אין דאָרף אָנגעגאַנגען אַ טיפע ירידה; עס זײַנען געווען אָפטע פאַלן פון אונטערצינדן פּריצישע גיטער, און נאָך די אונטערצינדונגען פלעגט מען זיך אַכזאָריעסדיק צערעכענען מיט די פּויערים.

די פּאָליטישע אָרדענונג פון דער צווייטער אימפּעריע און די אינערן־פּאָליטיק.

לוי-נאַפּאָלעאָן איז געקומען צו דער מאַכט נאָך די פאַרביסענע שלאַכטן צווישן דעם פּראָלעטאַריאַט און דער בורזשואַזיע אין 1848 י. ביידע קלאַסן זײַנען דאַן געווען אָפּגעשוואַכט. פאַרניכטעט די רעפּובליק, האָט דער אימפּעראַטאָר מיט אַלע מעגלעכקײַטן זיך באַמיט צו באַפעסטיקן זײַן מאַכט, געבנדיק האַווטאָכעס פאַרשיידענע קלאַסן און פּרוּווגדיק זיך לאַווירן צווישן זײ, נאָר אינדערעמעסן האָט ער געדינט דער גרויס-בורזשואַזיע. ווירקלעכער באַלעבאָס פון לאַנד איז געווען דאָס אויבערקעפּל פון דער בורזשואַזיע — 200 רײַכסטע מישפּאָכעס, בעראָש מיט אַזוינע מיליאָנערן, ווי דער באַנקיר ראָטשילד, אָדער ווי דער אײגנטימער פון די האַרמאַטן־זאַוואָדן אין קרעזאָ — שניידער, וואָס איז געווען פּאָרזיצער פונעם געזעצגעבערישן קאָרפּוס.

אין רעזולטאַט פון דער מעלוכישער איבערקערעניש פון 2 דעקאַבער 1852 י. איז די פראַנצויזישע רעפּובליק, וואָס איז געשאַפן געוואָרן אין 1848 יאָר, פאַרוואַנדלט געוואָרן אין אַן אימפּעריע. כאָטש אין פּעריאָד פון דער צווייטער אימפּעריע (די ערשטע איז געווען די אימפּעריע פון נאַפּאָלעאָן דעם I-טן) איז די פאָלקס־פאַרטרעטערשאַפט פאַרבליבן, פאַקטיש האָט זי אָבער אָנגעווירן יעטווידע זעלבשטענדיקײַט. די אונטערשטע פּאַלאַטע, אָדער דער געזעצגעבערישער קאָרפּוס, האָט אַפילע ניט געהאַט קײן רעכט פאָרצולײגן געזעצן. געזעצן פלעגט אויסאַרבעטן דער מעלוכע-ראַט, וועלכן עס האָט באַשטימט דער אימפּעראַטאָר, און די פּאַלאַטע האָט געקאָנט אָדער באַשטעטיקן, אָדער אינגאַנצן אָפּוואַרפן די רעגירונגס-געזעצפּראָיעקטן. די אײבערשטע פּאַלאַטע — דער סענאַט — פלעגט פאַרעפנטלעכן די געזעצן.

די אויספיר־מאַכט האָט פולשטענדיק געהערט דעם אימפּעראַטאָר, וועלכער האָט רעגירט מיט דער הילף פון אַ באַנדע אַוואַנטיוריסטן, מיט דער הילף פון דער מיליטערישער קליקע און פון דער „שוואַרצער קליקע“ — די גאַלאָכים און מאָנאַכן.

אויס מוירע פאַר אומרוען פון די אַרבעטלאָזע, האָט נאַפּאָלעאָן דער III אָרגאַניזירט געזעלשאַפטלעכע אַרבעטן אַף איבערצובויען פּאַריזש, אַף פלאַנצן וואַלד און אַף אויסטריקענען זומפּן. ער פלעגט אַרײַנשיקן זײַנע אַגענטן צו די אַרבע-

טער און האָט געפּרוּווט אָרגאַניזירן די ארבעטער אונטערן קאָנטראָל פון דער פּאָליציי. דאָס איז אים אָבער ניט געלונגען.

בייסן שטרייק פון די דרוקער-ארבעטער אין פּאריז (אין 1861 י.) האָבן די ארבעטער ארויסגערוקט א לאָזונג: „ניט קיין בורזשואזיע, ניט קיין באָנאפּאַרט, נאָר אן אומאָפּהענגיקע ארבעטער-באַוועגונג". אין 1864 יאָר איז די ארבעטער געלונגען זיך צו דערשלאָגן, מע זאָל אָפּשאפן דעם אלטן געזעץ פון לע-שאַפּע-ליע, וואָס פארבאָט פּראָפעסיאָנעלע אָרגאַניזאַציעס און שטרייקן.

אָבער אין פראנקרייך, ווי עס איז געווען זייער פיל קליינע אייגנטימער, איז שטארק געווען די קליינבירגערלעכע ווירקונג אינעם ארבעטער-קלאַס. דאָס האָט היפּש טאָרמאָזירט דעם קאמף פונעם ארבעטער-קלאַס.

נאַפּאָלעאָן דעם III-טנס אויסערן-פּאָליטיק האָט ארויסגערופן אין די 60-ער יאָרן א שטארקע אומצופרידנקייט. ווען נאַפּאָלעאָן דער III איז געגאַנגען צו דער מאַכט, האָט ער געמאָלדן: „די אימפּעריע — דאָס איז שאָלעם". און דאָך איז אין זיינע צייטן זעלטן ווען אדורך א יאָר אָן מילכאָמע. אזוי, לעמאָשל, איז ער אריינגעקראָכן אין דער מיזרעכדיקער מילכאָמע, דערנאָך האָט ער זיך אריינגעמישט אין דער מילכאָמע צווישן איטאַליע מיט עסטרייך. נאַפּאָלעאָנס פארכאַפּערישע מילכאָמעס אין כינע און אין די קאָלאָניעס האָבן געקאָסט דעם פראנצויזישן פאָלק פיל געלט און מענטשלעכע קאָרבאָנעס.

נאַפּאָלעאָן דעם III-טנס אויסערן-פּאָליטיק.

פונעם 1852 י. אָן ביזן 1857 י. האָט נאַפּאָלעאָן געפירט אומופהערלעכע מילכאָמעס מיט די אפריקאַנישע שוואַטים, וועלכע האָבן געלעבט צו דאָרעם-צו און מיירעוו-צו פון דער אלזשירער קאָלאָניע. אין סאַהארא האָט ער פארנומען א ריי נייע אָאַזיסן. נאָך דער קריגס-עקספּעדיציע קיין סיריע האָבן די פראנצויזישע קאַפּיטאַליסטן אָנגעהויבן אין די 60-ער יאָרן צו בויען דעם סועצער קאַ-נאַל; דער דאָזיקער קאַנאַל האָט געזאָלט פארייניקן דעם מיטללענדישן יאַם מיטן רויטן יאַם און פארקירצן דעם וועג פון אייראָפּע אין די מיזרעכ-לענדער אריינ-דרייען. בויענדיק דעם קאַנאַל, האָט פראנקרייך אויסגערעכנט דערויף, אז עס וועט שפּעטער פארכאַפּן עגיפּטן.

אפן דורכצוגראָבן דעם קאַנאַל האָט מען געבראַכט דאַמפ-לאָקאָמאָבילן; מיט גרויס מי האָבן קעמלען געשלעפּט די דאָזיקע לאָקאָמאָבילן איבער די זאַמדן; צענדליקער טויזנטער אייראָפּעיִשע און אָרטיקע ארבעטער האָבן געבויט דעם קאַ-נאַל און זיינען מאַסנוויַיז אומגעקומען אונטער די ברענענדיקע שטראַלן פון דער זון. דעם קאַנאַל, 160 קילאָמעטער די לענג, האָט מען דורכגעגראָבן לויטן פּלאַן פונעם פראנצויזישן אונטערנעמער לעסעפּס. דער קאַנאַל האָט געשעמט אלס איי-נער פון די „וועלט-ווּנדער" פון דער דעמלטיקער בוי-טעכניק. מיט קאָלאָסאַלער מי האָט מען פארענדיקט דעם קאַנאַל אין 1869 יאָר; אָבער אין עטלעכע יאָר ארום איז ער אריבער צו די ענגלענדער.

נאַפּאָלעאָן דעם III-טנס פּרווו צו פארכאַפּן מעקסיקע האָט זיך געענדיקט מיט א מאַפּאָלע.

מעקסיקע האָט זיך אין 1821 יאָר אָפּגעטיילט פון שפּאַניע און איז אין 1824 י. געוואָרן א רעפּובליק. אין 1358 יאָר איז פּרעזידענט פון מעקסיקע געוואָרן בעניטאָ כוארעס, לויטן אָפּשטאַם אן אינדיאַנער. כוארעס איז צוערשט געווען א הויז-דינער; אדאנק זיינע גלענצנדיקע פייִקייטן און

דער צופעליקער פּראָטעקציע פון איינעם א רײַכן שפּאניער האָט ער דערנאָך געקראָגן בילדונג און איז געוואָרן אן אדוואָקאט. אין 1855 יאָר איז אראָפּגעוואָרפן געוואָרן די רעאקציאָנערע פּריציש־קלעריקאַלע רעגירונג, און צו דער מאכט זײַנען געקומען די דעמאָקראטן. די דעמאָקראטן האָבן קאָנפיסקירט דאָס קירכלעכע פארמעגן, האָבן ארויסגענומען די געריכטן און די שולן פון אונטער דעם קלערס רשות, האָבן פארמאכט די מאָנאכישע אָרדענס. אין 1857 יאָר איז אָנגענומען געוואָרן א נײַע קאָנסטיטוציע, וואָס האָט אײַנגעפירט אַלגעמיין וואַלרעכט. אין יענער צײַט איז דאָס געווען די סאמע דעמאָקראטישע קאָנסטיטוציע אין דער וועלט. אַלס ענטפער אפ די דאָזיקע מאָסמיטלען האָבן די פריצים און דער קלער אופגעהויבן א בונט. פון סאמע אָנהייב אָן פונעם בירגערקריג אין מעקסיקע האָט זיך אפן ערשטן אָרט ארויסגערוקט כואַרעס, וואָס איז געוואָרן פּרעזידענט פון דער רעפּובליק. אים איז געלונגען צו דערשטיקן דעם בונט קימאט אינעם גאנצן לאַנד, ער האָט זיך אָבער געניטיקט אין געלט און האָט דעריבער אָפּגעשטעלט אפ צוויי יאָר דאָס צאָלן לויט די האַלוואָעס, וואָס פראנקרײַך און ענגלאנד האָבן געגעבן מעקסיקע.

קעדיי צו שטיצן די פריצים און דעם קלער און טאקע פארכאפּן מעקסיקע אויך, האָבן 3 מעלוכעס — פראנקרײַך, שפּאניע און ענגלאנד — געשיקט אהין א קריגס־עקספּעדיציע. די שפּאניער און ענגלענדער האָבן אינגיכן פארלאָזט מעקסיקע; דאָס פראנצויזישע מיליטער אָבער האָט אָנגעהויבן א מילכאָמע, קעדיי צו אונטערטעניקן דאָס לאַנד. די מאכט פון דער פריציש־קירכלעכער פּארטיי איז אופגעשטעלט געוואָרן. מעקסיקע איז פון א רעפּובליק פארוואנדלט געוואָרן אין א אימפּעריע. אימפּעראטאָר איז געוואָרן דער פאנאטיקער דער קאטויל, נאפּאָלעאָנס דעם III־טנס א קרעאטור — דער עסטרײַכישער ערצהערצאָג מאקסימיליאן.

אין לאַנד האָט זיך אָבער אָנגעהויבן א פּארטיזאנישער קריג קעגן די קלעריקאַלן און קעגן מאקסימיליאנען. אין דער זעלבער צײַט האָט די רעגירונג פון די פארייניקטע שטאטן, דראָענדיק מיט א מילכאָמע, ארויסגעשטעלט א פאָדערונג, מע זאָל ארויספירן דאָס פראנצויזישע מיליטער פון מעקסיקע. אין 1867 יאָר האָט נאפּאָלעאָן געמוזט אָפּרופן דעם פראנצויזישן עקספּעדיציע־קאָרפּוס. מאקסימיליאן האָט ניט געוואָלט זיך אָפּזאָגן פון דער מאכט און אוועקפאָרן פון מעקסיקע. כואַרעס האָט אים געכאפּט און דערשאָסן.

דער ברוטאַלער גוואַלדטאַט, וואָס די פראנצויזישע רעגירונג איז באגאנגען בענעגייע דער זעלבשטענדיקער מעלוכע מעקסיקע, דאָס וואָס דאָס פראנצויזישע מיליטער האָט זיך אכזאָריעסדיק צערעכנט מיט די מעקסיקאנישע רעוואָליוציאָנערן, די קאָלאָסאַלע צאָל מענטשלעכע קאָרבאָנעס און די קאָלאָסאַלע הויצאָעס אפ דער ניט־געלונגענער מעקסיקאנישער אוואנטיור — דאָס אַלץ האָט ארויסגערופן א שטורמישן צאָרן צווישן די פאָלקס־מאסן פון פראנקרײַך קעגן נאפּאָלעאָן דעם III־טן.

ניט געלונגען איז געווען אין די 60-ער יאָרן אויך נאפּאָלעאָן דעם III-טנס אויסערן־פּאָליטיק אין אייראָפּע. ער האָט געגלייבט ביסמארקן אפן וואָרט, — יענער האָט צוגעזאָגט דעם גיריקן, אָבער ווײַט ניט קלוגן אימפּעראטאָר נײַע, גרויסע טעריטאָריעס, — האָט ער צוערשט ניט געשטערט דערצו, עס זאָל זיך אויסבילדן דער צאָפן־דײַטשישער פארבאַנד. אצינד אָבער איז אָנשטאָט דעם שוואכן פאר־באַנד פון די דײַטשישע מעלוכעס זײַט בא זײַט מיט פראנקרײַך אויסגעוואקסן א שטארקער שאָכן מיט א מעכטיקער ארמיי, און דאָס האָט ארויסגערופן בא דער פראנצויזישער בורזשואזיע א שטארקע אומצופרידנקײַט.

**דער אופשטייג פון דער ארבעטער=באוועגונג.**

אין די 60-ער יאָרן האָבן זיך די שטרײַקן פון די אר־בעטער — דעם הויפּט־סוינע פון דער נאפּאָלעאָנישער אימפּעריע — פארשטארקט. אצינד פלעגן שוין די שטרײַקן פאָרקומען אונטער פּאָליטישע לאָזונגען.

טאקע אין אָט דער צײַט האָבן די פאָרשטייער פון די פראנצויזישע ארבע־טער פארקניפּט א פארבינדונג מיט די ענגלישע ארבעטער; זיי האָבן געפירט מיט זיי אונטערהאנדלונגען וועגן אײַנשטעלן שטענדיקע באציִונגען, קעדיי צו טוישן זיך מיט דער דערפארונג און צו העלפן איינער דעם אנדערן אין קאמף קעגן דער בורזשואזיע.

אין יול 1863 יאָר האָט מען אין לאָנדאָן איינגעאָרדנט א פּראָטעסט־מיטינג קעגן דעם, וואָס די צארישע רעגירונג האָט זיך אכזאָריעסדיק צערעכנט מיט די פּוילישע רעוואָליוציאָנערן. אינעם מיטינג האָבן זיך באַטייליקט אויך ארבעטער, וואָס זיינען געקומען צו פאָרן פון פראנקרייך. אפ דעם דאָזיקן מיטינג האָט דער פאָרשטייער פון די ענגלישע טרעד־יוניאָנען אָדזשער געפאָדערט, מע זאָל אָנהייבן א מילכאָמע קעגן רוסלאנד; דאָ האָט זיך ארויסגעוויזן די דירעקטע ווירקונג פון מארקסן, וועלכער האָט דאן ארויסגעשטעלט דעם לאָזונג פון א רעוואָליוציאָנע־רער מילכאָמע קעגן צאריזם.

אפ דעם דאָזיקן מיטינג האָבן די ענגלישע ארבעטער באשלאָסן זיך צו ווענדן מיט אן „אדרעס" צו די פראנצויזישע ארבעטער.

אין דער ווענדונג איז געשטאנען: „אלס מיטל צו מאכן א סאָף צום איצ־טיקן מיסברויכן מיט קראפט, רופן מיר אָלעמען צו שאפן א ברידערשאפט פון פעלקער. לאָמיר צונויפרופן א פארזאמלונג פון פאָרשטייער פון ענגלאנד, פראנק־רייך, דייטשלאנד, איטאליע, פוילן און פון די אלע לענדער, ווו עס איז פאראן א ווילן צו אלגעמיינער ארבעט לעטויוועס דער מענטשהייט. לאָמיר צונויפרופן אונדזערע קאָנגרעסן אפ צו באהאנדלען די גרויסע פראגן, פון וועלכע עס איז אָפּהענגיק דער שאָלעם צווישן פעלקער".

אינעם „אדרעס" איז אויך געזאָגט געוואָרן, אז די באלעבאטים פון ענגלאנד שרייבן אויס בייס די שטרייקן ארבעטער פון די אייראָפּייִשע לענדער און אז מע דארף דערצו מאכן א סאָף דורך סאָלידארישע אקציעס פון די ארבעטער פון פארשיידענע לענדער.

די ארבעטער־קאָמיטעטן פון צווישנפעלקערלעכער סאָלידארישקייט, וואָס האָבן זיך געשאפן אין ענגלאנד און אין פראנקרייך, האָבן מיטגעווירקט דערצו, אז די פארבינדונג צווישן די ארבעטער פון די דאָזיקע לענדער זאָל זיך פארשטארקן.

קאפיטל 23.

# דער I אינטערנאציאָנאל.

## די אויסבילדונג פון דער „צווישנפעלקערלעכער ארבעטער־אסאָציאציע". דער ערשטער פעריאָד פון איר טעטיקייט — ביזן באזעלער קאָנגרעס פון 1869 יאָר.

דער I אינטערנאציאָנאל (די „אינטערנאציאָנאלע ארבעטער־אסאָציאציע") איז גע־גרינדעט געוואָרן אין 1864 יאָר. ער איז אנטשטאנען דאן, ווען דער קאפּי־טאליזם און די ארבעטער־באוועגונג האָבן דערגרייכט א סאך א העכערן אנטוויקלונגס־ניוואָ, איידער אין 1847 יאָר, בייס ס'איז געשאפן געוואָרן דער „קאָמוניסטן־פארבאנד".

די אנטוויקלונג פונעם קאפּיטאליזם, דער וווּקס פון די צווישנפעלקערלעכע פארבינדונגען און די קריגס־בונדן פון דער בורזשואזיע פון פארשיידענע לענ־דער — דאָס אלץ האָט מיט דער גאנצער שארפקייט געשטעלט פאר די פאָרגעשרי־טענע עלעמענטן פונעם ארבעטער־קלאס די פראגע וועגן שאפן א צווישנפעלקער־לעכע אָרגאניזאציע פון ארבעטער, אפ צו פירן געמיינזאם ניט בלויז דעם עקאָ־נאָמישן, נאָר אויך דעם פּאָליטישן קאמפּ.

דער קריזיס פונ די יאָרנ 1857—1859 האָט געגעבנ א מעכטיקנ שטויס דער אַרבעטער-באַוועגונג אינ אַלע פאָרגעשריטענע קאַפּיטאַליסטישע לענדער. דער אויפשטאַנד אינ פּוילנ אינ 1863 יאָר, די נאַציאָנאַלע באַפרײַונגס-באַוועגונג אונ די מילכאָמעס פונ איטאַליע אונ דײַטשלאַנד, דער בירגערקריג אינ די פאַראייניקטע שטאַטנ פונ אַמעריקע, די געפאַר פונ אַנ אינטערווענציע פונ דער ענגלישער בורזשואַזיע בײַסנ בירגערקריג מיטנ ציל צו העלפנ די שקלאַפנבאַזיצער — דאָס אַלצ האָט אויכ מיטגעהאָלפנ דעמ וווקס פונ דער אַרבעטער-באַוועגונג.

דער מיטינג פונעמ 28 סענטיאַבער 1864 י. אונ די גרינדונג פונעמ I אינטערנאַציאָנאַל.

אַנ אַנטשיידענער שריט צומ שאַפנ די צווישנפעלקערלעכע פּראָלעטאַרישע אָרגאַניזאַציע איז געמאַכט געוואָרנ דעמ 28 סענטיאַבער 1864 י. אפ א גרויסנ אינטערנאַציאָנאַלנ מיטינג אינ לאָנדאָנ. דער דאָזיקער מיטינג האָט געשפּילט גאָר א גרויסע ראָליע אינ דער צווישנפעלקערלעכער אַרבעטער-באַוועגונג. צוגעגרייט דעמ מיטינג האָבנ מאַרקס אונ ענגעלס, וואָס האָבנ פול אויפגעטאָנ אפ צו באַהעפטנ אונ אָרגאַניזירנ די רעוואָליוציאָנערע עלעמענטנ פונ דער אינטערנאַציאָנאַלער אַרבעטער-באַוועגונג.

אפ דער פאַרזאַמלונג האָט געהאַלטנ א רעדע דער דײַטשישער אַרבעטער — דער שנײַדער עקאַריוס; די דאָזיקע אַרויסטרעטונג האָט פונ פריִער צוגעגרייט מאַרקס. די פאַרזאַמלטע האָבנ באַשלאָסנ צו אָרגאַניזירנ א שטענדיקע אינטערנאַציאָנאַלע אַרבעטער-אָרגאַניזאַציע; מע האָט אויסגעוויילט א קאָמיטעט אפ אויסצואַרבעטנ דעמ סטאַטוט אונ אפ צו ווענדנ זיכ מיט א פּראָגראַמ-דאָקומענט צומ אינטערנאַציאָנאַלנ פּראָלעטאַריאַט.

אינ קאָמיטעט, וואָס האָט נאָכדעמ באַקומענ דעמ נאָמענ צענטראַל-ראַט, זײַנענ אַרײַנ: פונ די דײַטשישע אַרבעטער — מאַרקס, אָנגעזעענע פאָרשטייער פונ די ענגלישע טרעד-יוניאָנענ אונ פונ די פראַנצויזישע אַרבעטער (דעריקער פּרודאָניסטנ) אונ דעלעגאַטנ פונ אַנדערע לענדער — סאַכאַקל 32 מאַנ.

דער „גרינדונגס-מאַניפעסט" פונעמ I אינטערנאַציאָנאַל.

אַזויאַרומ איז דער וויכטיקסטער שריט אפ צו שאַפנ די ערשטע אינטערנאַציאָנאַלע פּראָלעטאַרישע פּאַרטיי געמאַכט געוואָרנ. איצט האָט מענ געדאַרפט אויסאַרבעטנ די פּראָגראַמ פונ דער פּאַרטיי. די מעניִע איז געווענ, וואָס אינעמ אינטערנאַציאָנאַל האָבנ זיכ פאַראייניקט אַרבעטער פונ פאַרשיידענע לענדער, אַרבעטער, וועלכע זײַנענ געשטאַנענ אפ פאַרשיידענע שטופעס פונ קלאַסנ-באַוווסטזיניקײַט. באַנאַנד מיט די דײַטשישע אַרבעטער די קאָמוניסטנ, מאַרקס' נאָכפאָלגער, זײַנענ דאָ געווענ די ענגלישע טרעד-יוניאָניסטנ, די פראַנצויזישע פּרודאָניסטנ, די ענגלישע אָוועניסטנ אונ אַנד. די פּראָגראַמ פונעמ אינטערנאַציאָנאַל האָט באַדאַרפט זײַנ א פּראָלעטאַרישע פּראָגראַמ, דערבײַ א גענוג צוטריטלעכע, קעדיי ניט אָפּצושטויסנ קיינ איינע פונ די אַרבעטער-גרופּעס, וואָס זײַנענ געשטאַנענ אפ סאַמע פאַרשיידענע שטופעס פונ פּאָליטישער אַנטוויקלונג.

די פּראָגראַמ אונ דעמ סטאַטוט פונעמ אינטערנאַציאָנאַל האָט אָנגעשריבנ מאַרקס. מאַרקס האָט אָפּגעגעבנ פיל קויכעס אפ אויפצוהייבנ די אַרבעטער-באַוועגונג ביז דעמ ניוואָ, אפ וועלכנ עס זאָל מעגלעכ זײַנ די גרינדונג פונעמ אינטערנאַציאָנאַל, ער האָט געהאַט פאַר זיכ ניט קיינ לײַכטע אויפגאַבע. מאַרקס איז אָבער ניט אומזיסט געווענ אַנ אָנערקענטער פירער פונעמ פּראָלעטאַריאַט אונ ער האָט

די דאָזיקע אופגאבע גלענצנדיק געלייזט. אלע גרונט-אידייען פונעמ „מאניפעסט פונ דער קאָמוניסטישער פארטיי" האָט ער באוויזנ איינצושליסנ אינ דעמ „גרינדונגס-מאניפעסט" און אינ דעמ סטאטוט פונעמ אינטערנאציאָנאל אינ אזא פאָרמ, אז זיי זיינענ געווענ פארשטענדלעכ פאר דעמ סאמע אָפגעשטאנענעמ ארבעטער.

אינעמ „גרינדונגס-מאניפעסט" האָט מארקס דערוויזנ, אז דער וווקס פונעמ געזעלשאפטלעכנ רייכטומ און די דערפאָלגנ פונ דער אינדוסטריע אינ די באדינגונגענ פונ קאפיטאליזמ „באזייטיקנ ניט דעמ דאלעס פונעמ ארבעטער-קלאס", אז די לאגע פונעמ ארבעטער-קלאס באמ קאפיטאליזמ ניט נאָר וואָס זי פארבעסערט זיכ ניט, נאָר זי פארערגערט זיכ, אז דער ארבעטער-קלאס באמ קאפיטאליזמ איז אונטערדריקט סיי עקאָנאָמיש, סיי פאָליטיש.



קארל מארקס — פונ א פאָטאָגראפיע פונ די 60-ער יאָרנ.

די אופגאבע פונעמ מאניפעסט איז געווענ צו באווייזנ די ברייטסטע שיכטנ ארבעטער, אז די פולשטענדיקע פארניכטונג פונעמ פריוואט-אייגנטומ אפ די פראָדוציר-מיטלענ איז אומפארמיידלעכ, און צו ברענגענ די דאָזיקע ארבעטער צומ פארשטאנד, אז ס'איז נייטיק צו שאפנ א פראָלעטארישע פארטיי, קעדיי אפ א רעוואָליוציאָנערנ אויפנ צו דעראָבערנ די מאכט.

צומ שלוס האָט דער „גרינדונגס-מאניפעסט" פראָקלאמירט שאָלעמ אלס פרינציפ פונ דער צווישנפעלקערלעכער פאָליטיק פונעמ פראָלעטאריאט. ער האָט געשטעמפלט די קאָלאָניזאטאָרישע פאָליטיק פונעמ צארישנ רוסלאנד אפ קאווקאז און דאָס, וואָס דער צאריזמ האָט זיכ אכזאָריעסדיק צערעכנט מיט פוילנ; די ארבעטער האָט ער גערופנ צומ אקטיוונ קאמפ קעגנ דער פאָליטיק פונ רויבערישע מילכאָמעס. דער מאניפעסט האָט זיכ פארענדיקט מיטנ שלאכט-רופ: „פראָלעטאריער פונ אלע לענדער, פאראייניקט זיכ!"

### דער סטאטוט און די פראָגראמ פונעמ I אינטערנאציאָנאל.

צוזאמענ מיטנ „גרינדונגס-מאניפעסט" האָט מארקס אָנגעשריבנ דעמ צייטווייליקנ סטאטוט פונעמ אינטערנאציאָנאל; אינעמ אריינפיר-טייל פונעמ סטאטוט איז געווענ פאָרמולירט דער יעסאָד פונ דער פראָגראמ פונ דער „אינטערנאציאָנאלער ארבעטער-אסאָציאציע" (אינטערנאציאָנאל). אינעמ פראָגראמ-



פרידריך ענגעלס — פון א פאָטאָגראַפיע פון די 60-ער יאָרן.

טייל זײַנען אַרויסגערוקט געוואָרן פאָלגנדיקע גרונט-האַנאָכעס: „די באַפרײַונג פון די אַרבעטער דאַרף זײַן די זאַך פון די אַרבעטער גופע"; אַז די אַרבעטער שטרעבן ניט צו שאַפן נײַע פּריווילעגיעס, נאָר צו פאַרניכטן יעטווידע קלאַסן-הערשאַפט; דאָס, וואָס דער אַרבעטער איז עקאָנאָמיש אונטערגעוואָרפן דעם אייגנטימער פון די פּראָדוציר-מיטלען, איז די גרונט-סיבע דערפון, וואָס די אַרבעטער ווערן פאַרקנעכטיקט. דעריבער איז דערקלערט געוואָרן, אַז די עקאָנאָמישע באַפרײַונג פונעם אַרבעטער-קלאַס איז א גרויסער ציל, און די פּאָליטישע באַוועגונג — א מיטל צו דער עקאָנאָמישער באַפרײַונג.

דעם „גרינדונגס-מאַניפעסט" און דעם סטאַטוט, וועלכע מאַרקס האָט אָנגעשריבן, האָט דער גענעראַל-ראַט אָנגענומען איינשטימיק.

דער „גרינדונגס-מאַניפעסט" צוזאַמען מיטן „קאָמוניסטישן מאַניפעסט" זײַנען געלייגט געוואָרן אין יסוד פון אַלע ווײַטערדיקע פּראָגראַמעס פון די רעוואָלוציאָנערע פּראָלעטאַרישע פּאַרטייען.

גרויסע שוועריקייטן איז מאַרקס בײַגעקומען באַם לייזן די פראַגע וועגן דער אָרגאַניזאַציאָנעלער סטרוקטור פונעם I אינטערנאַציאָנאַל.

אין די 60-ער יאָרן פון XIX יה. איז די אַרבעטער-באַוועגונג אין באַזונדערע לענדער געווען ניט גענוג רײַף און ניט גענוג פּאָליטיש אויסגעפורעמט, דעריבער האָט מען אין אינטערנאַציאָנאַל אַרײַנגענומען ניט בלויז פּאָליטישע פּאַרטייען, נאָר אויך טרעד-יוניאָנען, וואָס האָבן דערקלערט, אַז זיי זײַנען מאַסקים מיט די גרונט-האַנאָכעס פונעם אינטערנאַציאָנאַל, אַרבעטערישע אויפקלערונגס-אָרגאַניזאַציעס און פּראָפּאַגאַנדיסטישע אָרגאַניזאַציעס און אַפילו באַזונדערע פּערזאָנען.

לויטן סטאַטוט פונעם אינטערנאַציאָנאַל איז בעראָש פונעם אינטערנאַציאָנאַל געשטאַנען דער גענעראַל-ראַט, וואָס האָט זיך געפונען אין לאָנדאָן [1]. אין דער איבערוועגנדיקער מערהײַט זײַנען די מיטגלידער פונעם גענעראַל-ראַט געווען אַרבעטער. דאָס גרונט-קעמערל פון דער אָרגאַניזאַציע זײַנען געווען די סעקציעס. סעקציעס פון איין שטאָט אָדער פון א גאַנצן לאַנד האָבן זיך געקענט פאַראייניקן אין א פעדעראַציע; די פעדעראַציע האָט זיך געשטעלט אין פאַרבינדונג מיטן גענעראַל-ראַט. אין דער צײַט צווישן די קאָנגרעסן האָט דער גענעראַל-ראַט

[1] ביזן 1866 יאָר האָט ער געהייסן צענטראַל-ראַט.

געהאט דאָס רעכט דירעקט זיך צו פאַרבינדן מיט א באַליביקער אָרגאַניזאַציע און מיט א באַליביקן מיטגליד פונעם אינטערנאַציאָנאַל. אפן באַזונדער קאָנגרעס (אין 1869 יאָר) האָט דער גענעראַל-ראַט באַקומען פולמאַכטן אָנצונעמען און אויס-שליסן אָרגאַניזאַציעס און באַזונדערע מיטגלידער.

זינט דער גרינדונג פונעם אינטערנאַציאָנאַל און די גאַנצע צײַט פון זײַן עקזיסטענץ האָט מאַרקס אָפּגעטאָן אינעם אינטערנאַציאָנאַל א קאָלאָסאַלע אַרבעט.

מאַרקס איז געווען א מיטגליד און דער פאַקטישער אָנפירער פונעם גענע-ראַל-ראַט, און גלײַכצײַטיק אויך סעקרעטאַר-קאָרעספּאָנדענט פאַר דײַטשלאַנד און שפּעטער פאַר רוסלאַנד. אינעם בריוו צו ענגעלסן דעם 13 מאַרט 1865 י. האָט מאַרקס אָנגעוויזן: „באַנאַנד מיט מײַן אַרבעט איבערן בוך (עס האַנדלט זיך וועגן „קאַפּיטאַל". — אוו טאָר.) נעמט בא מיר צו אומגעהײַער פיל צײַט די אינטער-נאַציאָנאַלע אַסאָציאַציע, ווײַל פאַקטיש בין איך איר head[1] (אָנפירער). „מאַרקס איז געווען די נעשאָמע פון דער דאָזיקער אַסאָציאַציע..." [2] — האָט לענין געשריבן וועגן מאַרקס' ראָליע אינעם ערשטן אינטערנאַציאָנאַל.

מאַרקס — דער פירער פון דער אינטערנאַציאָנאַלער פּראָלעטאַרישער באַוועגונג — האָט געקעמפט פאַר דעם, אַז די סטראַטעגיע און טאַקטיק פונעם ערשטן אינטער-נאַציאָנאַל זאָלן שטיין אפ דער הייך פון דער רעוואָלוציאָנערער טעאָריע פון ווײַסנשאַפטלעכן סאָציאַליזם. מאַרקס און ענגעלס האָבן געפירט אן אומבאַרמהאַרצי-קן קאַמף קעגן יעטווידע פּרווון פון די אָפּאָרטוניסטן אָפּצוציִען די אַרבעטער-באַוועגונג פון די רעוואָלוציאָנערע פּאָזיציעס. גלײַכצײַטיק האָט מאַרקס געפירט א קאָלאָסאַלע אָרגאַניזאַציאָנעלע אַרבעט. ער האָט זייער אופמערקזאַם צוגעגרייט די רעזאָלוציעס פונעם קאָנגרעס, האָט זאָרגזאַם אונטערגעקליבן פּאָרטרעגער, איז אַרויסגעטראָטן אין דער פּרעסע און אופגעקלערט די פּאָליטישע גרונט-פראַגן, מיט איין וואָרט — ער האָט פאַרווירקלעכט די קאָנקרעטע אָנפירונג מיט דער גאַנ-צער אַרבעט פונעם I אינטערנאַציאָנאַל.

ז׳שענעווער קאָנגרעס פונעם I אינטערנאַ-ציאָנאַל (1866).

אפן ערשטן קאָנגרעס פונעם אינטערנאַציאָנאַל (1866) איז מאַרקס ניט בײַגעווען. ער איז דאַן געווען שטאַרק פאַר-נומען מיט דער אַרבעט איבערן ערשטן באַנד „קאַפּיטאַל", אן אַרבעט, וואָס האָט געהאַט א קאָלאָסאַלע באַדײַטונג פאַר דער טעאָרעטישער באַוואָפענונג פון דער אינטערנאַציאָנאַלער אַרבעטער-באַ-וועגונג. מאַרקס האָט אָבער אויסגעאַרבעט די טאָג-אָרדענונג פון דעם דאָזיקן קאָנגרעס און אן אויספירלעכע אינסטרוקציע פאַר די דעלעגאַטן פון ענגלאַנד, וועלכע האָט געגעבן אן ענטפער אפ אַלע פראַגן פון טאָג-אָרדענונג, און אויך די רעזאָלוציעס.

איבער אַלע פונקטן פון דער טאָג-אָרדענונג האָט זיך אפן ז׳שענעווער קאָנגרעס פאַנאַנדערגעוויקלט א קאַמף קעגן די פּרודאָניסטן. די פּרודאָניסטן זײַנען אַרויס-געטראָטן קעגן שטרײַקן, קעגן אָרגאַניזירן פּראָפעסיאָנעלע פאַרייַנען, קעגן דעם 8-שאָעדיקן אַרבעטסטאָג און קעגן אָנווענדן פרויען-אַרבעט אין דער פּראָדוקציע; זיי האָבן דערקלערט, אַז דאָס אָרט פון דער פרוי — איז די היים, און איר באַ-רוף איז — די פאַמיליע.

[1] מאַרקס און ענגעלס, ווערק, ב. XXIII, ז. 267.
[2] לענין, ווערק, ב. XVIII, ז. 7.



INTERNATIONAL
Working Men's Association
INTERNth ARBEITER ASSOCn ASSOCIATION INTERNle DES OUVRIERS ASSOCIne INTERNle OPERAI
CARD OF MEMBERSHIP

This is to Certify that Frederick Engels was admitted
a Member of the above Association 18
and paid as his Annual Subscription
R. Shaw Corresponding Secretary for America.
Bernard Cor. Sec. for Belgium. Jules Johannard Italy
Eugene Dupont France. Anthony Zabicki Poland
Karl Marx Germany. H. Jung Switzerland.
[illegible] Treasurer. J. George Eccarius Sec. to Gen. Council.

מיטגלידס-קאַרטע פונעם I אינטערנאַציאָנאַל, אַרויסגעגעבן ענגעלסן
און אונטערגעשריבן פון מאַרקסן.

די פּרודאָניסטן האָבן דערקלערט, אַז זיי זאָגן זיך אָפּ צו פּראָטעסטירן קעגן די רעפּרעסיעס פון דער צאַרישער רעגירונג אין פּוילן, מאַכמעס זיי (די פּרודאָניסטן) זײַנען געקומען אויפן קאָנגרעס בלויז צו באַהאַנדלען עקאָנאָמישע פראַגן.

די רעזאָליוציעס פון די פּרודאָניסטן האָט מען אָפּגעוואָרפן. דער קאָנגרעס האָט אָנגענומען די רעזאָלוציעס, וועלכע עס האָט פאָרגעלייגט מאַרקס.

אין די רעזאָליוציעס וועגן די פּראָפעסיאָנעלע פאַריינען איז געזאָגט געוואָרן, אַז זיי דאַרפן זיך באַטייליקן אינעם פּאָליטישן קאַמף און אַז מע דאַרף אַרײַנציִען אין די פאַריינען יענע שיכטן אַרבעטער, וואָס קריגן אַ נידעריקן לוין, באַזונדערס די באַטראַקעס.

דער קאָנגרעס האָט אָנגענומען די פאָדערונג, מע זאָל אָפּ אַ געזעצגעבערישן אופן אײַנפירן אַן 8-שעהדיקן אַרבעטסטאָג. ער האָט אָנערקענט פאַר פרויען און קינדער דאָס רעכט אויף פּראָדוקטיווער אַרבעט און האָט אַרויסגערוקט די פאָדערונג, מע זאָל ברייט אָרגאַניזירן די אַרבעט-שוץ.

די טרעד-יוניאָניסטן האָבן ניט פאַרשטאַנען די וויכטיקייט פונעם פּאָליטישן קאַמף. אין דער אינסטרוקציע די דעלעגאַטן, וואָס מאַרקס האָט צונויפגעשטעלט, און אין די רעזאָליוציעס פונעם קאָנגרעס איז אין קעגנזאַץ צו די טרעד-יוניאָניסטן אונטערגעשטראָכן געוואָרן, ווי וויכטיק עס איז דער קאַמף פאַר אַרויסגעבן געזעצן איבער דער אַרבעטער-פראַגע און דאָס אַרײַנציִען די אַרבעטער אין פּאָליטישן קאַמף. באַם באַהאַנדלען די פראַגע וועגן פּוילן האָט דער קאָנגרעס גערופן צום קאַמף קעגן דער רעאַקציאָנערער פּאָליטיק פונעם צאַרישן רוסלאַנד און האָט זיך אַרויסגעזאָגט פאַר שאַפן אַ דעמאָקראַטיש פּוילן.

דער קאָנגרעס האָט זיך ארויסגעזאָגט פאר אָפּשאפן די שטענדיקע ארמיי און פאר פארבײַטן זי מיט אן אלגעמײַנער באוואָפנונג פונעם פאָלק.

„איך האָב זייער געציטערט פארן ערשטן קאָנגרעס אין זשענעווע, — האָט מארקס געשריבן נאָכן קאָנגרעס. — נאָר טראָץ מײַן דערוואַרטונג איז ער אדורך אינגאנצן גענומען גוט. זײַן אײַנפלוס אין פראנקרײַך, ענגלאנד און אמעריקע האָט אריבערגעשטיגן מײַנע דערוואַרטונגען“ [1].

מיט זײַנע באשלוסן האָט דער קאָנגרעס דערלאנגט אן ערנסטן קלאַפּ די פרודאָניסטן. נאָכן קאָנגרעס איז דער אײַנפלוס פונעם אינטערנאציאָנאַל אין די ארבעטער-מאסן באדייטנדיק געשטיגן.

דער I אינטערנאציאָ-נאַל און די שטרײַק-באוועגונג.

גאָר אינגיכן האָט דער אינטערנאציאָנאַל אָנגעהויבן צו שפּילן די ראָליע פון אן אָנפירנדיקן צענטער פון דער מאסעווער ארבעטער-באוועגונג. ער האָט זיך אקטיוו באַ-טייליקט אינעם דורכפירן א ריי שטרײַקן, וואָס זײַנען געוואָרן אלץ אָפטער אין צוזאמענהאנג מיטן עקאָנאָמישן קריזיס אינמיטן 60-ער יאָרן.

אין פאריזש האָט דער אינטערנאציאָנאַל אָנגעפירט מיטן גרויסן שטרײַק פון די ארבעטער די בראָנזירער. כוץ דעם האָט דער אינטערנאציאָנאַל אָנגעפירט מיט די שטרײַקן אין ענגלאנד, אין דער שווייץ און אין אנדערע לענדער. פרילינג 1868 י. איז אין לאָנדאָן פאָרגעקומען א גרויסער שטרײַק פון ארבעטער, וואָס מאכן אײַזערנע גראטעס. קעדיי אָראָפּצורײַסן דעם שטרײַק, האָבן די באלעבאטים באשטימט אויסצושרײַבן ארבעטער פון פראנקרײַך. ווען דער אינטערנאציאָנאַל האָט זיך דאָס דערוווּסט, האָט ער וועגן דעם געגעבן צו וויסן זײַנע סעקציעס אין פראנקרײַך, און די באַ-לעבאטים האָבן פארשפּילט דעם שטרײַק.

אין דעם זעלבן 1868 יאָר איז בײַסן שטרײַק פון די בוי-ארבעטער אין זשענעווע, ווו ס'איז מיט 2 יאָר פריִער פאָרגעקומען דער קאָנגרעס פונעם אינטערנאציאָנאַל, ארויסגעטראָטן די אָרטיקע סעקציע פונעם אינטערנאציאָנאַל אין נאָמען פון די זשענעווער ארבעטער און געשטעלט די באלע-באטים א ריי פאָדערונגען. די באלעבאטים האָבן זיך אָפּגעזאָגט צו פירן מיט זיי אונטערהאנדלונגען. דאן האָט מען אף די גאסן אויסגעהאנגען מעלדונגען, אז דעם זעלבן טאָג 6 אזייגער אין אָוונט וועט דורך קלאַפּן אין א פּויק צונויפגערופן ווערן א פארזאמלונג פון אלע אָרטיקע סעקציעס פונעם אינטערנאציאָנאַל.

פון אלע עקן שטאָט האָבן זיך אונטערן קלאַפּ פון פּויק א לאָז געטאָן צום צענטער 5 טויזנט ארבעטער, וואָס זײַנען געווען פאראייניקט דורך דער זשענעווער סעקציע פונעם אינטערנאציאָנאַל. אף די באלעבאטים האָט דאָס געמאכט א גרויסן אײַנדרוק. ווען ס'איז באוווּסט געוואָרן, אז מע האָט וועגן דעם שטרײַק געגעבן צו וויסן אין לאָנדאָן, פאריזש, ליאָן און בריסעל, אז דער גענעראַל-ראט האָט צוגעזאָגט צו שטיצן די שטרײַקער מיט א סומע ניט ווייניקער פון 40 טויזנט פראנק, און אז פאריזש האָט שוין איבערגעוויזן 10 טויזנט פראנק, האָבן די באלעבאטים נאָך א געוויסן ווידער-שטאנד געמוזט נאָכגעבן. דעם ארבעטסטאָג האָט מען פארקירצט אף 1—2 שאָ, און דעם ארבעט-לוין פארגרעסערט אף 10 פּראָצענט.

די נאָענטסטע יאָרן האָט דער אײַנפלוס פונעם אינטערנאציאָנאַל אף דער ארבעטער-באוועגונג זיך פארשטארקט.

אין 1868 יאָר זײַנען אין בעלגיע פאָרגעקומען בלוטיקע געשעענישן: די רעגירונג האָט אין שארלערוא געשאָסן אף די הונגעריקע קוילנגרעבער, וואָס האָבן פארשטרײַקט. דער אינטערנאציאָנאַל האָט ארויסגעלאָזט אן אופרוף צו די ענגלישע קוילנגרעבער און אײַזנבאנער, זיי זאָלן זאמלען געלט לעטוויוועס די פאמיליעס פון די גערהארגעטע. דער גענעראַל-ראט האָט צונויפגעזאמלט באדייטנ-דיקע געלט-סומעס און זיי איבערגעשיקט קיין בעלגיע.

---

[1] מארקס און ענגעלס, ווערק, ב. XXV, ז. 478.

# Attendance of Members from September to December 1870

| | September | | | | October | | | | November | | | | | December | | | | |
|---|---|---|---|---|---|---|---|---|---|---|---|---|---|---|---|---|---|---|
| | 6 | 13 | 20 | 27 | 4 | 11 | 18 | 25 | 1 | 8 | 15 | 22 | 29 | 6 | 13 | 20 | Present | Absent |
| Applegarth | | | + | | | + | | | | | | | | | | | 2 | 14 |
| Boon | + | + | | + | | + | | | | | | | | | | + | 5 | 11 |
| Bradnick | | + | | | + | + | Out of town | | | | | | | | | | 3 | 13 |
| Cahil | | | | | | + | | | | | | | | | | | 1 | 15 |
| Cohn | | | + | | | | | | + | | | | | | | | 2 | 14 |
| Eccarius | + | + | + | + | + | + | + | + | + | + | + | + | + | + | + | + | 16 | // |
| Engels | | | | | + | + | + | + | + | + | + | | + | + | + | + | 11 | 1 |
| Hales J. | | + | + | | + | + | + | | | | | | | | | + | 6 | 10 |
| Hales W. | | + | | | + | Out of town | | | | | | | | | | | 2 | 14 |
| Harris | + | + | + | + | | + | | + | + | | + | | + | + | + | + | 12 | 4 |
| Jung | + | + | Ill | | | | | | | | | | | | | | 2 | 14 |
| Lapatine | | | + | + | + | + | + | + | + | + | + | + | Out of town | | | | 10 | 4 |
| Lessner | | + | + | + | + | + | + | + | + | + | | | + | | + | + | 12 | 4 |
| Lucraft | | | + | | + | | + | | | | | | | | | + | 4 | 12 |
| Marx | + | + | + | + | + | + | + | + | + | + | + | | + | + | + | + | 15 | 1 |
| Milner | + | + | + | + | | + | + | + | | + | + | | + | | + | + | 12 | 4 |
| Mottershead | | | + | | | | | | | | | | | | | | 1 | 15 |
| Murray | | | | + | Gone to America | | | | | | | | | | | | 1 | 15 |
| Maurice | Ill | | | | | | | | | | | | | | | | No | 16 |
| Odger | | | | | | | | | | | | | | | | | No | 16 |
| Parnell | Out of Town | | | | | | | | | | | | | | | | No | 16 |
| Pfänder | | | + | | | | | + | + | + | + | | | + | + | + | 8 | 8 |
| Rühl | | | | | | | + | | | | | | | | | | 1 | 15 |
| Stepney | Out of Town | | | | | | | | | | | + | + | + | + | + | | |
| Zworshenit | + | + | | + | + | + | + | + | + | + | + | | + | | | + | 12 | 4 |
| Weston | + | + | + | | | | | | | | | | | | | | 3 | 15 |
| Zabicki | | | | | | | | | | | | | | | | | No | 16 |
| Robin | | | | | | | | | | | + | + | + | + | + | + | | |
| Kolb | | | | | | | | | | | | | + | + | + | | 3 | 1 |

די טאבעלע, ווו עס זײַנען באצייכנט די באזוכן פון די זיצונגען
פונעם גענעראל־ראט פונעם I אינטערנאציאנאל.

אלס ענטפער אפ דער דאָזיקער אקציע האָט א באַדײַטנדיקע צאָל בעלגישע ארבעטער זיך אָנגעשלאָסן צום אינטערנאַציאָנאַל און געשאַפן די בעלגישע סעקציע פונעם אינטערנאַציאָנאַל.

דער בריסעלער קאָנגרעס.

מארקס איז געווען די נעשאָמע, דער באַגײַסטערער און אָרגאַניזאַטאָר פון דער גאַנצער ארבעט פונעם אינטערנאַציאָנאַל. אונטער זײַן אָנפירונג האָט דער גענעראַל-ראַט געפירט אַן אומקאָמפּראָמיסלעכן קאַמף אַף צוויי פראָנטן: סײַ קעגן די רעכטע אָפּאָרטוניסטן — די פּרודאָניסטן, די ענגלישע טרעד-יוניאָניסטן, די לאַסאַליאַנער, אַזוי אויך קעגן די „לינקע" — די בלאַנקיסטן און באַקוניסטן.

אַף די פאָלגנדיקע צוויי קאָנגרעסן (נאָכן זשענעווער) — אַפן לאָזאַנער (1867) און בריסעלער (1868) האָבן די פּרודאָניסטן געמאַכט א פּרוּוו דורכצופירן זייערע רעזאָליוציעס און פאַרכאַפּן צו זיך אין די הענט אַרײַן דעם גענעראַל-ראַט. זיי האָבן אָבער געליטן א מאַפּאָלע.

אַפן דריטן קאָנגרעס אין בריסעל (אין 1868 יאָר) איז אָנגענומען געוואָרן אַן אויסערסט וויכטיקער באַשלוס וועגן דער נייטיקייַט צו דערשלאָגן זיך, מע זאָל אָפּשאַפן פּריוואַט-אייגנטום אַף ערד-גרובנס, שאַכטעס און אײַזנבאַנען, און ס'איז אַרויסגעשטעלט געוואָרן די פאָדערונג צו נאַציאָנאַליזירן די ערד. דער קאָנגרעס האָט אײַנגעפונען, אַז „די פאָדערונגען פון דער פּראָדוקציע און פון דעם אָנווענדן באַשטימטע געזעצן פון דער אַגראָנאָמיע רופן אַרויס דעם איבערגאַנג צו דער גרויסער אַגריקולטור-ווירטשאַפט, מאַכן נויטווענדיק די אָנווענדונג פון מאַשינעס און די קאָלעקטיווע אָרגאַניזירונג פון דער לאַנדווירטשאַפטלעכער ארבעט". דערבײַ איז אָנגעוויזן געוואָרן, אַז „די עקאָנאָמישע אַנטוויקלונג פון דער מאָדערנער געזעלשאַפט וועט מאַכן פאַר סאָציאַל נויטווענדיק, אַז די ערד זאָל פאַרוואַנדלט ווערן אין געזעלשאַפטלעך אייגנטום און אַז די מעלוכע זאָל אָפּגעבן די ערד אין אַרענדע די ערדאַרבעטערישע פּראָדוציר-געזעלשאַפטן".

מיט די דאָזיקע רעזאָליוציעס וועגן סאָציאַליסטישן אייגנטום האָט דער קאָנגרעס דערלאַנגט אַנטשיידנדיקע קלעפּ די פּרודאָניסטן, וועלכע האָבן פאַרטיידיקט דעם פּרינציפּ פון קליין-אייגנטום.

דער קאָנגרעס האָט אויך אָנגענומען א רעזאָליוציע וועגן דער נייטיקייַט צו פירן שטרײַקן און וועגן דעם, אַז אָנפירן מיט די דאָזיקע שטרײַקן דאַרפן די פּראָפעסיאָנעלע אָרגאַניזאַציעס. אין א באַזונדערער רעזאָליוציע האָט דער קאָנגרעס רעקאָמענדירט די ארבעטער צו דערלערנען מאַרקס' „קאַפּיטאַל", וואָס דער ערשטער באַנד זײַנער איז אַרויס אין 1867 יאָר.

אַפן בריסעלער קאָנגרעס האָט מען די פּרודאָניסטן ענדגילטיק צעקלאַפּט, און דאָס האָט מיטגעווירקט דערצו, עס זאָל זיך פאַרטיפערן די שפּאַלטונג פון זייערע אָרגאַניזאַציעס אין פראַנקרײַך און אין אַנדערע לענדער, ווו זיי האָבן געהאַט א ווירקונג. פון די „אָרטאָדאָקסן" די פּרודאָניסטן טיילן זיך אָפּ די „לינקע" פּרודאָניסטן, וואָס אָנערקענען קלאַסנקאַמף און קאָלעקטיוו אייגנטום.

מאַרקס' קאַמף קעגן די אָפּאָרטוניסטן פון די ענגלישע טרעד-יוניאָנען.

די רעדלפירער פון אייניקע ענגלישע טרעד-יוניאָנען האָבן מיט זייער אויפירונג היפּש טאָרמאָזירט די ארבעט פונעם גענעראַל-ראַט. זיי האָבן פאַרטיידיקט די פּריווילעגיעס, וואָס א טייל ענגלישע ארבעטער האָט געהאַט אַדאַנק

דער האנדלס-אינדוסטריעלער מאָנאָפּאָל פונ ענגלאנד. אינ אָקטיאבער 1866 י. האָט דער ראט פונ די טרעד-יוניאָנעס ארויסגעטראָגנ א פראָטעסט קעגנ דעמ, וואָס דער אינטערנאציאָנאל האָט ארײַנגענומענ אינ זײַנע רייענ דעמ פאריינ פונ די ערדגרעבער. דעמ פראָטעסט האָט ער מאָטיווירט דערמיט, וואָס אינ דעמ דאָזיקנ פארײַנ גייענ ארײַנ ניט־קוואליפיצירטע ארבעטער.

אָדזשער אונ זײַנע אָנהענגער זײַנענ פארגאנגענ אזוי ווײַט, אז זיי האָבנ זיכ אפילע געפרווט אריבערצופירנ דעמ גענעראל-ראט פונ ענגלאנד ערגעצ אנדערש. דערמיט זײַנענ זיי אויסנ געווענ אָפצושוואכנ די ווירקונג פונ מארקסנ אונ פונ זײַנע אָנהענגער. אפ אָדזשערס אינטריגעס — אָדזשער איז פונ 1866 יאָר אָנ געווענ פאָרזיצער פונעמ גענעראל-ראט — האָט מארקס אינ סענטיאבער 1867 געענטפערט מיט א פאָרשלאָג אָפצושאפנ דעמ פאָסטנ פונ פאָרזיצער. דעמ פאָרשלאָג האָט מענ אָנגענומענ, פונ יענער צײַט אָנ האָט אָפיציעל אָנגעפירט אינעמ אינטערנאציאָנאל דער סעקרעטאר פונעמ גענעראל-ראט.

דער אָפּאָרטוניזמ פונעמ לאָנדאָנער ראט פונ די טרעד-יוניאָנעס האָט געצוווּנגענ דעמ גענעראל-ראט צו ווענדנ זיכ אינ 1868 יאָר מיט א ספעציעלנ אופרופ צו די מיטגלידער פונ די פראָפעסיאָנעלע אָרגאניזאציעס פונ ענגלאנד אונ אירלאנד; אינ דעמ דאָזיקנ אופרופ האָט דער גענעראל-ראט פאָרגעלייגט די ארבעטער צו פארבינדנ זיכ דירעקט מיטנ גענעראל-ראט, אויסמײַדנדיק די לאָנדאָנער אָרגאניזאציע פונ די טרעד-יוניאָנעס.

מארקס אונ ענגעלס האָבנ געוויזנ א גלענצנדיקנ בײַשפּיל, ווי מע דארפ קעמפנ אונ זיגנ אינ אויסערסט שווערע באדינגונגענ. זיי איז געלונגענ בײַצוקומענ די ווירקונג פונ די אָפּאָרטוניסטנ צווישנ די ענגלישע טרעד-יוניאָנעס אונ פירנ נאָכ זיכ די מערהײַט פונעמ גענעראל-ראט.

## דער באזעלער קאָנגרעס פונ 1869 יאָר. דער סאָפ פונעמ ערשטנ פעריאָד פונ דער טעטיקײַט פונעמ I אינטערנאציאָנאל.

פונעמ בריסעלער קאָנגרעס צומ באזעלער קאָנגרעס.

אינגיכנ נאָכנ בריסעלער קאָנגרעס איז אינעמ צאָפנ-דײַטשישנ פארבאנד פאָרגעקומענ א געשעעניש, וואָס האָט געהאט א קאָלאָסאלע באדײַטונג פאר דער גאנצער ארבעטער-באוועגונג. אינ 1869 יאָר האָט זיכ אינ אייזענאכ געשאפנ די סאָציאל-דעמאָקראטישע ארבעטער-פארטיי פונ דײַטשלאנד; אזוי ארומ האָט זיכ די סאָציאליסטישע מאסעווע ארבעטער-באוועגונג אָרגאניזאציאָנעל אָפגעטיילט פונ דער בורזשואז-דעמאָקראטישער באוועגונג.

אפנ צוזאמענפאָר אינ אייזענאכ האָט דער „פארבאנד פונ די ארבעטער-געזעלשאפטנ”, וועלכנ עס האָבנ אָרגאניזירט ליבקנעכט אונ בעבעל, זיכ צונויפגעגאָסנ מיט א טייל פונעמ „אלגעמיינעמ דײַטשישנ ארבעטער-פארבאנד”, מיט דעמ טייל, וועלכער האָט זיכ געשטעלט קעגנ לאסאלס שילער אונ נאָכפאָלגער — שווייצערנ. אינ דער פראָגראמ, וואָס מע האָט אָנגענומענ אינ אייזענאכ, זײַנענ ארײַנ עטלעכע לאסאליאנישע האנאָכעס, ווי, לעמאָשל, די פאָדערונגענ צו אָרגאניזירנ פראָדוציר-געזעלשאפטנ, וואָס זאָלנ באקומענ הילפ פונ דער בורזשואזער מעלוכע,

און א רײ אַנדערע אַנטימאַרקסיסטישע פּונקטנ. דאָס האָט געװיזנ, אַז די דײַטשי־שע סאָציאַל־דעמאָקראַטיע איז דאַנ געװענ נאָכ ניט רײַפ.

בלויז אונטערנ דרוק פונ מאַרקס׳ אונ ענגעלסעס האַרבער קריטיק האָבנ די אײזנאַכער זיכ פּאַמעלעכ געגומענ באַפרײַענ פונ די לאַסאַליאַנישע פעלערנ.

אפנ באַזעלער קאָנגרעס פונעם אינטערנאַציאָנאַל (1869) זײַנענ שוינ בײַגעװענ פאָרשטײער ניט פונ 4 לענדער, װי דאָס איז געװענ אפנ I קאָנגרעס, נאָר פונ 9: צו ענגלאַנד, פראַנקרײַכ, דײַטשלאַנד אונ צו דער שװײץ זײַנענ צוגעקומענ די פאַראײניקטע שטאַטנ, בעלגיע, עסטרײַכ, איטאַליע אונ שפּאַניע.

איבער דער ערשטער פראַגע — װעגנ ערד־אײגנטום — האָט מענ אפ דעם דאָ־זיקנ קאָנגרעס די פּרודאָניסטנ ענדגילטיק צעקלאַפּט; זײערע פּרוּװנ צו פאַרטײ־דיקנ דאָס קלײנ־אײגנטום אינ דער לאַנדװירטשאַפט האָבנ געליטנ א מאַפּאָלע. די פּרודאָניסטנ האָבנ געהאַלטנ, אַז מע דאַרפ אײַנהיטנ דאָס קלײנ־אײגנטום, דער־מיט גופע האָבנ זײ געשטרעבט אײַנצוהיטנ דעם קאַפּיטאַליזם. מאַרקס אונ זײַנע אָנהענגער, װאָס האָבנ אַרויסגערוקט דעם לאָזונג פונ פאַרניכטנ דאָס פּריװאַט־אײגנטום אפ די פּראָדוציר־מיטלענ, זײַנענ געװענ פאַר סאָציאַליזם.

מאַרקס האָט אינ זײַנע װערק אַרויסגערוקט די אידײ פונ דיקטאַטור פונעם פּראָלעטאַריאַט. גלײַכצײַטיק האָט ער אײַנגעזענ אינ געשטאַלט פונעם האָרעפּאַש־נעם פויערטום א פאַרבינדעטנ פונ דער פּראָלעטאַרישער רעװאָלוציע. אינ 1850 יאָר האָט ער געשריבנ: „בלויז דאָס פאַלנ פונעם קאַפּיטאַל קאָנ אופהײבנ די פויערים, בלויז אַנ אַנטיקאַפּיטאַליסטישע פּראָלעטאַרישע רעגירונג קאָנ מאַכנ א סאָפ צו זײער עקאָנאָמישנ דאַלעס אונ געזעלשאַפטלעכער דעגראַדאַציע“[1].

װײַבאַלד די פּרודאָניסטנ זײַנענ אפנ באַזעלער קאָנגרעס ענדגילטיק צעבראָמירט געװאָרנ, האָט שוינ נאָכדעם קײנ שום זינ ניט געהאַט ערנסט אַרויסצו־טרעטנ קעגנ מאַרקסיזם מיט אַנ אָפענער פאַרטײדיקונג פונ פּריװאַט־אײגנטום. אַצינד האָבנ די אָפּאָרטוניסטנ געקאָנט אַרויסטרעטנ בלויז אונטער א צודעק פונ קלוימערשט רעװאָלוציאָנערע אונ סאָציאַליסטישע לאָזונגענ.

אונטער דעם דאָזיקנ צודעק איז עס טאַקע אפ דעם זעלבנ באַזעלער קאָנ־גרעס אַרויסגעטראָטנ א נײַע אָפּאָזיציע, די באַקונינישע.

**מ. באַקונינ.**

מיכאַיל באַקונינ (1814—1876) — א רוסישער אַדל־מאַנ, איז אינ דער יוגנט געװענ אַנ אָפיצער פונ אַרטילעריע אונ האָט זיכ באַטײליקט אינ דער רעװאָלוציע פונ 1848 י. באַקונינ האָט זיכ אינ טעאָריע שװאַכ פאַנאַנדערגעקליבנ, אונ װײַל ער איז געװענ ניט קײנ שטאַנדהאַפּ־טיקער מענטש, איז ער לײַכט געװאָרנ א געצײַג אינ די הענט פונ די עלעמענטנ, װאָס זײַנענ געװענ פײַנטלעכ דעם אַרבעטער־קלאַס.

באַקונינס פּאָליטישער אידעאַל איז געװענ צו שאַפנ א גרויסע מעלוכע פונ די סלאַװישע פעלקער בעראָש מיט רוסלאַנד. שפּעטער, צום 1867 יאָר, איז ער געװאָרנ אַנ אַנאַרכיסט, ער האָט געלײקנט אינ דער נײטיקײַט פונ יעטװידער מעלוכע, דערינ אויכ פונ א פּראָלעטאַרישער מעלוכע נאָכנ זיג פונ דער סאָציאַ־ליסטישער רעװאָלוציע, דה. ער האָט געלײקנט אינ דער דיקטאַטור פונעם פּראָ־לעטאַריאַט; דערמיט האָט ער געבראַכט דעם גרעסטנ שאָדנ דער אַרבעטער־באַ־

[1] מאַרקס, געװײלטע װערק, ב. II, 1940, ז. 227.

וועגונג. באקונינ האָט געגרינדעט אינ איטאליע זײַנ געהיימע רעוואָליוציאָנערע ברידערשאפט („אליאנס“); די גרונט-פונקטנ פונ דער פּראָגראם פונ דעם דאָזיקנ „אליאנס“ זײַנענ געווענ „אטעיזם“ [1], „אויסגלײַכונג פונ די קלאסנ“ דורכ פארניכטנ דאָס יערושע-רעכט אונ „ליקווידאציע“ פונ דער מעלוכע.

אינ 1868 יאָר איז באקונינ ארײַנגעטראָטנ אינ אינטערנאציאָנאל. לויט דער פאָדערונג פונעמ גענעראל-ראט האָט ער דערקלערט דעם „אליאנס“ פאר פאנאנדערגעלאָזט, אָבער פאקטיש האָט ער אפּ א צווייפּעלנעמדיקנ אויפנ אײַנגעהיט די געהיימע אָרגאניזאציע פונ דעם דאָזיקנ „אליאנס“ אונ האָט זי אויסגענוצט צוליב בײַזוויליקנ קאמפּ אונ רעכילעס-טרײַבערײַ קעגנ מארקסנ. באקונינ איז געווענ א פארשווערער, א דעזאָרגאניזאטאָר אינ די רייענ פונ דער ארבעטער-באַוועגונג.

די באקוניסטנ זײַנענ געווענ קעגנער פונ באוווסטזיניקײַט אונ פונ פּלאנמעסיקער אָרגאניזירטקײַט, וואָס זײַנענ נייטיק דעם פּראָלעטאריאט צוליב זײַנ קאמפּ קעגנ דער בורזשואזיע.

„...די באקוניסטנ,—זאָגט ענגעלס,—האָבנ פיל יאָרנ געפּריידיקט, אז יעטווידער רעוואָליוציאָנערער טאט פונ אויבנ אראָפּ איז שעדלעכ, אז אלצ דארפ אָרגאניזירט אונ געמאכט ווערנ פונ אונטנ ארופּ“ [2].

דער גרונט-פונקט אי בא פּרודאָנענ אי בא באקונינענ איז געווענ די אָפּלייקענונג פונ מעלוכע. סײַ דער סײַ יענער זײַנענ געווענ אנארכיסטנ אונ האָבנ געלייקנט אינ דער נייטיקײַט פונ א פּראָלעטארישער קלאסנ-פּארטיי אונ פונ אײַנשטעלנ די דיקטאטור פונעמ פּראָלעטאריאט. פּונקט ווי פּרודאָנ, איז אויכ באקונינ געווענ א פארביסענער סוינע פונ קאָמוניזמ.

דאָס קלייַנבירגערטום, דער האנטווערקער אונ פּויער, וועלכע ווערנ רויִנירט, דער פּאופּער, די בײַע קאדרענ ארבעטער, וואָס האָבנ זיכ נאָכ ניט איבערגעקאָכט אינ דעם פאבריק-קעסל, די ארמיי ארבעטלאָזע אונ לומפּנ — אפּ זיי האָט עס באקונינ זיכ געפּרווט אָנשפּארנ.

באקונינ איז ניט געווענ פארבונדנ מיטנ פאבריק-זאוואָדישנ פּראָלעטאריאט, וואָס איז פייִק צו אָרגאניזאציע אונ סיסטעמאטישנ קאמפּ. באקונינ האָט זיכ צו אימ באצויגנ מיט ביטל. ער האָט ניט פארשטאנענ די צילנ פונעמ פּראָלעטאריאט, זײַנ אקשאָנעסדיקע שטרעבונג זיכ צו אָרגאניזירנ אונ צו פּאָליטישנ קלאסנקאמפּ. מיטנ מויל איז באקונינ גרייט געווענ צו פארענדיקנ מיט דער אלטער וועלט מיט איינ קלאפּ. „דאָס פאָלק איז גרייט צו א בונט, — פלעגט באקונינ איבערכאזערנ. ס׳איז גענוג א וואָרפ טאָנ א שוועבעלע, עס זאָל אופלאקערנ דער פלאמ פונ אופשטאנד“.

דערפונ איז ארויסגעדרונגענ באקונינס אָרגאניזאציאָנעלער פּלאנ: בויענ דעם אינטערנאציאָנאל אזוי, אז יעדע סעקציע אונ יעדער מיטגליד פונעמ אינטערנאציאָנאל זאָל זײַנ אבסאָליוט אומאָפּהענגיק אונ זאָלנ האנדלענ אזוי, ווי זיי וועט זיכ פארגלוסטנ. אנדערש גערעדט, דער אנארכיסט באקונינ האָט מיט אלע מיטלענ געשטרעבט צו צעוואלגערנ דעם אינטערנאציאָנאל. באקונינ האָט זיכ ארויסגעוויזנ פאר אנ אגענט פונ דער בורזשואזיע אינ דער ארבעטער-באוועגונג. ווי ס׳איז פעסטגעשטעלט, האָבנ א ריי באקוניסטנ געהאט פארבינדונגענ מיט דער פּאָליציי.

די באקוניסטנ אפנ באזעלער קאָנגרעס.

אפנ באזעלער קאָנגרעס האָבנ די באקוניסטנ פאָרגענומענ אנ אטאקע קעגנ דעם גענעראל-ראט: זיי האָבנ ארויסגערוקט די פראגע וועגנ דעם יערושע-רעכט. זיי האָבנ באהויפּט, אז אויב מע וועט אָפּשאפנ דאָס דאָזיקע רעכט, וועט דער קאפּיטאליזמ בעמיילע אליינ פארשווינדנ.

ס׳איז אָבער קלאָר, אז אָנ א רעוואָליוציע, אָנ קלאסנקאמפּ, אָנ די טיפסטע סאָציאלע ענדערונגענ, אָנ דער פארניכטונג פונ די עקאָנאָמישע וואָרצלענ, פונ וועלכע דער קאפּיטאליזמ וואקסט ארויס, — פונעמ פּריוואט-אייגנטומ אפּ די פּראָדוציר-מיטלענ, — מיט דעם איינעמ ארויסגעבנ געזעצנ אינ די ראמענ פונ דער בורזשואזער געזעלשאפט קאָנ מענ דעם קאפּיטאליזמ ניט פארניכטנ.

[1] אטעיִזמ — דאָס ניט גלייבנ אינ גאָט.

[2] מארקס אונ ענגעלס, ווערק, ב. XV, ז. 117.

דער קאָנגרעס האָט ניט אָנגענומענ די רעזאָליוציע פונ די באקוניסטנ, וועלכע האָט געפאָדערט, מע זאָל אָפשאפנ דאָס ירושע-רעכט. אפ דעמ זעלבנ קאָנגרעס האָבנ די באקוניסטנ פאָרגעלייגט צו פארברייטערנ די פולמאכטנ פונעמ גענעראל-ראט, דה. אימ געבנ דאָס רעכט אויסצושליסנ פונעמ אינטערנאציאָנאל באזונדערע סעקציעס, פעדעראציעס אונ פערזאָנענ. דער פאָרשלאָג איז אָנגענומענ געוואָרנ. די באקוניסטנ האָבנ ארייַנגעטראָגנ דעמ דאָזיקנ פאָרשלאָג, ווייַל זיי האָבנ גערעכנט, אז טאקע אפנ באזעלער קאָנגרעס וועט זיי געלינגענ צו פארכאפנ דעמ גענעראל-ראט אינ זייערע הענט. זיי האָבנ אָבער געהאט א טאָעס אינ כעזשבנ. דאנ האָבנ די באקוניסטנ פאָרגענומענ אנ אָפענעמ מארש קעגנ דעמ גענעראל-ראט אונ קעגנ מארקסנ. באקונינ האָט געפירט אינטריגעס קעגנ מארקסנ אונ קעגנ דער מערהייַט פונעמ גענעראל-ראט אונ האָט אזויארומ זיכ באמיט אָפצושפאלטנ פונעמ אינטערנאציאָנאל די טרעד-יוניאָנענ. די באקוניסטנ האָבנ געפירט א שפאלטונגס-טעטיקייַט אויכ אינ אנדערע לענדער. זיי האָבנ געהאנדלט צווייפענעמדיק, ווענ זיי האָבנ דערקלערט, אז דער „אליאנס” איז פאנאנדערגעלאָזט אונ אלייִנ האָבנ זיי געפירט א געהיימענ פראקציאָנעלנ קאמפ, מיטנ צוועק צו פארכאפנ דעמ אינטערנאציאָנאל אינ זייערע הענט.

ניט געקוקט אפ אלע זייערע באמיִונגענ אונ אפ די מיִעסע שטיק, האָבנ די באקוניסטנ געליטנ א מאפּאָלע. די ארבעטער האָבנ זיי ניט געשטיצט.

די סאכאקלענ פונ דער טעטיקייַט פונעמ I אינטערנאציאָנאל צומ 1870 יאָר.

„פאררייניקנדיק די ארבעטער-באוועגונג פונ פארשיידענע לענדער, — האָט לענינ געשריבנ וועגנ דער גרונט-אופגאבע, וועלכע מארקס איז אויסנ געווענ אינעמ אינטערנאציאָנאל, — באמיִענדיק זיכ צו ריכטנ די פארשיידענע פאָרמענ פונעמ ניט-פראָלעטארישנ, פאָרמארקסישנ סאָציאליזמ אינ שטראָמ פונ געמיינזאמער טעטיקייַט... קעמפנדיק קעגנ די טעאָריעס פונ אלע... סעקטעס אונ שולנ, האָט מארקס געשמידט די איינהייַטלעכע טאקטיק פונ פראָלעטארישנ קאמפ פונעמ ארבעטער-קלאס אינ פארשיידענע לענדער”[1].

דער באזעלער קאָנגרעס איז געווענ אנ איבערבראָכ-מאָמענט אינ דער געשיכטע פונעמ אינטערנאציאָנאל. די ענדגילטיקע צעגראָמירונג פונ דעמ קליינבירגערישנ פרודאָניזמ, דער זיג פונעמ וויסנשאפטלעכנ סאָציאליזמ, די פארשטארקונג פונ דער צענטראליזאציע אונ די פארפעסטיקונג פונ דער דיסציפלינ אינעמ אינטערנאציאָנאל — זייַנענ געווענ א העכסט וויכטיקער עטאפ אינעמ קאמפ פאר פראָלעטארישער פארטייִשקייַט.

מארקס אונ ענגעלס אינ די 50-ער — 60-ער יאָרנ אלס די רעוואָליוציאָנערע פירער פונעמ פראָלעטאריאט.

אינ די 50-ער — 60-ער יאָרנ האָט מארקס, ניט געקוקט דערופ, וואָס ער האָט געלעבט אינ אויסערסט שווערע מאטעריעלע באדינגונגענ אונ האָט געפירט א קאָלאָסאלע פּאָליטישע ארבעט אינ דער אינטערנאציאָנאלער ארבעטער-באוועגונג, אָנגעשריבנ די טיפע אונ גלענצנדיקע פאָרשונגס-ארבעט „צו דער קריטיק פונ דער פּאָליטישער עקאָנאָמיע” (1859). שפּעטער האָט מארקס פאנאנדערגעארבעט די דאָזיקע אויס-

---

[1] לענינ, קארל מארקס, ווערק, ב. XVIII, ז. 7.

פּאַרשונג אין אַ גאַנץ װיסנשאַפטלעכן װערק „קאַפּיטאַל", װאָס איז דאָס גרעסטע װערק אין דער געשיכטע פֿון דער מענטשהײט און װאָס האָט געגעבן אַ פֿאַנאַנדערגעװיקלטע טעאָרעטישע באַגרינדונג פֿון דער פּראָלעטאַרישער רעװאָלוציע.

דער ערשטער באַנד „קאַפּיטאַל" איז אַרויס אין 1867 יאָר.

אינעם „קאַפּיטאַל" האָט מאַרקס גענוי אויסגעפֿאָרשט און באַװיזן, אַז דער קאַפּיטאַליסט עקספּלואַטירט דעם אַרבעטער, װעלכער איז געצװוּנגען אָפּצוגעבן דעם אײגנטימער פֿון די פּראָדוציר-מיטלען מער מי, אײדער עס פֿאָדערט זיך אָפּ אויסצואַרבעטן די עקזיסטענץ-מיטלען, װאָס זײַנען נייטיק דעם אַרבעטער און זײַן געזינד. מאַרקס האָט דערװיזן, אַז דער קלאַס קאַפּיטאַליסטן אײגנט צו אין פּראָצעס פֿון דער פּראָדוקציע די ניט באַלוינטע מי פֿון די אַרבעטער. מאַרקס האָט אַנטדעקט אויך דעם „אַלגעמײנעם געזעץ פֿון קאַפּיטאַליסטישער אָנזאַמלונג", װאָס באַשטײט דערין, אַז װאָס װײַטער עס אַנטװיקלט זיך דער קאַפּיטאַליזם, אַלץ מער רײַכטום װערט קאָנצענטרירט אין די הענט פֿון אַ הײַפֿל קאַפּיטאַליסטן, און אַלץ מער פֿאַרגרעסערט זיך די עקספּלואַטאַציע פֿון די אַרבעטער. מאַרקס האָט אויפֿגעדעקט דעם טאָך פֿון די קריזיסן און באַװיזן, װי עס װערט אומפֿאַרמײַדלעך רײַף דער לעצטער קריזיס פֿון קאַפּיטאַליזם, װאָס ער, דער קריזיס, דאַרף ברענגען צו דער פּראָלעטאַרישער רעװאָלוציע.

אַזױ־אַרום דעקט מאַרקס אין „קאַפּיטאַל" אויף די געזעצן פֿון דער אַנטװיקלונג און פֿונעם אומקום פֿון דער קאַפּיטאַליסטישער געזעלשאַפֿט. װען די קלײנײגנטימער זײַנען עקספּראָפּריִירט און זײַנען פֿאַרװאַנדלט אין פּראָלעטאַריער און דערבײַ װערט דער קאַפּיטאַל קאָנצענטרירט אין די הענט פֿון אַן אַלץ קלענערער צאָל פּערזאָנען, דאַן „...װאַקסט אַלץ מער די מאַסע אָרעמקײַט, אונטערדריקונג, שקלאַפֿערײַ, דעגראַדירונג, עקספּלואַטאַציע, אָבער גלײַכצײַטיק דערמיט אויך די אויפֿגעבראַכטקײַט פֿונעם אַרבעטער-קלאַס, װעלכער לערנט זיך, פֿאַרײניקט זיך און אָרגאַניזירט זיך דורכן מעכאַניזם פֿונעם עצעם פּראָצעס פֿון דער קאַפּיטאַליסטישער פּראָדוקציע".

„...די צענטראַליזירונג פֿון די פּראָדוציר-מיטלען און די פֿאַרגעזעלשאַפֿטלעכונג פֿון דער אַרבעט, — שרײַבט מאַרקס, — דערגרײכן צו אַזאַ פּונקט, אַז זײ קאָנען זיך שוין ניט פּאָרן מיט זײער קאַפּיטאַליסטישן הײַטל. דאָס הײַטל רײַסט זיך אויף. עס שלאָגט די שאָ פֿון קאַפּיטאַליסטישן פּריװאַט-אײגנטום. די עקספּראָפּריִאַטאָרן עקספּראָפּריִירט מען" [1].

דורכן „קאַפּיטאַל" האָט מאַרקס דעמאַסקירט און אָפּגעלײקנט די פּאָליטישע עקאָנאָמיע פֿון דער בורזשואַזיע און האָט באַװאָפֿנט די אַרבעטער-באַװעגונג פֿון דער גאַנצער װעלט מיט דער רעװאָלוציאָנערער טעאָריע. מאַרקס האָט געגעבן אַ טיפֿע טעאָרעטישע באַגרינדונג פֿון דער אומפֿאַרמײַדלעכקײַט פֿון דער דיקטאַטור פֿונעם אַרבעטער-קלאַס.

„זינט אַפֿ דער ערד עקזיסטירן קאַפּיטאַליסטן און אַרבעטער — האָט געשריבן ענגעלס װעגן „קאַפּיטאַל", — איז נאָך ניט דערשינען קײן אײן בוך, װאָס זאָל האָבן אַזאַ באַדײַטונג פֿאַר די אַרבעטער..." [2].

---

[1] מ א ר ק ס, קאַפּיטאַל, ב. I, מ א ר ק ס און ע נ ג ע ל ס, װערק, ב. XVII, ז. 834.
[2] מ א ר ק ס, געװײלטע װערק, ב. I, ז. 315.

כוצן „קאַפּיטאַל" האָט מארקס אין די 50-ער — 60-ער יאָרן אָנגעשריבן א ריי היסטאָרישע ארבעטן, דערונטער דעם „18 ברימער פון לוי-באָנאַפּארט" (1852), ווו ער האָט געניאַל פארסאכאקלט די דערפארונג פון דער רעוואָליוציע פון 1848 י., די „דעמאסקירונגען וועגן קעלנישן קאָמוניסטן-פּראָצעס" (1853), און כוץ דעם עטלעכע הונדערט ארטיקלען אין דער אייראָפּעיִשער און אמעריקאַנישער פּעריאָדישער פּרעסע און אלע וויכטיקסטע דאָקומענטן פונעם אינטערנאַציאָנאל.

אין זײַנע ווערק האָט מארקס ניט בלויז וויסנשאַפטלעך פּאָרויסגעזען און באַגרינדעט די נויטוועגדיקײַט פונעם אומקום פון דער קאַפּיטאַליסטישער געזעלשאַפט, ער האָט נאָך אויך דערוויזן, אז צווישן דער קאַפּיטאַליסטישער און קאָמוניסטישער געזעלשאַפט ליגט א פּעריאָד, וועגן די ערשטע ווערט פארוואנדלט אין דער צווייטער, אז דעם דאָזיקן פּעריאָד אַנטשפּרעכט אויך א פּאָליטישער איבערגאנגס-פּעריאָד און אז „די מעלוכע פון דעם דאָזיקן פּעריאָד קען ניט זײַן עפּעס אנדערש, כוץ דער רעוואָליוציאָנערער דיקטאטור פונעם פּראָלעטאריאט"[1] („קריטיק פון דער גאָטער פּראָגראַם"). מארקס האָט פארטיפט און אנטוויקלט די לערע וועגן דער דיקטאטור פונעם פּראָלעטאריאט, אויסנוצנדיק די דערפארונג פון דער רעוואָליוציע פון 1848 י. מארקס האָט אונטערגעשטראָכן, אז דאָס איקערדיקע אין זײַן לערע — איז די לערע וועגן דער דיקטאטור פונעם פּראָלעטאריאט. די לערע מארקס' וועגן דער דיקטאטור פונעם פּראָלעטאריאט האָבן לענין און סטאלין שפּעטער אופגעהויבן אף א נײַעם, אף א העכערן שטאפּל.

מארקס און ענגעלס האָבן זיך אָפּגעגעבן מיט פאנאנדערארבעטן די פּראגעס וועגן דער טאַקטיק פונעם פּראָלעטאריאט, וועגן דעם פּויערטום אלס פארבינדעטן פונעם פּראָלעטאריאט, וועגן דער נאציאָנאל-רעוואָליוציאָנערער באוועגונג. „מארקס און ענגעלס, — ווי ס'האָט געזאָגט כ' סטאלין, — האָבן געגעבן די גרונט-עסקיזן פון דער אידיי פון דער העגעמאָניע פונעם פּראָלעטאריאט"[2].

מארקס און דער אינטערנאציאָנאל האָבן געפירט א קאמף פארן רעכט פון אירלאנד אף זעלבסטבאשטימונג ביזן אָפּטיילן זיך אײַנגעשלאָסן, און האָבן געקעמפט פאר אן אומאָפּהענגיק רעוואָליוציאָנער-דעמאָקראטיש פוילן. מארקס האָט ארויסגערוקט דעם לאָזונג פון א רעוואָליוציאָנערער מילכאָמע קעגן דעם צארישן רוסלאנד. אין זײַנע פּילצאָליקע ארטיקלען האָט מארקס דעמאסקירט די קאָלאָניאַלע עקספּלואטאציע אין אלע אירע פאָרמען. מארקס און דער אינטערנאציאָנאל האָבן געפירט א קאמף קעגן די קאָלאָניאַלע מילכאָמעס און האָבן געפאָדערט צו פארניכטן די שקלאפערײַ אין אמעריקע. נאָך ביז דער גרינדונג פונעם אינטערנאציאָנאל האָבן מארקס און די ענגלישע ארבעטער זיך ארײַנגעמישט און ניט דערלאָזט די אינטערווענציע פון דער ענגלישער בורזשואזיע אינעם בירגערקריג אין די פארייניקטע שטאטן.

מארקס און ענגעלס „...האָבן געגעבן די גרונט-אידייען, די ריכט-אידייען איבער דער נאציאָנאל-קאָלאָניאַלער פּראגע"[3].

---

1 מארקס און ענגעלס, ווערק, ב. XV, ז. 233.

2 סטאלין, שמועס מיט דער 1-טער אמעריקאנישער ארבעטער-דעלעגאציע, „פּראגן פון לעניניזם", אופלאגע 10-טע, 1935, ז. 171.

3 דאָרטן, ז. 172.

מארקס — דער גרינדער און פירער פונ דער קאָמוניסטישער פארטיי.

„...מארקס איז פריִער פונ אלצ געווענ א רעוואָליוציאָ-נער... זײַנ סטיכיִע איז געווענ קאמפ" (ענגעלס)[1]. מארקס האָט ניט בלויז צומ ערשטנ מאָל געשאפנ דעמ וויסנשאפטלעכנ באזיס פאר דער אינטערנאציאָנאלער ארבעטער-באוועגונג, נאָר ער איז אויכ געווענ איר פירער אונ אָרגאניזאטאָר. פונ די 40-ער יאָרנ אָנ פונ פאָריקנ יאָרהונדערט האָבנ מארקס אונ ענגעלס געפירט אנ אײַנגעשפארטנ קאמפ פאר שאפנ אונ פארפעסטיקנ די קאָמוניסטישע פארטיי — דעמ אוואנגארד פונעמ פראָלעטאריאט, וואָס זאָל זײַנ באוואָפנט מיט דער רעוואָליוציאָנערער טעאָריע אונ זאָל באהערשנ די סטראטעגיע אונ טאקטיק פונעמ קלאסנקאמפ. מארקס איז געווענ דער אָרגאניזאטאָר אונ פירער פונעמ „קאָמוניסטנ-פארבאנד", וועלכער איז געווענ דער ערשטער שריט אפ צו שאפנ די אינטערנאציאָנאלע פראָלעטארישע פארטיי.

אינעמ „מאניפעסט פונ דער קאָמוניסטישער פארטיי" (1848), ווו ס׳אנטהאלט זיכ די אידיי וועגנ דער דיקטאטור פונעמ פראָלעטאריאט, האָבנ מארקס אונ ענגעלס פראָקלאמירט, אז דער פראָלעטאריאט קאָנ ניט דערגרייכנ צו זײַנ באפרײַונג אָנ דער אָנפירונג פונ דער פארטיי, — פונ אָט דעמ „סאמע אנטשיידענעמ" טייל פונעמ ארבעטער-קלאס, „וואָס שטויסט שטענדיק צו גיינ פאָרויס", וואָס זעט קלאָרער אונ טיפער פונ אנדערע „די באדינגונגענ, דעמ גאנג אונ די אלגעמיינע רעזולטאטנ פונ דער פראָלעטארישער באוועגונג", דעמ טייל, וואָס שטרעבט דערצו, אז „דער פראָלעטאריאט זאָל דעראָבערנ די פאָליטישע מאכט", אונ מע זאָל „אָפשאפנ דאָס פריוואט-אייגנטומ". די „עסקיזנ" פונ דער לערע וועגנ דער פארטיי, וואָס מארקס אונ ענגעלס האָבנ געגעבנ, זײַנענ אנטוויקלט געוואָרנ דורכ לענינענ אונ סטאלינענ.

מארקס האָט באוויזנ גלענצנדיקע מוסטערנ פונ קאמפ אפ צוויי פראָנטנ. אינ דער ארבעטער-באוועגונג פונ די יאָרנ 1848—1850 האָט מארקס געקעמפט קעגנ די, וואָס האָבנ זיכ באגרענעצט מיט עקאָנאָמישע פאָדערונגענ אונ זײַנענ געשטאנענ אָנ א זײַט פונ דער פאָליטישער באוועגונג פונעמ פראָלעטאריאט (באָרנ) אָדער זײַנענ באשטאנענ דערופ, אז דער פראָלעטאריאט זאָל זײַנ אונטערגעוואָרפנ דער ליבעראלער בורזשואזיע. גלײַכצײַטיק איז מארקס געווענ אומראכמאָנעסדיק צו די העלדנ פונ די „לינק-אָפאָרטוניסטישע פראזנ" (וויליכס אונ שאפערס פראקציע), וואָס אָנשטאָט צו פארנעמענ זיכ געדולדיק מיט צוגרייטנ די פראָלעטארישע רעוואָליוציע, האָבנ זיי געפלאפלט וועגנ אופשטאנד, בייס קיינ באדינגונגענ פאר אנ אופשטאנד זײַנענ ניט געווענ.

אינעמ פעריִאָד פונ דער פארביסנסטער רעאקציע פונ די 60-ער יאָרנ האָט מארקס ניט אופגעהערט אומדערמידלעכ צו קעמפנ פאר א פראָלעטארישער פארטיי אונ פאר צוגרייטנ די פראָלעטארישע רעוואָליוציע.

מארקס איז געווענ דער אָרגאניזאטאָר פונעמ „קאָמוניסטנ-פארבאנד" אונ דער פירער פונעמ I אינטערנאציאָנאל, וועלכער (דער אינטערנאציאָנאל) האָט געלייגט „...דעמ פונדאמענט פונ דער אינטערנאציאָנאלער אָרגאניזאציע פונ ארבעטער אפ צוצוגרייטנ דעמ רעוואָליוציאָנערנ אָנדראנג זייערנ אפנ קאפיטאל"[2]. אינעמ

1 מארקס. געוויילטע ווערק, ב. I, 1940, ז. 12.

2 לענינ, ווערק, ב. XXIV, ז. 247.

קאמף קעגן די סעקטאַנטישע ריכטונגען און קעגן די ריכטונגען, וואָס זיינען פיינטלעך דעם מאַרקסיזם (פּרודאָניזם, בלאַנקיזם, באַקוניזם, לאַסאַליאַנערײַ, טרעד־יוניאָניזם), האָט מאַרקס זיך דערשלאָגן צו דער העגעמאָניע פונעם וויסנשאַפטלעכן קאָמוניזם אין דער צווישנפעלקערלעכער אַרבעטער־באַוועגונג. מאַרקס און ענגעלס האָבן געריכטעט די פאַרשיידענע שטראָמען פון דער דאָזיקער באַוועגונג אין דעם אַלגעמיינעם שטראָם פונעם I אינטערנאַציאָנאַל, און זיי האָבן עס דערגרייכט אַדאַנק זייער בייגעוודיקער טאַקטיק, אַדאַנק זייער קענען פאַרייניקן דעם קאַמף פאַר די פּרינציפּן פונעם קאָמוניזם מיטן קאַמף פאַר די פּראָלעטאַרישע מאַסן, אַדאַנק זייער קענען אויפהייבן די אַרבעטער־באַוועגונג אויף אַ העכערן שטאַפּל, קאָנסעקווענט און אומקאָמפּראָמיסלעך פאַרטיידיקן זייערע פּרינציפּן.

מאַרקס האָט אויך אָנגעצייכנט די גרונט־פאַזעס פון דער אַנטוויקלונג פון דער קאָמוניסטישער געזעלשאַפט. אין דער ערשטער פאַזע פון דער קאָמוניסטישער געזעלשאַפט, באַם סאָציאַליזם, אַרבעט יעדערער לויט זיינע פעיִקייטן און באַקומט לויט דער אַרבעט. אין דער העכסטער פאַזע פון דער קאָמוניסטישער געזעלשאַפט, נאָך דעם, ווי מע וועט ענדגילטיק האָבן בייגעקומען דעם ווידערשטאַנד פון „...די טונעיאַדצעס, פאַניטשעס, שווינדלער" און ענלעכע „היטערס פון די טראַדיציעס פונעם קאַפּיטאַליזם" [1] און עס וועלן פאַרשווינדן די קלאַסן גופא וועט „...די געזעלשאַפט קאָנען אָנשרײַבן אויף איר פאָן: „יעדער — לויט די פעיִקייטן, יעדערן — לויט די באַדערפעניש"! [2]

זיינע געניאַלע עקאָנאָמישע און פּאָליטישע טעאָריע וועגן דעם קראַך פונעם קאַפּיטאַליזם און די פּראַקטיק פון רעוואָליוציאָנערן קאַמף האָט מאַרקס אויסגעבויט אויף דער באַזע פון דער מאַטעריאַליסטישער לערע, וואָס ער האָט געשאַפן, די לערע וועגן די אַלגעמיינע אַנטוויקלונגס־געזעצן און באַזונדערס וועגן די געזעצן פון דער געזעלשאַפטלעכער אַנטוויקלונג. מאַרקס האָט באַוויזן, אַז די אַנטוויקלונג פון דער געזעלשאַפט גייט דורך ווידערשפּרוכן, דורך קלאַסנקאַמף און רעוואָליוציעס, אַז די דאָזיקע אַנטוויקלונג טראָגט ניט קיין פרידלעכן, נאָר אַ רעוואָליוציאָנערן, שפּרונגאַרטיקן כאַראַקטער.

מאַרקסעס נאָענטסטער ביטקעמפער און פריינט סיי אין דער אַרבעט אינעם אינטערנאַציאָנאַל סיי אין זיין טעאָרעטישער און פּאָליטישער אַרבעט איז געווען ענגעלס. ענגעלס האָט זיך באַטייליקט אין די רעוואָליוציאָנערע שלאַכטן פון 1848 יאָר. אין די 50־ער—60־ער יאָרן האָט ער אָנגעשריבן אַ ריי אויסגעצייכנטע ווערק און ער האָט זיך אויך באַטייליקט אין דער פּאָליטישער אָנפירונג מיט דער אַרבעטער־באַוועגונג אינעם פעריאָד פונעם I אינטערנאַציאָנאַל.

מאַרקס און ענגעלס, די געניאַלע טעאָרעטיקער און די רעוואָליוציאָנערע פירער פונעם פּראָלעטאַריאַט, זיינען געווען ענג פאַרבונדן מיטן אַרבעטער־קלאַס, מיט דעם קלאַס, וואָס איז רייך אין קראַפט און וואָס האָט די גרעסטע צוקונפט; זיי האָבן געשאַפן און פאַנאַנדערגעאַרבעט די וויסנשאַפט וועגן דער געזעלשאַפט, וואָס דער איקער אין דער דאָזיקער וויסנשאַפט איז — די טעאָריע פון דער דיקטאַטור פונעם פּראָלעטאַריאַט. אין אַ נאָך ניט אַנטוויקלטער פאָרם איז די דאָזיקע

---

1 לענין, ווערק, ב. XXI, ז. 441.
2 מאַרקס און ענגעלס, ווערק, ב. XV, ז. 275.

טעאָריע פאַרווירקלעכט געוואָרן אין דער פּאַריזשער קאָמונע פון 1871 יאָר; דער-נאָך איז זי פאַרווירקלעכט געוואָרן אין א פאַנאַנדערגעוויקלטער, אין א העכערער פאָרם — אונטער דער אָנפירונג פון דער באָלשעוויסטישער פּאַרטיי פון לענין — סטאַלין אין אונדזער סאָציאַליסטיש לאַנד.

## קאַפּיטל 24.

# די דערפאָלגן פון דער טעכניק און פון דער נאַטורוויסנשאַפט אין די יאָרן 1789—1870.

**די דערפאָלגן פון דער אינדוסטריע.**

מעכאַנישע ווערקשטעלן און דאַמפּ-מאַשינעס האָבן זיך צום ערשטן מאָל באַוויזן סאָף XVIII יאָרהונדערט אין ענגלאַנד. אין XIX יאָר-הונדערט האָט די פאַבריק-פּראָדוקציע שוין גענומען זיך פאַרשפּרייטן אויך אין אַנדערע לענדער פון אייראָפּע און פון צפון-אַמעריקע. אפילע מאַשינעס האָט מען שוין אָנגעהויבן מאַכן ניט מיט דער האַנט, ווי פריִער, נאָר מיט דער הילף פון אַנדערע מאַשינעס.

די אַנטוויקלונג פון דער טעכניק האָט אַריינגעטראָגן פיל נייַס אויך אין שטייגער. א נייַס זיינען געווען: די סטעאַרינענע ליכט (אָנשטאָט חיילעוו-ליכט), קעראָסין-לאָמפּן, דאָס פאַרקויפן גרייטע קליידער און פּאַפּיר-טאַפּעטן. אַפ די גאַסן האָבן זיך צום ערשטן מאָל באַוויזן גאַז-לאַמטערנס.

**טראַנספּאָרט און פאַרבינדונג.**

אין דעם זעלבן פּעריאָד איז פאָרגעקומען א ראַדיקאַלע איבערקערע-ניש אינעם טראַנספּאָרט. אין 1807 יאָר האָט פולטאָן צוגעפּאַסט דעם קעסל, די דאַמפּ-מאַשין און די רודער-רעדער צו דער טייַך-שיף. פולטאָנס דאַמפּער איז אַרויס פון ניו-יאָרק און שוין אינעם ערשטן רייס האָט ער דורכגעמאַכט אַרופ-וואַסער 240 קילאָמעטער. פולטאָן איז געווען אַנציקט פון די רעזולטאַטן פון דער דאָזיקער



פולטאָנס דאַמפּער.



סטעפּענסאָנס ערשטער לאָקאָמאָטיוו.

בעסיע, ער האָט געשריבן: „איך האָב אריבערגעיאָגט אלע שיפן און שכונעס. עס האָט זיך געדוכט, אז אלע שטייען זיי פאראנקערט". אינגיכן האָט מען די דאמפערס צוגעפּאסט צום שווימען איבערן יאם. אין 1819 יאָר האָט דער ערשטער דאמפער געמאכט א רייס איבער אטלאנטישן אָקעאן; מאכמעס מאנגל אין קוילן איז אָבער א טייל וועג אויסגעקומען צו גיין אונטער זעגלען.

נאָך דעם, ווי מע האָט דערפאָלגרייך אָנגעווענדט דעם דאמפּ צוליבן פארקער אפן וואסער, האָט זיך געשטעלט די פראגע: צי קאָן מען זיך ניט באוועגן מיט דער הילף פון דאמפּ אויך אף דער יאבאָשע? אינגיכן איז אויך די דאָזיקע פראגע געלייזט געוואָרן. אין 1814 יאָר האָט דער אוואָדיראקט דער אינזשעניער סטעפענסאָן — א זון פון אן ענגלישן ארבעטער, אויסגעבויט זיין ערשטן לאָקאָמאָטיוו, וואָס האָט געשלעפּט 8 וואגאָנעס און געמאכט 6 קילאָמעטער א שאָ. אין 1825 יאָר האָט זיך אין ענגלאנד געעפנט די ערשטע אייזנבאן פארן אלגעמיינעם באנוץ. די צוגן זיינען געגאנגען מיט דער שנעלקייט פון 10 קילאָמעטער א שאָ; צו דער מיט XIX יאָרהונדערט זיינען שוין די צוגן געגאנגען מיט דער שנעלקייט פון 50 קילאָמעטער א שאָ.

די ערשטע צייט האָבן פיל מענטשן מוירע געהאט פאר די אייזנבאנען. די דייטשישע דאָקטוירים, לעמאָשל, האָבן דערקלערט, אז מע דארף פארבאָטן בויען אייזנבאנען; וויבאלד אָבער מע קאָן דאָס שוין ניט טאָן, דארף מען זיי לעכאָלאפּאָכעס ארומצוימען מיט פארקנס העכער פון א מענטשנס וווקס, קעדיי דאָס פי זאָל זיך ניט שרעקן, ווען עס וועט זען די צוגן, און קעדיי די מענטשן זאָלן ניט אראָפּ פון זינען. די רעאקציאָנערן זיינען אָבער ניט געווען אימשטאנד צו שטערן דער בויונג פון אייזנבאנען.

אין 1830 יאָר האָט די אייזנבאן־נעץ פון דער גאנצער וועלט באטראָפן סאכאקל 332 קילאָמעטער. אין 5 יאָר ארום איז די לענג פון דער אייזנבאן־נעץ אויסגעוואקסן ביז 8 טויזנט קילאָמעטער, און אין 1870 יאָר — ביז העכער 200 טויזנט קילאָמעטער.

איינס פון די וויכטיקסטע מאָדערנע מיטלען פון פארבינדונג — דער עלעקטרישער טעלעגראף — האָט דערפונדן דער אמעריקאנער מאָרזע אין 1837 יאָר. אינגיכן האָבן זיך געעפנט די ערשטע טעלעגראף־ליניעס פארן אלגעמיינעם באנוץ.

די אייזנבאַנענ אינ אייראָפּע אינ די 40־ער יאָרנ פונעמ XIX יה.

פון גרינוויטש
באלטישער יאם
צאפנ־יאם
קאפענהאגען
שוועדן
לאנדאן
האאג
בריסעל
פאריז
בערלין
ווין
בודאפעשט
בערן

באדינג־צייכנס
מעלוכע־גרענעצן
אײַזנבאנען אין 1878 י.
מאסשטאב
100 0 100 200 קמ.

די אײַזנבאנען אין אייראָפּע אין די 70־ער יאָרן פונעם XIX יה.

### די קריגס-טעכניק.

שנעל האָט זיכ פארפולקומט די קריגס-טעכניק. די ארטילעריע איז אריינגעטראָטנ אינ דער קאפיטאליסטישער עפּאָכע מיט א בראָנזענעם הארמאט, וואָס האָט געהאט א גלאטע רער. דעמ פולווער אונ די קאנאָנענ-קויל פלעגט מענ אינ דעמ דאָזיקנ הארמאט אריינטאָנ דורכ דער רער. אינ די 50-ער—60-ער יאָרנ ווערנ איינגעפירט שנעלשיסנדיקע הארמאטנ, אויסגעגאָסענע פונ שטאָל, מיט געשרויפטע רערנ, מיט א שלאָס, וואָס עפנט זיכ. די קיזלשטיינ-ביקסנ האָט מענ פארביטנ אפ פּיסטאָנ-ביקסנ, אונ דערנאָכ אפ ביקסנ מיט א שלאָס, וואָס עפנט זיכ, אינ וועלכנ עס האָט געקאָנט אריינ איינ פּאטראָנ, ביקסנ פונעמ טיפּ „בערדאנקע".

די שטארקע אופרייס-שטאָפנ — דינאמיט, ניטראָגליצערינ, ווי אויכ אָנרויכיקער פולווער — האָבנ געגעבנ די מעגלעכקייט צו פארקלענערנ די וואָג פונ דער קויל אונ פונ דער ביקס אונ געבראכט דערצו, אז די ביקס האָט געקאָנט שיסנ פיל וויטער. אדאנק דעמ, וואָס מע האָט זינט די רעוואָליוציאָנערע מילכאָמעס פונ סאָפ XVIII יה. אָנגעהויבנ אָנצווענדנ די טאקטיק פונ צעשאָטענע רייענ, איז די באדייטונג פונ דער נייער ביקס געשטיגנ.

עס האָט זיכ פארפולקומט אויכ דער פלאָט. אָנשטאָט די אלטע הילצערנע זעגל-שיפנ האָט מענ געבויט אייזערנע שרויפנ-דאמפערס, וואָס פארמאָגנ א וויטשיסנדיקע ארטילעריע.

פונ דער מיט XIX יאָרהונדערט נעמט מענ בויענ פּאנצער-שיפנ, מע הייבט אָנ אָנצווענדנ אונטערוואסער-מינעס, וואָס זיינענ צוגעבונדנ צו די אנקערס. אינ 1864 יאָר האָט אויסגעהעד דערפונדנ א טאָרפּעדע (מינע), וואָס באוועגט זיכ אווטאָמאטיש; די דאָזיקע טאָרפּעדע איז ברייט פארשפּרייט געוואָרנ ערשט צומ סאָפ XIX יאָרהונדערט.

### די אנטוויקלונג פונ דער נאטורוויסנשאפט.

די אנטוויקלונג פונ דער טעכניק אינ דער אינדוסטריע אונ די דערפאָלגנ פונ דער לאנדווירטשאפט זיינענ געווענ פארבונדנ מיט וויסנשאפטלעכע אנטדעקונגענ. קאָלאָסאלע פאָרשריט האָט געמאכט די נאטורוויסנשאפט. אינ 1842 יאָר האָבנ דער ענגלישער געלערנטער דזשאָול אונ דער דייטשישער געלערנטער מייער גלייכצייטיק אויסגערעכנט, אינ וואָס פאר א סכומ איינ מינ ענערגיע ווערט פארוואנדלט אינ א צווייטנ (לעמאָשל, ווארעמקייט, וואָס מע באקומט פונ פארברענענ הייצווארג — אינ דער מעכאנישער ארבעט פונ דער דאמפ-מאשינ). זיי האָבנ דערוויזנ, אז די ענערגיע ניט זי ווערט פארשווונדנ אונ אנטשטייט אפסניי, נאָר זי ווערט פארוואנדלט פונ איינ מינ אינ א צווייטנ (דער געזעצ פונ ענערגיע-איינהיטונג).

אינ די זעלבע יאָרנ האָט מענ געפונענ דעמ סאָד פונ דער אנטוויקלונג פונ די געוויקסנ אונ פונעמ לעבנ פונ די באלעכייִמ-געוועבנ. ס'איז דערוויזנ געוואָרנ, אז דאָס לעבנ פונ די געוויקסנ אונ באלעכייִמ-געוועבנ — דאָס איז די אנטוויקלונג אונ די פארמערונג (די טיילונג) פונ די קעמערלעכ.

אינ צוזאמענהאנג מיט די דערפאָלגנ פונ כימיע האָט מענ אינ דער לאנדווירטשאפט אָנגעהויבנ אָנווענדנ קינסטלעכע באמיסטיקונג.

א וועלט-באדייטונג האָבנ געהאט די ארבעטנ פונ די רוסישע געלערנטע. דער פּראָפעסאָר פונעמ קאזאנער אוניווערסיטעט לאָבאטשעווסקי האָט געמאכט ביז גאָר וויכטיקע אנטדעקונגענ אינ דער געאָמעטריע. דער בארימטער רוסישער כימיקער מענדעלייעוו האָט אָנגעוויזנ דעמ וועג צו אנטדעקנ נייע כימישע עלעמענטנ אונ האָט פאָרויסגעזאָגט זייערע אייגנשאפטנ. ער האָט געשאפנ די טאבעלע פונ כימישע עלעמענטנ, וואָס האָט געהאט א גוואלדיקע באדייטונג פאר דער אנטוויקלונג פונ דער מאָדערנער כימיע אונ פיזיק.

א קאָלאָסאלע באדייטונג האָבנ געהאט דארווינס אנטדעקונגענ. זיינע טעאָריעס האָבנ דערלאנגט א קלאָפּ איבער די אלטע פאָרשטעלונגענ וועגנ דער אומבאוועגלעכקייט אונ אומפארענדערלעכקייט פונ דער נאטור. אינ 1859 יאָר האָט דארווינ פארעפנטלעכט זיינ בוכ „דער אָפּשטאמ פונ מינימ דורכ נאטירלעכנ אָפּקלייב", איבער וועלכנ ער האָט געארבעט 20 יאָר. דארווינ האָט דערוויזנ, אז: 1) די פארשיידענע מינימ באלעכייִמ האָבנ זיכ אנטוויקלט אפ דער ערד פונ איינפאכסטע קעמערלעכ-אָרגאניזמענ צו מער קאָמפּליצירטע, אונ אז דעמ מענטשנס אור-אור-זיידעס זיינענ באלעכייִמ (די עוואָליוציע-טעאָריע); 2) אינ קאמפ פאר עקזיסטענצ בלייבנ לעבנ די אמערסטע צוגעפּאסטע באלעכייִמ, אונ זייערע סימאָנימ ווערנ איבערגעגעבנ בעיערושע.

דארווינ האָט ארויסגערוקט דעמ געדאנק, אז מע קאָנ שאפנ נייע מינימ באלעכייִמ דורכ אָפּקלייב אונ צונויפקרייצונג.



פאנצער־שיפן בייסן בירגערקריג אין פשא. די שלאכט צווישן דער פאנצער־שיף פון די צאָפן־שטאטן „מאָניטאָר“ (די פאנצער־שיף פארזונקען אין וואסער קימאט ביז דער דעק מיט א צירקולירנדיקן קאנאָנען־טורעם) מיט דער פאנצער־שיף פון די דאָרעם־שטאטן „מערימאק“, אין מארט 1862 י. אפן העמפטאָנער רעיד, באם ארייַנגאנג אין טייַך דזשעמס.



טשאַרלז דאַרווינ.

ער האָט אומגעוואָרפנ און צעקלאַפּט די אַלטע פאָרשטעלונגענ וועגנ דעמ, אַז גאָט האָט באַשאַפנ אַלע מינימ פונ די באַלעכייִמ און געוויקסנ און אַז זיי ענדערנ זיכ ניט. דאַרווינ האָט אויסגעצייכנט פאַרשטאַנענ, אַז די רעאַקציאָנערנ וועלנ אָפּ אימ אָנפאַלנ. נאָכ אינ 1849 יאָר האָט דאַרווינ אינ אַ בריוו צו הוקערנ געשריבנ: „כאָטש מיר שטייט פאָר צו באַקומענ מער קלעפּ איידער פעגנסנ, נאָר אויב דאָס לעבנ וועט דערלויבנ, וועל איכ זיכ ניט אָפּזאָגנ פונ מייַנ אַרבעט“.

ניט אומזיסט איז דאַרווינ אינ דעמ כ׳ סטאַלינס גלענצנדיקער כאַראַקטעריסטיק צוגערעכנט געוואָרנ צו יענע מוטיקע מענטשנ פונ דער וויסנשאַפט, „...וועלכע האָבנ געקענט ברעכנ דאָס אַלטע און שאַפנ דאָז נייַע, ניט געקוקט אָפּ קיינע שומ שטערונגענ, טראָץ אַלעמ“ [1].

דאַרווינ און זייַנע אָנהענגער האָבנ דרייסט פּראָפּאַגאַנדירט זייערע אָנשויונגענ. איינער פונ דאַרווינס נאָענטסטע אָנהענגער, טאָמאַס העקסלי, האָט פאַרגלייַכט דעמ אייַנדרוק, וואָס עס האָט אָפּ אימ געמאַכט דאַרווינס לערע מיטנ אייַנדרוק פונעמ אופשטראַל פונ אַ בליץ, וואָס באַלייַכט דעמ וועג אַ מענטשנ, וועלכער האָט זיכ פאַרבלאָנדזשעט אינ אַ פינצטערער נאַכט.

דאַרווינס טעאָריע האָט געגעבנ אַ שטאַרקנ קלאַפּ די רעליגיעזע פאָרשטעלונגענ. דעריבער האָט דער קלער אָנגעהויבנ אַ פאַרביסענעמ אַטאַקע קעגנ דאַרווינענ און קעגנ זייַנ לערע. אינ אַ יאָר אַרומ נאָכ דעמ, ווי ס׳איז דערשינענ דאַרווינס בוכ, איז אינ זאַל פונעמ אַלטנ ענגלישנ אָקספאָרדער אוניווערסיטעט באַשטימט געוואָרנ אַ וויסנשאַפטלעכע פאַרזאַמלונג צו באַהאַנדלענ דאַרווינס טעאָריע. אָפּ דער פאַרזאַמלונג זייַנענ געקומענ אַנ ערעכ טויזנט מאַנ. דאָרט זייַנענ געווענ פיל גייַסטלעכע, פיל דאַמענ אינ קרינאָלינעס (דאַנ איז געווענ אַזאַ מאָדע) — אַלע זייַנענ זיי געקומענ הערנ דעמ באַרימטנ פריידיקער, דעמ אָקספאָרדער בישאָפּ.

דער בישאָפּ האָט אַטאַקירט דאַרווינס פרייַנט, העקסלינ. „איכ וואָלט געוואָלט פרעגנ דעמ פּראָפעסאָר העקסלי, וואָס זיצט אַנטקעגנ מיר און איז גרייט צערייַסנ מיכ אָפּ שטיקער, ווענ איכ וועל ענדיקנ מייַנ רעדע: וואָס טראַכט ער מיקויעכ דעמ, וואָס דער מענטש שטאַמט פונ דער מאַלפּע? צי רעכנט ער, אַז ער אַלייִנ שטאַמט פונ דער מאַלפּע פונעמ זיידנס צאַד אָדער פונ דער באָבעס צאַד?“ אַלע האָבנ זיכ הילכיק צעלאַכט. דעמ בישאָפס רעדע האָט מענ באַגעגנט מיט הילכיקע און דויערנדיקע אַפּלאָדיסמענטנ און די דאַמענ האָבנ העפטיק געפאָכט מיט די ווייַסע טיכעלעכ. דער בישאָפּ האָט פאַרענדיקט זייַנ רעדע דערמיט, וואָס ער האָט דערקלערט, אַז דאַרווינס לערע ווידערשפּרעכט דער „הייליקער ביבל“ און לייקנט די עקזיסטענצ פונ גאָט.

דערויפ האָט העקסלי געענטפערט: „די דאַרווינישע טעאָריע איז ניט קיינ אַבסטראַקטע פאַנטאַזיע. זי פאַרבינדט בלויז לאָגיש אַ קאָלאָסאַלע צאָל ביאָלאָגישע פאַקטנ. וואָס איז שייַעכ דער פראַגע, צי דער מענטש שטאַמט פונ דער מאַלפּע, איז קלאָר, אַז מע דאַרפ דאָס ניט פאַרשטיינ אַזוי וווּלגאַר. דאָ האַנדלט זיכ בלויז וועגנ דעמ, אַז דער מענטש און די מאַלפּע שטאַמענ דורכ טויזנטער דורות פונ איינעמ און דעמ זעלבנ אור־זיידע... נאָר וואָלט מענ מיר געשטעלט די דאָזיקע פראַגע, וואָלט

[1] סטאַלינ, רעדע אינ קרעמל אָפּנ אופנעמ פונ די טוער פונ דער הויכ־שול דעמ 17 מייַ 1938 י., אָגיז, 1938 י., ז. 4.

איך געענטפערט אזוי: „איך וואָלט זיך ניט געשעמט ארויסצוקומען פון א בידנעם באַלעכיי מיט זיין שוואכן סייכל און מיט זיין אייַנגעהויקערטן גאנג, און איך וואָלט זיך גיכער געשעמט צו שטאמען פון א מענטשן, וואָס פארמאָגט א גרויסן טאַלאַנט און פארנעמט א גלענצנדיק אָרט אין דער געזעלשאפט, נאָר וואָס מישט זיך אריין אין א געביט, וועלכער איז אים אבסאָלוט אומבאקאנט, און טוט דערמיט א טויווע די פּאָרורטיילן, און פארפינצטערט דעם עמעס".

דער קלער און די דאמאָלס זיינען געווען אין פארלעגנהייט. די סטודענטן אָבער און א טייל פונעם פּובליקום האָבן גאנץ געשמאק אפּלאָדירט. דער בישאָפּ האָט זיך ניט דערוועגט צו דערווידערן העקסלין.

די פאנאנדערארבעטונג פון די פּראָבלעמען, וואָס דארווין האָט ארויסגערוקט, און אן אנט־שיידענעם קאַמף קעגן די קעגנערס פון דארוויניזם האָבן אין רוסלאנד געפירט דער גרויסער רוסישער געלערנטער ק. א. טימיריאזעוו און וו. אָ. קאָוואַלעווסקי; וו. אָ. קאָוואַלעווסקיס ארבעטן צו דער־לערנען די אויסגעגראָבענע אויסגעשטאָרבענע באַלעכייִם האָבן א וועלט־באַדייטונג.

שוין די ערשטע דערפאָלגן פון דער דארווינישער טעאָריע האָבן באוויזן איר גרויסע באַדיי־טונג אין קאמף קעגן דער רעליגיעזער וועלט־אָנשויונג, וואָס האָט דאן געהערשט.

דארווינס טעאָריע, ווי אויך אנדערע אנטדעקונגען אין דער נאטורוויסנשאפט, האָבן דער־לאנגט גאָר א שטארקן קלאַפּ איבער דער רעליגיע. דערפאר טאקע זיינען די גאַלאָכים פון דער גאנצער וועלט בעראָש מיטן רוימישן פּויפּסט אָנגעפאלן אף די דאָזיקע נייע טעאָריעס. אָבער אָפּ־צונעמען בא דער וויסנשאפט אירע דערגרייכונגען — דאָס איז ניט געווען אין זייערע קויכעס.

וועגן דער באַדייַטונג פון די דריי גרויסע אנטדעקונגען אין געביט פון נאטורוויסנשאפט (די אנטדעקונג פונעם קעמערל, דער געזעץ וועגן דער ענערגיע־אייַנהייטונג און דארווינס לערע) האָט ענגעלס געשריבן: „אלץ, וואָס מע האָט אָנערקענט אלס אייביקס, האָט מען אָנגעהויבן האלטן אלס איבערגייענדיקס, די גאנצע נאטור האָט זיך ארויסגעוויזן פאר אזא, וואָס געפינט זיך אין אייביקן שטראָם און קרייַזלויף" [1].

קאָלאָסאַל זיינען געווען די דערפאָלגן פון דער טעכניק און וויסנשאפט אין XIX יאָרהונדערט. באַם קאפּיטאליזם דינט אָבער די וויסנשאפט און די טעכניק די עקספּלואטאטאָרישע קלאסן. די מאשינעס, וואָס האָבן געזאָלט פארלייכטערן די מי, האָבן געדינט דערצו, אז די ארבעטער, פרויען און קינדער זאָלן נאָך מער פארקנעכטעט ווערן. בילדונג און וויסנשאפט זיינען געווען צוטריטלעך בלויז פאר די בורזשואזע קלאסן.

## קאפּיטל 25.

# די בורזשואזע רעוואָליוציעס און די גרויסע רעוואָליוציע פונעם פּראָלעטאריאט.

דאָס גרונטלעכע פאר דער עפּאָכע פון די יאָרן 1789—1870 איז דער זיג און די באפעסטי־קונג פונעם קאפּיטאליזם. אין דער עקאָנאָמיק איז דער וויכטיקסטער מאָמענט — די אינדוסטריעלע רעוואָליוציע, וואָס האָט ארומגעכאפּט ענגלאנד און נאָך דעם א ריי אנדערע לענדער פון אייראָפּע און אויך אין די פאראייניקטע שטאטן. פּאָליטיש איז דאָס — „די עפּאָכע פון בורזשואזי־דעמאָקרא־טישע באוועגונגען ביכלאל, פון בורזשואזי־נאציאָנאלע ביפראט, די עפּאָכע פון שנעלן ברעכן די אויסגעלעבטע פעאָדאל־אבסאָליוטיסטישע אינסטיטוציעס" [2]. אין דער זעלבער צייט איז דאָס „די עפּאָכע פונעם אופשטייג פון דער בורזשואזיע, פון איר פולשטענדיקן זיג" [3].

ווי נאָר ס'האָט זיך סאָף XVIII יה. געענדיקט פאנאנדערוויקלען די אינדוסטריעלע איבערקערע־ניש אין ענגלאנד, אזוי איז גלייך פּאָרגעקומען די בורזשואזע רעוואָליוציע אין פראנקרייך. דאָס איז געווען א רעוואָליוציע פון אייראָפּייִשן מאסשטאב, און זי האָט אין א באַדייַטנדיקער מאָס מיטגע־ווירקט דערצו, עס זאָלן געבראָכן ווערן די לייַבייגנשאפטלעכע פעאָדאלע פארהעלטענישן אין א ריי מלוכעס פון מיַרעוו־אייראָפּע. אדאנק דעם ענדגילטיקן זיג פון דער אינדוסטריעלער איבערקערעניש אין ענג־

[1] ענגעלס, די דיאַלעקטיק פון דער נאַטור, מ., 1935, ז. 93.

[2] לעניג, ווערק, ב. XVIII, ז. 108.

[3] דאָרטן.

לאַנד איז ענגלאַנד געוואָרן דער „וועלט־וואַרשטאַט". אָבער אויפֿן אייראָפּייִשן קאָנטינענט איז די אַנטוויקלונג פֿון דער גרויסער אינדוסטריע געגאַנגען לאַנגזאַמער. דאָרט האָבן זיך לענגער פֿאַרהיט די פֿעאָדאַלע רעשטלעך און די פֿעאָדאַלע צעשפּליטערטקייט.

די רעסטאַווראַציע און די רעאַקציע פֿון אָנהייב XIX יה. האָבן טאָרמאָזירט די אַנטוויקלונג פֿון דער פֿאַבריק־אינדוסטריע, דאָס אַריַינדרינגען פֿונעם קאַפּיטאַליזם אין דער לאַנדווירטשאַפֿט און די דעמאָקראַטיזירונג פֿון דער פּאָליטישער אָרדענונג. די אַנטוויקלונג פֿון די קאַפּיטאַליסטישע פֿאַרהעלטענישן אין די אַבסאָליוטיסטישע לענדער און אין די לענדער מיט באַדיַיטנדיקע פֿעאָדאַלע רעשטלעך האָט געפֿירט צו בורזשואַזע רעוואָליוציעס אין די דאָזיקע לענדער. אין XIX יה. האָבן זיך פּעריִאָדיש איבערגעחזרט אינדוסטריע־ און האַנדלס־קריזיסן, וואָס האָבן אויסערסט פֿאַרערגערט די לאַגע פֿון די אַרבעטנדיקע, וועלכע האָבן אַזוי אויך גענוג געהאַט אויסצושטיין פֿונעם קאַפּיטאַליזם.

### די אויסבילדונג פֿון נאַציעס און נאַציאָנאַלע מעלוכעס.

„דער פּראָצעס פֿון ליקווידירן דעם פֿעאָדאַליזם און פֿון דער אַנטוויקלונג פֿונעם קאַפּיטאַליזם איז גליַיכציַיטיק א פּראָצעס, ווען מענטשן נעמען זיך אויסבילדן אין נאַציעס [1]. אַזוי קומט דאָס פֿאָר, לעמאָשל, אין מיַירעוו־אייראָפּע. די ענגלענדער, פֿראַנצויזן, דיַיטשן, איטאַליענער און אַנד. האָבן זיך אויסגעבילדעט אין נאַציעס באַם זיגריַיכן גאַנג פֿונעם קאַפּיטאַליזם, וואָס האָט טריומפֿירט איבער דער פֿעאָדאַלער צעשפּליטערטקייט.

אָבער די אויסבילדונג פֿון נאַציעס האָט דאָרטן גליַיכציַיטיק באַטיַיט, אַז זיי ווערן פֿאַרוואַנדלט אין זעלבשטענדיקע נאַציאָנאַלע מעלוכעס. די ענגלישע, פֿראַנצויזישע און אַנדערע נאַציעס זיַינען גליַיכציַיטיק אויך די ענגלישע און אַנד. מעלוכעס. אירלאַנד, וואָס איז פֿאַרבליבן אויסער דעם דאָזיקן פּראָצעס, ענדערט ניט דאָס אַלגעמיינע בילד" [2].

דער פּראָצעס פֿון אויסבילדונג פֿון נאַציאָנאַלע מעלוכעס, וועלכער האָט זיך אָנגעהויבן נאָך א סאַך פֿריִער ביזן XIX יה., איז אָנגעגאַנגען אויך אין דעם דאָזיקן יאָרהונדערט.

אין מיזרעך־אייראָפּע איז די זאַך פֿאָרגעקומען עטוואָס אַנדערש. „אין דער ציַיט, ווען אין מיַירעוו האָבן זיך די נאַציעס אַנטוויקלט אין מעלוכעס, האָבן זיך אין מיזרעך אויסגעבילדעט צווישן־נאַציאָנאַלע מעלוכעס, מעלוכעס, וואָס באַשטייען פֿון עטלעכע נאַציאָנאַליטעטן. אַזוינע זיַינען, לעמאָשל, עסטריַיך־אונגאַרן, רוסלאַנד" [3].

„... אָט דער אייגנאַרטיקער אויפֿן, וויאַזוי די מעלוכעס האָבן זיך אויסגעבילדעט, האָט געקאָנט פֿאָרקומען בלויז אין די באַדינגונגען פֿונעם נאָך ניט ליקווידירטן פֿעאָדאַליזם, אין די באַדינגונגען פֿון א שוואַך אַנטוויקלטן קאַפּיטאַליזם, ווען די אָפּגערוקטע אין הינטערגרונט נאַציאָנאַליטעטן האָבן נאָך ניט באַוויזן עקאָנאָמיש צו קאָנסאָלידירן זיך אין גאַנצע נאַציעס" [4].

די בורזשואַזיע און די גוטבאַזיצער פֿון די הערשנדיקע נאַציעס האָבן אונטערדריקט די נאַציאָנאַלע מינדערהייטן. די ענגלישע בורזשואַזיע האָט אונטערדריקט די אירלענדער. עסטריַיך־אונגאַרן האָט מען גערופֿן „פֿעלקער־טורמע". אין דיַיטשלאַנד איז אָנגעגאַנגען א פּראָצעס פֿון פֿאַריַיסיזירן די דענער (אין שלעזוויג) און די פּאָליאַקן (אין פּויזן און שלעזיע). די פּוילישע פּריצים, פֿון זייער זיַיט, האָבן אונטערדריקט די אוקראַיִנישע און וויַיסרוסישע פּויערים. די אַמעריקאַנישע בורזשואַזיע האָט אונטערדריקט די נעגערס און אינדיִאַנער. אין אַלע לענדער האָט זיך אין א רעכטלאָזער און אונטערדריקטער לאַגע געפֿונען די יִידישע באַפֿעלקערונג, וואָס לעבט א געמיינזאַם עקאָנאָמיש און פּאָליטיש לעבן מיט די הערשנדיקע נאַציעס און שטעלט מיט זיך ניט פֿאָר קיין באַזונדערע נאַציע.

אַבסאָליוט קעגנזעצלעך די בורזשואַזע פֿילנאַציאָנאַלע מעלוכעס איז אונדזער סאָוועטישע סאָציאַליסטישע מעלוכע. בא אונדז איז די נאַציאָנאַלע פֿראַגע געלייזט אויף א לענינישן, אויף א סטאַלינישן

---

[1] י. וו. סטאַלין כאַראַקטעריזירט א נאַציע אויפֿן פֿאָלגנדיקן אופֿן: „א נאַציע איז א היסטאָריש אויסגעבילדעטע שטאַנדהאַפֿטיקע געמיינזאַמקייט פֿון שפּראַך, טעריטאָריע, עקאָנאָמישן לעבן און פּסיכישער סטרוקטור, וועלכע אַנטפּלעקט זיך אין דער געמיינזאַמקייט פֿון דער קולטור... ס'איז גענוג, עס זאָל אויספֿעלן אַפֿילע איינער פֿון די דאָזיקע סימאָנים, אַז די נאַציע זאָל אופֿהערן צו זיַין א נאַציע" (סטאַלין, מאַרקסיזם און די נאַציאָנאַל־קאָלאָניאַלע פֿראַגע, אָגיז, 1939, ז. 11).

[2] דאָרטן, ז. 16.

[3] דאָרטן.

[4] דאָרטן, ז. 17.

אויפן. אין די בליִענדיקע רעפובליקן פונעם ראטנפארבאנד קומט פאַר אן אומגעהייער שנעלער אויפשטײַג פון דער קולטור, א נאציאָנאלער לויט דער פאָרם, א סאָציאַליסטישער לויטן אינהאלט. אונדזער ראטנפארבאנד — דאָס איז אן אויסערסט פעסטער בונד פון פיל נאציעס, וואָס גייען אין אים ארײַן אלס אן איינהײַטלעכע מישפּאָכע.

### די טאקטיק פונעם פראָלעטאריאט אין די בורזשואזע רעוואָליוציעס.

פארן פראָלעטאריאט איז קלאל ניט אלציינס, אין וואָס פאר א פאָרם עס וועט פאָרקומען דער אריבערגאנג פון דער פעאָדאלער אָרדענונג צו דער קאפיטאליסטישער. דער פראָלעטאריאט איז לײַבלעך פארינטערעסירט צו צערכענענ זיך אנטשיידן מיט די לײַבייגנטימער, מיט די שקלאפן־באזיצער, מיט דער ערד־אריסטאָקראטיע, מיט די וווכערניקעס און ענלעכע „נאָך מער עלטערע היסטאָרישע סאָנים פונעם פראָלעטאריאט". דער פראָלעטאריאט איז פארינטערעסירט, עס זאָל וואָס טיפער אָפּגערייניקט ווערן דער באָדן פאר דער אנטוויקלונג פונעם קאפיטאליזם. דאן אנטוויקלט זיך דער קאפיטאליזם מיט שנעלערע טעמפּן, פארהעלטניסמעסיק אין מער גינסטיקע באדינגונגען פארן ארבעטער־קלאס און כּארן פויערטום. דער פראָלעטאריאט איז פארינטערעסירט אינעם זיג פון דעד פאָלקס־רעוואָליוציע, פון דער דעמאָקראטישער רעוואָליוציע.

כוץ דעם, באם פולשטענדיקן זיג פון דער פאָלקס־רעוואָליוציע, איז די אויפגאבע פונעם פראָלעטאריאט אין יענע לענדער, ווו ער איז שוין אויפגעקומען און האָט פארנומען דאָס אָרט פונעם פריִערדיקן שטאָטישן „פּלעבס", געווען — ווײַטער צו אנטוויקלען די רעוואָליוציע, פארוואנדלען זי אין אן אומופהערלעכער רעוואָליוציע, קעדיי צו קעמפן פארן סאָציאַליזם.

אין יענע פאלן, ווען די דעמאָקראטישע רעוואָליוציע איז געשטאנען אפ דער טאָג־אָרדענונג, נאָר זי האָט ניט געקאָנט זיגן, — איז די מעלוכע־מאכט און די ערד פארבליבן אין די הענט פון די פעאָדאלע קלאסן, און די מעלוכישע פארייניקונג איז פארווירקלעכט געוואָרן בא דער הערשאפט פון די פּריצים און פון דער בורזשואזיע. דאן האָט דער ארבעטער־קלאס און דאָס האָרעפּאשנע פויערטום זיך אנטוויקלט אין באדינגונגען פון א טאָפּלטן יאָך — פון די פעאָדאלע רעשטלעך און פון דער קאפיטאליסטישער עקספּלואטאציע (א בײַשפּיל איז דײַטשלאנד).

### דער אונטערשייד צווישן בורזשואזע און בורזשואז־דעמאָקראטישע רעוואָליוציעס.

מע דארף אונטערשיידן בורזשואזע רעוואָליוציעס פון רעוואָליוציעס בורזשואז־דעמאָקראטישע. אין די בורזשואזע רעוואָליוציעס נעמען ניט די פאָלקס־מאסן קיין וויפל־ניט־איז מאמאָשעסדיקן אָנטייל און טרעטן ניט ארויס „אקטיוו, זעלבשטענדיק מיט זייערע אייגענע עקאָנאָמישע און פּאָליטישע פאָדערונגען". א טיפּישער בײַשפּיל פון אזא בורזשואזער רעוואָליוציע איז די שפּאנישע רעוואָליוציע אין די יאָרן 1820—1823, וואָס האָט אין גרונט געטראָגן א כאראקטער פון א מיליטערישער פארשווערונג און פון א מיליטערישער איבערקערעניש.

א קעגנזאץ צו די בורזשואזע רעוואָליוציעס זײַנען די בורזשואז־דעמאָקראטישע אָדער די פאָלקס־רעוואָליוציעס (דאָס גריכישע וואָרט „דעמאָס" באטײַט — פאָלק). אין די דאָזיקע רעוואָליוציעס האָבן די פאָלקס־מאסן, „...די סאמע טיפע געזעלשאפטלעכע „אונטערשטע שיכטן", וואָס זײַנען דערדריקט דורכן יאָך און עקספּלואטאציע, זיך אופגעהויבן זעלבשטענדיק, האָבן ארופגעלייגט אפן גאנצן גאנג פון דער רעוואָליוציע דעם שטעמפּל פון ז ײ ע ר ע פאָדערונגען, פון ז ײ ע ר ע פּרוּוון אפ אן אייגענעם אויפן אויסצובויען א נײַע געזעלשאפט, אָנשטאָט דער אלטער, וואָס ווערט צעשטערט"[1].

א טיפּישער בײַשפּיל פון א בורזשואז־דעמאָקראטישער רעוואָליוציע איז די רעוואָליוציע פון סאָף XVIII יה. אין פראנקרײַך, „...וועלכע האָט געזיגט דורך דעם, וואָס זי האָט אופגעהויבן קאָלאָסאלע פאָלקס־מאסן קעגן דעם פעאָדאליזם און האָט פארטיידיקט די אינטערעסן פונעם דריטן שטאנד..."[2].

אינעם פעריִאָד פון דער יאקאָבינישער דיקטאטור איז אפ א רעוואָליוציאָנערן אויפן געלייזט געוואָרן די אגראר־פראגע, איז געשאפן געוואָרן די רעוואָליוציאָנער־דעמאָקראטישע מאכט.

אין פעריִאָד פון 1789 ביז 1870 י. אנטוויקלט זיך און קרעפּטיקט זיך אין קלאסן־שלאכטן דער פראָלעטאריאט. פון אומאָרגאניזירטע ארויסטרעטונגען אין פאריז און ליִאָן אין די 30־ער

---

[1] לענין, ווערק, ב. XXI, ז. 396.

[2] סטאלין, פראגן פון לעניניזם, 1935, ז. 609.

יאָרן פון XIX יה. און פון די סטיכיש־אויפגעקומענע יונ־באַריקאַדעס פון 1848 י. האָט זיך דער פּראָלעטאַריאַט דערהויבן ביזן שאפן זײַן אייגענע פּאַרטיי.

אין די 30־ער—40־ער יאָרן פורעמט זיך אין ענגלאַנד אויס די טשאַרטיסטישע פּאַרטיי־אָרגאַניזאַציע, אין וועלכער דער פּראָלעטאַריאַט האָט זיך נאָך געפונען אונטער א שטאַרקן אײַנפלוס פון די אוטאָפּיסטישע טעאָריעס.

דאָס אָרט פון דעם „קאָמוניסטן־פּאַרבאַנד״ — דער אינטערנאַציאָנאַלער פּאַרטיי־אָרגאַניזאַציע פונעם פּראָלעטאַריאַט אינעם רעוואָליוציאָנערן פּעריאָד פון 1843 י., — פאַרנעמט אין די 60־ער יאָרן די ערשטע אינטערנאַציאָנאַלע פּאַרטיי פונעם פּראָלעטאַריאַט — דער אינטערנאַציאָנאַל, מיט וועלכן עס פירט אָן מאַרקס. אין 1869 יאָר קומט אין דײַטשלאַנד אויף די ערשטע מאַסווע סאָציאַל־דעמאָקראַטישע אַרבעטער־פּאַרטיי. צום סאָף פונעם דאָזיקן פּעריאָד „שטאַרבט דער פּאַרמאַרקסישער סאָציאַליזם״ [1]. דער פּראָלעטאַריאַט איז אַרויפגעטראָטן אַף א זעלבשטענדיקן היסטאָרישן וועג.

**דער אונטערשייד צווישן בורזשואזע רעוואָליוציעס און פּראָלעטאַרישע.**

דער אויפקום פון דער זעלבשטענדיקער פּאָליטישער באַוועגונג פונעם פּראָלעטאַריאַט האָט א גרויסע ווירקונג אַף דער בורזשואזיע. וואָס מער זעלבשטענדיק, אָרגאַניזירט און באַוווסטזיניק עס ווערט דער פּראָלעטאַריאַט, אַלץ ווייניקער רעוואָליוציאָנער ווערט די בורזשואזיע, אַלץ מער גערן גייט זי אַף א קאָמפּראָמיס מיט די פעאָדאַלע קלאַסן. די בורזשואזע רעוואָליוציע אונטערשיידט זיך ראַדיקאַל פון דער פּראָלעטאַרישער רעוואָליוציע. די זיגרײַכע פּראָלעטאַרישע רעוואָליוציע פאַרניכטעט די קאַפּיטאַליסטישע געזעלשאַפט און, הייסט עס, די קאַפּיטאַליסטישע עקספּלואַטאַציע און פירט צום אויפבוי פון דער קלאַסנלאָזער סאָציאַליסטישער געזעלשאַפט; בייס אַפילע די זיגרײַכע בורזשואזע רעוואָליוציעס, ווי מיר האָבן עס געזען פון דעם פּעריאָד, וואָס מיר האָבן דאָ דערלערנט, פּלעגן אָפּרייניקן און פרײַ מאַכן דעם וועג פאַר דער הערשאַפט פון דער בורזשואזיע, דאָס הייסט, פאַר דער עקספּלואַטאַטאָרישער און קאַפּיטאַליסטישער קלאַסן־געזעלשאַפט. בלויז די גרויסע אָקטיאַבערישע סאָציאַליסטישע רעוואָליוציע האָט פאַרניכטעט די קלאַסן און דערמיט פאַרניכטעט יעטווידע עקספּלואַטאַציע פון מענטש דורך מענטש.

דער גרונט־אינהאַלט פונעם פּעריאָד פון די יאָרן 1789—1870 זײַנען געווען ניט די פּראָלעטאַרישע, נאָר די בורזשואַז־דעמאָקראַטישע באַוועגונגען און „אָנדראַנגען״, דערונטער די בורזשואַז־נאַציאָנאַלע פאַרייניקונגס־באַוועגונגען, דה., אַז דער גרונט־אינהאַלט פון דעם דאָזיקן פּעריאָד איז געווען דער פאַקט, וואָס דער זיך אַנטוויקלענדיקער קאַפּיטאַליזם האָט זיך אַרויסבאַפרײַט פון די פעאָדאַל־אַבסאָליוטיסטישע פּענטעס, וועלכע האָבן אים געשמידט.

דער רעזולטאַט פון די דאָזיקע אַלע בורזשואזע רעוואָליוציעס איז געווען, אַז עס האָבן זיך געביטן בלויז די פאָרמעס פון עקספּלואַטאַציע, די עקספּלואַטאַציע איז אָבער געבליבן ניט פאַרניכטעט: פאַרניכטן זי איז מעגלעך בלויז אין רעזולטאַט פון דער פּראָלעטאַרישער רעוואָליוציע. די בורזשואזע רעוואָליוציעס האָבן באַטײַט דאָס באַפרײַען זיך פון די קייטן פון פעאָדאַליזם און אַבסאָליוטיזם; אָבער די דאָזיקע באַפרײַונג האָט געבראַכט די פּאָלקס־מאַסן נײַע קייטן — די קייטן פון קאַפּיטאַליזם און פון בורזשואזער דעמאָקראַטיע, זי האָט פאַרביטן איין פאָרם פון קלאַסן־הערשאַפט און עקספּלואַטאַציע אַף א צווייטער פאָרם — אַף א מער פּראָגרעסיווער.

א נײַע עפּאָכע אין דער אַלוועלטלעכער געשיכטע האָט געעפנט די פּאַריזשער קאָמונע, וואָס איז געווען די ערשטע פּראָלעטאַרישע רעוואָליוציע, די ערשטע דערפאַרונג פון דער דיקטאַטור פונעם פּראָלעטאַריאַט.

די פּאַריזשער קאָמונע האָט געעפנט א נײַ בלעטל אין דער געשיכטע, דאָס איז געווען דער ערשטער קלאַפּ איבערן קאַפּיטאַליזם. עס האָט זיך אָנגעהויבן „די עפּאָכע פון דער פולער הערשאַפט און יערידע פון דער בורזשואזיע״ [2].

---

[1] לענין, ווערק, ב. XVI, ז. 332.
[2] לענין, ווערק, ב. XVIII, ז. 103.

# כראָנאָלאָגישע טאבעלע
# פון דער נײַער געשיכטע.

פון דער פראנצויזישער בורזשואזער רעוואָליוציע ביז דער פראנצויזיש-פּרײַסישער מילכאָמע און דער פאריזשער קאָמונע (1789—1870)—דער פעריאָד פון זיג און באפעסטיקונג פונעם קאפיטאליזם אין די פאָרגעשריטענע לענדער.

| | |
|---|---|
| 60-ער—70-ער יאָרן פון XVIII יה . . . . . . . | דער אָנהייב פון דער אינדוסטריעלער איבערקערעניש אין ענגלאנד. |
| 1775—1783 יי. . . . . . . | די מילכאָמע פון די ענגלישע קאָלאָניעס אין צאָפּן-אמעריקע פאר אומאָפּהענגיקײַט. |
| 1776 י. . . . . . . . . . | דעקלאראציע פון אומאָפּהענגיקײַט. |
| 1786 י. . . . . . . . . . | דער אופשטאנד פון דאניעל שייס. |
| 1787—1789 יי. . . . . . . | אויסגעארבעט און באשטעטיקט די קאָנסטיטוציע פון די פאראייניקטע שטאטן פון אמעריקע. |

## א. דער פעריאָד פון דער פראנצויזישער בורזשואזער רעוואָליוציע און פון דער נאפּאָלעאָנישער אימפעריע.

| | |
|---|---|
| 1787—1789 יי. . . . . . . | די פארשארפונג פונעם עקאָנאָמישן און פּאָליטישן קריזיס אינעם פעאָדאל-אבסאָליוטיסטישן פראנקרײַך. |
| 1789 י. 5 מײַ . . . . . . . | די עפענונג פון די גענעראלע שטאטן. |
| 1789 י. 17 יונ . . . . . . . | דער דריטער שטאנד האָט זיך פּראָקלאמירט אלס נאציאָנאלע פארזאמלונג. |
| 1789 י. 14 יול . . . . . . | דאָס אײַננעמען די באסטיליע. |
| 1789 י. 4—11 אווגוסט . . | אָפּגעשאפן אייניקע צווייטראנגיקע פעאָדאלע פליכטן. |

1789 י. 26 אווגוסט — „דעקלאראציע פונ די רעכט פונ דעמ מענטשנ אונ בירגער”.

1791 י. — דער געזעצ פונ לע-שאפעליע.

1792 י. 20 אפּרעל — זיכ אָנגעהויבנ די רעוואָליוציאָנערע מילכאָמעס פונ פראנקרײַכ.

1792 י. 10 אווגוסט — אראָפּגעוואָרפנ די מאָנארכיע (די רעוואָליוציע פונ 10 אווגוסט).

1792 י. 20 סעפּטיאבער — די עפענונג פונעמ נאציאָנאלנ קאָנווענט.

1792 י. 22 סעפּטיאבער — געשאפנ א רעפּובליק אינ פראנקרײַכ.

1792 י. — געגרינדעט די „קאָרעספּאָנדענטישע געזעלשאפט” אינ ענגלאנד (טאָמאס הארדי).

1793 י. 21 יאנואר — געקעפּט ליודאָוויק דעמ XVI-טנ.

1793 י. 31 מײַ — 2 יונ — געפאלנ די זשיראָנדע. די מאכט איז אריבער צו די יאקאָבינער.

1793 י. 17 יול — דעקרעט פונעמ קאָנווענט וועגנ פארניכטנ די פעאָדאלע פליכטנ אָנ אויסקויפּ-געלט.

1794 י. 27 יול — סאָפ פונ דער יאקאָבינישער דיקטאטור. די קאָנטר-רעוואָליוציאָנערע איבערקערעניש (9 טערמידאָר פונ II יאָר פונ דער רעפּובליק).

1795—1799 יי. — די דירעקטאָריע אינ פראנקרײַכ.

1796 י. — באבעפס „פארשווערונג פונ גלײַכע”.

1799 י. 9—10 נאָיאבער — די מעלוכישע איבערקערעניש פונ באָנאפּארטנ (18—19 ברימער פונ VIII י. פונ דער רעפּובליק).

1799—1804 יי. — דער קאָנסולאט.

1804—1814 יי. — די אימפּעריע אינ פראנקרײַכ.

1805 י. — די שלאכט לעבנ אאוסטערליצ.

1806 י. — די צעגראָמירונג פונעמ פרײַסישנ מיליטער לעבנ יענא.

1807 י. — טילזיטער שאָלעמ.

1807 י. — אָפּגעשאפנ לײַבייגנטומ אינ פרײַסנ. אָנהייב פונ בורזשואזע רעפאָרמעס.

1808 י. — זיכ אָנגעהויבנ די פאָלקס-מילכאָמע קעגנ די פראנצויזישע דעראָבערער אינ שפּאניע.

1812 י. — נאפּאָלעאָנס קריגס-מארש אינ רוסלאנד אונ דער קראכ פונ זײַנ מעכטיקײַט.

1813 י. — די שלאכט בא לײַפּציג.

1814 י. — די ערשטע רעסטאווראציע אינ פראנקרײַכ.

1814—1815 יי. — ווינער קאָנגרעס.

1815 י. 20 מארט — 28 יונ · הונדערט טעג. (נאפּאָלעאָנ קערט זיך אום קיינ פּאריזש). — די בורבאָנענ קערנ זיך אום קיינ פראנקרײַך.

1815 י. 18 יונ . . . . . . . די שלאכט לעבנ וואטערלאָאָ.

1815—1830 יי. . . . . . . . די צווייטע רעסטאווראציע אינ פראנקרײַך.

## ב. פונעם ווינער קאָנגרעס ביז דער רעוואָליוציע פונ 1848 יאָר אײַנגעשלאָסנ.

די גרויסע רעוואָליוציאָנערע טעאָרעטיקער אונ קעמפער, די פירער פונעם פּראָלעטאריאט: קארל מארקס (1818—1883), פרידריך ענגעלס (1820—1895).

1819 י. . . . . . . . . . . די האריגע איבער די ארבעטער אפנ פעטער־פעלד לעבנ מאנטשעסטער („פּיטערלאָאָ").

1830 י. . . . . . . . . . די יול־רעוואָליוציע אינ פראנקרײַך.

1830—1848 יי. . . . . . . די יול־מאָנארכיע אינ פראנקרײַך.

1831 אונ 1834 יי. . . . . . די ארבעטער־אופשטאנדנ אינ ליאָנ.

1832 י. . . . . . . . . . . די וואל־רעפאָרם אינ ענגלאנד.

1837—1848 יי. . . . . . . דער הויפּט־פּעריאָד פונ דער טשארטיסטישער באַוועגונג.

1844 י. . . . . . . . . . . דער אופשטאנד פונ די שלעזישע וועבער.

1846 י. . . . . . . . . . . אָפּגעשאפנ די טוווּ־געזעצנ אינ ענגלאנד.

1847 י. . . . . . . . . . . אײַנגעפירט אינ ענגלאנד א 10־שאָעדיקנ ארבעטס־טאָג פאר פרויענ אונ מינדעריעריקע.

1847—1852 יי. . . . . . . דער „קאָמוניסטנ־פארבאנד".

1848 י. פעווראל . . . . . דערשינענ אינ לאָנדאָנ מארקס' אונ ענגעלסעס „קאָמוניסטישער מאניפעסט".

### די רעוואָליוציע פונ 1848 י. אינ פראנקרײַך.

1848 י. פעווראל . . . . . די רעוואָליוציע אינ פראנקרײַך.

1848 י. 23—26 יונ . . . . דער ארבעטער־אופשטאנד אינ פּאריזש (די יונ־טעג).

1851 י. 2 דעקאבער . . . . די מעלוכישע איבערקערעניש פון לוי באָנאפּארטן.
1852 י. 2 דעקאבער. . . . אײַנגעשטעלט אַן אימפּעריע אין פראַנקרײַך.

## די רעוואָלוציע פון 1848 י. אין דײַטשלאַנד.

1848 י. מארט . . . . . . . די רעוואָליוציע אין ווין און אין בערלין.
1848 י. 1 יוני—1849 י. 19 מײַ. דערשינען די „נײַע ריינישע צײַטונג".
1848 י. 31—5 אָקטיאבער. . דער אופשטאַנד אין ווין.
1848 י. נאָיאבער . . . . . צעטריבן די פּרײַסישע פאַרזאַמלונג.
1849 י. . . . . . . . . . דער קאַמף פאַר דער אימפּערישער קאָנסטיטוציע.
1849 י. . . . . . . . . . פּראָקלאַמירט די אומאָפּהענגיקײַט פון אונגאַרן; אינטערווענציע פונעם צארישן רוסלאַנד אין אונגאַרן.

## די רעוואָליוציע פון 1848 י. אין איטאַליע.

1848 י. יאַנוואַר . . . . . דער אופשטאַנד אין סיציליע.
1848 י. מארט . . . . . . . פאַרטריבן די עסטרײַכער פון מילאַן.
1848 י. . . . . . . . . . די ערשטע מילכאָמע מיט עסטרײַך.
1849 י. . . . . . . . . . די צווייטע מילכאָמע מיט עסטרײַך.
1849 י. . . . . . . . . . די רוימישע רעפּובליק.

## ג. די 50־ער און 60־ער יאָרן.

1853—1856 יי. . . . . . . די מיזרעכדיקע, אָדער די קרימער, מילכאָמע.
1861—1865 יי. . . . . . . דער בירגערקריג אין צאָפן-אַמעריקע. די פאַרניכטונג פון שקלאַפערײַ.
1868—1872 יי. . . . . . . די „מײדזי-רעפאָרמעס" אין יאַפּאָניע.

## די קאָלאָניעס, קאָלאָניאַלע באַוועגונגען און רעוואָליוציעס.

1850—1864 יי. . . . . . . די טײַפּינישע רעוואָליוציע אין כינע.
1857—1859 יי. . . . . . . דער אופשטאַנד פון די סיפּײַען אין אינדיע.
60-ער יאָרן פון XIX יה. . . די פעניער-באַוועגונג אין אירלאַנד.

## די ווידערפאראייניקונג פון איטאליע.

1859 י. . . . . . . . . די מילכאָמע פון איטאליע און פראנקרײַך קעגן עסטרײַך.

1860 י. . . . . . . . . דער אופשטאנד פון די פויערים אין דאָרעם־איטאליע. דער מארש פון גאריבאלדיס „טויזנט“; דעראָבערט דאָס קיניגרײַך פוןביידע סיציליעס.

1861 י. . . . . . . די אויסבילדונג פונעם איטאליענישן קיניגרײַך.

1866 י. . . . . . . . ווענעציע אָנגעשלאָסן צום איטאליענישן קיניגרײַך.

1870 י. . . . . . . . . די אָנשליסונג פון רוים.

## די ווידערפאראייניקונג פון דײַטשלאנד.

1850 י. . . . . . . . . . דער געזעץ וועגן אויסקויפן די פעאָדאלע פליכטן אין פרײַסן.

1862 י. . . . . . . . . . די פארשארפונג פונעם קאָנסטיטוציאָנעלן קאָנפליקט; ביסמארק געקומען צו דער מאכט.

1866 י. . . . . . . . . די איטאליעניש־עסטרײַכיש־פרײַסישע מילכאָמע.

1866 י. 3 יול . . . . . . די שלאכט לעבן סאדאָווא.

1867 י. . . . . . . . . . די אויסבילדונג פונעם צאָפן־דײַטשישן פארבאנד.

1869 י. . . . . . . . . . די אויסבילדונג פון דער סאָציאַל־דעמאָקראטישער פארטיי אין אייזענאך.

## די צווייטע אימפעריע אין פראנקרײַך.

1856—1854 יי. . . . . . . . דער אָנטייל פון פראנקרײַך אין דער קרימער מילכאָמע.

1859 י. . . . . . . . . . די מילכאָמע קעגן עסטרײַך.

1867—1861 יי. . . . . . . . די מעקסיקאנישע אוואנטיור.

1864 י. . . . . . . . . . . אָפגעשאפן דעם געזעץ פון לע־שאפעליע.

1868—1867 יי. . . . . . . . זיך אָנגעהויבן דער קריזיס פון דער צווייטער אימפעריע.

## דער I אינטערנאציאָנאל.

1864 י. . . . . . . . . . די גרינדונג פון I אינטערנאציאָנאל.

1866 י. . . . . . . . . . זשענעווער קאָנגרעס.

1867 י. . . . . . . . . . דערשינען דער ערשטער באנד „קאפיטאל“

1868 י. . . . . . . . . . בריסעלער קאָנגרעס.

1869 י. . . . . . . . . . באזעלער קאָנגרעס.

די יאָרן 1789—1870—דער פעריאָד פון זיג און פארפעסטיקונג פון קאפיטאליזם אין די פאָרגעשריטענע לענדער.

# אינהאלט.

זײַט



אָפּטײל I

## אײראָפּע און צאָפּנ-אמעריקע סאָפ XVIII — אָנהײב XIX יאָרהונדערטנ



אָפּטײל II

## פונעמ װינער קאָנגרעס ביז דער רעוואָליוציע פונ 1848 י. (אײַנגעשלאָסנ)

## אָפּטייל III

## די 50-ער—60-ער יאָרן פונעם XIX יאָרהונדערט

А. Ефимов. НОВАЯ ИСТОРИЯ.
На еврейском языке

Редактор перевода Б. Гольденберг

---

Подписано к печати 30/IV-1941 г.
18,75 печ. лист. + 1,25 печ. лист. карт. вклеек.
51,7 тыс. знаков в 1 печ. листе. 24,4 уч.-изд. лист. + 0,71
карт вклеек. А-38082. Тираж 6000. Заказ 2876.
Цена в переплете 3 руб. 75 коп.

---

17-я ф-ка нац. книги Огиза РСФСР треста „Полиграфкнига"
Москва, Шлюзовая наб., 10.